# אינהאלט:

## ערשטע אפטיילונג



## צווייטע אפטיילונג

פאַסטען װעל איך נישט... די חופּה שטעלט מען אין דרױ־סען, אין דאָרף... און הױבט אינמיטען אָן צו רעגענען, אַנטלױף איך פון אונטער דער חופּה אין שטוב אַרײן. די חופּה געהט נאָך. גבריאל יהודה ליכטענפעלד לאַכט... די מאַכטער זײנע װײנט...

איך קאָן מיר קײן רעכענונג נישט אָפּגעבען פון מײן פּיהרען זיך...

— — — — — — — — — — — — — — — — — — —

און מיט דעם ענדיגט זיך דער ערשטער באַנד פון מײנע ער־אינערונגען... עס הױבט זיך אָן צו צושטרײען דער נעבעל פון קינ־דער־ און אינגעל־יאָהרען, און פאַרשװינדט מיט דער צײט. עס שליסט זיך אױך דער הײמישער אוצר פאַר סקיצען און בילדער. אַלץ, װאָס איך זעה אין דער פרעמד, אַלץ, װאָס איך באַגעגען אין שטעדט און שטעדטלעך, אױף װעג און שטעג, זעה איך און פאַרש! אָבער איך פיהל עס נישט אוממיטעלבאַר. איז מײן נשמה האַר־טער געװאָרען און קאָן אין אַנדערע נישט אַרײנפליסען. צוריק־צוקומען רײכער, פאַרבינער און פאַרשטענדינער? אָדער האָט מען, אױסער דער פאַרמיטלונג פון די חושים, צום נישט־הײמישען, צו דער נישט־קינדישער װעלט קײן צוטריט איבערהױפּט?

אַלץ אײנס.

**א ו י ס** גירסא דינקותא...

דער נעבעל מיט קעפּ, העכסטענס ביוסטען: מיט אױגען, װאָס שװימען מיר פאַרבײ, װען איך מאַך מיר די אױגען צו — צורינט און פאַרשװינדט. —

.1913

פון דארט רורכ'ן הינטער־טירל אין רייט־שול אריין, וואו מיר זעצען זיך אויף א באנק און רעדען... און רעדען מיט געפלאכטענע הענט אזוי הארציג־שטיל.

— יא, פאהר — זאגט זי, און די שטים איז פייכט, און די אויגען גלאנצען פייכט... פאהר! זיי מיר מודיע ווען, וועל איך ארויפקומען...

נעמט ש. ח. און פארזעצט אויף הוצאות זיין גאלדען קיי־טעל. ווערט באשטימט א פארטאג צום שטילען אוועקפאהרען. עס ווערט באשטעלט א פוהר, איך פאק מיך בסוד סודות. לעג מיך פריה מכלומר'ש שלאפען, מיט'ן פעקעל אונטער'ן קישען, איך וועל קיין אויג נישט צוטון. א פייף פון גאס וועט זיין דער צייכען... איך לעש אויס דאס לעמפעל, געזעגען זיך מיט אלע און אלעס אין דער פינסטערער שטוב; אויפ'ן הארץ נישט אזוי לייכט... אבער איך מוז... ליג איך און דערהער א שטילען שארך פון צווייטען צי־מער. איך הארך. שטיל עפענט זיך די טיר. שטיל בארוועס קומט אריין די מאמע, איך זעה זי קוים ביים שוואכען שיין פון דער לבנה אין פענסטער. זי שוועבט שטיל צו צום בעט, זעצט זיך קעגענאי־בער, קוקט מיר מיט וועהטאג אין פנים אריין... איך קאן די אויגען נישט שליסען, איך מוז זי זעהן, און זעהן, ווי פון די אויגען איהרע רינען שטיל, שטיל די טרערען... זי געזעגענט זיך מיט מיר... ווער האט אויסגעזאגט מיין סוד?

אבער זי וואכט ביי מיר, איהרע טרערען וואכען; איך פאהר נישט...

דער טאטע איז אין דער היים נישט געווען. געקומען איז ער אין עטליכע טעג ארום מיט דער ידיעה:

— געטאן מיט דיר א שדוך... מיט גבריאל יהודה ליכטענ־פעלד.

איך גיב מיך אונטער; איך זעה קיין אנדערען אויסוועג. א קרבן פאר דער מאמעס טרערען!... ש. ח.'ס גאלדען קייטעל איז פארפאלען געווארען ביים מלוה... די פוהר איז צוריק אפגעפאה־רען אין פארשטאדט אריין... מיין „כלה פון חורבה", וואס איז אומ־זיסט ארויפגעקומען האלב־נאקעט אין פארטאג, מיך צו באגלייטען, האט אויף א צייט א קאטער באקומען... און אין א קורצער צייט ארום פאהר איך חתונה האבען...

טאר און ווערט אהן דער שטאדטס וויסען — ראבינער. און באקו־מענדיג די נאמינאציע, ענדערט ער פלוצלונג זיין פיהרונג: טוט אן אין שטוב א יארמולקע, הערט אויף צו רויכערען אום שבת און הויבט אן צו געהן אין שול אריין דאווענען פריה און אווענט.

האבען די חסידים אן אסיפה געמאכט און געשיקט איהם זאגען:

ווילט איהר, אזוינער און אזוינער, נעמען ביי דער שטאדט דריי הונדערט רובל א יאהר אומזיסט, איז מה טוב. איהר זייט נישט ערגער ווי אן אנדערער, אן אינו ישראל, וואס נעמט אומ־זיסט אידיש געלט.

ווילט איהר אבער ווירקליך עפעס טון, וועט מען אייך עוקר מן השורש זיין...

על כן, זאגט מען איהם אן, זאל ער תיכף ומיד צוריק ווערען גוי, אויסטון די יארמולקע, אויפהערען צו קומען דאווענען, און צו־ריק רויכערען בריש גליה אום שבת...

פאלגט ער און ווערט אין א צייט ארום אויס ראבינער, פאר דאס צענזאר אין ווארשוי. — — — — — — — — — — —

— — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — —

דאמאלט איז אבער געווען ערשט דער אנהויב פון דער ליניע. דער ערשטער עטאפ פון דער קאריערע. נעמט ער מיך אויף, הערט מיך אויס, פינטעלנדיג מיט די אויגען, הערט מיינע ספקות און פיין, און ענטפערט:

— ניטשעווא!

איך מוז ווערען א לייט, אוועק שטודירען! קיין זשיטאמיר, קיין ווילנא... אלע כפקות וועלען אפפאלען, אלץ וועט ווערען קלאר, אלץ וועט ווערען גלייך...

ער וועט מיר העלפען!

אפשר! לאקער איך אויף מיין כלה פון חורבה אויף די טרעפ, צו האבען מיט איהר א ישוב. צום אלעם ערשטען דערשרעקט זי זיך צום טויט. איך האב זי אזוי לאנג שוין אויף די טרעפ נישט פארהאלטען. און זי גרייט זיך דאך צו א חתונה... דערהערט זי אבער וועגען וואס עס געהט, בארוהיגט זי זיך, נעמט זי שוועס־טערליך מיך אן ביי דער האנט, פיהרט מיך אראפ אין הויף אריין.

נען, און ער פינטעלט מיט די אויגען. זיינע שווארצאפעל האלטען
אין איין לויפען אהין און צוריק איבער׳ן ווייסעל, ווי פאר פחד,
מען זאל זיי נישט דערטאפען. איך וועל נאר באשרייבען זיין לי־
ניע: שטאמט פון אן ארעמער, דערשלאגענער פאמיליע אין דער
ליטא, נישט אויסגעלערענט זיך קוקען מענשען אין די אויגען
אריין... געענדיגט די ראבינער־שול אין זשיטאמיר. געקומען צו
אונז אלס רעליגיאנס־לעהרער... לערענט פון א רוסיש ביכעל ארויס
די „ביבלישע געשיכטע". האלט זיך ווייט פון קהל; רעדט נאר רו־
סיש. פינדעסטוועגען, אז דאס מאגיסטראט וויל אפרייניגען דעם
מארק פון פויערישע פוהרען, וואס זאלען זיך נאר שטעלען אויפ׳ן
טארג, און באשטימט איינצוטיילען דעם מארק אויף פיער, דורך
גאסען דורכגעשניטענע רעגעלמעסיגע סקווערען, וואו ער וועט פאר־
זייהען בלומען און פלאנצען־בוימער... און די סוחרים, וואס האבען
געוועלבער אין מארק, פאר פחד, זיי זאלען די פויערישע לייזונג
נישט פארלירען, ווילען מבטל זיין די גזרה, און מען ווענדט זיך
צו איהם, ווי צו א קרוב למלכות, — שרייבט ער זיי א פראשעניע
אויף „קייזערליך פאפיר, מיט עכט שווארצער טינט און קאליגרא־
פיש, לאמור, אזוי צו זאגען: היות, אויב עס וועלען זיין גערטלעך
(סקווערען) און אויב עס וועלען געפלאנצט ווערען בוימלעך, וועלען
די בוימלעך מיט דער צייט וואקסען און צוזאוואקסען זיך און ווע־
רען גרויסע בוימער, מיט געדיכטע צווייגען און בלעטער... און אזוי
ווי די שטאדט איז שלעכט באלייכט און נעכט זענען פאראן פינס־
טערע, וועלען זיך אין די פינסטערע נעכט, און די געדיכטע שוואר־
צע שאטען פון די בוימער באהאלטען גנבים, גזלנים און רוצחים,
וואס וועלען זיין א סכנה פאר דער שטאדט... אויך וועט מען, אין
די זומער־אווענטען. ווען די נאטור (דא געהט א נאטור־באשריי־
בונג) וועקט צו ליעבע — אין שאטען פון די בוימער זינדיגען, וואס
עס וועט שאטען דער מאראל פון שטאדט און פארדארבען די שול־
יוגענד, וואס וועט ווייטער פון איהר זיין, נישט פאר איך און
נישט פאר קיין שום איד געדאכט, קראנק מאכען א האלבע, אויב
נישט די גאנצע שטאדט...

איז אייך ווייניג, געהט די ליניע ווייטער:

ער פארלירט די שטעלע אלס רעליגיאנס־לעהרער. איך ווייס
נישט, אדער געדענק נישט, פארוואס, און פועל׳ט ביים גובערנא־

אזוי ראש אוועק... אויפ'ן שפיץ פון זיינער שטעלט זיך אמאל א
קראה — ווער ווייסט זיי!

פאר דאס די באשרייבונג פון לעבענסארטען, פון געוויקס און
טיער, יעדע אנטפלעקונג פון אינסטינקט און פארשטאנד, געוועהנ־
הייטען, דאס צופאסען זיך מיט ליניע און פארב צום מיליע... נעס־
טען בויען, קינדער ערציהען, זאמלען שפייז אויף ווינטער, פארזאמ־
לונגען פון געפליגעלטע אונטער'ן בלויען הימעל, די סעימען; די
סערענאדען פון דער מענליכער זייט, דאס אויסשטעלען פון פאר־
ביגע פעדערען, דער קריג וועגען דער „זי" — דער קאמף פאר לע־
בען און ליעבע, — דאס אלץ נעמט און כשופ'ט...

גאט, ווי גרויס די וועלט איז, ווי פארשידענארטיג, און ווי־
פיעל שכל, וויפיעל נייסט...

און פלוצלונג:

— אלץ מאטעריע! (הארטמאן).

— קיין פרייער ווילען! (צעהנדלינגע בראשורען). און קארל
פאנט:

— דער געהירן ארבייט אויס געדאנקען, ווי אן אנדער גליד—
שטוהנען...

— — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — —

עפעס ווערט אין מיר פארשטארט, פארגליווערט. עפעס
שטארבט אפ. אויס מעשה בראשית, אויס מעשה מרכבה. קיין הימעל
נישט דא. דאס בלויע, וואס מיר זעהען, איז די גרענעץ פאר אונ־
זער אויג. אויס שכר ועונש, אז דער מענש האט קיין ברירה נישט...

מיט וועמען רעדט מען דערפון? פאר וועמען גיסט מען זיך
אויס דאס הארץ? אין וועמעס אויערען אריין גיסען די קלאגען אויף
די חורבות אין געהירן און אויף די פגרים אין הארץ? מיט די ארור־
מינע? איך בין קענגען זיי אהן לשון אפילו. פון דעם, וואס איך האב
נעלעזען, קאן איך אויף אידיש נישט רעדען, פאר דעם האב איך
אין אידישען קיין ווערטער נישט. איך פרואוו רעדען מיט מיר אליין
און קאן נישט...

רעטען קאן מיך איין ש. ח.

פריהער זיין פארטרעט. אייגענטליך נישט זיין פארטרעט;
איך קען איהם נישט. אין א מענש אריין קוקט מען דורך די אוי־

שפּראַך איז מיר נעבליבען... רעכט א מעשה דערצעהלען האָב איך קיינמאָל נישט אויסגעלערענט. העכסטענס, ווי איינער פון מיינע קריטיקער האָט באמערקט — א „מעשה בתוך מעשה“; שלעכט נעבויט איז דעריבער פיליכט מיין בעסטע זאַך: די דריי חופות... איך האָב אַזוי געלעזען. לעזענדיג, פלעכטען זיך אין מיר אַלערליי מעשיות; איך קען מיך, און וויל מיך נישט אויספּלאָנטערען. אין דער ביבליאָטעק איז א יריד! פול מענשען אין מארק; א געווימעל פון מענשען! פון אַלערליי שטאַנדען, אַלערליי געשעפטען! אין גרופּען שטעהען זיי, און רעדען צווישען זיך, יעדע גרופּע האָט איהר עסק... און איך שפּאַציר ארום איבער׳ן מאַרק, געה פון גרופּע צו גרופּע, הער אונטער, כאַפּ אָפּגעריסענע שטיקער פון געשפּרעכען און שטויס מיך, ווענען וואָס עס געהט...

פאַלט מיר אבער אין א קורצער צייט ארום אין דער האַנט אריין נאַפּאָלעאָנס קאַדעקס אין זאַוואַדסקי׳ס איבערזעצונג. איך לעז און — פאַרשטעה, א פרייד; נישט טיף, פיליכט נישט ריכ־טיג און — גאָט! דינים, אַהן ראובן ושמעון, סאַמע כללים!... דער רמב״ם אין „יד החזקה“ האָט עס נישט דערגרייכט! נאָך אין א צייט ארום — באָקל׳ס געשיכטע פון דער ענגלישער ציוויליזאַציע! איידער איך פאַרשטעה, דערמאָנט מיך (אַזוי מיין איך) דער סטיל אָן בעל עקדה!... אויך עפּעס א מין דרש! איך קום אויך צו פיזיק. רבונו של עולם! נישט די קאָלדערע וואַרעמט מיך, נאָר מיין לייב די קאָלדערע! מען קאָן מאַכען שניי! דונערען! אַהן מאַטעמאַטי־שער פאַרבאַרייטונג, היפּער איך איבער ציפערען אין אַלגעבראַאי־שע צייכען, ווי א פּוילישער מלמד איבער שטיקלעך דקדוק אין רש״י, און פאַל ווייטער אריין אין א ים פון ראָמאַנישע און ראָ־מאַנטישע דיאַלאָגען, און שווים ווידער ארוים אין א „נאַטור־ווי־סענשאַפט“... די באַשרייבונגען פון קערפּער און גלידער, אַזוי פון געוויקסען, ווי פון טיערען, נעמען מיך נישט, זענען פאַר מיר טויט! ווידער דאָס זעלבע: זיי דערמאָנען מיך אָן גאָרנישט, וועקען אין מיר גאָרנישט! געזעהן: הינט, פערד און עטליכע קעץ. זומער־צייט פליהען פייגעלעך אונטער׳ן הימעל, אונטערשייד איינצעלנע אין דער מחנה! לאָזען זיך מאַנכע מאָנכמאָל אַראָפּ, אין שטויב און בלאָטע אריין, נאָך א פאַרלוירען קערענדעל פון א פויערישער פוהר, א ברעקעלע פון אַן איינגעלס אָנבייסען אין חדר אריין און פליהען

כער! ארום אויף אַלע פיער ווענט, צוואוואַרפענע אונטער די פיס
אויף דער פּאַדלאָגע.

— איך וועל אַלץ לייענען און כסדר!

— — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — —

„אַלץ" האָב איך נ י ש ט געלעזען; דריי שפּראַכען געווען:
דאָס מעהרסטע פּויליש (אַבוואָל דאָס מעהרסטע איבערזעצונגען...)
דערנאָך אַביסעל דייטש; געווען אַביסעל פראַנצויזיש אויך.

פראַנצויזיש קען איך גאָרנישט. לעזען אפילו נישט. איך וועל
מיך דאָך, צוליעב דער ביבליאָטעק, אין א צייט אַרום, אויסלערנען
בעל פּה, פון טאָוועל צו טאָוועל אַן אַלענדאָרף, — א ברכה לבטלה:
איך וועל איהם, ווי אויסגעלערנט, פאַרגעסען... מיט'ן הוילען אַלענ־
דאָרף־קענטעניש וועל איך פון דער היים אוועק. דייטש, ביי וועל־
כען, ווי איך רעכען, עס וועט מיר ביישטעהן דער זכות פון עטליכע
לעקציעס ביים לעהרער שטערן, לעג איך דאָך אָפּ אויף שפּעטער.
צו גרויס איז מיין דורשט צו „קענטעניש", איך זאָל מיך זעצען
סילאַביזירען! איך הויב אָן ביי פּויליש, און האַלט וואָרט. און
לעז כסדר: „לב חכם לימינו" — פון דער רעכטער האַנט ביים
אריינגאַנג. און די ביכער זענען אויסגעשטעלט אָהן א סדר, א תהו
ובהו פון ביכער. ראָמאַנען און וויסענשאַפטליכע זאַכען. אויסגע־
מישט און צוואוואַרפען — די פיעלבענדיגע ראָמאַנען; איבערהויפּט
די איבערזעצונג פון פראַנצויזיש: דיומאַ, סי, וויקטאָר הוגאָ א.
ד. ג. פאַלט אין דער האַנט אריין א צעהנטער באַנד סי, דערנאָך א
ניינטער דיומאַ, באַלד א דריטער באַנד — הוגאָ... אָבער איך לעז!
איך זוך קיין ספור המעשה נישט. איך לעז אויך קיין נאַטור־באַ־
שרייבונגען נישט, זיי דערמאָנען מיך אָן גאָרנישט, וועקען אין מיר
קיין בילדער נישט! איך האָב אַזוי ווענינ באַקאַנטשאַפט מיט נאַ־
טור. איין אויסנאַם — די באַשרייבונג פון גרינע וויזען ביי וויק־
טאָר הוגאָ אין „די ארבייטער ביים מער" — פאַראַן וויזען ארום
שטאָדט; אויך א שליטוועגס פון א פּוילישען אויטאָר, דאַכט זיך,
קאָרזשעניאָווסקי — שניי שוין געזעהן! דער עיקר ציהען מיך און
נעמען מיך די דיאַלאָגען — די „שטיקלעך מיט די פּאַסיקלעך", ווי
עס האָט דאַמאָלט ביי מיר געהייסען; וואו מענשען רעדען. יעדעס
פּאַסיקעל האָט מיר אויסגעזעהן, ווי א שפּעלטעל אין א מענשלי־
כער נשמה אריין. די ליעבע צום דיאַלאָג, צום מאָלען מיט דער

אין שטוב און נעהען וועש, און זי לויפט ארום צווישען די שניי־דער און מעכט מלבושים.. מיך רופט „קענטעניש"... אבער דער יצר הרע איז גובר; אזוי ווי ביי מאַנישען.

זעה איך מיך, ווי איך געה, אין א שווארץ היטעל, אין א ביס־מארק־פאַלטא און ווייס־פּערליימיגטע שטיוועל (צופעליג הויב איך דאמאָלט אָן צו זעהן פארבען!) איבער דער ברוקירטער גאס, פון די רויטע קאַשארען צום גרינעם שלאָס (עס איז פריהלינג־צייט) און בלייב שטעהן ביים קווער־געסעל פאַר'ן שלאָס, אין ווינקעל, וואו דאָס הויז שטעהט; דאָס הויז מיט דער פּארמאַכטער ביבליאַ־טעק אויפ'ן בוידעם. איך טרעט אריבער די שוועל איבער געוואָלט. עטליכע טראָפּען שוויים פערלען זיך איבער'ן שטערן: דאָס הויז איז מיר פרעמד; דאָ וואוינען נישט קיין אידען. צופעליג. און פי־לייכט צוליעב דער נאָהנטקייט מיט'ן שלאָס! דאָס הויז איז א נייעס, דאמאָלט דאָס נייעסטע, און האָט ליכטיגע טרעפּ, דאמאָלט די איינציגע ליכטיגע טרעפּ אין שטאָדט. איך שטייג באהארצט: א גוטער סימן — א ליכטיגער וועג! און איך שטייג אין ליכט. איין שטאָק, א צווייטער — די פּלאַטפאָרם צום בוידעם; דאָ לעשט זיך מיר דער טאָג אויס... איך ווער עטוואס אומרוהיג. אבער „כל באיה לא ישובון", נישט פאראָן: צוריק! די האַנט ציטערט אביסעל, דאָך דערטאַפּט זי די טיר; אין טיר — דעם שליסעל־לאָך. „פריהער אריינקוקען!" איך נייג צו איין אויג: א חשך. קעגענאיבער א פּאַרלאָדענט פענסטער פון אינעווייניג. אבער דורכ'ן לאָדען־שפּאַלט רייסט זיך אריין א זייל פון ציטעריגען זונען־שטויב און שפּאַרט צו ביז צו א הויפען ביכער אויף דער פּאָדלאָגע.

„דער עמוד ענן!"

„דער עמוד אש!"

„ביידע פיהרען אין מדבר!"

און איך דרעה איבער דעם שליסעל! א קריץ אין אַלטען שלאָס, דאָס הארץ — א ציטער, דאָך — די טיר — שוין אָפען, דער לאָ־דען — האסטיג אויפגעריסען — איך בין אין „זייער בית־המדרש"...

אז מיר האָבען א חלק אין אלע בתי מדרשים, „ביודעים ובלא יודעים" — פאַלט מיר דאמאָלט נישט איין. אבער אַזויפיעל בי־

זאגן, דאָס מויל איז מיר צוגעשניטן; ביים שיין פון לאָמטערן זעה איך אַ פּנים פון אַ בר־מנן... געל, וואַקסען־געל, אָפּגעלאָזט...
„אַ בר־מנן דערלאַנגט מיר דעם שליסעל״ —
איך נעם איהם און געה מיט איהם אָפּ שווייגענדיג. דער שליסעל וועט עפענען — מיר אַ נייע ביכער־וועלט, אייך — אַ נייעם פּרק...
וועו און ווי אַזוי מיכל פידלער איז געשטאָרבען — געדענק איך נישט!

## 9.

„זייער בית־מדרש. — חורבות אין געהירן. — איך וויל אַוועק. — די מאַמע. — איך ווער אַ חתן.

נישט מיט אַמאָל לויפט מען פון אידישען אין גוי'שען בית־המדרש אריין. מען האָט דאָך אַ אידיש האַרץ, קלאַפּט עס. איך פיהל, אבוואָל נישט קלאָר, אַז איך רייס מיך פון עפּעס און עמיץ אָפּ, פון עמיץ אַ היימישען, פון עפּעס טייערס... נעבכט שלאָף איך נישט, און בלאָנזשע ארום טעג אונטער די בראָמען. איך בין טאַקע שוין אַ „פּורץ גדר״, אין אַסך זאַכען האָב איך אויפגעהערט צו גלויבען. פיעל פון הייליגען איז מיר אומהייליג געוואָרען, אבער אַלץ אין דער היים, אין בית־המדרש, וואָס איז לעבען דער שול...
און איך זעה מיך, ווי איך געה צום לעצטען מאָל, דריקענדיג מיט דער פויסט דעם דיקען פאַרראָסטען שליסעל אין טאַש, אונטער דער לעמבערגער בראָם. אויפ'ן שאָסענעם דריי־עק, צווישען „אונזער״ און „זייער בית־עלמין״, און האָב התבודדות, און הער אויס אַ וכוח צווישען „יצר טוב״ און „יצר הרע״, אַזוי ווי איך האָב איהם איבערגעגעבען, נאָר צוגעריישט מיט „וויץ״ אַלאַ היינע, אין „מאַניש״... אָבער מאָנישען אין חורבה אריין רופט „מאַריע״, זי ווינקט צו איהם פון די פענסטער, רופט איהם מיט געזאַנג. מיין „מאַריע״ שפּאַצירט ארום מיט יונה'טשען, אוועגט ביי אַוועגט, צווישען מנחה ומעריב, אין דער רייטשול, און מיין „כלה פון חורבה״ איז פאַרנומען מיט איהר אויסשטייער. נעהטאָרען־מיידלעך זיצען ביי זיי

פורפור־פלאם פון צווישען די צווייגען... און קענענאיבער שיינט אויף א בלאס־געצייכענטע לבנה; קומט העכער, העכער, ווערט בולטער...

איך שטעה אנגעשפארט אן עפעס א צוים און קוק, און וואונדער מיך, פארוואס זעה איך עס אזוי צום ערשטען מאל... יעדען טאג געהט דאך אונטער די זון, יעדען אווענט געהט אויף די לבנה...

און זי ציהט זיך ארויף, ארויף...

א ציגערנער הקדש־טעלער? א זילבערנע טאץ אויף דרשה־געשאנק? יהושע'ס פנים?

אפשר פרעגען ביי יהושע'ן: פארוואס שטארבט מען, נאך וואס? —

ריהרט מיך פלוצלונג עמיץ ביים אקסעל אן...

מיכל פידלער — שוין דערמאנט — ביים פלויט פון זיין התבודדות־הייזעל בין איך עס געשטאנען. ער איז צו מיר ארויסגעקומען, א שטילער, שטיל־שלייכענדיגער, מיט טרויעריגע וואסער־אויגען, אין איין האנט — א ספר'ל, אין צווייטער — א לאמטערל...

— „מען זאגט, דו ביסט אן עלוי, קענסט דא פשט?"

און ער ווייזט מיר אן ארט אין קבלה־ספר'ל (דעם נאמען — פארגעסען), עס רעדט זיך וועגען גלגול... איך לעז דורך, פארשטעה און פארטייטש...

— „ביסט דאך טאקע אן עלוי... נו, ווארט." און ער פארשווינדט צוריק אין הייזעל אריין...

עס הויבט זיך אין מיר אן אויסצואוויקלען א געדאנק: אפשר איז דאס דער ר י כ ט י ג ס ט ע ר ענטפער אויף אלע מיינע פראגען... דער געדאנק דערוויקעלט זיך אבער נישט, ער קומט צוריק ארויס מיט'ן לאמטערען, נאר אין דער אנדער האנט, אויפ'ן ארט פון ספר'ל — א גרויסער, שווערער פארראסטער שליסעל —

דער שליסעל צו זיין פארמאכטער ביבליאטעק אין שטאדט...

— דו ביסט עס ווערט...

מיט דער האנט, וואס ציטערט שלאבעריג, דערלאנגט ער מיר דעם שליסעל. די שטימע — הויל, אהן טאן, היינט וואלט איך געזאגט — אהן פארב. איך הויב צו איהם די אויגען אויף, וויל עפעס

איהם מיט די קני דעם בויך געדריקט און דאָס וואסער דורכ'ן מויל ארויסגעזעצט... דערביי געוועז, געזעהן באַשיינפּערלעך: דער טויטער פּיהלט נישט...

איך בין דעריבער צום טייך, צום פעטער ליפא נישט געלאָפען...

אָבער, אז די לויה איז געוועזן... די מוהמע יענטע געהט נאָך דער מטה, ניין, זי געהט נישט, זי שווימט אין דער לופט... אויפ'ן פּנים א פאַרגליווערט שמייכעל, די אויגען בלאַנדזשען ארום און גיבען אָפּט א באַהאַלטענעם בליץ נאָך א בליץ, אָט באַוועגט זי זיך, ווי ביי כלה־טאַנץ — בנעימות'דיג אויף די שפּיץ נעגעל... איך געה הארט ביי איהר זייט... די ווייבער ארום, הער איך, שרייען צו גאָט, די הענט ברעכענדיג: רבונו של עולם, זאָל זי וויינען! כאָטש א טרער לאָזען! און זי געהט און מורמעלט, און איך הער (וואס איך האָב אין „נאָך קבורה“ באַנוצט): „עס, ליפּעלע, עס, זאָל דיר זיין צו געזונט!“ און גיט פּלוצלונג א ריס אראָפּ פון זיך דאָס שייטעל און מיט'ן מויל — א פּייף... —

— — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — —

שטאַרבט נאָך ק., דער וויינהענדלער פון דער ברוקירטער גאָס... מיך ציהט אהין, איך מוז זעהן, ווי מענשען שטאַרבען... ליגט ער און גוס'עט אין דער גרויסער שטוב, אין שרעקליכע שמערצען... די טאָכטער זיינע, די פאַרצעלאַנענע שעהנהייט, ליגט אויף אן אנדער בעט — די קליינע ווייסע שרעק! די מוטער — א הויכע פרוי — איינגעקוילט אין א פאָטעל, מען זעהט קיין פּנים נישט... איך רוק מיך, צווישען חברה־לייט, צום בעט צו... שרעקליכע העויות, ווילדע אויסגעשרייען אינמיטען וידוי... און פּלוצלונג, מיט א גאַנץ געענדערטער שטימע —

— זאָגט מיין ווייב, דער שליסעל פון צווייטען קעלער ליגט...

איך הער נישט וואו; איך אנטלויף... אנטלויף אין אינזשענערנע גאַרטען אריין, טיף פון א שטאַרבענדיגען באַליידיגט, פון א גוסס... פוי, פוי! דער מענש איז ווערט דעם טויט, ער וועט זיך אַנדערש נישט אפּרייסען פון שליסעל צום צווייטען קעלער...

און עס פאַלט צו די נאַכט... איך געה ארויס אויפ'ן שאָסע, געה עטוואָס ווייטער אָפּ פון שטאָדט און דערזעה (גלייך צום ערשטען מאָל!) — ווי די זון לאָזט זיך אראָפּ אונטער'ן גאַרטען — די

וועלט מיט'ן טעם פון לויתן... און צום צובייסען (אויסצופיהרען דעם אלטען, וועלט־באקאנטען וויץ) הייסט ער זיך דערנאך געבען א ווערמינגע פלוים, ער זאל וויסען, ווען עס וועלען זיין די לעצטע שמיץ פאר'ן לויתן...

נישט הייםליך, אבער וויציג!

שטארבט מיר אבער דער פעטער ליפא; דערטרונקען גע־ווארען...

און א פעטער — א דימענט... א זיידענער מענש, א גאלדען הארץ... גיט אלץ אוועק, גיט אלץ פון זיך אראפ... די מוהמע יענטע מוז איהם היטען, אזוי אין געוועלב מיט שניט, ווי אין שטוב, ער־גער, ווי א גנב... איינמאל פאר פסח, זי געהט אראפ אין קעלער אריין צום אינדיק, וואס זי פאשעט לכבוד יום־טוב — א נעכטיגער טאג... זי ווייסט, ווער דער גנב איז... טרעפט אמאל און עס קומט אין געוועלב אריין אז ארעמאן, יענטעל איז נישטא, זי גיט פרוטות, כאפט ער זיך צום שופלאד — פארמאכט; צום שלאס — ער גיט נישט נאך, — ציהט ער עפעס זיך פון לייב אראפ... איינמאל די פלודערען אוועקגעגעבען... איז צווישען פאר־פאלק א לעבען, דאכט זיך, נישט ווי אונטער דער זון... די מוהמע יענטע איז א מלומדת, זי ווייסט, וויפיעל א איד מעג אוועקגעבען צדקה, צום רב וועט זי איהם שלעפען... און א צינגעל האט זי א געשליפענס — די גאנצע פארטשינע הערט איהרע קללות צום מאנס קאפ... און שטעלט א האנט מיט נענעל אויס, וואלט זי נאר נישט מורא געהאט פאר גאט...

געהט דער פעטער ליפא איינמאל פאר'ן דאווענען זיך באדען צום טייך, זעצט זיך הינטער'ן שטראם... און מען נעמט איהם פון דארט ארויס א טויטען... פון א שטיין, זאגט מען, וואס איז מיט'ן וואסער נעלאפען, א קלאפ באקומען, באטויבט געווארען, דאס מויל געעפענט, וואסער געטרונקען...

על פי „מורה הנבוכים" מאכט עס אויף מיר קיין גרויסען איינ־דרוק נישט. נישט מעהר: א שאד אזא גוטער פעטער... און דער־טרונקענע שוין געזעהן... א יונגענמאן אמאל ארויסגענומען פון טייך (ער דארף א מענש, די אריינגעווארפענע קאץ האט נישט גע־האלפען), ארויסגעצויגען האט מען און אנגעדראלענעם. מען האט

קעל, ווייל זיך דערהאלטען און גיט זיך א שפּאַר־אָן אָן בעזעם, און קערט זיך מיט איהם צוזאמען איבער, און גיט א געשריי: שמע ישראל! פאַלט און — טויט... ווייזט זיך אויס — א קאָנטאָניסט געוועזן... באהאלטען האט מען איהם, ביז תחית המתים, אויפ'ן פּראוואסלאוונע פעלד... איהם וועט מען נישט ארויס'גנב'ענען, נישט די צייטען...

דער טויט מאכט אויף מיר א קליינע ווירקונג; געדויערט א רגע כמימרא... וואס האט ער געקאנט ליידען?... געוועזן, נישט געווארען...

געוועזן אין שטאדט אן אלטער זייגער־מאכער, ר' הירשל, אויב איך האב קיין טעות נישט, אויך א שטאדט־דינער... זיין עובדא: אין דער פריה און פארנאכט ארויפצוקלעטערען צום שטאדט־זייגער, וואס געהט אויף א הילצערען געוועדק, מיט שטיינער אויף שטריק, און אנדרעהען צוויי מאל אין מעת לעת... א אידעל א גרויס, אין א שינעטען קאפּאטעל, אין עפּעס א קאפּ־באדעקונג מיט לאפּען, אין א פּארם, וואס מען האט שוין דאמאלט לאנג נישט גע־טראגען... א שטיל, טריט־ביי־טריט אידעל; איך האב איהם קיינ־מאל נישט געהערט רעדען... קיינער האט איהם נישט געזעהן נישט לאכען, נישט וויינען... קומט איינמאל דער ר' הירשעל אראפּ פון זייגער און שטרעקט יעדען די האנט, און געזעגענט זיך מיט אלע, וואס ער באגעגענט אין מארק...

— וואס איז, ר' הערשעל?

— די נאכט שטארב איך!

„וואס א איד פאלט איין"... „מיינע שונאים"... מען קומט ארויס צומארגענס אין דער פריה — דער זייגער שטעהט, דער זייגער־מאכער — נישט אויפגעשטאנען!

אזוי דארף זיין!

מאדנע שטארבט דער שוין דערמאנטער שמעון היטעל־מאַ־כער, דער אונטערהעלפער ביים משכיל'ישען מנין... א צווייט ווייב געהאט (ציפּעליג געדענק איך און פארצייכען עס)... פאר גסיסת הייסט ער, זי זאל ארויסגעהן אין מארק אריין, קויפען איהם א האלב־פונטיגען קארפּ, אפּקאכען און דערלאנגען אין בעט אריין... ער וויל זיך געזעגענען מיט זיין „עולם הזה"; — אזוי ליעב האט ער קארפּ... און ער וויל זיך געזעגענען און פארגלייבען אויף יענער

איך ווייס נישט ווי אזוי, איך פיהל. יענעס לעבען נישט — פאר־וואס? פארוואס שטעהען מויערען צווישען מיר און ז י י? צווישען מיין און זייער לעבען?

נאטאבענע, דאס זעלבע געפיהל האט זיך אין מיר ערשט נישט לאנג דערוועקט, דורכפאהרענדיג ביינאכט איבער אן אויסלענדיש שטיל שווייצעריש שטעדטעל, האט מיך פלוצלינג אנגעכאפט א וועהטאג פון מיין אפגעריסענקייט פונ'ם לעבען פון הינטער די זשאליוזען... דארט אטעמט מען, בענקט מען, מען טרויערט, פלאגט זיך, אדער מען פרעהט זיך, מען איז גליקליך אין דער שטילער פינסטערניש, און איך ווייס נישט, פיהל נישט, האב אין דעם קיין חלק נישט... און דאס לעבען דאך דארט מענשען, און איך בין אויך א מענש... און עס האט מיך אנגעכאפט א ליידענשאפטליך פאר־לאנג זיך אויפצושטעלען, א געוואלדיגען געשריי צו טון, דאס שטעדטעל אויפצואוועקען, זאלען זיך פלוצלונג די זשאליוזען הויי־בען, אויפרייסען די פענסטער, זאלען זיי ארויסשטעקען די מענשען־קעפ...

א „חוזר ונעור“ פון די יונגע יאהרען געוועזן...

— — — — — — — — — — — — — — — — — —

„אבער ווי איינגנארטיג מענשען שטארבען, ווי פארשידען זיי געהען פון דער וועלט“...

די „פארמען“ האבען מיך שוין דאמאלט באשעפטיגט...

דער סטרוזש פון פעסטונג איז פלוצלונג אמאל אוועקגעקומען...

צי האב איך עס געהערט, צי דערביי געווען, ווייס איך שוין נישט...

געווען אין פעסטונג א דארער, אלטער, אויסגעדינטער סאל־דאט — וואס האט די גאסען געקערט. אויך (פאר לאפיי'ס צייטען) שבת־גוי געווען... א בייזער גוי, א בלינדליכער און אן אמת'ער שונא פון אידישע קינדער, — דעם סמאטריטעלס מענש! זיין אנ־בייסען אין מיטען גאס — א שטיק שווארץ ברויט פון שווארצען בוזעם ארויס, געשמירט מיט חלב פון א גראשענדיג ליכטעל פון קע־שענע ארויס... מען האט מורא פאר איהם, א ליאדע וואס, ווארפט ער דעם בעזעם, מען ווייכט איהם אויך פאר עקעל, און אויך פאר עקעל פאר זיינע קללות... עכט רוסישע... און זעלטען ניכטערע... אויך איינמאל בלייבט ער שטעהן אין מיטען קערען, גיט זיך א וואר־

פון מקוה, די ווייסע — זענען ווייבער, וואָס האָבען נישט עהרליך געהאַלטען די דריטע מצוה...

ווי עס זאָל נישט זיין, נישט קיין פראָסטער ברונען...

און אין א געוויסען פרייטאָג, לויפענדיג איבער'ן מאַרק, זעה איך, ווי מען לעגט איין די צעמברינע (מיט דער צייט פויל געוואָרען), ווי מען פאַרלעגט דעם צוגאַנג מיט ברעטער, איך העך מיט די אייגענע אויערען, ווי מענשען, וואָס שטעהען ביי דער אַרביט — צייט פעהלט נישט — זאָגען: „צו דער נייער צעמברינע וועט מען זיך ערשט שטעלען מאָנטאָג"... און פאַרגעס אַז דעם אַלעם, און כאַפּ פרייטאָג צו־נאַכטס נאָך דער וויעטשערע די קופּערנע קוואַרט, לויף צום ברונען נאָך פריש וואַסער, — א הייסער זומער אָווענט, און לויף גלייך צו, וויל זיך אין איינוועגס אָנשפּאַרען אַז ראַנד פון צעמברינע, צי מען זעהט ביינאַכט דעם וואַסער־שמייכעל, און — —

און ווי דערמאָנט, אַז אַלטע אידענע גיט מיך א כאַפּ אַז, א שלעפּ צוריק... „פריידעל די האַלאַדריגע", די סמאַלע־הענדלערין פון „שלום בית" האָט מיך געראַטעוועט פון א זיכערען טויט — אויף ביימאָג!

ביינאַכט בין איך איבערגעענטפערט דעם טויט און זיינע שרעקען. ווערענד א לאַנגע, לאַנגע צייט פאַל איך נאַכט אויף נאַכט אין טיפען ברונען אריין... דער קאָנטראַסט צו דער ליעבע, צום לעבען ביימאָג... עס קומט דאָצו, אז נישט נאָר דער ווירקליכער טויט שרעקט, נאָר אויך זייז ברודער, דער צייטווייליגער טויט — דער שלאָף. איך ליג גאַנצע נעכט און האַלט איבערגעוואָלט די אויגען אָפען, נישט אריינצופאַלען אין יענעם אָפּגרונט, ווי ביי דער באָבען אין געוועלב, נישט צו פאַרזינקען אינ'ם פאַרגעסעניש; נישט אָפּצורייסען זיך פון לעבען...

און וואָס שווערער, בלייערנער עס ווערען מיר די ברעמען, אַלץ געוואַלדיגער וואַקסט די שרעק, און אַלץ הייסער ווערט דער פאַרלאַנג — צום לעבען, צום האַלטען זיך. באַהעפטען זיך אַז לעבען... און איך שפּרינג צום פענסטער צו, רייס עס אויף צום מאַרק אָדער לויף אַראָפּ אין מאַרק אריין... אָבער אויך דער מאַרק שלאָפט, איינגעהילט אין נאַכטיגער בלויליכקייט... פאַרליווערטע מויערען, פאַרשוואַרצטע פענסטער... אָבער הינטער זיי עטעמט מען, לעבט מען.

א צעמברינגע פון באַלקען ביז דער ברוסט פון א דערוואַקסענעם מענטש... וואַסער ציהט מען מיט שעפּען אויף אייזערנע קייטען. געוויקעלט ארום א וואַל, וואָס באַוועגט זיך דורך אַן „אומגעהייער גרויס" ראַד מיט שפּיצען...

דאַכט זיך, אַן איינפאַכער ענין פון א שטאָדט־ברונען? איז אבער דער ברונען „זעהר, זעהר" טיף, און אַז מען שפּאַרט זיך אַן מיט דער ברוסט אַן זוים פון צעמברינגע (איינגלער מוזען זיך דערצו אויפהויבען אויף די שפּיץ נעגעל) און מען קוקט אריין, גלאַנצט עפּעס א רעדעל פון ליכטיגקייט איבער שוואַרצליכען וואַ־סער — עפּעס א „וואַסער־שמייכעל", וואָלט איך היינט געזאָגט. און אַז מען קוקט לענגער אראָפּ, הויבט זיך אַן צו דרעהען דער קאָפּ און עס כאַפּט אַן א וואונדערליך גלוסטונג אראָפּ, צום וואַסער־שמייכעל, וואָס ציהט אראָפּ, ווי א מאַגנעט; מען מוז זיך גוט איינ־האַלטען און אַנהאַלטען, נישט אראָפּצושפּרינגען... אזא כשוף שטעקט אין דעם שוואַרצליכען ברונען־וואַסער, מיט'ן ציטעריגען שמייכעל פון אויבען...

איז נאָך ווייניג, דערצעהלען זיך איינגלעך מיט מיידלעך, אַז אויב עס איז נאָר א פינסטערע נאַכט און אַלע ליכט ארום אין די פענסטער לעשען זיך אויס, די שטאָדט איז איינגעשלאָפען, זאַמלען זיך קעץ, ווייסע און שוואַרצע קעץ, ביים ברונען, קומען און זעצען זיך אויף די שפּיצען פון גרויסען ראַד, געמישט: א שוואַרצע קאַץ, א ווייסע קאַץ און הויבען אַן יאָמערען... און יאָמע־רענדיג ריהרען זיי זיך אַלע אויף איין זייט און ריהרען דאָס ראַד, און דאָס ראַד הויבט זיך אַן דרעהען און די שעפּען געהען ארויף, אראָפּ... וואָס אמאָל געשווינדער... און דער נאַכט־היטער, וואָס געהט ארום אין מאַרק (אַן אַלטער גוי, מען זאָגט: א נייינציגער), הערט, ווי די קעץ יאָמערען, ווי דאָס ראַד סקריפּעט, ווי די שעפּ, וואָס קומט אראָפּ, שלאָגט זיך אַן אין וואַסער, און דאָס וואַסער שפּריצט איהר אַקעגען מיט א געלעכטערעל, און די שעפּ, וואָס קומט ארויף, קערט זיך אַליין איבער — פּליוסק — פּליוסק דאָס וואַסער אין ברונען אריין... און ער ציטערט און צלמ'ט זיך, צי־טערט און צלמ'ט זיך... און אַלטע ווייבער זאָגען: די קעץ זענען קיין קעץ נישט, נאָר נשמות פאַרוואָגעלטע, וואָס זוכען תקון ביים וואַסער; די שוואַרצע זענען מענער, וואָס האָבען נישט געהאַלטען

ווערען. בלייב איך ליגען אומבאוועגליך. דער קאפ איז מיר שווער, ריהר איך מיט א האנט און טאפ אן א גאנץ טוך, מיט וועלכען דער קאפ איז ארומגעבונדען. איך דערשפיר דורך די נאז־לעכער א זויערקייט — דאס טוך איז גענעצט אין עסיג... איך גיב א בליק צום פענסטער — א ווייסע נאכט קוקט אין שטוב אריין... און אויפ׳ן פענסטער שטעהען פלעשעלעך מיט מעדיצין... וואס איז מיר? ווען בין איך קראנק געווארען, און פארוואס ליג איך דא?... איך מאטער מיין שוואכען קאפ און דערמאן זיך אן מיין גאנג צו דער באבען אין געוועלב אריין, מיין פאלען אין געוועלב... „איך מוז זיין א חולה מסוכן...״ „דעריבער לערנט ער אזוי...״ אין מארק, צו וועלכען די פענסטער געהען ארויס, פאהרט דורך א פוהר, עס ווערט א געבילדעריי פון הינט... „כלבים נובחים — מלאך המות בא לעיר...״ שלעכט... ניין, עס איז צוליב דער פוהר... און דער־ווייל ווערט מיר היים און הייסער. דער לייב בארעקט זיך מיט שוויים און איך הייב אן אינגאנצען פלאמען...

איך האב מיך (דאכט זיך, דעם זעלבען טאג) נאך אמאל אויפגעכאפט, און איידער איך עפען די אויגען, הער איך שטימען ארום בעט:

— ער איז א ו נ ז ע ר ! — די באבע.

— דאס געלע פלעשעלע — די מוהמע יענטע...

— און איך זאג די באנקעס — די מוהמע טעמע... די מאמע לעגט מיר נאר די האנט אויפ׳ן שטערן...

— פון יענער זייט, טאקע פון יענער זייט! הער איך נאך אן אומבאקאנטע שטימע פון א איד און הער זיינע טריט, ווי ער געהט ארויס, און הער, ווי ער פארמאכט הינטער זיך די טיר...

„שיער, שיער״... טראכט איך...

אבער דעם אמת׳ען טויט־שרעק האב איך ארויסבאקומען פון ברונען... איהר האט פיליכט געלעזען און געדענקט דעם „פארשאל־טענעם ברונען״?!

———————————————————

אין מיטען פון איין מארק־פערטעל שטעהט א ברונען, אונ־טער א הילצערנעם דאך אויף פיער שווערע זיילען... ארום ברונען

און אזוי ? „אלהים חיים" — גאָט באַשאַפֿט לעבען, נעמט ער איהם צו, הייסט עס טויט. קיין טענה קאָן נישט זיין. ער האָט נישט נעגעבען קיין טויט, נאָר צוגענומען זיינס... ברוריה ר' מאיר'ס האָט רעכט. „ווײן נישט, מאיר, נישט צוויי זיהן זענען דיר געשטאָר־בען, זיין ליעבער נאָמען האָט נאָר זיין פּקדון אָפּגענומען..." „ה' נתן וה' לקח" — ווייסט נאָך איוב... אזוי קלאָר! און איך האָב דאָס פאַרגעפיהל פון לאה'ס ווערטער אין דער „גאָלדענער קייט" — קלאָר אין שנײ, קלאָר איז אייז, אַלץ, נאָר נישט לעבען!

און דאָס יונגע הארץ עמפּערט זיך קעגען דער ריינער, ראַ־ציאָנעלער לאָגיק! טרייבט היים־עמפּערט בלוט אין די אָדערען אריין... און עס קלאַפּט אין די שלעף אַלץ אינאיינעם:

— וואָס איז טויט? פאַרוואָס קומט טויט?...

---

אינטערעסאַנט וועלען זיין מיין באַקאַנטשאַפֿטס־מאָמענטען מיט'ן טויט...

שוין לאַנג, נאָך גאָר קינדווייז האָב איך מיך שיער נישט מיט'ן מלאך המות געטראָפֿען פּנים אל פּנים... איינמאָל, איך געה צו דער באָבען אין געוועלב אריין נאָך וואַכען־געלט (זעקס גראָ־שען א וואָך). איך קום אין געוועלב אריין, ווערט מיר עפּעס שוואַך ארום הארץ, עס פאַרדרעהט זיך דער קאָפּ, איך שפּאַר מיך אָן האַנט און קען זיך ניט דערהאַלטען. איך פאַל און פיהל, אַז איך פאַל עפּעס אין א טיפען, טיפען אָפּגרונט אריין...

אויפגעכאַפּט האָב איך מיך אין דער באָבעס גרויסער שטוב, אין א גרויסען בעט, פאַרטאָג... איך האָב א שטילען, פרום־האַר־ציגען לערן־נגון דערהערט. איך עפען פאַמעלעך די אויגען אויף — ווייט פון בעט, אין ווינקעל פון שטוב, ביי א ליכט, פאַר מיר מיט א ספר פאַרשטעלט, זיצט מיין פעטער שמואל לייבוש און לערנט... איך הער נאָר דעם נגון, קיין ווערטער — נישט. כדי בע־סער צו הערען, וויל איך מיך צורוקען צום ראַנד פון בעט — דאָס לייב פאָלגט נישט, די ביינדלעך ברעכען; איך דערשרעק מיך, איך מוז זיין קראַנק. פרעגען וויל איך נישט. איך וויל נישט מפסיק זיין... און בין איך קראַנק, לערנט מיין פעטער שמואל־לייבוש דע־ריבער אזוי הארציג. איך זאָל אין דעם זכות גיך און באַלד געזונט

ערגעץ דאס ווארט געכאפט... „והמתים אינם יודעים מאומה“ זאל זיין דער אמת. אבער איך קען מיר באין אופן ניט פארשטעלען. א מענש זאל ליגען אין קבר, און עס זאל איהם נישט זיין ענג, נישט פייכט, נישט פינסטער, און זאל נישט פיהלען, ווי די ווערים שפייזען זיך מיט זיין לייב... און אפשר? טאמער, חלילה — בלייבט עטוואס ו ו י ס ע ן, בלייבט א לחלוחית פון פיהלען... עס ווערט מיר קאלט אין אלע גלידער...

און פארוואס שטארבען, וואס איז דער י ו ש ר? ווייל אדם הראשון האט געזינדיגט... פארזוכט פון עץ־הדעת. איז ווירקליך עץ הדעת — זינד? גאט האט נישט געהייסען; פארוואס האט ער נישט געהייסען? און ווען זינד — קומט אן אייביגע שטראף, אויף אייביגע דורות? „פוקד אבות על בנים, על שלשים ועל רבעים...“ אבער נישט אייביג! פארוואס פארווערט די פרוכט פון עץ החיים? „ער וועט לעבען אייביג?“ פארוואס נישט? „זיי וועלען זיין גלייך מיט מיר“ — פארוואס נישט? שפעטער האט ער דאך עס פארלאנגט: מה אני קדוש, — זיי דו אויך הייליג... איך בין א חנון, זיי דו אויך בארמהארציג... געוואלט, מען זאל איהם גלייך זיין!

און ווי שרעקליך, ווי הארב די שטראף איז... דער טויט און זיינע יסורים!

קומט ווידער דער רמב"ם... דער קלוגער, דער טיפער, וואס האט די וועלט צוטיילט: פון דער ערד ביז צו די גלגלים — הלכה באריסטו, פון די גלגלים און העכער — משה אמת ותורתו אמת...

קומט ער און זאגט: א טעות הדפוס! נישטא קיין פיין און קיין לייד, און קיין יסורים און קיין טויט; דאס אלץ עקזעסטירט נישט, אזוי ווי עס עקזעסטירט נישט קיין פינסטערניש: עקזעס־טירען עקזעסטירט נאר ליכט... „יוצר אור ובורא חושך“ איז נאר א מליצה אין דאוונען... גאט האט באשאפען — ליכט! פינסטערניש איז נאר דער פ ע ה ל פון ליכט, דער העדר פון ליכט! אז גאט נעמט צו די ליכט — איז פינסטער! און צונעמען האט ער רעכט, ער האט דאך געקאנט נישט געבען! אזוי איז נישט פאראן קיין קרענק; פאראן נאר געזונטהייט, — געזונטהייט האט א ממשות, פון גאט א מתנה! דער העדר דערפון האט א נאמען קרענק, דער נאמען אבער האט אונטער זיך קיין ז א ך, קיין ממשות נישט...

אין איך געה ארום איבער דער לאנגער טונקעלער אלעע און טראכט — —

ווענען טויט!

נאך וואס האט גאט באשאפען טויט און — וואס ווערט נאכ׳ן טויט?

די נשמה פליהט אין הימעל אריין... אין גן עדן אדער גיהנם אריין. דער רמב״ם מיינט — עס בלייבט ערגעץ־וואו א שטיק שכל, וואס עקזעסטירט ווייטער, און אויף דער מדרגה, צו וועלכער דער מענש האט דערצויגען זיין נשמה אויף דער וועלט... און מיין ברודערל, וואס איז געשטארבען אזוי יונג, נאך גאר אהן שכל? און קינדער פון די וויגען, און מפיל־קינדער? דער בעל־שם הייסט ווייטער פיהרען דאס אייגענע לעבען, וואס מען האט דא געפירט, נאר מיט נחת אדער צער, לויט פארדינסט, גביר און פאסעסאר בלייבט גביר און פאסעסאר; בעל עגלה בלייבט בעל־עגלה — א מין שכר ועונש אין דמיון". עפעס אן אפ־נארעכטס, אן איינרעדעניש פון זיין ליעבען נאמען... געוועזן אין שטאדט א משוגענע מיטעל־יעהריגע פרוי, גע׳גט צי ארויסגעטריבען פון מאן, מיט די זאכען, קליידער און צירונג... טראגט זי זיך ארום מיט׳ן פעקעל איבער די גאסען גאנצע טעג, וואו זי נעכטיגט, ווייס איך נישט... גאנץ אפט שטעלט זי זיך אפ אין מארק, עפענט דאס פעקעל, שפרייט אוים איהרע זאכען... באקוקט און שמייכעלט צו די קליידער, מעסט אן דאס צירונג אין מעסט איבער... טוט אוים די פארוק און זעצט ארויף אן אנדערע... ווייל זיך אויך איבערטון אין מיט׳ן מארק... עס איז אפשר ביי איהר א יום־טוב אין מיטען דער וואך... און דאס אויסגעהונגערטע פנים שמייכעלט פאר נחת. דער שטערען שמייכעלט, די אויגען שטראלען... וועט דארט אויך זיין אזא מין גן עדן... אמת, אין מיט׳ן מארק קומט די שטאדט־פאליציי און שלעפט זי אין ארעסט־שטוב אריין... און דארט, אין פרייען עולם הדמיון, אהן פאליציי, קען זי זיך איבערטון צעהן מאל אין טאג...

און דער גוף!

עפר ואפר... געקומען פון דער ערד, צוריק געגאנגען צו דער ערד. „שתי רוחות מספרות" — דאס איז אגדה... א משל, א „סימ־באל". איך האב שוין אין מיין גייסטיגען שמעטערלינג־נעץ פון

אין א זייטיגער אלעע, וויגט זיך אמאל א קליין־גוי׳ש, מיידליש מלאכ׳ל אויף א „הוידא...״ דאס געלעכטערל קלינגט. די גאלדענע לאקען — צופלויגען אין דער לופט. — דער פאטער דער גענעראל וויגט זי מיט די „אייגענע״ הענט... אין אווענטען פון גאלא־טעג ווינען זיך. העננענדיג צווישען די גרינע בלעטער אויף די צווייגען, איבער דער לענג פון דער מיטעלער אלעע פאר׳ן הויז, בליצענדיגע פארשידען־פארביגע פאפירענע לאמטערנדלעך... אונטען, איבער דער אלעע, לעגען זיך שמאלע, געמישטע פאסען פון רעגענבויגען־ליכט. די פאלקאוואי מוזיק קומט און שפילט פאר׳ן הויז... אינ־ווענינ אין הויז ווערט געטאנצט... וואס א רגע קומען אן נייע מי־ליטערישע געסט פון „שלאס״... געטאנצט ווערט און געטרונקען... הילכט אויף וואס אמאל א „לחיים״ און ווערט באלד פארטרונקען אין א נאך הילכענדיגערען טוש פון דער בלעכענער מוזיק...

מאנכמאל, אין שטילע אווענטען, הערט מען פון הויז ארויס פיאנא־שפיל... מיכל, אונזער קאפעלמייסטער פון די קלעזמער, מיין שפעטערדיגער יואל פון „וואס אין פידעלע שטעקט״, שטאלפערט שוין (זעלטען גאר אינגאנצען ניכטער...) איבער׳ן ראוו מיט דורש־מיגע אויגען און פאנגט מיט׳ן געשפיצטען אויער די מוזיק... פון דער מוזיק, זאגט מען, מאכט ער מאראלישע שטייגער צום באדע־קענס, מארשען צו חופות און פריילעכצער צו דער „וויעטשערע...״ מוזיקאלישע אינגלעך, משוררימלעך און גלאט חברה — מיט די קעפלעך צווישען די שטאכעטען, שטעהען פארגאפט... באמערקט מען און מען הויבט אן פון אינוועניג צו יאגען (אידישע קינדער זאלען נחת האבען?), די הינטישע כרובים פון דער פורטקע ווערען אפגעלאזט פון דער קייט — רייסט מען, צום אנטלויפען, די קעפ־לעך פון צווישען די שטאכעטען ארויס, איבערלאזענדיג שטיקער הויט... און פלוצלונג — דערמאנט זיך און אפגערופען די אינזשע־נירען... דער גן עדן אפען, ער פארברייטערט מיין קינדישע וועלט. שפעטער וועל איך צו איהם צונעמען א שטיק זאקסישען גארטען פון ווארשע און די רביישע גערטלעך פון סטרוקאוו און ביאלע און מאכען א רעזידענץ פאר א אידישען גביר אין צפת... דאמאלט קום איך אבער אין גארטען מיט הארץ קלאפען ווי אין „פרדס״ אריין... איך בין, איך פיהל שוין, א האלבער מקצץ בנטיעות... א נכנס בשלום בין איך, צי וועל איך זיין א יוצא בשלום אויך?

פונקט ווי אין „דריי מאָל געראופען...“

— — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — —

אָבער אַט, מיין וועלטעל ווערט אביסעל רייכער... עס ציהט זיך פון שטאָדט ארויס, און אנעקקירט דעם אינזשיזנערס גאָרטען, פון וועלכען עס פלעגען קומען אין שטאָדט אריין די ווייס־געקליידטע דאַמען מיט די קווייטען און שפּאַצירען אין שלאָס...

א מעשה מיט דעם גאָרטען:

שוין יאָהרען, אז די פעסטונג איז איים פעסטונג. די שרעג איז פאַרשוואונדען פון די וואַלען... די האַרמאַטען מיט דעם פּאַרראָט קוילען זענען אראָפּגענומען. דאָס וואַסער צווישען די פּאַסען — אויסגעטריקענט, די פרעש — אוועק צום זומפּ אויף דער לאַנקע ביי דער „אוטשעצקא“. דער גאַרניזאָן איז אוועק! אולאַנען אין קאַזאַרמע, קאַזאַקען! דער פּלאַץ־מאַיאָר מיט די בעזעמדיגע וואַנסען האָט זיך שוין אָפּגעזעגנט מיט דער שטאָדט, געטרונקען לחיים, א מתנה גענומען און ערגעץ אוועק. פון די בריקען הינטער די דריי בראַמען — קיין זכר. די אָפּגרונטען פאַרשיט, גלייכע, ברייטע ארויסגענג און ארויספאָהרען צום שאָסיי, און דער „סמאַטריטעל“, ווי דערמאָנט, איז געבליבען, ער זאָל נישט לאָזען אידישע קינדערלעך זיך באָדען, און די אינזשינערען, וואָס וואוינען אין גאָרטען אונטער דער שטאָדט, האָט מען פאַרגעסען... נאָך נישט געענדיגט, זאָגט מען, די חשבונות פון איינלעגען און צורייסען די פעסטונג. און דער „אינזשענערנע גאָרטען“, וואו זיי וואוינען אינ'ם גרויסען ווייסען הויז, וואָס בלאַנקט דורך פון צווישען די בוימער, איז נאָך א „גוי'ש פאַרשלאָסענער גן־עדן...“

שפּאַצירט מען אמאָל איבער'ן שאָסיי, לאָזט מען זיך, ביים אינזשענערנעם גאָרטען, אראָפּ אין ראָוו אריין און מען קוקט אין גאָרטען אריין מיט גרויס גלוסטונג... מען שטעקט די קעפּ, מיט די ברענענדיגע אויגען, צווישען די שטאַכעטען אריין וואָס טיפער. — זעהט מען בוימער און בוימער, און אלעען... און דאָס ווייסע הויז, וואָס בלאַנקט פון די גרינע בוימער ארויס... און דאָס דורכפּלאַטערען פון ווייסע קליידער פון די דאַמען, וואָס קומען אמאָל אין שטאָדט אריין, אין שלאָס אריין, און שפּאַצירען באַלעגט מיט קווייטען...

טשען אויף דער ליכטיגער זון, מארשירט, אין גאלא־טאג, אז אפ־טיילונג מיליטער פון שלאס, וואו די אפיצערען וואוינען, ביז דער קאזארמע ביי דער שעברשינער בראם, איבער דער גאנצער לענג פון דער ברוקירטער גאס... מיט מוזיק... ווייסע חברה פאראוים... אויסערן אפאטייקער און זיינע דריי שווארצע נעכט, לויפט מען פון שטובען צו די פענסטער, פון געוועלבער צו די טירען... די מוזיק שמעטערט א נצחונ׳דיג לוסטיגען מארש, און מיין יונג הארץ קלעמט:

— וואו איז מיין מיליטער? מיין מוזיק?

און די אויגען נעצען זיך...

בא, איך האב דאך שוין אין קאפ א גאנץ גרויס שטיק וועלט געהאט — גאנץ ארץ ישראל... דאס אמאליגע, דאס „מילך און האניג פליסענדיגע..." מיט „איש תחת גפנו ותחת תאנתו..."

אמת — א גרייזיגע טאפאגראפיע; א דאנק דעם „גירסא דינקותא" (שבשתא כיון דעל, על!) האב איך דאך ערשט נישט לאנג, אין „מסירת נפש". געהייכען דעם ים כנרת, ער זאל פאר־ביי פליסען דעם „הייליגען" צפת... אבער — א שטיק וועלט! א לאנד מיט שטעדט (צווישען זיי — ירושלים!) דערפער, טייכען, ימים (דער ים המלח אין מיטען!) בערג... ווייגבערג! און א בא־גריף פון מדינות: מצרים, אשור, בבל, צור, צדון... און מיט מיינע אויגען ,אויסערן פעסטונג האב איך געזעהען — סטאבראוו, דאס דערמאנטע דארף!

און ווערט מיט דער יונגער צייט, איך געדענק שוין ניט ווען און ווי אזוי, ערפילט מיין היים קינדיש־פארלאנג צום גאניקעל אין זייגער־טורם... און איך, דאס איגגעל פון „דריי מאל גערוי־פען". פארלאז מיין „טאטע־מאמעס הויז אין בגדד" און געה ארויס און קלעטער אויף די גליטשיגע, שמאל־שווינדעלדיגע טרעפלעך ארויף אין טורעם און קום ארויס אויף דער ליכטיגער שיין, און געה אויפ׳ן גאניקעל ארום, און זעה מיט אמאל א צווייי, דריי זויערסטיג אויסגעשפרייט ארעם פלאכלאנד ארום שטאדט, „מיט הייזלעך ווי קארטען־שטיבלעך, מענשען, ווי היישעריקען" און עטליכע צוואוואר־פענע קארליקעס בוימלעך, באמערק איך דאך באלד צו מיין האר־ציגען פארדרוס, אז וואס העכער, זעהט מען ווייטער, מעהר, אבער נישט בעסער...

אין א פילכטען קעלער, וואו איך בין אין א הייסען זומער־טאג
אראפ, זיך אפצוקיהלען — איבערוואקסען פון קארטאפעל...
איך רעכען, אז איך, היינטיגע, וועט נישט לייכט זיך פאר־
שטעלען אזא קינד — זאל זיין א אינגעל, זאל זיין א חתן־בחור;
די גאנצע ליניע וועט אייך אויסזעהען משונה־ווילד! — א באשע־
פעניש, וואס געהט ארום מיט א געהירן, אין וועלכען עס טראגען
זיך די שמעקעדיגסטע ריחות פון „השדה, אשר ברכו ה'“, פון
„דודאים“, פון בארג לבנון, פון „חבצלת השרון“, „שושנת העמקים“
און האט נאך צו די קערפערליכע נאז־לעכער קיין איינציג לעבעדיג
בלימעל נישט צוגעפיהרט... יונה'טשעם שוועסטער, דעם פאלקאוואי־
גלח'ס טעכטער, מאנכע אפיצערישע ווייבער טראגען „אויפ'ן
הארץ“ — בוקעטען; אינזשעניר־פרויען, פון אפגעשלאסענעם גאר־
טען הינטער דער שטאדט, קומען אמאל אין שטאדט אריין, אין ווייַ־
סע קליידער מיט קליינע, קליינע בלימעלעך באלעגט, און שפאצירען
אין שלאס. — קריך אהין מיט דיין קינדערישער אדער אינגלישער
נאז...
און נאך וואס? עולם הזה דארף איך?
איך בין דאך דאס ציכטיגע, וויַיד־הארציגע חובת־הלבבות־
קינד, וואס האט נחת פון אפזאגען זיך, פון צוטיילען דאס אנבייַ־
סען... צוויי פארלאנגען האט עס נאר פאר זיך: פון פאטער אויף
דער ערד נאך א גרין־ציבעלקעלע, און פון פאטער אין הימעל,
ער זאל ממלא זיין די פגימת הלבנה...
אויף מיין רייך־קינדיש הארץ הענגט נאך א שליסעל מיט
צוואוואַרפענע אותיות... ווער ווייסט, ווען און ווער ס'האט עס
וועט די אותיות „גלייך שטעלען“, עפענען און מאכען פייער, היי־
ליגם צי פרעמדם, אויפ'ן קליינעם מזבח... איך בין נאך א מיי־
דעל, מיין כלה פון חורבה — א אינגעל! און מיין גרויס־אויפ־
געשוואלענער קאפ האט שוין דורכגעלעבט דעם גאנצען עקאנא־
מישען, אידישען און געשלעכטליכען פלאנטער פון באציהונג צווי־
שען „אדם וחוה“, פון כאון ביז יבום...
און איך לייד שוין אויף גלות השכינה: פאַרוואס איז נובר
דער שקר, הערשט דער טעות אין דער אויסדערוועהלטער „האלט
אש אין מויל און שווייגט...“ און גלאט — גלות...
אין גאלא מונדירען, מיט שטיקען, וואס בלאנקען און בליש־

ערשט שפּעטער האָב איך מיך אַז איהם דערמאָנט און אויסערליך — גאַנץ צופעליג...

איך בלעטער איבסענס „פּער־גינט“, קום צום הספּד פון גייסטליכען איבער א בר מנן, וואָס פלעגט באַשטענדיג האַלטען די רעכטע האַנט אין טאַש... ער האָט זי פאַר מענשליכע אויגען פאַרבאָרגען. ער האָט זיך אמאָל, ווילענדיג זיך באַפרייען פון מיליטער, פון דער רעכטער האַנט אַ פינגער אָפּגעשניטען, און מיט דער האַנט, וואָס האָט נאָר פיער פינגער געהאַט, זיך געשעמט...

אייגענבליקליך שווימט מיר ארויס זיין קאָנטראַסט. מיין מלמד, דער טאַביק־שטויסער מיט'ן א י ב ר י ג ע ן פינגער, וואָס האָט מיך מיט זיינע זעקס פינגער געשראָקען...

פּראָבלעמען און קאָנטראַסטען — דאָס זענען די צוויי וואָלצען, אויף וועלכע עס וועלען זיך וויקלען אלע מיינע שריפטשטעלערישע ידיעות... עטישע קאָנטראַסטען־בילדער, — טרויעריגע דעקאַדאַנסען פון חסידיזמוס, חורבות פון וועלט־אַנשויאונגען... דראַמען און טראַגעדיען מעהר אין ברענענדיגע אָדער זיך לעשענדיגע געהירן...

א קליין, קליין ביסעל נ א ט ו ר...

איך האָב זי אין א ו צ ר אזוי ווייניג; איך האָב זי אין דער יוגענד, וואָס שפּייזט די שפּעטערע יאָהרען, אזוי ווייניג געהאַט — — — — — — — — — — — — — — — — — — — —

— — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — —

א קינד, א אידיש, אין א פּעסטונג געבוירען! פון וואַלד און פעלד מיט מויערען און וואַלען אָפּגעגרענעצט, אויף טויערען פאַרמאַכט... שוין היבש דורכגעפיהלט „ברכי נפשי“ און אַנדערע בּיבּליש־פּאָעטישע נאַטור באַשרייבונגען און האָב נאָך קיין וואַקסענדיג גרעזעל נישט געזעהען... איך ווייס, פאַראַן אַזוינס... מלאכים שטעהען דעריבער מיט ריטלעך און שמייסען: שפּראָץ! שפּראָץ! און דאָס יונג „לעבען“, דאָס שוואַכע, מוז שפּאַלטען די האַרטע ערד און ארויסשפּראָצען...

איך וועל שוין האָבען דורכגעפיהלט דעם גאַנצען סוד, מיט זיין גאַנצער טיפקייט און ערהאַבענקייט, פון סנה אין מדבר, — און ווייס נישט, וואָס סטעפּ איז, און האָב נאָך קיין דאָרן, קיין שטענגעל פון עפּעס, וואָס וואַקסט — נישט געזעהען, אויסער אמאָל

פרייטאג צונאכטס צום קדוש — ידערלאנגט... די מאמע ברומט שטיל; גלייך א קינד האט נישט זיינע עגמת נפש'ן... און פאר־איינזאם בין איך (מיט וועמען רעדט מען פון אזוינע זאכען?) און באוועג מיך פאראיינזאמט אין א נעבעלדיגער שאטען־נעץ פון מענשען און זאכען, גאנץ לויז (פאר מיר!) איינגעפאסטע אין ארט און צייט, ריהרעוודיג־שווינדעלדיגע, אין גרויען געהילט... אדער ציטערדיגע אין זיילען פון זונען־שטויב; טרוים און וואר געמישט...

און שרייב איך זכרונות, נעמט מיך נאך אמאל דער נעבעל, מיט די מענשען און זאכען, וואס האבען א טייל, פון וועלכע מיין נשמה האט יניקה געהאט — ארום... זעלטען וואס און וועמען איך זעה גאנץ... דאס מעהרסט פארשוואומען, אהן קענצייכען און פעסטע קאנטורען... אויגען קוקען ארויס. עפעס ליפען פליסטערען מיר צו...

איינגאנצען ערקלערען מ י ך וועל איך נישט. אלע שא־טען און שטראלען, פון וועלכע מיין אינערליכקייט האט זיך אויס־געוועבט לויט איינענער פארם, וועל איך נישט אויפזאמלען...

נישט פאר אלע האט מיין זכרון, מיין געדאנקען־פראבלעמען־און קאנטראסטען־זכרון די ריכטיגע אנגעל, פון פארגעסעניש־וואַ־סערל ארויסצופישען; נישט פאר אלע דעם פאסיגען רעפלעקטאר, אין נעבעל גאנץ צו באלייכטען...

שווימט איך ווייטער, ליעבע, אומבאקאנט געווארענע אויגען־און ליפען־פארען... אין לעצטען מאמענט — זאגט מען — דער־מאנט מען זיך אלין מיט אמאל... קיין פעדער אין האנט וועל איך אבער דאמאלט נישט האבען; ווער ווייסט, צי די צונג וועט זיך דאמאלט פריי באוועגען...

— — — — — — — — — — — — — — — — — — —

פארוואס האב איך אויפ'ן וועג, וואס איך געה נאכאמאל איבער אין געדאנק, אויפ'ן וועג פון קינד ביז שריפטשטעלער, אפשר עטוואס ווייטער, מיין מלמד, דעם פשטן פארלוירען? דער „געדאנק", וואס האט מיך, אינ'ם „מלמדים־פרק" געפיהרט, האט איהם אינ'ם נעבעל געלאזט, אויף איהם קיין שטראל נישט געווארפען...

נעענדיגט דאס פראגימנאזיום אין דער היים און איז ערגעץ אוועק ל ע ר נ ע ן... ווערען א „דאקטאר!...“

מיך אבער באשעפטיגען „דברים העומדים ברומו של עולם...“ „הויה“ און „יצירה“!

נאך וואס האט גאט די וועלט באשאפען?

אז, להכעים אריסטו'ן וכל חכמי יון, איז די וועלט נ י ש ט קיין קדמון, קען איך באווייזען „שווארץ אויף ווייס...“ און — דוקא א „יש מאין“! העכסטענס — פון „חומר היולי...“ און נאר, כביכול, מיט'ן ווארט: „יהי אור!...“

גוט, אבער נאך וואס?

דער מענש (ציל און צוועק!) זאל איהם דינען?! וואס דארף עס א גאט? ער זאל קענען געבען שכר, נישט פארשעמען מיט מתנת־חנם? (דער רבינו הקה) דאס איז אבער שייך ביי א בשר ודם קענען א בשר ודם, וועלכען איך קאן דינען. נעם איך ביי איהם דאס נישט פארדינטע, ווערט איהם ו ו ע נ י ג ע ר... („אין חדר אריין, שקצים!“) געשווינדער לעגט זיך אויפ'ן שכל דאס אויסשטראלען אין ספירות... עפעס ווערט אבער, אזוי דאכט מיר, נעשמעלט דער געטליכער ווילען... א שאד! און אין איין וועגס שרעקען די גרענעצען פון כל־יכול'ס אלמעכטינקייט... אומ־ענדליך און דאך באגרענעצט: ער קאן פון קיין דריי־עק קיין פיער־עק נישט מאכען... און די שפעטערדיגע שרעק פון ז י נ ד י ג ע ן פון „אין פאליש אויף דער קייט“: פון איין מאל געשעהענעם וועט ער קיין קוצו של יוד נישט ענדערען...

און וואס איז לעבען אויף דער וועלט? און וואס איז געהן פון דער וועלט — טויט?

און, ווי אנגעוויזען, די פראבלעמען, וועלכע איך בין איבער־נעגעבען, וואקסען, ווי ווילד־שוואמען איבער'ן אומרוהיגען, פאר־געפיהל־פולען, ציטערינגען תהו ובהו פון אונטער דער „באוואוסט־זיניגער שוועל“, וואו עס ערוואכט דאס געשלעכט, וואו עס פיקט זיך ארויס, אהן מיין וויסען און ווילען, די חיה־מאנספערשוין, וואס וועט ערשט קומען און איבערפארבען אלץ, וואס איז דערווייל שווארץ אין ווייס, אויף רעגענבויגען־פארבען, ס'מעהרכט בלוטיג־רויט, מיט פורפור...

זינק איך אין מרה שחורה... און דער טאטע, פאר מרה שחורה,

## 8.

„דריי טפחים“ איבער׳ן השכלה־וואסערל. — לוידענשאפטליכע ליעבע צום לעבען. — פראבלעמען וועגען טוים. — דער ביבליאטעק־שליסעל.

ראש וואקסען אידישע קינדער; הלואי אזוי אויסערליך, ווי אינערליך!

וואלט איך געהאט אין דער האנט, אנשטאט א פעדער צום באשרייבען, א בליישטיפט צום צייכענען, וואלט איך פון מיר, פון דאמאלטיגען, פון אינגלישען — א קאריקאטור געמאכט:

קליין, מאגער. הענט און פיס, ווי די שטעקעלעך; א קאפ — א גרויסע; א שטערן אין קאפ — אן איינגעשרומפענער; אונטער איהם — אויגען, גריזע, זוכענדיגע, שמערצליך־פרעגענדיגע...

און איך זיץ אין א שיפעל, א קליינס; דאס שיפעל איז צו־געבונדען צו א שפארעוודיגען לופט־באלאן, וואס טראגט עס... טראגט עס דריי טפחים הויך, איבער׳ן השכלה־וואסערל... דאס שיפעל איז איבערגעלאזט אויפ׳ן ווינטס באראט. — א י ך, אין דער ה א נ ט — האב א שמעטערלינג־נעצעל, מיט וועלכען איך באוועג האסטיג אין דער לופט און כאפ פראבלעמען... און זענעל אזוי אריין, פראבלעמען כאפענדיג, אהן מיין ווילען און וויסען, אין ערוואכענדיגען געשלעכטס־פראצעס...

„דריי טפחים“ איבערן השכלה־וואסערל...

השכלה איז „בילדונג“ — קענטעניש פון שפראכען, „ווי א שטיוועל הייסט אויף כמה לשונות...“ און — אביסעל ליעדער אויף אלע „פיער צייטען פון יאהר...“ דאס איז געווען: פישמאנס „פקד־פקדתי“; שטערענס — „מאיען, ווי האבען זי געשלאפען?“ דעם פעלדוועבעלס פריטשאסטיע און דיעיעפריטשאסטיע על פי גרעטש... דאצו די דעקלאמאציע, ביי דער שיין פון דער לבנה: לו אדע, כי יהרום קולי בכה... פון מיינע חברים איין חבר יצחק׳ל, וואס האט

דאס שול־ און בית המדרש־הויז — ווי באשריבען „אין פאליש אויף דער קייט". געהט ער אויף אווײלע ארויף אין בית־המדרש אריין, שטעלט זיך אריינקוקען אין א כפ״, ביי דער לינקער מזרח־וואנט אין ארון־קודש־ווינקעל. שטענדיג שטעהט דא אונזער תם, דער אזוי גערופענער „יהושע בהמה", וואס גלוסט און האפט אלץ צו א כתב הרבנות, און מיר, חברה, שיקען איהם פון צייט צו צייט אונטער — געפעלשטע, און ער ווי שוין דערמאנט, לויפט צום ווייב פרעגען, צי ער זאל פאהרען, צי עס לוינט?... טראגט ער אויך אזא ספאדיקעל און אן אטלאסען קאפאטקעלע... קום איך אריין, אהא דער תם! שלייך מיר צו אויף די נעגעל — מעסט איהם אוים פון הינטען א מתנת־יד, נישט וועה צו טון, צום שפאס, — דרעהט זיך אום — ר' משה וואהל, און איך בלייב — פארשטיי־נערט.

און ער ווענדט זיך אום צושו‎ווייכעלט:

— וועמען האסט עס געמיינט, קונדאס?

שפריצען מיר שוין טרערען פון די אויגען.

— האסט חרטה?

א שאלה! רעדען אבער קען איך נישט; דאס לשון אפגע־גומען.

— ווילסט, איך זאל דיר מוחל זיין? ווילסט א תשובה?

נאך אלץ אהן לשון, שאקעל איך, קוים צו מיט'ן קאפ.

— זאג־זשע מיר צו, אז דו וועסט שוין קיינמאל אויף קיינעם קיין האנט נישט אויפהויבען...

איך וויל געבען די האנט; „ניין, תקיעת כף — נישט..."

---

און ווארט האב איך געהאלטען... און אויסער איין מאל, איין־איינציג מאל, ווען באהערשען זיך וואלט שוין געווען איבער־מענשליך, האב איך נאך ביז היינט אויף קיינעם קיין האנט נישט אויפגעהויבען, נישט אפצוגעבען און אפילו נישט זיך צו פארטיי־דיגען...

---

צושראָקען און צורודערט, און מיט א געוויין אין האַרץ אין „שרייַ־בערס" שטיבעל אַריין, וואַרף מיך אויף זיין בעט און גראַב איין דאָס פלאַמענדיגע פּנים אין קישען און ציטער, ביז די מיד־קייט איז גובר, און שלאָף איין, און שלאָף ביז צו מאָרגענס... צו מאָרגענס, איך כאַפּ מיך אויף:

— וואו איז דער טאַטע?

דער שרייבער שמייכעלט עפּעס אונטער די וואָנסען:

— אַריינגעפאָהרען קיין אוסטילע... פאַרנאַכט צוריק קומען. ווילסט אפשר אין וואַלד אַריין?

איך שאָקעל מיך אָפּ:

— ניין...

אַז דער ווינט יאָגט אָן פון וואַלד אַ זעץ פון אַ האָס אָז אַ בוים, ציטער איך.

פאַרנאַכט קומט דער טאַטע צוריק:

— מזל טוב! קוקט אויף מיר פריפּענדיג.

מיין כלה פון חורבה איז א ווירקליכע כלה געוואָרען; ווי געזאָגט, נישט מיט מיר...

— — — — — — — — — — — — — — — — — — —

קיין טראַגעדיע איז עס נישט געווען. נישט קיין שטאָלענע שטאָבע האָט זיך איבערגעבראָכען, — א בינטעל לבנה־שטראַלען! צום וואַלד האָב איך מיך צוגעוועהנט. שפּעטער צום בוג צוגע־פאָהרען. פון בוג און דער ווייכסעל, וואָס איך האָב שפּעטער גע־זעהן ביי ראַכיוו, איז געוואָרען „דער דבוק..."

די סבות, וואָס האָבען מיך אָפּגעהאַלטען פון השכלה, קו־מען אין קינפטיגען פּרק. דאָ מוז איך נאָך מאַכען א פּאָסט־סקריפּ־טום וועגען א פאַל מיט ר' משה וואהל, וואָס איך האָב פערזענליך געהאַט; א פאַל, וואָס איך האָב ביי זיין פאַרטרעטירען פאַר איהם קיין פּלאַץ נישט געהאַט, און קען איהם דאָך נישט פאַרפעהלען.

א גאַנץ געהענדיג יאָהר דאַוועגט ר' משה וואהל ביי זיך אין מנין, אין בית־דין־שטוב. אין שול אַריין קומט ער נאָר צו „כל נדרי" און יעדען ערב־ראש־חודש צו יום־כפּור־קטן.

איינמאָל, אפּנים צו פריה געקומען די שול נאָך פאַרמאַכט.

דאס שוואריץ־שטעכענדיגע שטרוי אויפ׳ן פעלד, דערמאַנט מיך אַז יונה׳טשעס און דיעדים שלעבט געגאַלטער „מאָרדע..."

פּאַמעלעך הויבט אָבער אַן אַנצוקומען, און אַלץ נעהנטער און נעהנטער, א געריש, וואס שטאַרקט זיך, כאַפּט אַרום... מיין איך און פרעג איבער:

— א וואסער?

— ניין — זאָגט דער טאַטע — דער וואלד, וואס קומט אונז אַקעגען... (זיין אויסדרוק.)

איך שטיין:

— ווי אזוי רוישט עס א וואלד?

— מיט די צווייגען, מיט די בלעטער, וואס דער ווינט באַוועגט. (געזאָגט האָט ער: ריהרט.)

— אהא!

און באַלד קומט אַן דער וואלד. מיר פאָהרען אריין, איך בלייב פאַר׳כשופ׳ט; אזוינע גבורים, אזוינע ריזען! איך פאַל ביי מיר אָפּ...

— ווי אַלט איז אַזאַ בוים?

דער טאַטע אליין ווייסט נישט:

— זעהר אַלט...

— וואס פאר א ביימער זענען עס?

— סאָסנעס... פון אזוינע הויכע סאָסנעס מאַכט מען מאַסט־שטען (זעגעל־ביימער) צו שיפען... דאס געהט אוועק ווייט, ווייט...

— ווי אזוי?

— שווימט איבער׳ן וואסער. פון בוג, וואס ווערסט זעהען, צו דער ווייכסעל, פון דער ווייכסעל צום ים אין דאַנציג, פון דאָרט — אויף אנדערע ימים...

— דאס שטיק וואלד אָבער איז נאָך נישט פארקויפט... איך האָב ווייטער אביסעל דעמבעס...

און אַז איך קום צו די דעמבעס און דערזעה, ווי א קליי־נער פויער כאַפּט א האַק און גיט א זעץ אריין אין א דעמב, רייסט זיך מיר עפּעס אָפּ אין הארץ. געקומען אויפ׳ן אָרט, לויף איך

מייד איך זי אויס, שיקט זי מיר מיט'ן דינסטמיידעל געהיימע בריוועלעך: ווי הייסט? וואס טייטש?

אין א שטיפערישען מאמענט, ווען די שטיפערישע מוזע, פון וועלכער איך הויב נאך, אייגענטליך, נישט אן צו וויסען, באַ־פאלט מיך, ענטפער איך איהר אין גראמען:

„האסט צו מיר א טענה, איך האב דיך געקושט,
„גלויב ס'איז געוועזן א שגעון...
„זיכער א דבוק פון זמרי בן סלוא,
„איך וואלט מיך באגאנגען דערזהן...
גאנץ זיכער א דבוק פון זמרי בן סלוא...
גלויב. נישט דיין איז דער כשוף,
ווארט, אפשר קומט ער צוריק, דער שגעון,
דערווייל אבער בין איך מיושב...

א חטאת נעורים, וואס איך האב שפעטער ביי מיין פעטער געפונען, שטארק פארריכט און, ליידער, אין יובילעאום אויסגאבע „פארעפענטליכט..."

אבער — זי האט זיך אין קורצען געטרייסט.

די עלטסטע, די „רייניגקייט", איז, נאך איידער זי האט זיך אויסגעלערנט לשון קודש, — א כלה געווארען, נישט מיט מיר! פון „רוסלאנד".

די תנאים זענען געווען אין מיט וועג אין אוסטילע... ביי איהר אפפאהרען בין איך דער היים נישט געווען. דער טאטע האט מיך פלוצלונג (איך ווייס נישט, אויב צופעליג) מיטגענו־מען אין וואלד אריין, וואו ער האט בוימער געהאקט, נישט ווייט פון אוסטילע.

ער רעדט מיר איין: (צו וואס? איך וויל דען נישט פאהרען?) „וועסט זעהן א וואלד, וועסט וועלען און טויגען צום געשעפט, וועסט דו בלייבען!" — צום געשעפט האב איך, זעהט אויס, נישט געטויגט. אבער געמאכט די ערשטע באקאנטשאפט מיט וואלד און מיט'ן טייך בוג.

אנפאנגס — א לאנגווייליגער וועג. בערגלעך און טאלען...

„יעלו הרים ירדו בקעות" טראכט איך: גאר נישט אזוי אנ־גענעם! און פון ביידע זייטען וועג פלאכע, אפגעשניטענע פעלדער.

פון דארט... זיס־שמערצליך באריהרען זיי מיך, די גרויסע, וואס אמאל גרעסער ווערענדיגע אויגען.

אבער וואס מיינט זי דערמיט?

די עלטסטע שוועסטער, מיין חורבה־כלה, רוימט מיר אמאל איין:

— געבער א קראנקע...

זאגט אויף וואס, ווערט מיך נאך שמערצליכער...

ווערט זי ערנסט קראנק... איך קום אמאל אריין — אלץ דאסזעלבע קוקען, און מיין זעלבער זיסער שמערץ...

פאר גסיסה, איך בין גראד דערביי, וויל זי פלוצלונג, אלע זאלען ארויסגעהן, אויסער מיר. זי האט מיר עפעס צו זאגען. אונטער פיער אויגען. מען טוט איהר צוליעב. איך בלייב מיט איהר אליין און ציטער אינערליך... זי ווינקט מיר: נעהנטער, נאך נעהנטער... איך בין שוין ביים בעט... „נאך נעהנטער". איך בויג מיר איבער'ן בעט...

— ווייסט, — מאכט זי זעהר, זעהר שטיל, מיר דאכט: בלעטלעך רוישען: מיין הארץ הערט, נישט דאס אויער — ווייסט, איך לייב דעם טאטען, די מאמען... דעם ברודער... די שוועסטער... און דיך — מ ע ה ר פאר א ל ע! — —

און בעט נאך שטילער:

— גיב מיר א קוש אין שטערען אריין!

— און, איידער איך פארשטעה:

— אין מויל אריין נ י ש ט, מיין לייבעץ איז געפעהרליך!...

איך קוש זי אויף די ליפען...

— — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — —

— — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — —

— — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — —

איך וויל, איבערהיפענדיג א שטיק צייט, צו וועלכער איך וועל צוריק קומען, פארענדיגען די „דריי־שוועסטער־ליעבע..."

די איינגסטע — געשטארבען...

די מיטעלע האב איך, צוליב דער עלטערער, פארגעסען.... ווי זי זאגט און ווארפט מיר פאר; פארראטען... די שבועות געד בראכען...

איז זי בייז, זידעלט מיך... אין בריעף.

— ווייסט, אז האר ווען דו טרעפסט העכער, וואלט מיר אויסגערונען אן אויג.

— חס ושלום!

— יא, יא! דער טאטע זאגט און די מאמע זאגט. און, עפּעס טרויעריגער שמייכלענדיג:

— און ווער וואלט מיך גענומען מיט איין אויג?

שריי איך אויס:

— איך! איך!

זי פרעגט, עטוואס נאכטראכטענדיג:

— און וואלסט מיך ליעב געהאט מיט איין אויג?

שריי איך אויס:

— אייביג, ווי איך בין א איד!

און נעם זי ארום און דריק זי אזוי הארציג צו צום הארץ.

און וואונדער מיך: וואס טו איך? און ווי קומען צו מיר די ווערטער, און די צערטליכקייט? און די שטימע, — וואס ציטערט זי אזוי, די שטימע? און דאס מיידעל, וואס ציטערט אזוי? און וואס לייכטען איהר אזוי די אויגען אין דער פינסטער?

— — — — — — — — — — — — — — — — — — — —

די דריטע שוועסטער; די איינגסטע. א „יונגע ציג“, ווי מען זאגט אין זאמושץ. דייטש: באקפיש! און א ברוסט־ליידענדע, פון וואס איך ווער ערשט שפּעטער געוואר. און שלאנק, עטוואס איבערגעבויגען. און עפּעס אזוינע ליעבהארציגע אויגען גרויסע; גאר גרויסע שווארץ־אפּעל, עפּעס ליכט־דורשטיגע, ליכט־זויגענדיגע, שטענדיג פארוואונדערטע, עפּעס פרעגענדיגע, אדער — (ווי איך פיהל יעצט), זיך באשטענדיג געזעגענענדיגע...

זי, אז זי טרעפט מיך אויף די טרעפּ, בלייבט שטעהן, רוקט זיך מיט'ן רוקען הארט צו דער וואנט, בלייבט שטעהן אנגעשפּארט מיט די הענט הינטער זיך אן געלענדער, איך, נישט ווילענדיג, הויב אן געהן לאנגזאמער, זי קוקט אויף מיר, ביז איך געה פארביי, מיט די גרויסע אויגען און קוקט מיר נאך א לאנגע ווייל, ביז איך קום אראפּ.

און קום איך אריין צו זיי, אדער זי צו אונז, זעצט זי זיך ערגעץ אין א פארשאטענט ווינקעלע און קוקט שטיל אויף מיר

ענטפער איך. עפעס מאָדנע שטיל, אליין נישט וויסענדיג פאַר־וואָס:

— לעזען קען איך!

און ווירקליך — אויסגעלערנט זיך אין בית־המדרש, אויף טוגענדהאַלדס: „וואָלנאַ דרוקאַוואַץ" פון די שערים אראָפּ, ווי שפּעטער עטוואָס דייטש און רוסיש... פרעגט זי, צי איך וועל פאַרשטעהן?

— „אודאי!" פּאַסט אנדערש, אז א מיידעל פרעגט? וועט זי מיר א ביכעל בּאָרגען. זי וועט מיר געבען קאָרזשעניאָווסקים „קאַליקאַציע". אויב איך וועל עפּעס פּאָרט נישט פאַרשטעהן, זאָל איך אריין קומען, זי פרעגען. ווערט מיר עפּעס וואַרעם ארום האַרץ:

— אדרבא! אודאי וועל איך נישט אַלץ פאַרשטעהן!

און גיב צו מיט פרייד:

אַז איך וועל דיך לערנען לשון־קודש.

— גוט! און רויטעלט זיך און ווייטער א פּויזע. איך רייס איבער, און פרעג, און עפּעס נישט מיט מיין קול, נאָך שטילער ווי פריהער:

— ביסט אויף מיר בייז?

זי פרעגט, מכלומרשט פאַרוואונדערט:

— פאַרוואָס?

— פון חתן־כלה שפּיל... פאַר'ן שטיינדעל!

זי איז עס מבטל:

— אי־י־י!

האָט שוין לאַנג פאַרגעסען... אבער א צייכען האָט זי נאָך. נענעהנט מיר די באַק:

— זעהסט?

טונקעל, שווער צו זעהען, לעג איך צו א ציטעריגען פינגער און באַריהר, קוים, קוים... זי רויטעלט זיך.

— ווילסט — מאַכט זיך ליעב קינדיש — מעגסטו אויף דעם אָרט א קוש טון!

לעג איך די ליפּען צו, ציטערען זיי מ ע ה ר פאַר'ן פינ־גער! זי נעמט דעם קאָפּ צוריק, און גריהרט:

ארויף, ליכטע, פלינקע! און באלד גיט מיר א שימער פאר די אויגען א פאר ווייסע, נאקעטע ארעמס, גיט א בליץ פון א פאר פלאמיגע אויגען, — נאקעט ווייסע הענט ווארפען זיך מיר ארום האלז, א הייסער אטעם יאגט אין פנים אריין... און א הארציג געבעט:

— לאמיר זיך ליעב האבען, לייבוש׳ל...

און אז איך, — דאס ערשטע מאל! — שפרינג אפ, צוטומעלט, צושראקען, מאכט מיין קליינע לילית, די מיטעלע צווישען די דריי שוועסטער, טיף געקרענקט, שווער באליידיגט און שארף־ווארע־נענדיג:

— א־זוי? ! געה איך צו יונה׳טשען... אין רייט־שול אריין!

ז י ווייסט, וואו יונה׳טשע איז... און ליעב האבען מ ו ז זי. באפאלט מיך א שרעק פאר איהר, שריי איך אויס:

— חס־ושלום! ווילדע ציג, זאלסט זיך נישט דערוועגען! א... א פאסקודניאק!

— האב זשע ד ו מיך ליעב!

מוז איך באשטעהן...

קושען מיר זיך נאריש־קינדיש מיט געמאכטער היץ. איהרע אויגען אפילו — לעשען זיך, די ארומגעווארפענע הענט — קילער, שלאבעריגער געווארען. פיליכט דארף זי ליעבען, אבער נישט מיך...

און דאך מען טרעפט זיך, מען קושט זיך... אז אפגערעדט! און לילית פארלאנגט, און מאניש שווערט... נישט אזוי ה ו י ך! עס קומט נישט אזוי ו ו י י ט, עס ענדיגט זיך דעריבער נישט מיט׳ן „בעזעם אין דער הויך“. און די באגעגענישען ווערען וואס אמאל זעלטענער... ווייל —

ווייל עס געהט נישט אוועק א וואך, און איך טרעף מיך מיט דער עלטערער, מיט מיין כלה פון דער חורבה. מיר בלייבען ביידע שטעהן, ביידע עפעס געריהרט, אומשולדיג־ליעב באוועגט. קוקען זיך, געגענזייטיג, קינדיש שטיל און ליעב, אין די אויגען אריין. פויזע. זי רייסט זי איבער די ערשטע:

— ווייסט וואס, לייבושל, דארפסט לערנען...

און שטאקט אביסעל און ענדיגט:

— פויליש!

איז נאָך ווענינ, קום איך אַמאָל צו איהם, ער איז נישט דאָ, און אויפ'ן טיש וואַלגערען זיך פּאַפּירלעך ארום... מאַטעריאַל צו זיין אויטאָביאָגראַפיע... לעז איך, ווייזט זיך אויס, אז ער איז צוויי מאָל געבוירען געוואָרען, און ביידע מאָל אומגליקליך: איין מאָל — יום כפור, ווען א פיש אין וואַסער ציטערט און די כנסת ישראל צוגעהט אין טרערען און איז פול תשובה און חרטה, און דאָס צווייטע מאָל נאָך ערגער — תשעה באב! ווען די כנסת ישראל איז אַנגעטאָן שוואַרץ, ארומגעהילט שוואַרץ און ברומט, ווי א טויב. און דאַרויף קומט ער אריין, דער הויכער, שוואַרץ־באַוואַקסענער איד און שמייכעלט:

— אהא? שעהן געשריבען?

איז נאָך ווענינ... מוז ער אונז נאָך פּאַרלעזען א שיר. ער, דער ביכער־וואָרעם, וואָס לאָזט ביי זיך אין שטוב קיין לופטשונ נישט עפענען און אָטעמט שאָטען מיט ביכער־שטויב, דערזעהט פּלוצלונג אין חלום — א וויינגאָרטען, אין וויינגאָרטען — אַלער־ליי פּירות און וועגען שעהנע, און „בלומען מיט רויזען" (פּרחים עם שושנים", — דער פּערז איז א — דריי־ווערטערדיגער!) און אויף די וועגען — אַה, גליקליכע צייטען! — שפּאַצירען גצאַרעמט (שלובי זרוע) דאָכט זיך, די בלוטיגסטע שונאים! דהיינו: איינער וואָס צעהלט יסודות פיער און א צווייטער, וואָס שווערט אויף זיבען און זיבציג...

מיין רוסישער לעהרער מיט די קליינע, בלאַסע אויגעלעך און מיט'ן בראַנפען־מויל האָט מיך געוויס נישט צוגעצויגען, זיין גרעטש־גראַמאַטיק האָט מיך נישט גענומען... אָבער קוים האָט דער צייט־גייסט זיינע פליגעל צושפּרייט, דער וועלט־זייגער האָט געקלונגען, באַקום איך שכר־השכלה אויף די טונקעלע טרעפּ. — אַלע טרעפּ אין זאַמושץ זענען טונקעלע; אויס ענגשאַפט. און איך בין אויף די טרעפּ איין איינגעל, מיט ברענענדיגע אויגען, אויף דריי שוועסטער מיידלעך!

און איינמאָל, איך עלוי „מאַניש", וואָס קלער פון גאָרנישט, וויים פון גאָרנישט, לויף, אייגענטליך — פליה אראָפּ פון די טרעפּ, מיט דריי אַנגעשמירטע בייגעל אין קעשענע פאר'ן אָרעם־בחור, אין בית־המדרש אריין. איך הער טריט אקעגען. טריט

די הויכע אפּצאַסען! — ווענדט זיך צו מיר, אייזינ־קאַלט־שניי־דענדיג:

— געוואוסט! אַז דער יונגער פושקין איז געקומען צום אַל־טען זשוקאָווסקי, האָט ער איהם אויך אַזוי אויפגענומען.

— אויך אַזוי פאַרשטאַנען...

און — ארויסגעשפּרייזט, ווי געקומען... די בחורים נאָך איהר!

— — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — —

אַט דאַס איז די מעשה, וואָס קומט מיר שטענדיג אויף די געדאַנקען ווענען יענער השכלה צייט... אַלץ מוז זיך ביי אונז ענדיגען מיט'ן „בלימעל“. אַלץ איינס, אויף נידריגע צי הויכע אַפּ־צאַסען. און אַזוי וועט זיי, כל זמן... אָבער ווענען דעם גאָר צו לעצט, ווען איך וועל מ י ר א ל י י ן קלאָר ווערען...

און ווירקליך:

איך קריך קוים אריין מיט א פוס אין דער „באַוועגונג“. צו־ליעב סכות, ווענען וועלכע עס וועט קומען אין קינפטיגען פּרק, ווער איך אינ'ם לעפעל ווארעם וואַסער נישט דערטרונקען! געוועזען א דוד שיפּמאַן, געוועזענער טאַביק־פּאַרלעגער, ביי וועלכען איך האָב צו זעקס יאָהר טערקישען טיטין געקויפט, פאַר פינף און פיערציג גראָשען, וואָס איך האָב פורים־געלט באַ־קומען, א פיערטעל, און האָב אָנגעהויבען רויכערען... און וואָס האָט זיך, אַז קראָנענבערג'ס טיטין־מאָנאָפּאָל איז־קאַסירט געוואָרען, זיך אַליין א קראָם געעפענט, מיט שרייב־געצייג און השכלה־ספרים אַלס צולאַג, און איז דאַצו לעהרער גע־וואָרען פון לשון הקודש, — פון דעם דוד שיפּמאַנ'ס „פּקוד פּקדתי“ אַנטלויף איך, ווי פאַר פייער; לאַנגווייליג! ביים קליינעם הוי־קערל שטערען, דעם גרויסען שטערענ'ס א זוהן, וואָס איז געקומען לערנען דייטש פון אַלענדאָרף ארויס: „גוט מאָרגען, הער!“ „ווי זינד זי געשלאָפען?“ „גוט“ — לערן איך — פּרעפּעראַנץ־שפּיל. „א מענש איז ניט מחויב צו וויסען, ווי א שטיוועל הייסט אויף אויף כמה לשונות...“ דעם ערגסטען איינדרוק מאַכט אויף מיר יעקב רייפמאַן. א מענש געפינט גרייזען אין תנ"ך, מעהר ראשי תיבות ווי אין „פּרי מגדים“, און וואַשט זיך ניט מיט א קוואַרט, וואָס האָט א געשפּרונגענע ראַנד און טראָגט א טלית־קטן...

גיט דער זייגער א קלונג. גיט זיך א כאַפּ אויף די זון, לאָזט אַראָפּ א שטראַל, ווי א שפּיזעל, לעבערט די כמאַרע, פאַלט אויפ'ן קאָפּ פון צייט־גייסט, און ער גיט א ציטער און א וואַקס. א שטראַל — א שפּיזעל, א ציטער און א וואַקס — אויף א האַל־בען, אויף א גאַנצען אַרשין מיט אַמאָל! רוחות — שטיקער שוואַר־צער וואָלקען רייסען זיך אַראָפּ, פליהען מיט גרימצאָרן צו די וויי־זער, פאַרצופּען זיי מיט די פליגעל, ווילען אָפּשטעלען. עס העלפט נישט! זיי רייסען זיך נאָר די פליגעל אָפּ. קרעכצען פון אָהנ־מעכטיגען צאָרן און פאַרפליהען זיך ערגעץ פאַר שאַנד. דעם וועלט־זייגער קען מען פערהאַלטען, אָפּשטעלען — נישט!

שלאָגט ער, פאַלען שפּיזלעך, וואַקסט דער צייט־גייסט און וואַקסט...

אויף א וויזע שטעהט ער, אויף א גרינער און וואַקסט! און אַט, שוין איבערגעוואַקסען די בערגלעך, די גרויסע בערג — הימאַלאַיען און קאַרפּאַטען! אַט, שוין מיט'ן קאָפּ אין וואָלקען אַריין! דורכגעלעכערט; שטיקער וואָלקען פאַלען אַראָפּ אין מדבר אַריין... עס איז איהם וועניג; דער זייגער קלינגט, א שפּיזעל שטעכט, ער וואַקסט. שוין אַרויף צום ערשטען הימעל, צום צווייטען הימעל... אַזוי וועט ער דורכלעכערען אַלע זיבען הימלען...

און עס פאַלט מיר אָן א שרעק פאַר'ן רבונו של עולם... נאָך א פּאָר קלונג, נאָך א פּאָר שפּיזלעך, דערגרייכט ער צום כסא הכבוד... קערט איהם איבער!

צום גליק — אַן ענדערונג...

אומגעריכט האָט ער. דער צייט־גייסט, דעם קאָפּ אַראָפּגע־בויגען און אויף דער גרינער וויזע א קליין־חנו'דיג שמעקעדיג בלוי־בלימעל דערזעהען... א זיסער שמייכעל צוגיסט זיך איבער זיין שטרענג געזיכט... ער, וואָס דאַרף דעם כסא הכבוד שטירצען, שמייכעלט, בויגט זיך, בויגט זיך איין, שטרעקט אויס די האַנט, רייכט אָפּ...

און ער וואָלט זיכער דאָס בלימעל צו די ליפּען געכאַפּט, ווע־ניגסטענס צו דער נאָז, ווען עפּעס פון מיר אַרויס גיט נישט א געשריי:

— נענגוג!

די בחורים שפּרינגען אויף, די מויד, — דאָס בלימעל אויף

איז טונקעל, געווען איז אויך א טונקעלער טאָג; דאָך זעה איך: א מיידעל, א ביינינ פנים, גלאַט פארקעמט, אָהן א הוט, לאַנגע הענט באַמבלען זיך ארום קערפער. הילכינע, הער איך, אַפּצאַסען, הויכע; זי וואקעלט זיך אויף זיי... נאָך מעהר — א מאָדנע־לאַנגער בחור אין א הארטען קאַפעליוש, אָן ארומגעבונדענע באַק, שוואר־צע הענט; נאָך דעם — א דיקער, אָן אראָפּגעזעצטער, אין א וויכען הוט מיט ברייטע רענדער: איין פליגעל ליגט מיט'ן זוים אויפ'ן אָקסעל, און אחרון, אחרון חביב — א מאנוסקריפּט אונטער'ן ארעם — דער מחבר אליין. א קליינס, א דארס, א פיצעלס... און מען שפּרייזט פארביי איז שטוב אריין. איך בלייב און פארמאַך די טיר. אז איך קום אריין, זיצען שוין די בחורים ביים טיש, דער הויכער און דער דיקער מיט די גאַמבעס אויף די הענט אָנגע־שפּאַרט, גרייט צו הערען. דער „דיכטער" מיט'ן מאַנוסקריפּט ביים פּנים: אזוי קורצזיכטיג איז ער און אָהן א בריל, און די מויד שפּרייזט איבער דער שטוב, די אַפּצאַסען הילכען, די לאַנגע הענט באַמבלען זיך, — קוים איך באַווייז זיך, נאָך נישט רעכט געזעצט זיך אויפ'ן שעזלאָנג, ווי־זאָ־ווי דעם טיש, זי קאָמאַנדירט שוין:

— לעז!

און שיקט א הייסען בליק צום דיכטערס אָקסעל. הויבט ער אָן:

„דער צייט־גייסט".

און לעזט און צוהיצט זיך, און צוזינגט זיך אינ'ם לעזען... די בחורים — איינגעהערט און איבערגעבויגען — שלינגען; דאָס מיידעל נעהט שוין אויף די שפּיץ פינגער, קיין וואָרט נישט צו פארלירען...

און דער „צייט־גייסט" וואַקסט...

נאַטירליך, נישט יענער, דער השכלה'שער, די אַלטע קרינאָ־לינע... נאָר — דער ראַדיקאַלער!

ערגעץ, צווישען הימעל און ערד שטעהט אַדער הענגט א זייגער. דער וועלט־זייגער. דער וועלט־זייגער שלאָגט: שטונ־דען, האַלבע, פערטעל שטונדען, דאַכט זיך מינוטען אויך...

דער הימעל — שוואַרץ: באַדעקט מיט שוואַרצען. א שווערע, בלייענער וואָלקען פארשטעלט א פאר'חלש'טע זון...

ווי זאלץ אין וואסער — צוזאמען מיט'ן אויסגעלעגטען קאפיטאל. שוין נאך יום־טוב בלעטלעך, וואס די ראדיקאלע יוגענד האט פאר־טיילט, געלט נישט אפגענומען און, נאטירליך, נישט אפגעשיקט. און — שוין נאכ'ן יובילעאום.

מיין אדרעסע: ווארשע, צעגלאנא נו. 1. — די „פערציסטען נעסט...“ שוין, הייסט עס, א שולע געמאכט.

א חדר געהאט און — אליין געבליבען. גע ונד דאס פאלק בפרט זיין באהעם — יונגע שרייבער, אוועק און מיט נעמען!

און נעמען, דאס מוז איך דרך אגב באמערקען (דאס „דרך אגב“ — מיט'ן מאמר המוסגר זענען מיין שוואכקייט!) נעמען האבען באקומען, לייט זענען געווארען — די „קונדייסים“ פון חדר.

די, וואס האבען נישט געלאזט זיך פיהרען! די אנדערע, וואס האבען אזוי גערן זיך אונטערגעגעבען דער צענזור, געשטופט דעם מאנוסקריפט צו מיין בליי־שטיפט, — זאל גאט זיך אויף זיי דערבארעמען!

איך האב זאמען געשטרייט, איבער זיי שבעה נקיים געזע־סען, און קוים זיך עפעס דערוואַרט. באווייזט זיך א קעפעל, עס שפאלט קוים די ערד, איך גיב שוין אן אנהאלטעניש, אן אנ־שפארעניש, זאל עס נישט קריכען ארום איבער דער ערד. ארויף, צו דער הויך! דרענגלעך אונטערגעשפארט!

די דרענגלעך זענען געבליבען!

בין איך אליין. מען קומט נאר צו מיר נאך „סמיכות...“

איז שוין אבער לאנג נאכ'ן „עת לטעת,“ קליין דאס גערטעל, אבער שוין ווילד אנגעוואקסען, עת לעקור נטוע... זאגט מען: איך טרייב די יונגע טאלענטען. געהט מען מעהר צום גוט־הארציגען דינעזאן; ער זאגט נישט אפ אזוי געשווינד דאס לעבען. נאר די ביי זיך ש ט א ר ק ע ר ע קומען. און מיט א חנ'דעל: אן אייך ווענדט זיך עס! זאגט איהר: נישט! צוברעך איך די פעדער. און אין די אויגען פלאמט די זיכערקייט פון געניען אדער גראפאמאנען: דו וועסט נישט קאנען זאגען: נישט!

קלינגט מען אמאל. מען רייסט מיר איין ארבייט איבער. מילא, פיליכט, בעווייזט דאך עפעס! איך עפען. אהן א „גוט מארגען“ שפרייזען מיר פארביי דריי געשטאלטען. אין פארצימער

און א שפרונג צוריק מוז איך געבען, ווייל איך האָב אויפ'ן וועג, אין איילעניש, א מלמד פארלוירען. און דוקא א איד א הויכען, וואָס דאַרף זיין שווער צו פּארלירען, און מיט אַן (ביי אונז ווענינסטענס) אומגעוועהנליכער ביי־פרנסה, וואָס האָט געדאַרפט בלייבען אין זכרון — א טאַביק־שטויסער געוועזן! פריהער האָט עס געטאָן די רביצען, איז זי קראַנק געוואָרען און קרענקט שוין א צייט, — ליגט זי און קרעכצט. ער שטויסט טאַביק און הערט, ווי מיר לערנען ביים טיש. איז ער א למדן א גרויסער, זאָגט אונז פאר אויסווענינג גאנצע סוגיא'ס, און — א גרויסער פשטן. הויב איך מיך אַן צו פשט'לען, — „אהא, קריכט שוין ביי בויבעריק!" זאָגט ער עס נאר, שאַד נישט. איך האָב אבער מורא, ער זאָל נישט צוקומען, נישט לעגען די פינגער אויף דער גמרא. דער איד איז פול טאַביק, קומט ער צו, הויב איך אַן צו ניסען. און האָט זעקס פינגער אין יעדער האַנט, האָב איך מורא פאר זיין האַנט! בין איך א גאַנצען זמן, אזוי ווי ער וויל, א פשטן...

באַפרייט פון טאַביק און זעקס פינגער, מעג איך שוין טון דעם שפרונג פאָראויס, און אייך א גאַר שפּעטערע מעשה דערצעהלען. די מעשה, וואָס קומט מיר אויפ'ן זינען, ווען איך גיב נאָר א טראַכט וועגען השכלה...

— — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — —

עס איז שוין לאַנג נאָך דער השכלה־צייט. מען האָט זיך פון איהר שוין אפּגעזאָגט. מען קוקט שוין אויף איהר, ווי אין דער צייט פון שמאַלע קליידער — אויף א קרינאָלינע, מען באַשולדיגט זי: נישט צוגעפיהרט וואסער און זאלצען צו די וואורצלען, נישט לופט און ליכט — צו די צווייגען, — נאָר אפּגעריסען צווייגלעך און אריינגעזעצט אין פרעמדע שטאַמען. אויף קלאָר, ווי אנדערש, ווייסט מען נישט... אָבער יענער וועג איז קיין וועג נישט געוועזן...

און איך בין שוין אַן אַלטער שרייבער. עטאַפּען דורכגעמאַכט:

חבר דינעזאָן האָט אפּגעדרוקט די „באַקאַנטע בילדער"; קיין גראַשען נישט צוריקגעזעהען. איך האָב מיט הילף פון גוטע מענשען ארויסגעגעבען דריי בענדער „אידישע ביבליאָטעק"; צוגאַנגען

אז מען דארף, ווייטער; ווי לאנג ער וויל, בעל פה. און לעזען לעזט ער דווקא די קליינע „ביכלעך“. פון וואנען נעמט ער זיי?

זיצט ביי איהם אין בית־דין־שטוב א דיין א תם. קיין בעלי־דינים נישטא, געהט ר' משה וואהל, מיט א ספר'ל אין דער האנט, אויף און אפ אין קהל־שטוב, און שטעלט זיך אפ בא'ר'ן תם, און גיט א פרעג:

— ווי מיינסטו? איז מעגליך א מענש זאל ארומגעהן בארוועס אויף צובראכענע גלאז?

געמיינט חרבונה'ן; געלעזען „מסתרי פאריז...“

— — — — — — — — — — — — — — — — — — — —

ווי געזאגט, די בת מלכה השכלה וועט ביי אונז קיין שטאך ארבייט נישט האבען. עס וועט זיין, א ראמאנטישע זאך. אינגלעך וועלען ארומגעהן אין מארק און דעקלאמירען ביי'ם שיין פון דער לבנה: „ציון“, „החמלה“, „יונה הומיה...“

און דערביי וואַרפען פארבענקטע אויגען אין די געוועלבער אריין, וואו כלה־מיידלעך זיצען... א משכיל וועט דורכפאהרען פון ערגעץ. וועט זאגען:

— דאס ערשטע — מען עסט נישט! אידען עסען נישט!

איהר זאלט זעהען, ווי מען עסט ביי די אומות העולם!

און די קליידער וועט מען אונטערהאקען!

און פונדעסטוועגען באקום איך שכר השכלה!

— — — — — — — — — — — — — — — — — — — —

## 7.

דאס מוז איך אבער איבערהאקען אויף א ווײלע און מאכען א קליינעם שפרונג אין דער צייט — צוריק. און דערנאך א גרויסען שפרייז פארווערטס. קיין טענה צו מיר קענט איהר נישט האבען. איך שרייב ניט קיין אויטאביאגראפיע, אפילו נישט קיין כראנאלאגישע ערינערונגען. איך וויל אייך נאר איבערגעבען א בינטעל שליסעלער צו מיינע זאכען.

און ווי עס פאַלגט דאָס ווייבער־פאָלק!

איהר וואָלט געדאַרפט זעהען, ווי מען אנטלויפט פון די פעס־לער און שעפלעך פיש אויף שבת, אויב דער פישער וויל טייערער מיט א גראָשען. און ר׳ משה וואהל, מורא האָבענדיג, אז אָרעמע לייט וועלען צו קיין פיש נישט קומען, קיין רעכטען שבת נישט האָבען, שיקט ארוים דעם שמש: קיינער זאָל נישט קויפען!

ווי פון א פייער אנטלויפט מען!

און י. מ. דער גביר אליין?

ר׳ משה וואהל לעבט מיט איהם זעהר גוט. „ישיעלע!...״ און פונדעסטוועגען, אז מען רופט „ישיעלען״ צו א דין תורה און ער שיקט נאָך איהם דעם שמש, און יענער האָט געסט: דעם פּלאַץ־מאַיאָר, דעם סמאָטריטעל און נאָך... און לאָזט זאָגען... ער האָט אצינד קיין צייט נישט, לאָזט ר׳ משה וואהל איהם אָפּענטפּערען: אלהים נצב בעדת אל. און ווער עס האָט פאַר גאָט קיין צייט נישט, קען נאָט, חס ושלום, אמאָל פאַר יענעם קיין צייט נישט האָבען...

ליפט מען שוין!

און דער קל שבקלים? !

איינמאָל, פרייטאג צו נאַכטס, כאַפּט ער זיך אויף שפּעט אין דער נאַכט. עפּעס א שאָרך האָט איהם אויפגעוועקט, קוקט זיך אום, גנבים, שטעלען ארוים די שויבען פון פענסטער. א קאָפּ באַ־ווייזט זיך, אן אינו ישראל. דאַנקט ער און לויבט דעם אויבערש־טען, וואָס „רוב גנבי ישראל״ האָט נישט מחלל שבת געווען! דער גנב איז דערווייל אריין, נישטערט און טרעפט צו די שבת׳־דיגע לייכטער. ווען די לייכטער שוין אַפּקויפען א איד, — איז ער מפקיר די לייכטער. בענשט די רביצין איין שבת אין מעשענע לייכטערלעך. א אידענע — לאָזט זי אביסעל טרערען ביים ליכט־בענשען. שוין! דעם צווייטען ערב שבת, מען ברענגט אָפּ די לייכטער. צוויי אידען פאַסערס האָבען זיי געקויפט, איז איינעם אוועקגעקומען דאָס ווייב, דעם צווייטען — אוועקגעפאַלען א קינד, לא עליכם, אויף אַסכּרה.

און דער ר׳ משה וואהל אליין האָט שוין, ווייסען אלע, שוין א יאָהר דרייסיג קיין ספר אין האַנט אריין נישט גענומען. גע־דענקט ש״ם ופוסקים אויסווענינ. וואו מען הויבט אָן, זאָגט ער,

די טריסקער חסידים לייקענען נישט. די מעשה — אזוי געווען: קומט אמאל קיין זאמושטש דער טריסקער, (פון דאמאלט אן לאזט מען טאקע קיין רבּיים נישט אריין), פאלט איהם איין, זיך נוהג צו זיין, ווי אין אנדערע, ז י י נ ע שטעדטלעך. נעמט ער דעם גבאי און שיקט נאכ'ן רב. שמייכעלט ר' משה וואהל און ענט־פערט: „גיה, זאג איהם, אז דער כבוד התורה פארלאנגט, מען זאל פריהער קומען צום מרא דאתרא!" — פאלגט ער נישט, דער טריסקער, פאהרט ער אפ און איז נישט מוציא שנתו...

— געווען — זאגען די טריסקער פון רבינ'ס צד א שגגה היוצאת מפני השליט...

און צונגעבען ווערט, נישט אהן גדלות:

—און מיט אזא צדיק יסוד עולם ווי א טריסקער, איז מען טאקע מדקדק כחוט השערה!

און אז יעקב רייפמאן קומט צו אונז, צו י. מ. אין הויז אריין, אלס לעהרער אדער העברעער מלמד, און עמיץ ווארפט אונטער קעגען איהם א חרם, א חסידישע קונץ... און ר' משה וואהל לאזט אויסרופען, אז ווער עס איז מחרים אהן דער ידיעת פון מרא דאתרא און זיין בית דין צדק, איז אליין בשמתא... און דאסזעלבע יאהר שטארבט א חסידישער יונגערמאן, — ווייסט מען אויף זיכער, איז ברור כשמש, אז אוועקגעקומען איז דער חרם־אונטערוואָרפער! אז דאס איז זיין עונש געווען.

מען הויבט אן צו נעמען צום מיליטער. מיין טאטענס עצה, מען זאל נישט געהן, „קיין וועלט זעצט מען נישט איין", געפינט, נאטירליך, ביי קיינעם קיין אפקלאנג נישט. עס גענענט די סופּ־רעוויזיע, עס בלייבט, אז די, וואס וועלען אוועקגעהן, דארפען באַ־קומען פון שטאדט שטיצונג. אויפ'ן וועג און פאר דער פאמיליע אין דער היים. ר' משה וואהל שטעלט א פושקע ביי זיך אין דער צווייטער שטוב, און לאזט אויסרופען, אז דער יושר איז, אז אלע בעלי־בתים זאלען אריינווארפען אין פושקע מעשר פון זייערע רוחים... געווארפען ווערט, ווי געזאגט, אין דער צווייטער שטוב, ביחידות, קיינער זעהט נישט, אבער מען האט אזוי מורא עובר צו זיין אויף זיין „גזרה"! אזוי פיעל פחד פאר א טעות אין חשבון. אז — מען געפינט „שרפ"ט"!

גאפט מען!

בייזיצער — דיינים אדער בוררים. נעמט נישט אין מויל אריין, וואס זיין רביצען קאכט נישט. אויף א סעודת מצוה ניפט ער אביסעל, א ברכה צו מאכען; עסט א טרוקענעם כזית, צוליעב וואשען און בענשען.

און — א קליין זיס אידעלע, א ווייס־זילבערען בערדעלע. אויגען — ווירקליך „טויבען־צוגלייך“! קינדער — דאס גאנצע לעבען! אין גאס, אין ביהמ׳ד, ער באווייזט זיך נאר, רינגעלט איהם די יונגע חברה ארום, זעהט מען איהם ארויס קוים עטוואס העכער — אז עלטערם צווישען הענדלעך. און האבען האט דאס אידעלע א קינדיש ציטעריג קול׳עכעל — א פיין זילבערען גלעקעלע. און אז ער דאווענט, וואס זיין חזקה איז, כל נדרי אין שול, קלינגט עס, קלינגט עס, צוגיסט זיך עס און מען הערט עס אין דער גרויסער טיפער שטילקייט, אין אלע ווייטסטע ווינקעלעך, ווי אונטען אזוי אויבען אין דער וייבערשער שול... און — א גאנץ יאהר א מיקל. אלץ כשר און כשר. אז ארעמע כנסת ישראל, אלץ איז הפסד מרובה, אזא באשטענדיג יקרות... אויסער פסח; ווי א פיש אין וואסער ציטערט ער פאר כרת שבמשהו!

און פסקענען פסקעט ער גלייך פון דער גמרא ארויס.

זאגט מען, און, פארשטעהט זיך, נישט אבי ווער: דער און דער פון די גדולי הפוסקים זאגט אנדערש, ענטפערט ער שמייכלענדיג:

— אין מיין צייט און אין מיין שטאדט בין איך דער איינציגער פוסק!

שוין, רעדט מען שוין נישט מעהר דערפון.

אין פאר דעם קליינעם, צושמייכעלטען אידעלע, ציטערט מען אימת המלכות; פון גביר ביז׳ן חסיד, ביז׳ן קל שבקלים... ער איז מעניש! דאס הייסט: נישט חס ושלום, ער, אבער קלאר ווי דער טאג: מען נעמט זיך פאר איהם אן. איהם צוליעב אדער — זכות אבות?

דער סוף פון שמעי׳ גבור, וואס האט איהם אונטער די אויגען אקעגען גערעדט, באריהמט זיך: ער לויפט, איהם אראפרייסען דאס שטריימעל פון קאפ, ווייסט איהר אפשר, א׳ניט לע:ט די סקיצע אונטער׳ן העלד׳ס נאמען.

און צוליעב זיין כבוד איז נענש געווארען דער טריסקער!

ר׳ גרשון הענעך „פון תכלת" (אזוי פלעגט מען איהם רופען) וויל דוקא אריין קיין זאמושץ, און א בעל נצחון — קויפט ער זיך אין שטאדט א הויז. מען וועט דאך נישט ארויסטרייבען קיין בעל־הבית? ליתר „תוקף ועוז" גנב׳עט ער זיך אריין ביינאכט! — אין דער פריה, עוף השמים... מען ווייסט שוין; ארויסגעפיהרט, נישט מיט גרויס כבוד!

חסידים זענען וועניג אין דער צאהל און האבען גאר קיין דעה נישט. לעקען זיך ערשט אויס פון די „וואונדען", וואס זיי האבען באקומען, אין גאונ׳ס צייט, פון קהל און זיינע פארשטעהער. א יונגערמאן, נאטירליך פון דער פרעמד, קריגט בענקשאפט, כאפט זיך ארויס, לויפט צו א רבי׳ן. — מען שיקט נאך רייטער, מען כאפט איהם, מען מאכט איהם א פעקעל. מען פיהרט איהם אזוי איבער דער גאס, אין דער היים — מקיים פסק, דערנאך צום רב. אפגע׳גט און — היידא! נאך אן אייגענעם זיצט מען שבעה! א גאנץ „מנין" אז מען כאפט, פיהרט מען אין מאגיסטראט אריין, שערט מען אפ מיט גוי׳שע הענט די פאות און מען גאלט האלבע בערד... מענשען געדענקען עס נאך.

היינט, דאנקען גאט, שטיל! דאס הייסט — זיי דאנקען גאט! אז דער אישביצער רבי וועט, מיט יאהרען שפעטער, וועלען איבערפסקענען דעם זאמושצער רב׳ס (דוקא שוין נישט קיין שם־דבר!) א דין תורה, וועלען מיר ז י י לעגען אין חרם אריין: מיר — דייטשען, די אישביצער חסידים!

וועלען מיר אפשר מלחמה האלטען מיט׳ן רב?

איז אונזער רב, מיין פארעהרער, מיין שפעטערער ר׳ זישעלע, — ר׳ משה וואהל.

אבער איהם קומט א מדור מיוחד!

---

ר׳ משה וואהל — דעם ליסער׳ס תלמיד. ער ציטירט זיין דעה און שרייבט: ותלמידי הגאון... געווען א גבירישער איידעם, געווארען סוחר; דאס געלט פארלוירען — רב אין זאמושץ. א שונא בצע, זיצט ער שוין אויף דער שטול א יובל, און לאזט זיך נישט געבען קיין הוספה. „מאכט מיר נישט קיין רייכען האלז!" רח"ש נעמט ער נישט! דין־תורה־געלט צוטיילט ער צווישען די

קיין שטאָך־ארבייט וועט פאַר דער השכלה נישט זיין!

ערגעץ אַנדערש פּילדערט, רוישט. חסידים שמייסען די משכילים אויף קאָנקאָרדאַנציעס, — משכילים שרייבען מיט איין האַנט שירים בשבת ההשכלה און וועגען די פּיער צייטען פון יאָהר, און אַדען — דאַנק־און לויב־געזאַנגען צו דער ממשלה, פאַר איהר חסד צו כנסת ישראל און מיט דער צווייטער האַנט — מסירה׳־לען אויף די שוואַרצע... און א מלחמה מיט תקיפים און קהל, א מלחמה מיט רבי׳ס, א מלחמה מיט חסידים, מיט רבנים...

ביי אונז — פון דעם אַלעם קיין צייכען.

אויב איך וועל קלאָגען אַמאָל:

אַכט און צוואַנציג גראָשען פלייש א פונט...

און צום גראַם:

„ארויס צו וואַרפען פאַר די הינט“.

און קרעכצען:

„און א פונט, אוי, א גרויסע קלאָג!

„שטיינער און ביינער און א פאַלשע וואָג...“

און נאָך שפּעטער, אין „ספּורים בשיר“ (צוזאַמען מיט מיין געוועזענעם שווער ג״י ליכטענפעלד געדרוקט), א פּאָעמע „חנה“, וואו די העלדין מיט דעם נאָמען ווערט פארשוועכט פון ראש הקהל׳ס זוהן, איז דער ראש הקהל דער תקיף א. א. וו... וואָלט עס זיין נישט מעהר ווי א נאָכמאַכעניץ... ווי איך האָב נאָכגעמאַכט היינע... נאָר מיט מעהר געשמאַקלאָזיגקייט. געווען ביי אונז א פּאַכט (ענ־ליך צו דער „טאַקסע“), אָבער אָהן שווינדעל און רויבעריי, און — אויך בטל געוואָרען. דער אידעאַל פון א ראש הקהל איז זאַמושץ איז (ביז אין דער לעצטער צייט כמעט!) א איד, וואָס קאָן נישט רעדען, און וועט נישט פּלוידערען אין מאַגיסטראַט, — וואָס קאָן זיך נישט אונטערשרייבען (און וועט נישט חתמ׳ענען אָהן קהל׳ס וויסען; דער חותם פון דאָזאָר ליגט ביי׳ן א בעל־הבית!) און באַ־קומט פּעטש פון ווייב, פאַרוואָס ער מאַכט נישט בעסער התונת די טעכטער... קיין רביים לאָזט מען אין זאַמושץ נישט אריין. מען וויל נישט קיין מחלוקת. הערט זיך, עמיץ פּאָהרט, לויפט מען צום נאַטשאַלניק, שטעלט ער וואַכען ביי אלע בראָמען. דעם עוסד על גביהם, א איד, גיט קהל. באַווייזט זיך די בויד:

— קודי? נאָזאַר!

און דאַרטען דאַוועגט קינדערפריינד, אַן אַלטער בחור, אַ נעגאַלטער, האָט אַ סדור און אַ מחזור מיט דייטשער איבערזעצונג. ווייסט פון „פעדאָן“, רעדט פון „יערוזאַלעם“, — פרעגט מיך אמאָל:

— וואָס איז אייער פאַרלאַנג, ר' דער און דער?

איך געדענק הלל'ן און זאָג: ואהבת לרעך כמוך. ער זאָגט: ניין, אנכי, דאָס איז דער יסוד!

אמת, אין דער זעלבער געזעלשאַפט אריין, אַז עס איז אמאָל (איך געדענק שוין נישט, צוליעב וואָס) אריינגעקומען אַ געוויסער רפאל עסיגמאַכער, אַ שטאַמעלדיגער איד, וואָס האָט אַן עסיגפאַבריק, און וואָס איז ערשט געקומען פון ערגעץ, צוליעב אַן אפּעראַציע, פון אויסלאַנד, און האָט דערצעהלט, בעיני ראיתי. ער האָט אליין געזעהען, אַ וואָגען איז געפאָהרען אָהן פערד, — האָט מען זיך אזוי צולאַכט, אזוי לאַנג חוזק געמאַכט, אזוי לאַנג זיך געוויצעלט און אזוי לאַנג מיט ווערטלעך געשטאָכען, ביז דער איד ר' רפאל האָט געמוזט „מודה“ זיין, ער האָט „משטה“ געוועזן, אויסגעטראַכט... אבער אַן התחלה איז שוין געווען! אַ זאַמען פאַר נייע צייטען — שוין געוואָרפען!

און אפילו אַ פשוט'ען איד, דאַכט זיך, נישט זעהר קיין ניכטערען, פאַלט אמאָל איין און ער קומט פלוצלונג אין חדר אריין, וואו זיין איינציג יִצחק'ל לערנט, און זאָגט:

— רבי! (אַ גרויס-פּוילישער, מיט דער ריש) נייע צייטען; מען דאַרף זיין געבילדעט! מיין בן דאַרף אַ חתן ווערען!

קיין פסוק וויל ער נישט. קיין אפיקורס, וויל ער נישט, ער זאָל ווערען. אבער —

— אַ פּרק קאָנקאָרדאַנציע מעגט איהר מיט איהם לערנען! יעדען טאָג אַ פּרק!

און עס דרעהט זיך נאָך ארום אין שטאָדט, דאַכט זיך, אַ קאַנדידאַט אויף דער „תוכחה“, עפּעס אַן אָרעמער, אַלטער הוי־כער, געלער, ברייט-פּלייציגער איד. דעם פאַמיליען-נאָמען קיינמאָל נישט געהערט, דער צונאָמען — נישט דרוקפעהיג, מיט'ן נאָמען „יואל“. וואָס האָט גאָר ערגעץ אין רוסלאַנד אַ זוהן, וואָס שיקט איהם געלט מיט דער פּאָסט, אַ „פּאַלנעם יעדנעראַל!“ (רוסיש-פּויליש-פּעסטונג-לשון בנוגע צו מיליטער זאַכען).

די „זינגער“ וועט אין קורצען געהן פון דער וועלט, וועט מען דער־צעהלען, אז ער האט זיך, פאר גסיסה, געהייסען געבען א ווערמיגע פלוים צו עסען. אז מען וועט אויף יענער וועלט שמייסען און אויסרופען פאר וואס, און מען וועט דערמאנען די ווערמיגע פלוים, וועט ער וויסען — א סוף! און זיי זאגען אלע „עברי!“ נישט ליטוויש, דאס וואלט מען נאך דאמאלט נישט פארטראגען. א ליט־וואק איז „א צלם קאפ“. א ליטוואק זעצט זיך אין א קרעטשמע ביי אן ערלית און לערענט. און זאגט צום פארגאפטען אורח: „איהר וויסט גארנישט, אן אשה צנועה דאס איז!“ זי איז דאך איהם מאכיל ומשקה און לאזט איהם נישט מפסיק זיין פון לערנען! (זעה — „דער חלום פון ליטווישען מלמד“). א ליטוואק, אז דער צווייטער רופט איהם צו שמד, ענטפערט: „ווארט, איך וועל נאר אפדאווענען מנחה“ — און א ליטוואק איז נאך א יקר המציאות אין דער גאנצער געגענד. אין זאמושץ געווען איינער, אפילו גראד א פיינער, גאר א פיינער יונגערמאן. טאקע ר׳ זיינ־וועל׳ס איידעם .איז ער. נעבעך, אוועקגעקומען; די אלמנה וויל פארזיצען...

ז י י זאגען פוילישע עברי. שמחת תורה, די גבירה אין די גרויסע בריליאנטען אין די אויערען, מיט קעלנערל, מיט פערלען אויסגעשטיקט, איבער׳ן האלז (אזוי אין לעבען, ווי אויף׳ן פאר־טרעט אין סאליע). — די גבירה שמייכעלט ליעבליך און דערלאנגט כיבוד: טארט (איך מיין, איהר שוועסטער און מיין באבע באקט איהם), ניס, ביר, צוקער־בראנפען; עטוואס וויין אויך. און זיי, דער חזן מיט די משוררים, זינגען ל י ע ד ע ר! „דער תעודה מיט׳ן האמער, קלאפט שוין אין קאמער“, און גאלדפאדען — מיט די פויסטען אין אידישע לאדען אריין, „שוין טאג! די אומות העולם ווארטען אויף אייך!“ אין זאמושץ — עטוואס קאמיש, ווי דערמאנט — ווער זענען די אומות העולם? אבער עס זינגט זיך!

אין דער מנין זאגט קיין פיוט נישט. צו יזכור טרעפט זיך דער געמישטער, נ י ש ט פאר׳יתום׳טער עולם, פון מענער שטוב און פון דער ווייבער־שטוב (די סאליע) אין הויז — אן התחלה פון פלירט. יום כפור איז מען זיך געגעגזייטיג מכבד מיט הארץ־טראפען, אבער פריהער מוז מען ווייזען די צונג, צי מען פאסט...

הילצערנער גאניק, וואס לויפט ארום שטאק, פארהאנגען אין די פענסטער. און הינטער די פארהאנגען (איז לינדער דאס וועטער — אויפ'ן גאניק, זומער־צייט — איז אין גערטעל, אויף א באנק ארום דעם איינציגען בוים אין דער מיט, אין מיט'ן קראנץ פון אלערליי בלומען ארום), זיצט א טאכטער אן אלמנה, צוויי מייד־לער (א העלם און א שווארצס) און לערנען פראנצויזיש פון אלענ־דארף און לעזען דייטש „ווי א וואסער", עפעס א גרויסע ביבלי־אטעק דארט פאראן, שפעטער האב איך פון איהר ארויסבאקומען א פיזיק.

און א... ל... טראגט זיך שוין אליין דייטש, עכט דייטש, וואוינט אין עק שטאדט, רעכטס (פון מארק גערעכענט) צום אפי־צערען קלוב, אין א באזונדער הייזעל, שוין מיט א גרויסען גאר־טען, הויך מיט ברעטער ארומגעצוימט, איז דורך די שפאלטען פון צווישען די ברעטער, אז מען געהט זיך באדען, — עס איז ביים שמאלען וועגעל, — זעהט מען, ווי אין גארטען דרעהט זיך ארום זיין איינציגע טאכטער, א הויקערל, וואס שעמט זיך ארויסצור־ווייזען אין גאס אריין, און רייסט בלומען אדער קוקט אריין אין א ביכעל.

פאראן אין גערטעל עפעל־און בארען־בוימלער. — מיר קרי־כען נישט איבער'ן פלויט. דרך־ארץ און אפשיי פאר'ן קליינעם געבילדעטען הויקער און — פאר'ן סמאטריטעלס הינטעל...

און ק... דער וואס האלט דעם וויינהאנדעל, וואו די אפיצערען טרינקען און פריצים פון ארום — עסען און קויפען אהיים וויין און באקאליע. פאראן דארט א פיין, בלאנד „פארצעלייען" מייד־על, מיט זיידענע, לאנגע בלאנדע צעפ (זי וועט דערמאנט ווערען), וואס לעזט ביכער, געבארגטע פון פריצים און אפיצערען.

און י. מ.'ס הויז, וואו גרויסע אפיצערען שפילען פרעפעראנץ, וואוהין דער גרויסער אפיקורס יעקב רייפמאן וועט קומען אלס לעהרער ? ! און — א היימיש מנין דארט פאראן, מעהר פאר די קינדער ; י. מ. אליין איז דאס מעהרסטע אין ווארשע. פאר'ן עמוד אלס חזן פראדוצירט זיך א היטעל־מאכער, דער כאר — זיינע ברידער, אויך היטעל־מאכער. נישט זעהר קיין פרומע אידען. א ברודער האבען זיי א שטיקעל אפיקורס — א לעהרער פון קאליג־ראפיע, וואס שרייבט אידישע שירים, אלא עטינגער ! איינער פון

— ווער איז געבליבען? איין י. מ...

— איז ער דאך י. מ.!

אבער די פּאסעסאַרען זענען געווען „אויסגעמישט" מיט פּרי־צים, געפיהרט זיך פּריציש, געקומען און געבראכט אין שטאָדט אריין פּריצישע מנהגים, ווי די „ליפּסקער סוחרים" פון לייפּציג — אביסעלע דייטש! — (די דייטשקע, וואָס איז א גלגול געוואָרען!)

— א מהלך קיין לייפּסק!

— גזלנים אויפ'ן וועג!

— מען פלעגט דאך פאַר'ן פאָהרען שרייבען צוואות, איבער־געלאָזען גט'ן על תנאי...

— נישט אונזערע צייטען!

— — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — —

— אָבער געהערט האָט מען, דערצעהלט האָט מען!

און „אונזערע צייטען" זענען אויך נישט אזוי שלעכט. ערשט נאָך אייכענבוים, צעדערבוים און אַנדערע. עס קומט קיין זאַ־מושץ צו י. מ. אין הויז אריין — יעקב רייפמאַן, דער גרויסער „אפּיקורס" און „חוקר קדמוניות"... מיין פעטער, וואָס וועט זאַמ־לען מיינע כתבים — מיינע חטאת נעורים, טראָגט זיך דייטש־מעריש, נישט גאָר קורץ, אבער נישט איבער די קני. (צוויי מאָ־סען געווען: ביז צו קני — דייטשמעריש. גאָר קורץ, אז מען זעצט זיך און די מאַרינקע ריהרט קוים אָן מיט די זוימען דאָס געזעס — עכט דייטש). פאָהרען דורך בראָדער זינגער, קומען זיי צו איהם, זינגען... ביי איהם איז דאָ אסך קליינע ספרים'לעך אין א „גלעזערנער" שאַנק. צווישען אנדערע: דר. עטינגערס „סער־קעלע", זיין „קוגעל", וואָס ער האָט איבערגעמאַכט פון שילערס „גלאָקע", און די משלים... און דעם אַלטען ר' זלמן'ס הויז? ער אליין — א פּאַרצייטיגער פליישיגער איד. אין א ברייטער טיז־ליק אין דער האַנט — א שטאָק מיט א זילבערנער גאַלקע, געהט (צוזאַמענמאַכענדיג נדבות) מיט'ן שמאָק פאַראויס, דער שמש טראָגט נאָך די זילבערנע פּושקע... זיין ווייב (איהר נאָמען האָב איך פאַרגעסען) א אידענע מיט „א דריי־גאָרענדיגען נוידער", נישט קיין געלעכערטע אויערען; די „געהענגען" — לאַנגע בריליאַנטענע אויערינג — באַמבלען זיך אויף זיידענע פעדעם פון שטערענ־טיכעל אראָפּ. און אין זייער הויז: א גערטעל אין מיט'ן הויף, א

קאָרעספּאָנדענציע, וואָס ער האָט געפיהרט דאַריבער מיט דער פּאַריזער אַקאַדעמיע. ווי ווייט עס איז אמת, און וואו די כתבים זענען אהינגעקומען, ווייסט מען נישט. צו חצות — זאָגט מען — פלעגט ער, דער שמש, און ר' ישראל זאַמושץ, דער בעל־מחבר פון „הטבע" (אויב איך האָב קיין טעות נישט) צוזאַמענקומען זיך ביים „אייזערנעם קאָפּ", און נאָך חצות, פאַר עלות השחר, זיך מתוכח זיין אין חכמה... פון ישראל זאַמושץ (ווען די מעשה זאָל אפילו אמת זיין) רעדט מען ווייניג. דעם דעסויער'ס רבי; גלייכער מען שווייגט. נישט קיין גוטס, נישט קיין שלעכטס.

און גבירים געווען...

— פּאַסעסאָרען, גרויסע גיטער געהאַלטען.

— רע־פּוילען, ארויסגעטריבען.

— נאָך פּראָצעסען געמאַכט. תקיפים אין סאַנד, דער עקאָנאָם זאָגט, וואָס דער פּריץ הייסט, און מען ליציטירט נאָך אַזא איד, וואָס געהט אליין נישט אוועק פאַר'ן טערמין, למשל —

— ר' יוסל!

— נפטר געוואָרען אין שטאָדט, — אַן אביון...

— א יתומה געלאָזט — א בוגרת...

פון דעם ווייס איך אויך עפּעס. די יתומה קען איך. א הויכע, א מאָגערע, מיט שלעפּעדיגע פּיס, וואַסערדיגע אויגען און האָר — ווייסע, ווי פלאַקס; דאַרפישע האָר. אָבער מען לויבט זעהר איהר פּויליש רעדען. און — די פּאָר פּאָרטרעטען, וואָס הענגען ביי אונז אויף די ווענט: נאַפּאָלעאָן דער דריטער און זיין קיסר'טע עווגעניא, מיט וועלכער איך האָב מיין לעצטען רבי'ן געפּייניגט, — די רויטע גרויסע, הויכע און ברייטע שאַפּע („א שאַפּע, ווי א הויז"), אין וועלכער, זיך באַהאַלטענדיג פאַר'ן דר. סקשינסקים נקמה, איך האָב איבערגעפּיהרט א פולען טאָפּ מיט אייער, און די צוויי לאַנגע, שוואַרצע שטאַנגען, מיט די מעשענע גאַלקעס צו פאַרהאַנגען, וואָס די מאַמע לאָזט נישט קויפען („משוגע מיינע שונאים!") און וואַלגערן זיך דעריבער ארום אויפ'ן בוידעם, — די אַלע דריי מציאות (די ליעבשאַפט צו מציאות, וואָס איך האָב גע'ירשנט!) האָט דער טאַטע אויף דער ליציטאַציע ביי דעם יוסל אין דאָרף געקויפט.

— „רע־פּוילען"... איינציגווייז אין שטאָדט אריין געטריבען.

כי־כי!" — איין שפראך און איין געלעכטערל. און צוויי פלאכע הענט — א כאפ זיך פאר די ליפען, מנהג פראנצויז; דר. סקשינסקי טוט אויך אזוי: א מענש זאל נישט שפריצען מיט'ן מויל. און דערצעהלען דערצעהלען זיי זיך איין אנעקדאט, ווער ווייסט, צום וויפעלטען מאל — פון „גאון":

מאכט זיך א מעשה: א זומער טאג, אפען די טיר. קומט א דינסט־מיידעל מיט א שאלה, מיט א ווארעם גענזעל אויף א טעלער... פריש געבראטען, צושניטען און עפעס געפונען... נעהט דאס מיידעל בארוועס, הערט ער נישט איהר קומען; זיצט איבער א ספר!... קומט זי צו צום טיש, שטעלט פאר איהם די „שאלה". ער זעהט נישט, איין ספר פארקוקט. רוקט זי זיך אפ צוריק צו דער טיר און שטעלט זיך ווארטען, זי וועט דאך איהם נישט מבטל זיין... האט ער, דער גאון, א חוש הריח, דערפיהלט ער און דערזעהט... מיינט ער, ער זיצט און עסט... קוקט זיך צו — א גענזעל. „אי, א רביצען!" — ווי זי „קעכעלט איהם!" לערנט ער ווייטער מיט די אויגען, און די הענט כאפען און ווארפען שטיקער „שאלה", צווישען בארד און וואנסען, אין מויל אריין... די מויד — פארשטיינערט פאר שרעק. און איידער זי קומט צו זיך, איידער זי גיט א געשריי צו דער רביצען אין קיך אריין, און איידער די רביצען קומט, — אוים גענזעל!

מאכט ער —

— שא, שא, רביצען! אז איך האב נעגעסען, איז כשר!

פינטעלט די רביצען מיט די אויגען, און ער:

— זאג איהר, זיי מוחל; — די כלים כשר!

און דער איינענער גאון איז א בקי בשבע חכמות. פיהרט, דערצעהלען זיי, וכוחים מיט'ן קאנאניק, און דער געהט שטענדיג אוועק אבל וחפוי ראש, „ווי א קוימענקערער!"

און א שול־שמש געוועזן — —

— אן אביון...

— א מטופל!

— מען האט גארנישט געוואוסט, אז ער איז אזא מזיק...

און דער איד האט געפונען „א נייעם אופן צו חשבונען". מען זאל אויסרעכענען „אויף הונדערטער יאהרען להבא" אלע לקוי חמה'ס און אלע לקוי לבנה'ס. נאך דער פטירה געפינט מען די

גאָלדענע עטרות, אייזערנע מחות...
אנדערע יאָהרען, אנדערע כחות...

דאָס בית המדרש איז „פול מיט קאָרפּען קעפּ", און עס איז ענג: „מען לערנט נאָך אין פּאָליש, מען לערנט נאָך אויף די טרעפּ..." און ווי געזאָגט: „וואו תורה — דאָ חכמה". איז שטענדיג אזוי געווען. אזוי דערצעהלט מען! נישט מ י ר; איך הער א ו נ ט ע ר. „וואו מען זייהט מיך נישט", — אויב עס ווערט נאָר עפּעס דערצעהלט. „וואקס איך אויף", און „זיץ, ווי א גולם" מיט אן אָפענעם מויל. עלטערע וואונדערען זיך: „אן עלוי'שער קאָפּ"; חברים: א יונג, ווי א „קוועקזילבער" און לעגט אוועק פאַר מעשה־לעך א בלאַט גמרא — גליטש און טייך! איך אליין פאַרשטעה עס אויך נישט, נאָר עס ציהט מיך. איך וואָלט פאַר א מעשה'לע אפילו חתן־כלה־שפּיעל אין חורבה אוועקגעלעגט. — האָט עס אבער אליין אויפגעהערט... מיידלעך ווערען פריהער רייף; כלה־מייד־לעך! מיט מיין כלה פון חורבה וואוין איך אויף איין און דיזעלבע טרעפּ און טרעף זי נישט...

— — — — — — — — — — — — — — — — — — —

אינסטינקטיוו האָב איך ליעב מעשה'לעך.

דאַוונען אין בית המדרש צוויי גרויע טויבען, צווילינג־ברידער, זיך ענליכע, ווי צוויי טראָפּען וואסער. מען פאַרשטעהט נישט, ווי די ווייבער אונטערשיידען זיי, ווי די קינדער דערקענען... „מענ־ליך — שמייכעלט מען, עס טרעפען זיך טעותים!" האַלטען זיי זיך שטענדיג צוזאַמען, האָבען בשותפות אן איינפאַהר־הויז אויף דער ברוקאָווענער גאַס, און זיצען אין בית־המדרש שטאָדט־ביי־שטאָדט, מיט'ן רוקען צום שלחן, מיט'ן פּנים צו ארון קודש. און טרעטען זיך נישט אָפּ, און וואונקען, אויב זיי בלייבען עט־וואָס לענגער נאָכ'ן דאַווענען, ווי די טויבען, וועגען אלטע צייט־טען; און איך בין שוין ביים שלחן, האַלט שוין די אויערען צוויי־שען די גרויע קעפּ.

„א שפּאָס אמאָליג זאַמושץ", דער „גאון" — „דער אייזער־נער קאָפּ!"

דאָס מיינט מען אז אמאָליגען רב אין זאַמושץ. און „ביי־

— א, א זאמושצער? שענק א פּאָר גראָשען...

— — — — — — — — — — — — — — — — — — —

און מען פארגעסט די צרות... אברהם מאניס באנלייט מען קיין ארץ־ישראל מיט גרויס פּאראַד און — מיט דער צייט הויבט זיך אַן צו בלעזלען אויפס ניי... השכלה!

צו „בלעזלען“, ווייל ביי אונז אין קליין פּאריז ווערט דער פּראָ־צעס נישט זיין געפעהרליך. גאָר אַהן א הויכע טעמפּעראַטור. און אז איך און מיין חבר יחזקאל וועלען זיך מיט אמאָל, אין א שעהנעם העלען פריימאָגדיגען טאג, באוויזען זיך פלוצלונג אין גאַס, אויף די פּאָדטשענעס, אנגעטאַן „דייטש“, אין מאַרינאַרקעס, — און אז מיין חבר יחזקאל וועט אריין אינ׳ם ניי־געעפענטען פּראָגימנאַזיום, וועט צו קיין עקצעסען קעגען השכלה נישט קומען...

דער השכלה־פּראָצעס וועט דורכגעהן, ווי ווייט מעגליך, שטיל, די געבורט אַהן גרויסע וועהען, — די הימלישע טאַכטער וועט נישט אפּגענומען ווערען מיט צוואנגען, — דאָס קעפּעל איז גאָר נישט אזוי גרויס, און קיין ערשטלינג וועט עס נישט זיין...

דערפון אבער שפּעטער. —

## 6.

**השכלה. ר׳ משה וואָהל. דריי־שוועסטער־ליעבע.**

צו קיין עקצעסען וועט נישט קומען.
זאמושץ — א לייטישע שטאָדט!
פון אייביג אויף אַן „עיר מלאה חכמים וסופרים“, — גע־
וועזן א שטאָדט פון תורה, „און וואו תורה — דאָ חכמה“ —
א קונץ היינט צו זיין אַן עלוי?
שפּעטער, אלס „מאַניש“, פּארזעץ איך בעסער אין יענע צייז־
טען אריין... ווען —

גע־לעבט האָבען די אַלטע בעל־בתים,
מעשענע ברילען, זילבערנע בתים,

און שפעטער מיט א צוויי יאָהר, אז ער האָט זי איבערגע־דייפערט, און זי פאָהרט מיט איהם, איז זי איהם פון צפת, וואו זי האָט איהם איבערגעגעבען אין זיכערע הענט אריין, אונטער די הענט אוועקגעקומען, אהיים, צו איהר בית־עלמין אנטלאָפען... אבי אברהם מאָניס איז בשלום אריבער דעם ים!... און צוגע־פאַלען איז זי צום בית עלמין מיט א פרייד און א געוויין, די ערד געקושט און געקושט, קוים מען האָט זי אפּגעריסען...

ווי וועט דאָרט לעבען אהן איהר אברהם מאָניס? צוגעבונ־דען איז ער צו איהר געווען... א בעל תוקע איז ער געווען, איינ־מאָל נאָך שחרית אהיים געגאַנגען זיך איבערדרעמלען, און גע־בראַכט, א פאַר'חוש'טער איד, אויפ'ן אָרט פון קיטעל — ראַניע'ס א ווייס העמד...

— נישקשה, זאָגט ער, אַז אשה צנועה ראַניע, א צדקת, מען מעג אין איהר העמד בלאָזען...

וואָס נאָך איז ער געווען?

א חסיד — א בטלן, פריהער א באַהאַלטענער; שוחט גע־ווען: אויף דער עלטער, אז די אויגען זענען איהם אביסעל שוואַך געוואָרען, זיך פון שחיטות אפּגעזאָגט, און ערשט דאַמאָלט מודה געווען: ער איז א בעלזער חסיד. קיין מושלם אלזא נישט; אפילו א שטיקעל עם הארץ אין תנ"ך.... זאָגט אמאָל, אין בעלזער'ס נאָ־מען, א נוטריקון אויף יעקב אבינו'ס לייטער, און ווייסט נישט, אז „סלם" אין תנ"ך איז אהן א וי"ו...

ביי די זייטען האָבען מיר זיך דאַמאָלט געהאַלטען!

און ער, דער אַלטער בטלן, וועט פאָהרען...

און ער איז געפאָהרען...

די „אויסאַרבייטונג" וועגען ענין, וואָס מען האָט איהם אי־בערגעגעבען פאַר'ן פּרעדיגער לעווינשטיין, און אין וועלכער איך האָב אויך א חלק געהאַט, האָט מען איהם אין העמד פאַרנעהט... דורך בשלום די בראָם... אריבער בשלום, אהן א פּאָס, די גרענעץ.

אין דריי טאָג ארום:

בטל דער משפט!

די אַפּיצערען האָט מען שפּעטער געזעהן אין וואַרשע, אהן עפּאָלעטען, אפילו אהן שטיוועל... אפּגעריסענע...

היוצא מזה: אל תבטחו בנדיבים...
און אין דער טויטער שטילקייט דערהערט זיך:
— א פעלד־געריכט געקומען...
א פאר טאג שפעטער:
— ווידער מודה געווען...
— געפסקעט — תליה!
— אוועקגעשיקט דעם פסק צום באשטעטיגען...
דערמאנט מען זיך:
פאראן דאך ערגעץ אידען, וואס האבען א דעה! וואס קענען, וואס מוזען העלפען!
אבער ווי קומט מען צו זיי? די בראמען — טאפעלט באוואכט, קיין פעסער גיט מען נישט; קיין אויסלענדישע ווערט מען געווים נישט געבען... קיין דעפעשען ווערט מען נישט אננעמען, און ווער עס ווערט גערן מיט א דעפעש, ווערט אריינפאלען אין קאסע־מאט...
זאל זיך עמיץ מוסר נפש זיין, אריבערכאפען די גרעניץ אין טאמאשאוו, דריי מייל אינגאנצען, פון דארט קיין לעמבערג, פאראן א פרעדיגער לעווינשטיין, פון דארט טעלעגראפירען צו משה מאנטיפיארע קיין לאנדאן, צו קרעמיע קיין פאריז...
— ווער וויל זיך קויפען עולם הבא, זוכה זיין אין אייביגען לעבען?
געפונען זיך אזוינער...
אברהם מאנים — זיין נאמען; נאכ'ן ווייב: אברהם מאנים דער ראניאכים; זיין ווייב הייסט ראניע...
ווער איז ער?
א בעל הבית? א דאזאר? א מתעסק בצרכי צבור? א מושלם? א משכיל?
גאר נישט פון דעם אלעם...
אן אלטער איד, קרוב לשמונים, קלייבט זיך שוין לאנג צו פאהרען שטארבען קיין ארץ ישראל, נאר זוגתו ראניע תחי' וויל נישט. זי וויל נישט און קאן נישט איבערלאזען דעם זאמושצער בית עולם, וואו זי האט איהר גאנצע משפחה... אין בית המקדש וואלט זי אהן די מתים א יתומה געווען... און אהן ראניען וועט אברהם מאנים נישט פאהרען... ווי פאהרט עס א איד אהן א ווייב?

— מאַך מיט'ן מויל, מאַך מיט די אויגען!
ער טוט עס. איז נאָך ווייניג:
— שריי ארויס א וואָרט:
ער מאַכט מיט די ליפּען, הערען הערט מען נישט... קיין כח נישט צו רעדען... אָבער אבי ער לעבט, מען גערט אהיים מיט א פרייד: ער לעבט, ער לעבט...
און דעמזעלבען טאָג געהט א דאָקלאַד קיין לובלין:
— אידען א בונט געמאַכט, באַפאַלען דאָס קאַסעמאַט, גע־וואָלט אויפרייסען... געמוזט זיי ווייזען די גנבים... געוואָלט זיי מיט געוואָלט באַפרייען... א מערכה דער און דער אָפיצער... קריגט דער אָפיצער א דאַנק, ווערט פאַרגעשטעלט אויף אַן אָרדער: „זאַ כראַבראָסט", און אין שטאָדט ווערט איינגעפיהרט קריגס־צושטאַנד. נישט מאַכען קיין רעדלעך. מעהר ווי צוויי צוזאַמען נישט געהן... נאָך אונטערגאַנג פון דער זון — די לאָדען פאַר־מאַכען, אין גאַס זיך ניט ווייזען... קיין אסיפות נישט מאַכען, נישט אין בתי מדרשים, נישט אין הייזער... און קאַזאַקען אויף פערד רייטען ארום אלס פּאַטראָלען מיט נאַגייקעס... ביי נאַכט — טאָ־פּעלטע פּאַטרולען... באַווייזט זיך ווער — מיט נאַגייקעס אין קאַ־סעמאַט אריין... פיעל ווערען אין מיט'ן גאַס באַפאַלען אויך ביי־טאָג און באַזוכט. געפינט מען עפּעס א צייכען וועגען עניין — מיט נאַגייקעס, אין קאַסעמאַט אריין... א שרעק באַפאַלט...
לויפט מען אין בית־המדרש אריין תהלים זאָגען, — מען צו־טרייבט מיט נאַגייקעס... ווייבער לויפען איינרייסען די שול — קאַזאַקען רייטען אַן, רייטען ארויף מיט די פערד... מען רייסט אראָפּ די קאַפּקעס, די שאַלען, און ווערען נעלם... פון דער ניי־שטאָדט לויפט מען אויפ'ן בית עולם ארויף, זאַלען זיך די טויטע מיהען... ארויסגעלאָפען שטילערהייט, ביינאַכט, אין א פינסטערער נאַכט, צוגעפאַלען צו דער ערד, מיט די מיילער צו די מצבות. פאַרשטיקטע יללות... „בית פּרעה" — דער שלאָס דערהערט, ארומ־גערינגעלט דעם בית עלמין, איינציגווייז ארויסגעלאָזט פון טויער.
זיי האָבען מורא פאַר טויטע!
אַן אויסגעשטאָרבענע שטאָדט... און י. מ., די איינציגע, די לעצטע האָפנונג קומט אַלץ נישט... טייל זאָגען: קראַנק, אַנ־דערע: מורא צו קומען...

קיין דעה האט ער נישט. איבערפרעגען טאר ער נישט. און לעזט איבער דעם פראטאקאל און פרעגט: ווירנא?

די תפוסים ענטפערען: ווירנא...

און ר' משה וואהל מוז אונטער חתמענען...

און ער קומט אראפ פון מאגיסטראט, און מען פרעגט איהם:

— וואס הערט זיך? ווי זעהען זיי אויס?

צוואויינט ער זיך, ווי א קליין קינד...

מוז מען שוין עפעס טון, זיך נעמען צו דער זאך. מען מוז דאך דערגעהן, מיט וואס מען האט אויף זיי אזא שרעק געווארפען... לאז נאר קומען י. מ. פון ווארשוי, ער וועט געוואר ווערען... אבער אסיפות מאכט מען, קלערען קלערט מען, טאן עפעס מוז מען...

פלוצלונג א נייע מעשה:

א קול לאזט זיך ארויס אין שטאדט, מען ווייסט נישט פון וואנען, נאר אויף זיכער — איינער פון די אידען איז געשטארבען אין קאסעמאט!

מען דערמאנט זיך אז טשאסאוואי'ס טויט; מן־הסתם אויך דערשמיסען. און מען ווייסט שוין אויף קלאר, אז יציאת נשמה איז געווען נאך פאר עטליכע טעג... זיי ווילען איהם נישט ארויס־געבען. אויס מורא, מען זאל נישט זעהען, וואס מען האט איהם גע־טאן. זיי ווילען, ער זאל פארפוילט ווערען... און אפשר וועלען זיי איהם ערגעץ אין א הייל אריינווארפען, צי אין וואסער, — דער איד וועט גאר צו קבר ישראל נישט קומען! און מען ווייסט שוין, ווער עס איז דער קרבן: משה! און אין אלע גאסען שטעהט איין קול: משה! משה! און נישט אפגערערט, מיט אמאל אלט און יונג, קינד און קייט, מענער און ווייבער, — א לאז זיך געטאן צו דעם קאסעמאט! און איין געשריי, איין יללה:

— ניט אונז אפ דעם בר מנן!...

שטעהט אן אפיצער ביים קאסעמאט: שרייט ער:

— משה לעבט...

און רופט אין קאסעמאט אריין: זאל ער זיך באווייזען! און אין שמאלען קאסעמאט פענסטערל, אין דער הויך, באווייזט זיך משה'ס קאפ, א לעבעדיגער —

מען גלויבט זיך קוים, שרייט מען צו איהם ארויף:

„מיינער איז געווען אין שליחות אין דארף, ביים פריץ..."
אין דאך גוט, ווען זיי דאס זאגן, עדות שטעלן... און ווירק־
ליך, גנבים זענען זיי דאך, ווען זיי זיצן אביסל... געהט אבער
אזוי אוועק א וואך, נאך א וואך, און עס לאזט זיך פלוצלונג ארויס
א קול:

— מודה געווען!

נישט מעגליך... קומט אבער צו די אויערן: גענויט!

אויף הייסע, אייזערנע פליטעס בארוועס געלאזט... אונטער
די נעגל געברענט... נעגל פון די פיס מיט צווענגלעך געריסן...
האר פון די ברעמען געצופט...

ווייטער א יללה פון ווייבער און קינדער...

שווייגט מען שוין נישט. שרייבט מען פראשעניעס. ווער
שרייבט? אונזער אדוואקאט פ. ג...

שרייבט ער פויליש, שיקט מען צוריק... שרייבט ער רוסיש,
קען ער ווירקליך קיין רוסיש נישט, שיקט מען ווייטער צוריק:
פא ניענראמאטנאסטי...

רופט מען מיין לעהרער... ער וויל נישט, ער טאר נישט...
גיסט מען איהם אריין איין כוס'ע, א צווייטע, א דריטע א גע־
מישטע, א פערטע — א געמישטע מיט עפעס צוגעמישט. מיין
לעהרער צואווינט זיך אויף א קול. כאפט זיך קושען... ער וועט
שרייבן, ער האט אונז ליעב דאס לעבען, „גאטאוו" פאר א איד צו
געהן אויף סיביר; און ער שרייבט...

דעם צווייטען טאג — דער שרייבער נעלם געווארען... מען
האט איהם מעהר נישט געזעהען. אבער די פראשעניע האט גע־
פועלט. געקומען א פריקאז פון העכער: נאך אמאל איבערפרעגען
די תפוסים, איבערפרעגען אין מאגיסטראט, און דערביי זאל זיין
דער רב פון שטאדט...

זענען זיי זיך מודה, אין געגענווארט פון רב, ר' משה וואהל:
זיי האבען דעם זאק פארווארפען, די קאסע געראבעט... דאס קעס־
טעל אויפגעהאקט, אונטערגעווארפען...

ר' משה וואהל פרעגט:

— און וואו האט איהר אהינגעטון דאס געלט?

מאכט איהם דער אודיטאר אויפמערקזאם, אז לויט'ן פריקאז
דארף אלץ געשעהען: „וו יעווא, ראווינא, פריסוטסטוויע". אבער

— ניע מאזשעם זנאט! (מיר קענען נישט וויסען)
— נישט גוט געהערט?
— טאק מאטשנא (ריכטיג).
— און דער אודיטאר האט געהערט?
— ער איז עפּעס אנדערש, אוטשאני!
און שוין בייזלעך:
— ער האט געהערט?
— מן הסתם...
— זאגט בפירוש? שארף!!
—טאק מאטשנא!
— שווערען דערויף?!
— אז מען וועט הייסען...
— עהרליך שווערען?
— טאק מאטשנא...
בלייבט — „אידישע גנבים..."
געהט באלד פּאפּיר צום מאגיסטראט: היות די קאסע, ווי עס האט זיך אויסגעוויזען, האבען בא'גנב'עט אידישע גנבים, זאל דאס מאגיסטראט תיכף ומיד צושטעלען די אדרעסען פון אלע אי־דישע גנבים אין שטאדט...
ענטפערט דער מאגיסטראט: נישטא! געווען א אינגעל דוד'ל, נעלם געווארען. נאך א אינגעל, בא'גנב'עט א געוועלב מיט באַ־קאלייען, — זיצט ער תפוס אין שעברשין... אויסער אויף דער ניישטאדט...
— זאל זיין — ניישטאדט.
מאכט מען א רשימה... שיקט מען נאך די פארצייכענטע, ברענגט מען זיי פון דער ניישטאדט אין קייטען, און מען ווארפט זיי אריין אין פינסטער־נאסען קאסעמאט אין וואל...
קומען באלד ווייבער און קינדער אין שטאדט אריין מיט א געוויין... בארוהיגט מען זיי, דער אמת וועט ארויס, ווי בוימעל אויפ'ן וואסער, נישט אמאליגע צייטען!
„זיי זענען דאך אבער די נאכט גאר אין דער היים נישט געווען..."
„מיינער האט געהאט א גנבה אין..." און פארשליננט דעם נאמען פון ארט.

בלוט און א „וואױלע" — רײט אויף פערד, טרינקט שאמפאניער, קלײבט זיך אין לובלין און אין ווארשע, ווערט פארשוואונדען אויף גאנצע מעת־לעת'ן אין וועלדער אויף פיקניקס... און דרײ יונגע אפיצערען, וואס דרעהען זיך ארום איהר — מאכען חובות... שטעלען אוים וועקסעלעך... צום טערמין טוישט מען די וועקסעלעך... און אזוי לאנג ווערט געטוישט, ביז מען מוז אמאל צאהלען...

פאר זיי האט זיך דער טשאסאוואי, א פרישער סאלדאט פון קאסטראמא, א פויערן־יונג — געקאנט דערשרעקען...

די שטאדט ווייסט, אבער נישט דער שלאס! בפרט, אז איינער פון די דרײ לעב־יונגען איז דער אודיטאר אין פאלק...

דעם קאסטראמער גבור ווארפט מען קודם כל אין קאסעמאט ארײן... איבערן וועג פאלען אויפ'ן האלב־דערשטיקטען, פאר שרעק האלב טויטען סאלדאט קלעפ ווי האגעל, מיט די שווערדען, מיט די קאלבעס — פארשוועכט דעם כבוד פון גאנצען פאלק! פון דער גאנצער ארמײ! דער שלאס קלערט אלץ: וואס טוט מען? איז דער סאלדאט שוין צוויי טעג אויף ברויט און וואסער, נאר אהן ברויט און וואסער... און ערשט צום דריטען טאג באווייזט זיך אונזער אודיטאר אין דער באגלייטונג פון סאלדאטען מיט ריטער... מען שמייסט, און דער אודיטאר פרעגט און פארשרייבט...

דער סאלדאט זאגט: אידישע גנבים... געקומען פלוצלונג... בארוועסע... דעם זאק פון הינטען פארווארפען... ער האט זיי קיינמאל פריהער נישט געזעהען... נאר אידען... בארד און פאות... און — —

פארגעהט אינ'ם בלוט...

אלץ איינס, — אונטערשרייבען סיי ווי סיי נישט געקאנט. דער אודיטאר שרייבט אונטער און שיקט צום פאלקאווניק דעם פראטאקאל... כתוב וחתום.

שיקט דער פאלקאווניק נאך די סאלדאטען, וואס זענען דערביי געוועזען.

— איהר האט געהערט?

— טאק טאטשנא!

— וואס?

— ער האט געשריבען...

— וואס האט ער געשריבען?...

הויז גע'גנב'עט? י. מ.'ס א (פארלוירענער) זוהן... וואס האט איהם טאקע, דעם פאטער, אז מען האט איהם, צוריק פאהרענדיג פון ווארשע, אין וואלד געכאפט, אין קעשענע א רוסישען פאס געפונען, און אין די שטיוועל — א קאנטראקט צוצושטעלען היי און האבער פאר קאזאקען — פון דער תליה אראפגענומען! גראד אנגעקומען...

און פונדעסטוועגען — פאדריאדען! מען טרעפט זיך מיט אפיצערען אין רייטשול... אידישע טעכטער זענען חנו'דיג... א ביכעל א רוסיש בארגט מען... אפילו מיך הויבט מען אן צו לערנען רוסיש... נאך „פקד־פקדתי", נאך „אלענדארף" אויף דייטש, מוז איך אנטלויפען פון גרעטשס גראמאטיק, און פון לעהרערס (א „שרייבער" אין פאלק) מויל, פון וועלכען עס יאגט „סיבוכא..."

עס שפינט זיך עפעס, און פלוצלונג — דאס שפינוועבס רייסט זיך אבער איבער!

נעקומען א בלבול!

— — — — — — — — — — — — — — — — — — — —

צווישען אונז און די אפיצערען שטעלט זיך א וואנט און זי וואקסט...

אין גערטעל פאר'ן שלאס, וואו די אפיצערען וואוינען, שטעהט צווישען די קליינע גרינע בוימלעך, די קאסע פון פאלק. באוואכט, פארשטעהט זיך, פון א זעלנער, אין שווערד און ביקס באוואפענט. קומט ווער אין זיינע ד' אמות — שיסט ער!

און איינמאל, פארטאג, מען קומט איהם אביסקעווען, מיין סאלדאט מיט'ן קיווער, מיט'ן גאנצען געווער ליגט אין א זאק געבונדען. די קאסע — אויפגעבראכען, דאס אייזערנע קעסטעל מיט'ן געלד — פארשוואונדען!

דאס אייזערנע קעסטעל געפינט דעם זעלבען טאג א פויער אונטער דער שטאדט, אויפגעשלאגען און אין גראז אריינגעווארפען.

וויים די גאנצע שטאדט, וואס דאס אלץ באטייט:

דער פאלקאווניק — אן אלטער מאן, לאנגע שפיציגע וואנסען, א געגאלטער אלטער קאפ, [illegible] אויגעלעך, א נאכגעשלעפטער פוס, — דער פא[illegible]; מילך און

גרויסען שפּיגעל אין דער מאַכאַנעניער רעם; אויף די שויבען פון פענסטער... זיי בארגען ק—נ'ס קליינער, בלאָנדער, שטילער טאַכ־טער רוסישע ביכלעך... זיי „ביוועו" זעהר אָפּט, נאָכפרעגענדיג אויף די ווייבער אָדער „גלאַט אַזוי" אין דערמאָנטען מאָדע־מאַגאַזין פון דער אלמנה מיט די צוויי בונרת'ן און (וואָס איך האָב נאָך נישט דערמאָנט) דעם זוהן — יונה'טשע...

אויף די טעכטער, ווי געזאָגט, רעדט מען... זיי זענען אויך דער יצר־הרע פון נישט איין ישיבה בחור: „ווען א גרויסער, קנאַקענ־דיגער פראָסט, ווען מען פאָהרט מיט איינער פון זיי, אַלץ איינס מיט וועלכער, אַליין אין א בויד... קאַלט, זי מוז זיך צורוקען... נעהנ־טער, נעהנטער..." און יונה'טשע—מוקצה מחמת מאוס... א דיקער, און אראָפּגעזעצטער, א רויט פּרצוף, א געגאָלטע מאָרדע, האַלט אין איין אויסקראַצען זיך מיט די נעגעל די וויינפּערלעך פון דער געגאָלטער מאָרדע... „שילאַטען־שמש" ביי די אַפּיצערען, טראָגט „בריוועלעך" און חבר'ט זיך מיט דינסט־מיידען.

— פוי! און שטילערהייט — אביסעל מקנא...

סיי ווי סיי — א פרעמדע וועלט. און דאָך עס הויבט זיך אָן שפּינען א שטיקעל באַציהונג... נישט חס ושלום קענען פּאַלאַ־קען... פּאַלאַקען זענען מיר הייסע! ווי לאַנג איז, ווי מיר האָבען תהלים געזאָגט פאַר'ן נצחון פון דער צווייטער מרידה?!

קיין פּוילישען חיל, קיין באוואפענטען פּאַלאַק האָבען מיר פאַר די אויגען נישט געזעהען. פון לעמבערג איז א געהיימע דעפּעשע געקומען (דער פּאָסט־קאַסטען איז א לאָך אין מויער פון א פאָר־טשענע־אַרקאַדע), אַז זאַמאָשץ איז גענומען; עס איז אפילו נישט באַלאַגערט געוועזן. אפילו פון זייגער־גאַניקעל האָט מען אַרום און אַרום קיין באוואפענטען פּאַלאַק נישט געזעהן... זענען מיר אינגלעך, חדר און בית־המדרש־אינגלעך, פּויליש חיל געוועזן! און אינגאַנ־צען שונא געהאַט: א בחור, ערשט פון ביאַליסטאָק צו א בעטער געקומען; א בלינדען אויף איין אויג. האָבען מיר איהם טאַקע שיער נישט אויסגעקראַצט דאָס צווייטע, און אַזוי, איין מאָל, דיביינער געבראָכען, אַז ער איז חדשים לאַנג געלעגען און קוים זיך אויסגעלעקט... און ווער איז דער פּוילישער נאַטשאַלניק פּאָ־וויאַטו? ווער שיקט אַרויס אין וואַלד אַריין ברויט מיט קליידער צוזאַמענגעקליבענע, און אַמאָל אויך אביסעל אַמוניציע, פון צער־

עסען אמאל א מיטאג אין ק—נ'ס וויינהאנדעל אויף דער „ברו־קאוואנע" גאס.

בלייבט דאס פויערן־פאלק ארום, וואס קומט זונטאג אויפ'ן מארק, זונטאג און יעדער חגא נאך אין קלויסטער אריין. — א שטיל אונטערטעניג פאלק... ערשט פון דער „פאנשטשינא" באפרייט; די אלטע בענקען נאך נאך איהר, ווי מיר אמאל, נאך מצרים צום פלייש־טאפ, די יונגע — ווייסען נאך נישט, מיט דער פרייהייט וואס צו טון, לעבען נאך אונטער דער השפעה פון די אלטע, פון וועלכע מען קריגט נאך פעטש, אויב מען גריסט נישט דעם פריץ מיט'ן קאפ צו דער ערד, אהן א היטעל, צו די קני צופאלענדיג... אין שטאדט זענען זיי עפעס אפהענדיג, אומרוהיג־שרעקיג, קאמיש־שטאלפערנדיג אויף טרעפ. געפעהרליך ווערען די יונגע לייט נאר דאן, ווען זיי קומען צו דער „סוברעוויזיע" — בין המצרים: צוגענומען, פון דארף־רעזשים באפרייט, אין מיליטערישע נאך נישט אריין, — מאכט מען „סוקצעסען", א ריס א איד ביי א פאה, א כאפ א ביינגעל ביי א זיצערין; אויסגעהאקט א שויב אין שענק... און ווידער שטיל און מיט דרך ארץ פאר'ן איד, וואס איז ערשט נישט לאנג נעשטאנען צווישען איהם און דעם פריץ. אין דארף איז מען מיט מאשקען „כל ולך". אהן איהם נעהט מען צו קיין רופא נישט, ראט מען זיך מיט קיין אדוואקאט נישט, — און ער איז אויך אפט דער בורר אין דארף...

מיט'ן „חם" זיך אסימילירען?

בלייבט דאס מיליטער אין שטאדט.

דעם סאלדאט לאזט מען אפילו נישט איבער דער פארטשענע. „א מזיק, לקחנ'ט מיט די אויגען..." די אונטעראפיצערען, די פעלד־פעבעלס, שוין לייטישער, זיצען ביי מענדעל שענקער אין באזונ־דערען אלקער און לאזען זיך שמעקען די אידישע פופיקלעך מיט די העלזלעך, וואס ווערען דארט געבראטען. פארטרינקען זיי מיט י"ש און — רעדען אז די טאכטער צו שמד... קוים באפרייט זי...

קיין „געזעלשאפט" איז דאס מיליטער נישט...

בלייבען די אפיצערען...

מיט זיי האט מען שוין מגע ומשא... זיי טרינקען וויין ביי ק—נ'ען אין וויין־הויז, צוברעכען נאכ'ן טרינקען די גלעזער, קריי־צען אויס זייערע נעמען מיט די דימענטענע פינגערלעך אויפ'ן

ביי שטעלען פון דינע, שווארצע קעלבאסעס און חזיר־פעטס... אין דער טיף פון דער לינקער פאדטשענע צום מאגיסטראט—א קריסט־ליך הויז פאר אלטע; שיטען זיך אמאל פון דארט ארויס אלטע גוי׳עס (מענער זעהט מען נישט), געהויקערטע, בלינדליכע, גע־בויגענע, שווארץ געקליידטע, מיט שווארצע ציפקעס אויף די קעפ, שווארצע קרייצען אויף דער ברוסט, שווארצע „פאטשארקעס" אויף שווארצע שנירלעך — אויפ׳ן האלז. און עס געהט, און שטאל־פערט, און ברומט עפעס בייזלעך, און מורמעלט עפעס — צום קלויסטער צו און צוריק...

אז אפטער גאסט אין שטאדט איז: „דיעדע". א מולער פון פארשטאדט. א הויכער, שטענדיג שכור, שטענדיג שלעכט גע־נאלט, א האריג געל פנים, ווי איין ערשט אפגעשניטען פעלד, — געהט איבער די פאדטשענער, מיט די פארנעבעלטע אויגען, עפעס אין דער לופט זוכענדיג, גלייך, פאר זיך, און קרוע־בלוע, אפ־געריסענער לייוונט... שטאלפערט מיט די לאנגע קרומע פיס, אי־בער וואס עס ליגט אויף דער פאדלאגע, פארטשעפעט מיט די אומ־געלומפערטע הענט בייגעל און אויבס אויף די שטעלען, און שילט מיט שוים איבער׳ן מויל, און קיינער הערט נישט ווען. מען זאגט: ווייב און קינד, וואס האבען איהם זיין געלט, וואס ער האט מיט מולעריי פארדינט, אז ער איז א שכור געווארען, צוגענומען; מיט׳ן הויז, מיט א שטיק פעלד, און איהם אליין געלאזט הפקר...

רעכטע פריצים האבען מיר נישט. איין ארדינאט זאמיאסקי, ווייזט ער זיך נישט... קומט, זאגט מען, אמאל אויף „קבר אבות" אין ווייסען קלויסטער אריין, וואו זיי ליגען אין אייזערנע, שטא־לערנע, בראנז־ און זילבערנע טרומנעס אין די קעלער, און הענגען אין דער הויך אין קלויסטער אלס פארטרעטען אין דעליעס, מיט א מין שטריימלעך אויף די קעפ און געלע שטיוועל אויף די פיס. אפט קומען זיינע פאסעסארען. אמאל, זאגט מען, זענען עס אידען געווען, איינציגווייז ארויסגעשטופט, איין י. מ. ביי א פאסעסיע געבליבען. קומען זיי אמאל אויף רייט־ און פעלד־וועגעלעך, קויפען עפעס איין, מענער — אין די אייזען־געשעפטען, די פרויען — אין קאלאניאל־האנדלען, אמאל אויך אין איינציגען מאדע־מאגאזין, וואס עס האלט א אידישע אלמנה מיט צוויי דיקע איבערגעוואקסענע טעכטער (אויף וועלכע מען רעדט; אפיצערען קומען אריין) און —

דער דאָקטאָר סקרשינסקי, דער גוט־האַרציגער, נאָר לעבער־ליך צאָרניג־שוימענדיגער אַלטער „אינטעליגענט" — אויך — אַ ווייב אַ:ן דריי טעכטער, אויך — שוואַרצע נעכט. און ער אַליין — אויסגעהוועבט. נאָכ'ן עקזאַמען דאָס בוך פאַרמאַכט און מעהר נישט געעפענט. פאַרזאָרגט זיין פּאָר, געדענקט אויסענווענינ. קומט אין שפּיטאָל אריין, געהט דורך צווישען די צוויי רייהען בעטען, וואַרפט אַ בליק, הייסט ווייזען און באַקוקט די צונג, — רעכטס, צוריק־צו ווענס — לינקס, און לאָזט זיך אין קאַנצעלריי אריין. דער פעלשער נאָך, קומט צום טיש, פאַרשרייבט מיט אימפּעט עטליכע דרייסיג רעצעפּטען מיט אמאָל און — „מאָש, פּשאָקרעוו"; גיט איבער דעם פעלשער...

וואָס עס איז געשעהען אין דער מעדיצין נאָך זיין עקזאַמען, — נישט זיין זאַך. שפּעטער, אז מיין רייכע קאַלטע מוהמע, מיט די בריליאַנטען אין די אויערען, מיט'ן קעלנערעל, אויסגענעהט מיט פּערעל, י. מ...'ס קליין שמייכעלדיג ווייבעל, וועט קראַנק ווערען, און מען וועט אראָפּברענגען אויף אַ קאָנסיליום אַ באַריהמט־הייט פון וואַרשע, און די באַריהמטהייט וועט אויסהערען דאָס האַרץ, — וועט זיך סקרשינסקי נישט איינהאַלטען, כאַפּען די פּלאַ־כע האַנט פאַר'ן מויל און ארויספּלאַצען מיט אַ געלעכטער:

— קאָלעגאַ, דו גלויבסט אויך אין די שוואַרצע קונצען?

ווענען נאָך?

איך געדענק נישט מעהר. אַ שבת־גוי? דאַכט זיך, גאָר אַ שבת־גוי'ע....

עפּעס אַ „לאַפּיי" — אזוי רופט מען אַן אַלטע, נישט גאַנץ ביים שכל'דיגע, גרויע, אזוי גערופענע „לאַפּיי", וואָס געהט איבער דער שטאָדט נישט אויפ'ן גאַנצען געשטעל פון פוס, נאָר אויף די שפּיץ פינגער, מיט די פוס־באַלען קאַפּויר, מיט'ן גרויען קאָפּ. וואָסערדיגע אויגען און האַלב אָפּענעם מויל, מיט צוויי קרומע ציין, און מיט'ן קאָפּ ארויף, גלייך — צום הימעל מיט אַ טעמפּער טענה: צו וואָס האָסט דו מיך באַשאַפען? צו וואָשען פּאָדלאָגעס?

— בין איך אָבער נישט זיכער, צי איז לאַפּיי נישט קיין אידיש קינד...

וואָס נאָך? אויף דער לאַנגער פּאָדט־שענע זיצען אַלטע גוי'עס,

פון דער שטאָדט זייט — אָפּען, הינטען — דרייקאַנטיג אָרומגע־מויערט מיט הייזער, וואו די אָפּיצערען וואוינען. צוויי דורכ־גענג, נישט זעהר צוגענגליכע, צווישען די הייזער, ביי די ווינקעל, וואס פיהרען צו א פאַסע אראָפּ, צום צעך־הויז, צום פּלאַץ פון קוילען און הארמאַטען. און דאָס אלץ לויפט צו צום קאַסעמאַט ביי דער שעברשינער בראַם, וואס איהר האָט הינטער זיך, לינקס. — אויף דערזועלבער, האַלב רונדער ליניע, — דאָס שמאָלע וועגעל, צום סמאַטריטעלס הויז, צום טייך; דער אָפּיצערען־קלוב — די בלאַגאָראָדנאַיע סאָבראַניע. — פאַר'ן קלוב — די רייטשול, און ווייטער, ביז דער לעמבערגער בראַם ווידער — וואלען, קאַזיאָנע געביידען א. ד. ג.

אָרומגעקריידט.

דער אַפּטייקער, וואס פאַרקויפט מיט א שטיל־שמאָלצער איינ־געהאַלטענקייט פון אַן אַפּגעקומענעם שררה — מעדיקאַמענטען (דאָס מעהרסט געהט „ווינער־טרענקעל" און ביטער־וואַסער) און זיצט זיך, אויב ער האָט צייט, ביי זיך, אויפ'ן גאַניקעל אין מאַרק אריין, און בלעטערט א בוך מיט בילדער פון אַלט־פּוילישע מלכים. זענען די שויבען־טירען אין שטוב אריין אָפען. הערט זיך פון דאָרט די פּיאַנע. דאָס ווייב און צוויי טעכטער שפּילען. זענען דאָס ווייב מיט ביידע טעכטער העסליך, ווי דריי אויסגעצויגענע שוואַר־צע נעכט, און שפּילען נישט שעהן. — דער זוהן זיינער, וואס וועט איהם אמאָל פאַרטרעטען, שטודירט נאָך ערגעץ.

דער קוימענקערער־מייסטער, וואס וואוינט אין הייזעל מיט'ן גרויסען הויף לעבען דער רייטשול; פאַרברענגט די ווינטער־אָווענ־טען שפּילענדיג מיט'ן ווייב (קיין קינדער נישט דאָ, ווענינגסטענס — אויפ'ן אָרט) אין טערטעל־מערטעל. זעצט און פלאַנצט פריה־לינגס־צייט זיין גערטעל אין הויף, און באַווייזט ער זיך זומער אמאָל אין מאַרק, אויף דער פּאַדטשענע, בליהען איהם די אויגעלעך, רויטלען זיך די בעקעלעך, און מאַכען מאַכט ער טריטלעך, ווי אויף ריסאַרען; ווייכע, האַלב־רונד געהויבענע, — ווייכט מען איהם; האָט א שוואַכקייט — זיך צו קושען! נישט זיין שולד; נאָר זיין „באַהאַלטען" ווייבס, וואס קיינער זעהט פאַר די אויגען נישט! אזא ווישניאַק שטעלט זי איהם. „א־כ־פּ־ה מעט"; רעדט א פּאָר ווערטער אידיש!

דער נ ע ב ר ו י ד וועט זיין!

אפילו ראש־חדש רעטעכלער באווייזען זיך ביי אונז (אזוי ריהמט מען זיך) פריהער ווי אומעטום, אזוי שפעטער אלע פרוכ־טען. מעגליך, ווי עס פאלט מיר יעצט איין, אז דארום רופט מען אונז, ווי שוין דערמאנט: „זאמושצער פרעסער!“

די השכלה, אז זי וועט זיך באווייזען, וועט ביי אונז קיין אסימי־לאטארישע פארבען נישט טראגען. עס קען ביי אונז טאגען. עס קען זיין, אז גאלדענפאדען האט רעכט, קלאפענדיג אין די לאדען: עס איז שוין לאנג טאג! מען דארף, עס איז שוין צייט ארויס־צוגעהן אין גאס. אבער אין גאס ווארטען אויף אונז די אומות העולם נ י ש ט, פון נעארעמט שפאצירען און געמיינזאמע כא־ראוואדען איז דערווייל ביי אונז נישט וואס צו רעדען...

קליין פאריז איז א באזונדער, שארף־אפגעגרענעצט וועלטעל.

עס פאלט גארנישט איין, זיך מיט עמיצען צו מישען, און עס איז נישטא מיט וועמען!

א באזונדער אידיש־בעל־בת'יש קעניגרייך. א פיער־עקיגער מארק (אונטערגאסען קומען צו שפעטער) מיט א שתי וערב פון צוויי ברוקירטע גאסען. שטעלט איהר אייך, למשל, אין מיט שטאדט, אויפ'ן פונקט, וואו די ברוקירטע גאסען לויפען זיך צו־זאמען, מיט'ן געזיכט צום מאגיסטראט מיט'ן זייגער־טורם, — האט איהר ארום זיך די גאנצע, שארף אפגעגרענעצטע, רוהיג־בעל־בתישע מלוכה.

האט איהר: פאר זיך — א שמאל געסעל צום טארג; פון טארג — אויך א שמאלס, צו דער לובלינער בראם.

רעכטס, עטוואס הינטער זיך — די לעמבערגער בראם... אמאל — נ א ה נ ט געוועזן לעמבערג. היינט דארף מען אן אויסלענדישען פאס, אהין צו קומען. מיר זענען יוצא מיט טאמא־שאוו, פון פאר דער גרענעץ, אין ד ע ר ר ע ז י ד ע נ ץ פ ו ן „ש מ ע י ש ר א ל“.

צווישעןביידע בראמען, אין און איבערן וואל — קאזארמען. קאשארען גרויסע, פעסטע, מיט רויטע ציגעל באזעצטע, געדעקט מיט אייזען.

לינקס, פיהרט די ברוקאוואנע גאס צום שלאס. א גערטעל,

חוזק!

„מען נעמט א ליכט, מען מעסט אוים די הויך מיט דער ברייט — דעם גאנצען פארנעם פון פלעמעל. דערנאך נעמט מען און מען רוקט פאמעלעך, פאמעלעך פון זיך אפ דאס ליכט, למשל: אויף ד׳ אמות, און מען מעסט איבער... זעהט מען, אז דאס פלע־מעל איז, אויף ד׳ אמות. אויף אזוי פיעל און אזוי פיעל קלענער געווארען, ווייסט מען, אז אויף ד׳ אמות ווערט א פלעמעל אויף אזוי פיעל און אזוי פיעל קלענער. טיילט מען דעם מהלך צו דער זון אויף ד׳ אמות, א פשוט׳ער חלוק, און מען טאפעלט מיט דער צאהל פון קלענער ווערען... א פשוט׳ער כפל...

פלאצען מיר ארוים מיט א געלעכטער:

— און ווי מעסט מען דעם מהלך פון דער זון?

אויך פשוט, און נעמט א שמעק טאביק: א פשוט׳ער חשבון, נאר פארקערט... אז מען ווייסט, ווי גרוים די זון איז און ווי קליין זי זעהט אוים, דאס מעסט מען שוין מיט׳ן אויג — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — —

עס הילכט א ניי געלעכטער. באליידיגט, פארשווייגט ער און נעמט זיך צום לערנען.

דער ויכוח שמעקט, ווי איהר האט געווים באמערקט, מיט „בערנשטיין..."

ווי קומען מיר צו בערנשטיין?

## 5.

השכלה. א בלבול. אברהם מאנים. צוריק השכלה.

„הנצנים נראו בארץ!" — עס שמעקט שוין אין „קליין פא־ריז" מיט השכלה...

דערפון אין די ווייטערע פרקים!

„הנצנים נראו בארץ" — עס הויבט אן שפראצען אין פוילען־לאנד.

און דארפען זיך באווייזען נייע שפראצונגען, איז (נאטיר־ליך, אויסער ווארשע), זאמושץ די שטאדט מיט פולען רעכט אויף בכורים!

דאכט זיך, גארנישט...

און עס גלוסט זיך נישט דערמאנען. גוט, אז אויסגעלייזט, פריי געווארען...

אבער נישט אויף לאנג. „ווערסט לערנען אין דער היים" — (שלעכט!) „א פאר שעה אין טאג" (אה!) ביי ר' אברהם יהושע... דו און... מען רופט מיר אן א חבר, מיט וועלכען איך האב ווירקליך א קורצע צייט געלערנט, און קען מיך יעצט בשום אופן נישט דערמאנען, נישט מיין חבר'ס נאמען, נישט זיין געשטאלט, און נישט וואס מיר האבען צוזאמען געלערנט. בכלל פליהען מיר אין קאפ ארום גאנצע סוגיות, גמרא־שטיקער, אבער ביי וועמען געלערנט און ווען? געדענק איך נישט.

ר' אברהם יהושע איז פריהער דיין געווען. פארוואס אויס דיין געווארען? אז איך פרעג, פארשווייגט מען. האט אפילו קיין גליק נישט צו בוררות. מען נעמט איהם נישט גערן. א „דרעה־קאפ!" זאגט מען. א למדן איז ער. פון די גריבלער, און האלט פון איינענעם קאפ עולם ומלואו... פון אויבען אויף — א גרויסער ירא שמים. נאר עפעס גלויבט זיך נישט... א קורצזיכטיגער, לאנג־קעפיגער, פארטאביקטער איד אין אן אלט כפאדיקעל מיט לעצ־לעך. ביי אונז אין שטוב הענגען צוויי פארטרעטען, פון טאטען צופעליג ערגעץ אויף א ליציטאציע געקויפט, נאפאלעאן דער דריטער און זיין ווייב — די יפהפיה, די קיסר'טע עווגעניע. הענגען מיר איבער די יפהפיה אויפ'ן ירא־שמים'ס זייט: ווארפט ער א בליק, ווענדט איהם ראש אפ און קוקט שוין נאר צו דער קעגענ־איבערדיגער וואנט, וואו מיר האבען געטוישט און אויפגעהאנגען נאפאלעאן. צו־מארגענס — הענגט עווגעניע צוריק אויף איהר ארט... ער בריהט ווידער זיך אפ, קוקט שוין נישט אויף די ווענט...

קומט אבער צו „קענטעניטשען". קריכט שוין זיין גאוה ארויס פון דער שייט אינגאנצען.

שפראכען? הבלים! ווען ער זאל וועלען קענען א שפראך, נעמט ער א ווערטערבוך און לערנט עס אויס, אין א חודש צייט, אויסענווענדיג, קען ער די שפראך...

— און אייערע חכמות!

—רבי, ווי אזוי, למשל, קען מען וויסען, ווי ווייט עס איז פון אונז די זון?

מארק — געפראפט. פול קעפ — די פענסטער, פול דעם אפטיי־
קערס באלקאן... קליינע מענשעלעך — אויף די דעכער, ארום די
קוימענס*). „דוד׳ל גנב" קריכט ארויף אויף א בלעכענע רינע..
מען באמערקט עס:

— די רינע וועט זיך אפרייסען!

שפרינגט ער אראפ, ווי א קאץ...

פלוצלונג — א שטילקייט פון פאר שופר בלאזען, דער היצעל
כאפט ארוים די חתימה, די מוזיק גיט א שמעטער, די חתימה
ווערט צוגעלעגט צום זינדיגענס שטערען, דערנאך צום נאקעטען
עלענבויגען...

ווערט מיר פלוצלונג קאלט, כ׳ציה ארויף די קאלדרע, איך
ציטער אינגאנצען, עפעס א האנט, (א הארטע, דער רביצענס!)
טאפט מיר דעם שטערן...

— פנחס׳ל, פנחס׳ל.... היץ האט ער!

— — — — — — — — — — — — — — — — — —

געזונט ווערען, צום זמן איז קיין סך נישט געבליבען, שיקט
מען מיך אפ, ר׳ פנחס׳ל דארף סיי ווי סיי פאהרען כשר׳ן מיהלען
אויף פסח. און אזא תלמיד דארף ער נישט. פון מיין קרענק
אבער דערצעהלט מען נישט, און מען שיקט מיך אפ מיט א גאנץ
פעקעל מסירות. „עס איז פון מיר נישט אויסצוהאלטען. אמת
משוגע". פאקטיש, וואס מען האט געמסרט, געדענק איך נישט.
עס האט מיך ב א ל ד נישט אינטערעסירט, אבער ווארט ביי
ווארט פאלש. מיך צו פארטיידיגען האב איך קיין צונג נישט
אין מויל. דער טאטע שרייט אביסעל, וועט ער זיך אויסשרייען.
די מאמע וויל אביסעל וויינען, ווארפט אבער אויף מיר א בליק,
זעהט מיין רוהיגקייט און ציהט צוריק די טרערען; דאכט זיך,
אומבאוואוסט איבערצייגט, אז — נישקשה...

אין בית־המדרש רעדט מען אביסעל. דערנאך אינטערעסירט
מען זיך מעהר צו וויסען, וואס און ווער ר׳ פנחס׳ל איז... איך וויים
נישט, וואס צו זאגען, כמעט איהם ניט געזעהען אדער פארגעסען.

— וואס האט ער מיט דיר געלערנט?

---

*) אויך „דריי מתנות".

א זעלנער א קאנטאָניסט... א גאנצען טאָג ליגט ער אין דרויסען, מיט די אויגען פארקוקט און די אויערען אויסגעשפּיצט צו די בית־המדרש־פענסטער צו... נאך זאָרים, אז די וואך געהט אויף און אָפּ, פאר'גנב'עט זיך דער קאנטאָניסט אין בית־המדרש אריין און זעצט זיך לערנען...

מען האָט איהם אמאָל געכאפּט, אויפ'ן פלאץ, צווישען וואך און בית־המדרש, „סקוואָז סטראָי" געטריבען... בלוט האָט געשפּריצט, ער האָט קיין קרעכץ נישט געטאָן... מיט'ן איינגעשפּארטען שווייגען דעם אָפיצער, וואָס איז דערביי געשטאַנען, אין צאָרן אריינגעבראכט: וואָט זשיד! א קאָמאנדי־ר געטאָן: זשיוועי, רעביאטא! האָט זיך ערשט אָנגעהויבען א שמייסעניש... ווי אין די „דריי מתנות"... אין בית־המדרש האָט מען גע'חלשט... די קלאָג אין עזרת נשים, וואו ווייבער זענען זיך צוזאמענגעלאָפען, איז אין לשער — „כל נדרי" איז גארנישט!

אכציג ריטער האָט ער באקומען און פארשוואונדען... ערגעץ פארשיקט געוואָרען...

און איבער די „וואסערען" פון די פּאסען, הינטער אלע דריי בראָמען, — דריי אייזערנע הענגעל־בריקען אויף קייטען... פאר'ן עפענען די בראָם לאָזט מען זיי אראָפּ, פאר'ן פארמאכען ווערען זיי אויפגעהויבען...

פלוצלונג ענדערט זיך דאָס בילד, און איך זעה „שעלמעוועץ" א פארזינדיגטען אין מיט'ן מארק... איך בין נאך א קינד, געה אהיים פון דרדקי־חדר און קען אהיים נישט קומען. „מען וועט שעלמעווען..."

אין מיט'ן מארק שטעהט א טיש, אויפ'ן טיש ברענט, אין עפּעס א כלי, א פייערל. אויפ'ן טיש שטעהט דער האלב־נאקעטער פארזינדיגטער... ביי איהם — דער היצעל (הונט־שלעגער, תלין). ער האלט מיט דער לינקער צו דעם זינדיגען, און אין דער רעכטער — א הילצערנע שטיל פון א חתימה, וואָס גליהט אין פייער... עפּעס א מיאוס שרעקליך וואָרט שטעהט אויף דער חתימה. גנב, צי רוצח... איך געדענק נישט... ארום טיש — דער גארניזאָן מיט דער מוזיק, ארום מיליטער מיט דער מוזיק — עולם... שטאָדטלייט. „מיעשטשאַנעס" פון די פארשטעדט—קינד און קייט, אפילו פויערים מיט פויערטעס, וואָס זענען צופעליג פון דאָרף געקומען. דער

פה־אל־פה, און נישט: „סלוכיי, זשידקו!“ נאָר מיט גרויס דרך־ארץ...

און די עלטער באָבע האָט א געוועלב געהאַט, א גרויס געשעפט פון קאָלאָניאַל סחורה, טאַקע מכל טוב און — מעבר לים... סחורה פון לייפּסק: היינט האָט דאָס געשעפט בירושה מיין פעטער אינ׳ם הארטען קאַפּעליוש, ווי דערמאָנט — דער שפּעטערער זאַמלער פון מיינע היימיש־געבאַקענע שירים. און איז דעם געוועלב — הערט, וואָס א אידענע א צדיקת קאָן! — זענען געוועזן אָפּגעטיילט צוויי שופלאַדען: איינס מיט ראָזשינקעס, דאָס צווייטע מיט מאַנדלען, פאַר ארעמע לייט. דער גאַנצער פּדיון — אויף צדקה! און קומט אריין אַן אייגען קינד און וויל א ראָזשינקע, קריגט עס איבער די הענטלעך; מוז עס אריינוואַרפען אין באַזונדערען שופלעדעל פאַר אָרעמע לייט א גראָשען... א פּרוטה. (דאַמאָלט נאָך פּרוטות געגאַנגען).

און ווערט שטיל, אָדער איך דרימעל עטוואָס פעסטער איין. בויט זיך אויף פאַר מיר „מיין“ און מיין זאַמאָיסקי׳ס זאַמושץ — דאָס קליינע פּאַריז. און, ווי דערמאָנט, אויסגעמישט מיט׳ן עלטערען זאַמושץ, פון וועלכען איך האָב קינדווייז געהערט.

און איך זעה זאַמושץ נאָך אלס פעסטונג אין איהר מאַכט, פּראַכט און ארומגעוואָרפענער שרעק... ארום — נישט פאַרלאָזטע, נישט אָפּגעשיטע, נישט אָפּגעשטאָכענע וואַלען; צווישען וואַלען און וואַלען — פּאַסען מיט וואַסער; טיף, קלאָר וואַסער... א זעלנער, פון א דאָרף אין טיף רוסלאַנד, האָט זיך אַמאָל אהיים פאַרבענקט, אַנטלאָפען פון קאַזארמע, געוואָלט אריבערשווימען דאָס וואַסער, צו שווערע שטיוועל געהאַט, און — דערטרונקען געוואָרען. ארום, אויף די וואַלען — הארמאַטען, קאַרטעטשען, דריי און פיער עקען מיט קוילען, — מען טאָר אויף זיי נישט ווייזען מיט א פינגער! עס געהט אויף און אַפּ אויף דער וואַך א באַוואָפענטער זעלנער, און גיט מען א ווייז מיט א פינגער — „פיף־פאַף!“, געשאָסען, און לית־דין ולית־דיין! ס׳קומט אזוי!

די בראָמען זענען נאָך בראָמען. אין דער פריה בלאָזט א טראָמפּייט, עפענט מען. פאַרנאַכט שפּילט מען „זאָרים“ — פאַרמאַכט מען... די לובלינער בראָם איז ווי־זאָ־ווי צו די בית־המדרש־פענסטער... צווישען דער וואַך אין דער בראָם איז פאַראַן

— א וואונדער! אז א יונג לויפט ארום גאנצע טעג... ר' פנחס'ל איז דאך שטענדיג א פארטראכטער, אזא למדן! און איידער ער קוקט זיך אום, והילד איננו! (שקר, ער קוקט זיך גאר נישט אום!) זוכט מען (אויך זעלטען אמת). וואו געפינט מען איהם? הינטער דער שטאדט. וואו איז ער, דער בחור? ביים וואסער, אויף דער לאנקע אויסגעצויגען. קוקט אין הימעל אריין אדער מיט'ן פנים צום גראז... אדער רוקט זיך ביז צום ראד פון דער וואסער־מיהל (מיין יונגענמאנס שווערס ארענדא). און „אז ער גיט א קאַ־לער זיך ווייטער? און אז א קוה, וואס פאשעט זיך, וועט איהם געבען א כאפ אויף די הערנער? — ווער וועט זיין שולדיג?“

און נאך .און נאך. א מאסע קליינינקייטען: דורכגעלאפען די פארטשענע און, מעשה שטן, פארטשעפעט זיך אן זיין קנאפ מנחם־מענדעלס בת יחידה'ס צאפ... ווערט א געשריי: מזל־טוב! מזל־טוב, חתן כלה! די וויבערישע צונג האט דאך קיין ביינער נישט! געהט דער יונג, שטרעקט אויס די הענט צום מיידעלס קאפ — האלט זיך איהם גלייך פאר'ן פנים און זאגט: אדרבא, א שעהן מיידעל! געהערט אזוינס!...

— און מיינט איהר — געהט מען איבער, נישט אהן גדלות, צו מיין אפשטאמונג! — מיינט איהר „אבי ווער?“ — פון א שטיין? אין גאס געפונען? פון פאטערס — ר' יודעלס צד — אויסגעוווייקט אין תורה, אין גדלות, אין עשירות, ביז צום רבין ר' העשעל!...

א שפרונג, ווייל פון דעם צד נישט „באהאוועגט“. פאר דאס אויספיהרליכער פון דער מאמעס צד, — זאמושץ! —

און איך ווער געוואר (אויב אמת), אז מיין עלטער־זיידען פון דער מאמעס צד האט מען גערופען „דער סטאראסטער“. „ר' לייבוש סטאראסטער“; איך היים נאך איהם — דער משוגע־נער לייבוש! (איך פאל דאך ביי מיר נישט אפ!) און פאר־וואס האט מען איהם גערופען סטאראסטער? ווייל ער האט זיך גע־פיהרט ווי א סטאראסטא, ווי א שררה! געהאט זיך זיין באזונדערע שטוב, נישט קיין אלקער! רויט געפארבטע טיש און בענק־לער, געטראגען זיידענע זאקען, גערעדט דייטש ווי א וואסער, און אז עס איז געקומען דער שררה זאמאיסקי, דער ארדינאט, וואס האט זאמושץ געבויט, פלעגט ער איהם רופען און רעדען מיט איהם

מאמעס באוועגונג, נאר אזוי אומגעלומפערט און (וואס נאך מיאוס'ער איז) א כאפ דעם פארטוך צו דער נאז.

און אפט באקום איך צו הערן, ווי די רביצין רעכענט זיך, ביז שפעט אין דער נאכט אריין, מיט שכנגת, מיט וועלכע זי האט געקויפט און פארקויפט בשותפות א מציאה...

הויבען הויבט זיך עס אן שטיל, זעהר שטיל... גלייך שטילע פייערלעך צישען, שלענגלעך ווארפען זיך איבער צישענדיג (דאמאלטדיגער איינדרוק; וואו איך האב דעם אויסדרוק גענומען, ווייס איך נישט!) און אלעמאל: טסס... דאס איננגעל שלאפט. אדער: „וועקט נישט דאס משוגעת'ל", און „ר' פנחס'ל שרייבט תורה!" פלוצלונג — א הויך ווארט, באלד א גראבס, און נאך און נאך...

— „גנב'טע, גזלנ'טע"... א קללה א שארפע... און שטענדיג מיינט „מיין" רביצין... און: שא, שא!

זי גיט נאך! איהר געלט, זייער נשמה! לא'מען נאר איהר פנחס'לען נישט וועקען... און דעם „תכשיט", וואס קען אהיים שרייבען א בריף...

און עס ווערט רוהיגער... און, נאך די חשבונות — גלאט א גערייד... מען געניצט, און עס פעדימט זיך איין א שמועס. דאס מעהרסטע רעדט די רביצין, וואס זיצט ביים קוימען־אויוועז, נישט ווייט פון טיר און מיין געלעגער. און רעדען רעדט זי פון איהר קינפטיגער שנור פערעל און שפעטערען חלק לעולם־הבא—פון איהר ר' פנחס'לען. און — גאנץ אפט פון מיר...

דאמאלט ווער איך אינגאנצען וואך. עס אינטערעסירט מיך. איך ווער פון איהר זעהר פיעל געוואר און דערמאנט. איך טו פיעל זאכען אונבאוואוסט און פארגעסען פארגעס איך נאך מעהר.

זי רעדט, שטריקענדיג א זאק, אדער צערענדיג אן אלטען בגד. אנדערע טוען דאסזעלבע; מען געהט נישט פון שטוב ארויס, אהן אן ארבייט אין בוזעם. און אלע אינטערעסירען זיך מיט מיר, מיט'ן „תכשיט", מיט'ן „משוגעת", מיט „די גרויסע, ברענענדיגע אויגען". „ווי ברענענדיגע הבדלות", האט איינע פארגלייכט; איך האב עס גענומען אין „מאניש" אריין. און די רביצין רעכענט אויס מיינע שגעונות. דערצעהלט, ווי איך רייס אלץ פון מיר אראפ. ווי איך שלייך אפ די אפצאסען פון די שטיוועל. „אפילו דאס היטעל צורייסט ער..."

ראָר פון א מיהל. דער פריץ האָט זיך געענדערט, אָנגעהויבען פאַרלאַנגען הוספות. דאָס געשעפט איז ערגער און ערגער געוואָרען, דער מילנער — בדיל הדל. און מיין יונגערמאַן איז געקומען זעהען זיך עפּעס א געשעפט, מפרנס צו זיין — זיך, ז י י ן ווייב און קינד, און דעם אַלטען שווער מיט'ן הויז־געזינד. אַן אַנדערער מענש. דאָס פּנים האַרט־ביינינג, אין די אויגען — דאַגת פרנסה, שרעקיגע דאגת פרנסה... איך האָב מיט איהם מיטלייד און דאַך מייד איך איהם אויס. איך האָב אין האַרץ א שעהן בילד פון א געליעבטען מענש; ביי יעדען טרעפען זיך מיט איהם ווערט דאָס בילד טונקעלער, פאַרשאַטענטער, און איך וויל עס היטען ווי אַן אוצר... מייד איך איהם אויס...

שטעה איך אויף, ווי געזאָגט, פיער פאַרטאָג, און ביינאַכט שלאָף איך זעהר שלעכט. דאָס פעסעל־וואַסער קיהלט מיר דעם קאָפּ; וויל איך איבערדרעהען דאָס געלעגער; מיין שוואַרצע רביצען פּאַטשט מיט די הענט:

— אַזאַ משוגעת, מיט די פיס צו דער טיר וויל ער ליגען...

שלאָף איך און שלאָף נישט, און הער אַלץ, וואָס אַרום טוט זיך. הער איך, ווי ר' פּנחס'ל געהט אויף און אָפּ אין זיין אַלקער, אָדער סקריפּעט מיט דער גענזענער פעדער איבער'ן פּאַפּיר, אָדער שטעלט זיך אַרויף אויף א בענקעל און זוכט א ספר אין הענגענדיגען וואַנט־שענקעל... אביסעל „אַנגעריהרט" בין איך שוין, קלער איך, וואָס זוכט ער: א „קולא" צי א „חומרא"? — געשריבען אָבער האָט ער פּשט'לעך... געוואָלט אַרויסגעבען א ספר מיט פּשט־לעך פאַר בר־מצוה'ס און חתנים... ווי געזאָגט, פאַרלוירען געגאַנגען!

די רביצען קלאָגט זיך אַמאָל:

— ער זאָל מיר עס אַמאָל צוהעלפען צו דער אַרבייט...

און ער ענטפערט אין דער דריטער פּערזאָן:

— זאָג איהר, אַז איך וועל מיין ספר ענדיגען, וועל איך איהר קויפען פּערעל...

די שוואַרצע האַריגע רביצען, מיט'ן וואַרצעל (וואָס איך דערזעה נישט) אויפ'ן שטערן, רויטעלט זיך פאַר נחת, די אויגעלעך גיבען א פינקעל, פּערעל האָט א אידענע ליעב, תורה — אויך! און ניט זיך, זיך נישט אויסצוגעבען, א ווענד אָפּ צו דער וואַנט... מיין

צום שרייבען בריף, ביז היינטיגען טאג! צוווייטענס — עס שמעקט מיט מסירה! דריטענס, אז „זיי" האבען מיך אוועקגעשיקט, איז נישט זייער דאגה... פאראן נאך א פערטענס — און דאס איז דער עיקר — איך בין איהם דאנקבאר פאר'ן חבר. דעם עלטערן חבר האב איך ליעב באקומען אהבת נפש. מיט פרייד כאפ איך מיך אראפ, פיער פארטאג, פון געלעגער. און לויף צום חבר... און ווארט אפ זיין קומען מיט יונג־הארץ־קלאפעניש! לערנען, לערנען מיר „זבחים", און איך קריג ליעב, צוליעב איהם, די סוגיא... א יונגער מאן, וואס דערמאנט מיך מיין פעטער שמואל־לייבוש מיט די בלויע, טאנצענדיגע, דינע אדערלעך ביי די שלייפען. יענער האט אויך ליעב צו לערנען פארטאג. איך בין אמאל קראנק גע־לעגען ביי דער באבען אין דער גרויסער שטוב. און יעדען פאר־טאג זיך איינגעהערט, ווי ער לערנט, שטיל, שטיל־זינגענדיג. דער יונגערמאן, מיין חבר, לערנט אויך הארציג. די שטימע — ווייך, סאמעטען, פארגנבעט זיך אזוי צום הארץ. און שווארצע, שווארץ־ולאנצענדיגע פאות געלאקטע האט ער. און כאפט אפט אן עק פאה אין מויל אריין. דורך די רויט־זאפטיגע ליפען, צווישען די מילך־ווייסע ציין. און אויגען אונטערן שטערן, היינט וואלט איך געזאגט: „פייכט פארבענקטע", דאמאלט: „אזוינע גוטע, גוטע..." „גוט" און „טרויער" איז דאמאלט ביי מיר דאסזעלבע. און באקען עטוואס געלבליכע, פארשאטענטע, נאר מיט אפגלאנצען פון די „גו־טע" אויגען... איינמאל, לויפענדיג אזוי פארטאג אין בית־המדרש אריין, האב איך דערזעהן א „רוח". ער האט זיך געוויגט אין דער לופט, אראפהענגענדיג פון א פענסטער אין איין אלט הויז... „נישט דא קיין רוח", וויים איך! דאס הארץ אבער קלאפט, דאס בלוט פולסירט אבער — איך זעה דאך פארט... דאס האלט מיך נישט אפ. איך לויף פארביי, נישט צום מקום קדוש, נישט צו „זבחים", — איך וויים יעצט באשטימט — צו מיין „חבר"... זיינע אויגען רופען מיך... שפעטער האט זיך אויסגעוויזען: עמעץ האט ארויסגעהאנגען א העמד צו טריקענען... אבער מיין שרעק, און דער לויף פאר דעם שרעק — זיין צערטליכקייט!...

אין עטליכע יאהר ארום איז דער יונגערמאן געקומען קיין זאמושץ, זוכען פרנסה. זיין פאטער איז שטענדיג געווען אן ארעמאן און געטאן מיט איהם א געלט־שדוך, מיט א רייכען ארענ־

— אז מען זאגט משוגע, גלויב!

— — — — — — — — — — — — — — — — — — —

ווייסט שוין שעברשין אויך פון מיין משוגעת, פון מיין פאר־חלומ'טקייט. טוען אלץ קאפויר. און ווער עס וויל, נעמט אין בית־המדרש א שטיקעל קרייד, מאכט אויפ'ן טיש א ראד. אין מיט'ן ראד — א פינטעלע. ארום ראד שרייבט מען אויף אלע מעלות טובות, וואס א מענש קאן האבען: א גוטער קאפ, א גוט הארץ, א גוט אויג... און אין מיטען,ביים קליינעם פינטעלע — „משוגע..."

„אביסעל משוגע וואלט נישט געשאדט, נאר, אז דאס משוגעת איז אין דער מיט, און אלע מעלות ארום, — איז אלץ משוגע..."

דערווייל איז דאס ווייבעל געזונט געווארען, אפגעפאהרען געזונטערהייט. ר' פנחס'ל — געקומען, דעם אלקער פארנומען...

ליכט, צו באלייכטען דעם אלקער, נעמט מען ביי מיר; נישט ער, די רביצען... יעדעס מאל זאגט זי: „ר' פנחס'ל זאל וויסען, וואלט ער מיר די קאפ אפגעריסען..." איך באמערק, אז עס איז „צום גראם", און בין איהר מוחל... אבער לערנען אין אלקער לערן איך זעהר זעלטען. ביי טאג איז ר' פנחס'ל דאס מיינסט פאר־נומען מיט בוררות'ן... פאהרט אמאל אויף א טאג אין א בוררות ערגעץ אין א דארף, צי אין א נאהנט שטעדטעל אריין. ביינאכט האט ער אין אלקער התבודדות, טרעט אויף און אפ, אדער זיצט און שרייבט „חדושי תורה..." א מחבר — ר' פנחס'ל! אמאל, זאגט מען, וועט די וועלט א גרויס ליכט דערזעהען, א גרויס ליכט מק"ק שעברשין... דאס ליכט האט מען נישט געזעהען... ר' פנחס'ל איז געקומען אין זיין צייט צו קבר ישראל, — וואו די „חדושי תורה" זענען אהין געקומען, — איך האב מיך שפעטער נאכגעפרעגט, — ווייסט קיינער נישט; אפילו די רביצען נישט... און איך לערן אהן איהם. „דער עיקר — זאגט ער — איז דאס לייענען... דאס לערנען פאר זיך. דאס שארפען זיך אליין דעם מח... צום רבי'ן דארפען מען קומען מיט ספקות, מיט שאלות... מיט „הדבר הקשה..."

„און דער עיקר לערנען איז פארטאג... מאימתי..."

און ער טוט זיך זיינס ביי מיינע ליכט אין אלקער גאנצע נעכט, און מיר שאפט ער א חבר, צו לערנען פארטאג אין בית־המדרש... אהיים דערפון שרייב איך נישט. ערשטענס — פויל

— יאַ, יאַ! זאָגנו אָבער קען איך נישט, קלינג איך מיט דער האַנט אין קעשענע.

— אסך, אסך... נו, אינגעלע, דערווייל זעץ דיך... ביסט דאָך מיד פון וועג. אָט דאָ, אינגעלע! דאָס בענקעל שאָקעלט זיך נישט...

זי זעצט מיך.

— און דאָ, זעהסטו ביי דער וואַנט, צווישען דער שאַנק און דעם פעסעל וואַסער (פון אַלקער הערט זיך קרעכצען. זי: באַלד, באַלד, טאַכטערשי, איך לויף שוין אָקעגען דעם דאָקטאָר! —) דאָ וועט זיין דיין געלעגער. איך וועל דיר פיין אויסבעטען. און דערווייל (אַ קרעכץ און — באַלד, באַלד, אותו הרגע... ס׳אינגעל איז דאָך הונגעריג!) אָט זעהסט, אַ שיסעלע ציבעלקעס, ערשט געמאַכט; געוואוסט, דו קומסט. און רעטער אביסעלע, שוויצט פון זאַלץ... עס, עס... איך לויף נאָר אָקעגען דעם דאָקטאָר, ברענג איך דיר נאָך אַ גלאָז מילך... אָט אן אייער־קיכעל. זאָלסט דיך נישט דאַרפען וואַשען.

זי פאַרשווינדט. דער הונגער טוט זיינס, איך וויל אויך „פאַר־רעסען" דאָס קרעכצען פון אַלקער... איך עס, און די טרערען (פאַר־וואָס?) רינען מיר פון די אויגען איבער די באַקען אין שיסעלע אריין... אָבער — פאַרוואָס האָט מען עס מיך פאַרטריבען פון דער היים? וואָס האָב איך אַזוינס געזינדיגט? — איך וויל נאָכקלע־רען, דערמאַנען זיך, פאַרטראַכט זיך און קען זיך נישט דערמאַנען. פאַרטראַכטערהייט, אויפגעגעסען דאָס גאַנצע שיסעלע, עס וועקט מיך אַ שרעקליכער דורשט. געוואוינט שוין אביסעל צו דער פינס־טערקייט, דערזעהע איך אויפ׳ן טיש אַ גלאָז מילך. מיין איך, די רביצין איז שוין געווען, געבראַכט, און איך האָב נישט געהערט. כאַפּ איך, טרינק אויס, — און, דאָס גלאָז נאָך אין דער האַנט, — די רביצען, מיט אַ גלאָז מילך!

— אַ בראָך איז צו מיר! אַ קלאָג איז צו מיר!

צוויי גלעזער פאַלען; פון מיין האַנט און איהר האַנט. צוויי קלונג און געפּלאַצעריי. אַ טויט־שרעק־געשריי פון אַלקער...

עס ווייזט זיך אויס, אַז איך האָב אויסגעטרונקען דאָס גלאָז מילך, וואָס מען האָט אָפּגעצאַפּט פון דער קראַנקער ברוסט, צו ווייזען דעם דאָקטאָר.

די רביצען, ענדליך, זאָגט:

שווארצען נעדאנקען. און דוקא א העלע און גאלדענע — פון א שווארצער, וואס האט מיר א שטראל אין הארץ אריינגעווארפען, פון נאך א שווארצערן אויג... די זעלישע ליניען און פארבען פאר־דעקען פאר מיר די אויסערליכע ליניען און פארבען פון קערפער... די רביצען האט געקענט גאנץ אנדערש אויסזעהן...

נאר, ווי זי האט נישט אויסגעזעהען, זי נעמט מיך אראפ, מיך מיט׳ן קעסטעל, רייסט אונז ביידע קוים ארויס פון צווישען א קרענצעל ווייבער, וואס האט זיך שוין ארום אונז פארזאמעלט... פון די ווייבער פליהען צו מיר ווערטער:

— ר׳ יודעלעס... ריוועלעס... זוהן... עלטסטער זוהן... אהער געשיקט... מן־הסתם — סחורה! צו ר׳ פנחס׳לען — ער וועט איהם שוין מאכען פאר א לייט... א שאלה... א יונג בוימעל...

— אבער, וואס פאר אן אויגאנעס! זעהט! זעהט! —

לאז איך די אויגען אראפ. און די רביצען פיהרט... און זי פיהרט מיך אריין אין א פארשאטענטער שטוב, — נאר א טיר מיט א פענסטער אויף דער טונקעלער פאדציענע ארויס... אין שטוב, קוים איך דערזעה — קוימען־אויוועו, א טיש און א לאנגע באנק, א פאר בענקלעך... ביי די ווענט — זעק... גרויע, וויינענדיגע ווענט (פונקט מיין הײם, מיין אויסגעמאלטע, ליכטיגע...) זעק מיט קאר־טאפעל, פון איינעם אביסעל אויסגעשיט... הויפען ציבעלעס, מע־רען... זי ציהט מיך ווייטער, אין א נאך פינסטערער שטוב אריין, וואס ציהט איהר ליכטיגע חיונה דורך אן אפענער טיר אין ערש־טען צימער אריין, און האט נאך א פארמאכטע טיר צום אלקער...

— ר׳ פנחס׳לס אלקער, ציגד פארנומען... מיין טאכטער, נע־בעך... מיט גאט זיין הילף... געזונט אפפאהרען די טעג. ר׳ פנחס׳ל וועט קומען... אין אלקער וועסטו לערנען מיט איהם תורה...

דאס קול איז אויך שווארציך און האריג, און פארגעסט נישט צוצוגעבען:

— ליכט, אינגעלע, וועסטו קויפען...

און גיט עפעס א וויסטען שמייכעל אין דער פינסטער:

— נישט אמת, אינגעלע, די מאמע האט דאך דיר מיטגע־געבען קליין־געלט...

און דרינגענדיג:

— יא?

שטאדט ארויס, און לאזט זיך ברענגען א ציינעניש, אז עס זענען זיינע אייגענע פערד. אבער „רע־פוילין", דער שומר וועט צו־לעגען נאך און אויגען צום חותם מיט דער חתימה און פרואווען. און אפשר נאך א פרעג טון: אפשר געפעלשט? און ר' זלמן שענ־קער וועט דער מוטערס מילך אנטרינען, — שיקט ער דעם אייגע־נעם שליח נאך אמאל אויף דער ניי־שטאדט און קויפט אויס אן ערלויבעניש צו פאהרען אויף א געדונגענער פוהר... און איז זיך מישב: „רע־פוילין", און שיקט צום דריטען מאל אויף דער ניי־שטאדט ארויס און לאזט זיך ברענגען די פאסט...

דאס פאהרט ער קיין שעברשין...
מען טראמפייטערט — טרא־טרא־טרא...
און, אינמיטען טראמפייטערען:
— טפרו־ו־ו! — — —

---

אנגעקומען...

דער לאנגער איד כאפט זיין פעקעל און ווערט נעלם אין דער פארשאטענטער הילצערנער פאדציענע,*) צווישען קלייטען, שטעלען און שרייענדיגע ווייבער... ר' פנחס'ל, האט זיך אויסגע־וויזען, איז נישט אין דער היים... געקומען פון דארף א זויגענדיגע טאכטער, וואס איז קראנק געווארען אויף דער ברוסט, צו א דאק־טאר און פארנומען זיין אלקער... איז ער אויף די פאר טעג אוועק צום איידעם אין דארף אריין: קאצקער האבען פיינט עצבות, מחלות, געקרעכצערייען...

מיר מיט'ן קעסטעל נעמט אראפ די רביצין. א שווארצע, האריגע, הויך־געוואקסענע אידענע...

א מאמר המוסגר: מחויב צו גלויבען זענט איהר מיר נישט. איך מאל נישט קיין מענשען, נאר זייער אפבילדונג אין מיר, און די אפבילדונגען זענען זעלטען ענליך צום מענש; איך מיין: צום אויסערליכען פון מענש. עס בלייבט ביי מיר א שווארצע פאָ־טאגראפיע פון א בלאנדען מענש, וואס האט מיר ארויסגעזאגט א

*) פאָד־טשיעין — פויליש — אונטער'ן שאָטען.

זאל ער זיך דערמאנען און פרעגן, וואו לייבוש איז. ער פרעגט נישט, מאכט קידוש. קוקט אויף מיר, און רעדט נישט א ווארט. איך בין קראנק, און ער מיינט, איך שלאף. קוקט מיט גרויס בארמהארציגקייט. ער וואלט געקרעכצט, נאר שבת... עס מוז מיר זיין ערגער. דעריבער שטעהט מיר די מאמע צוקאפענס. פאר־וואס לענט זי מיר נישט די האנט אויף'ן שטערן? זי וועט עס טון, זי מוז עס טון. אניט, וועל איך מיך צוואויינען! — דער־ווייל וואשט מען זיך; דער טאטע, דערנאך דער אורח. נעמט ער, דער אורח, אונזער גרויסע, שווערע, צוויי־אויערענדיגע פולע קור־פערנע קווארט אין איין האנט אריין, גיט מיט אמאל א גאס אויף דער צווייטער, — שעפט אן פון פעסעל, טוישט די הענט — ווי־דער מיט אמאל א פולע קווארט וואסער. און אזוי דריי מאל... ביי אונז טראגט וואסער דאס קראנקע קליינע אייזיקעל, וואס איז מפרנס מיט וואסער־טראגען א ווייב מיט אכט קינדער, און נעמען נעמט מען ביי אונז נישט פון דער קאן, נאר פאר דער וואך; דאס פעסעל טאר נישט זיין לעדיג... מאכט די מאמע, וואס שטעהט מיר צוקאפענס, שטיל צו זיך, נאר איך הער:

— פרום אויף אייזיקעלס חשבון!

דעם טאטענס „א וועלט זעצט מען נישט איין", און דער מאמעס: „פרום אויף אייזיקעלס חשבון" — די צוויי זאמען, די צוויי קערנדלעך, וואס מען האט מיר, אין דער יונגער נשמה אריינ־געווארפען, זענען קיינמאל נישט פארלוירען געגאנגען. שטענדיג, שטיל און באהאלטען, געשפראצט און אין אלע מיינע זאכען אויס־געשפראצט...

דערווייל אבער עסט מען אהן מיר.

בין איך ווירקליך אזוי קראנק?...

אבער, איך פאהר נישט קיין שעברשין! קראנקערהייט אודאי נישט! ווי די פלייצעס ברעכען, אבער צו וואס שעברשין? קיין שעברשין פאהרט ר' זלמן דער שענקער. צום ברייט־הויז, הייוועז באשטעלען... דינגט ער ביי ישראל זשראנאווער די פוהר. איז דאך אבער „רע־פוילין" — מוז מען דאך פאהרען אדער מיט דער פאסט אדער מיט איינגענע פערד, אדער אפצאהלען שטייער צעהלענדיג — שיקט ער אין מאגיסטראט אריין, אויף דער ניי־פאר נישט נוצען די פאסט... יא, „רע־פוילין" — זיפצט ער, דער־

ברענגגען פון האלז... איך ליג שוין מיט קאפ און אקסעל אויפ'ן געזעם...

...אן איינפאל! גע'חלומ'ט, איך פאהר קיין שעברשין! וואס איז, פארשיקט האט מען מיך? דער טאטע האט מיך געלאזט? די מאמע — פיינט געקריגען?! איך בין אין דער היים! אויף דער סאפע ליג איך, ביים פענסטער. זעה, ווי דער עולם געהט איבער דער גאס אין מרחץ. דער „תם" מיט'ן בעזעמעל, די „בהמה!..." באלד נאך שבת, וועל'מיר איהם אונטערשיקען נאך א כתב־רבנות פון ערגעץ א שטעדטעל, וועט ער לויפען אהיים צום ווייב מיט א בשורה, און בעטען רשות, צו פאהרען...

אבער פאר וואס ליג איך? מן הסתם — קראנק. יא, די פליי־צעס ברעכען מיר אזוי. עס מוז אבער נישט זיין געפעהרליך. דער טאטע איז רוהיג אוועקגעגאנגען צו קבלת שבת, און די מאמע נעמט זיך צו בענשען ליכט. א שעהנע צוויי פאר זילבער לייכ־טער מיר האבען! דער עיקר די הויכע פאר, די מיט די רייזעלעך און קריינדאלעך... די מאמע בענשט ליכט ערנסט, אוי, ווי פרום מיין מאמע איז! און דאך בין איך זיכער, אז זי קוקט אויף מיר פון צווישען די פינגער... אזוי, גלייך, קוקט זי אויף קיינעם נישט... קוקט און שמייכעלט אודאי... אט, שטעהט זי שוין ביים צווייטען פענסטער... ליכט אפגעבענשט און קוקט אוים דעם טאטען. לכבוד שבת: אין שטוב אין דער טערקישער שאל; די לאנגע אויריננגלער ציטערען איהר אין די אויערען. וויל אפווישען די פארהויכטע שויב, דערמאנט זיך: שבת, און טוט עס נישט. אין גאס איז פינסטער, און דעם טאטען וועט זי דערקענען אינ'ם גאנג... אז זי דערזעהט איהם, רויטעלט זי זיך שטיל, שטיל און ווענדט אפ, זעצט זיך אין א ווינקעל, מיט א האלב פנים צו דער וואנט... פארוואס קומט נאך דער טאטע נישט? שטיקער ליכט שוין אפגעברענט... פאר־רעדט זיך אודאי... קלייבט זיך אן אורח צום טיש... און אט — עס עפענט זיך די טיר...

— גוט שבת, גוט שבת! דער טאטע — פרעהליך, נאך איהם דער אורח — עפעס גרילעכציג און גרעבליך. די מאמע ענטפערט שטיל: „גוט שבת, גוט יאהר", און געהט איבער דער שטוב און שטעלט זיך מיר צוקאפענס. איך ענטפער נישט, מיר האט דער טאטע קיין „גוט שבת" נישט געזאגט, ער האט מיך נישט געזעהען!

— ראז־דוואַ, ראז־דוואַ!

מיין הויכען שכנ'ס קול:

— פּע!

„אַ אינגעל פֿאָהרט צו ר' פּנחס'לען, תורה לערנען... זוייסט, קונדאס איינער, ווער און וואס אזוינס ר' פּנחס'ל איז? ר' פּנחס'ל איז אַן אַלטער קאַצקער..."

„אַן אַלטער קאַצקער" אינטערעסירט מיך. איך פֿאַרשווייג. פּ. ג. פֿאַרשווינדט. איך וויל הערען; אַ מאָדנע פֿאָלק — די אַלטע קאַצקער... מען קען — און מען לערנט נישט, דבקות — און מען דאַוונט נישט... דער לאַנגער איד אָבער האָט נישט וואס, צי ער קען נישט דערצעהלען... עס פֿאַלען איינצעלנע, טרוקענע ווערטער מיט אַ הייזעריגען צו־פּייף: פּיש, פּיש! „ר' פּנחס'ל, פּיש, פּיש! אַ קאַצקער פּיש־פּיש..." און איך ווער האַלב פֿאַרדרימעלט, און אויפ'ן אָרט פֿון פּ. ג. געהט שוין איבער'ן וועג „ר' לייבוש צימעלעס". דער לאַנגער, קליינבערדיגער, בלאַסער איד, מיט די אויסגעלאָשענע אויגען, מיט דער באַשטענדיגער ליולקע־ציבוק צווישען די פֿאַרגעלטע ליפּען... דער שווייגענדיגער, פֿאַר'יתום'טער, אַלטער קאַצקער, וואס געהט שטענדיג אויף און אָפּ איבער'ן בית־המדרש, פֿון ארון־קודש ביז'ן פֿענסטערעל צו דער שמש'טע, מיט'ן ביטערען טראַפּען און אייערקיכלעך צום פֿאַרבייסען (זעה „הציץ ונפגע"), און — צוריק... מאַנכמאָל שטעלט ער זיך אָפּ ביים פֿענסטערל, פּויקט אַן מיט אַ פֿינגער, שטיל, פֿויל און פֿאַרבענקט, באַקומט אַ קעלעשיקעל מיט אַ קיכעל... טרינקט אויס, פֿאַרבייסט אַ פּיצעל קיכעל... און ווידער — אויף און אָפּ... און קיינער פֿאַרהאַלט איהם נישט, דער גרעסטער קונדאס טרעט איהם אָפּ פֿון וועג. מען ווייסט, ער איז דער יתום פֿון זיין דור, ער האָט מיט אונז נישט וואס צו טון, האָט אונז גאַרנישט צו פֿרעגען, גאַרנישט צו דערצעהלען... פֿאַראַן נאָך איינער אַ קאַצקער, אין זיינע יאָהרען, נאָר יענער איז אַן עושר, האַלט אַ מאָס'ע שענק... (ר' „בערעל" פֿון די „רייזע בילדער") נישט זיינס גלייכען...

און אָט געהט ער איבער'ן שאָסיי. וואוהין? מן־הסתם קיין קאָצק... אויף קבר אבות... איבער'ן וועג קיין שעברשין? בלאָנדזשעט ער... איך וויל רופען צו איהם, און קען דאָס קול נישט אַרויס־

— סטייטש, ר' פ., אין אייערע יאהרען — דריי מייל...
— איך געה צו פוס נאר א וויארסט...
— און דערנאך?
— דערנאך — נאך א וויארסט און נאך א וויארסט... און אזוי, ביז איך קום קיין שעברשין.

און געהן געהט ער ווי אבא חלקיה אויפ'ן וועג — בארוועס, מיט די שטיוועל אויף א שטעקען איבער די אקסעל. דער שאסעע האט שארפע שטיינדלעך. א פוס הייך זיך אליין אויס, א שטי־וועל מוז מען שיקען צום שוסטער! און שפרייזט! מארשירט, ווי א זעלנער אין פראנט, און קאמאנדירט זיך אליין:

— ראז־דוואַ, ראז־דוואַ, ראז־דוואַ! „מפני — זאגט מען, אין זיין נאמען: שהקול יפה להליכה... „אומות העולם האבען שכל".

ווייס איך, אז איך פאהר אויך פ. ג.'ס וועג.

און קוים אזא טראכט געטאן, דערזעה איך איהם! ווער איך אינערליך פארגאפט, ווי שארף און בולט איך זעה איהם! אט געהט ער... גלייך מיט דער פוהר. עפעס טראכט ער, געוויס מאכט ער לפ"קען, אדער חשבונ'ט אזוי... די ברעמען — די לאנגע, די געלע און שטעכעדיגע — איבער די אויגען אראפ. איך האב קיינ־מאל זיינע אויגען נישט געזעהען, און ווייס נישט, וואס פאר א קאליר זיי האבען געהאט... נישט ב א ה א ל ט ע ן האט ער זיי, אז אפענער מענש געווען, — אן אפענער, גערעכטער און פעס־טער מענש! — נאר אזוינע לאנגע, געלע, שפיציגע ברעמען גע־האט, וואס האבען נאך לענגערע שאטען געווארפען.

מיט יאהרען שפעטער, אז איך בין אויף זיין לויה געווען, ער ליגט אם ראנד פון קבר, און מיך כאפט פלוצלונג אן א ווילדער פארלאנג, צו זעהן זיינע אויגען. „אם לא עכשיו אימתי?" — די לעצטע רגע, דער קברן שפרינגט שוין אין אפענעם קבר אריין — איך מוז איהם אפדעקען. שטארט ארויס פון דער ווייסער סוויווע א שטיק זילבערנע בארד און לאזט מיך נישט... איך וויל א ריהר טון מיט דער האנט, א זילבערהאר גיט א ציטער...

דערווייל געהט ער, מארשירט ער... א קורץ, פעסט אידעל, די פאלעס פארקאשערט. די הענט, רעכטס, לינקס, רעגעלמעסיג געווארפען, נאר קאמאנדירען קאמאנדירט ער זיך נישט.

טו איך עס פאר איהם, הויב אן:

דער עיקר קומט איהם חשבון צונויף צום פלינקען לפ"קען מאכען. א שוואכקייט האט ער צו לפ"קען. גאנצע בריעף שרייבט ער מיט לפ'קען, שטעגרייף; „וואס א שורה — א לפ"ק!"

און זאגען זאגט ער, אז ווען ער דארף שרייבען אזא בריף, לעגט ער זיך שלאפען, כאפען כאפט ער זיך אויף שוין מיט גרייטע לפ"קען; „דער קאפ ארבייט ביי איהם אין שלאף!"

איינמאל איז ער אפילו ארויסגעטראטען מיט זיין חכמת החשבון והמדידה פאר דער וועלט; אינ'ם ויכוח צווישען גבריאל יהודה ליכטענפעלד און סלאנימסקי, מיט אן אפענעם בריף פון ליכטענפעלד'ס צד...

יורי האט איהם בעסער געדינט, נעגעבען פרנסה, נישט די גאנצע; דאס ווייב האט עפעס א געוועלב. אבער ער פיהרט גאנץ אפט פראצעסען, שרייבט „פראשבעס", פאהרט צום אסעסאר קיין שעברשין. אין דעם פאך איז ער א גרויסער בעל נצחון, טרעט נישט אפ. דער אמת מוז ארויס ווי בוימעל אויפ'ן וואסער. קיין פאלשען פראצעס וועט ער נישט אננעמען; די עהרליכקייט אליין. האט ער, דערצעהלט מען, געפיהרט צוועלף יאהר נאכאנאנד א פראצעס ווענען א פונט פוטער. די פראצעס־קאסטען האבען דערגרייכט ביז זעקס הונדערט, זאג ארויס: זעקס הונדערט גילדען: „אזוי פיעל, וויפיעל עס האט געקאסט דאס הינטעל, וואס דער (רייך־געווארענער) פעלדשער האט געקויפט ביים סמאטריטעלם פלונית'טע..." וועלכער צד האט געזאלט די קאסטען באצאהלען, ווייס איך נישט...

סיי ווי סיי דערצעהלט מיין חבר יצחק'ל גאנץ אפט:

— מיין טאטע איז געפאהרען —

און עפטער:

—מיין טאטע איז געגאנגען קיין שעברשין...

פ. נ. פיהרט זיך פראסט, נאטור־מעסיג.

„א איד — זאגט ער — דארף זיין געזונט, ווי א פויער".

און איהם — זאגט דער עולם — איז זעהר ליכט צו זיין געזונט: „כאפט זיך אויף ביינאכט, און כאפט אריין א מאן־קיכעל" (און מיינט: א גאנצע חלה) און — אומגעוואשען! (ער האלט נאר פון מים אחרונים — חובה). געהט דער איד דריי מייל קיין שעברשין צו פוס...

ער נישט, הרשענות — מנהג נביאים — אויך נישט. און קען דווקא „פסוק"; גאנץ תנ"ך אויסענווייניג.

און — אן אייזערנער מח... און א מלומד פון זיך אליין. האט איינמאל צופעליג געקויפט אין מארק, ביי א שכור'ן גוי, פאר א צענערל א פוילישען קאדעקס, און האט זיך אויסגעלערנט „פראווע" מיט פויליש צוזאמען! אזוי אויך — געפונען, ערגעץ אויף א בוידעם, א פראנצויזישע מאטעמאטיק. (נאך פון נאפא־לעאנ'ס צייטען, זינט מען טראגט די רויטע פּאלארעגע נאז־טיכלער און מען זאגט „עגאל" און „מאלעער"), און אויסשטודירט פראנצויזיש מיט חשבון און מדירה צוזאמען; דער פון ווארשוי געקר מענער לעהרער לאכט אפילו אין די פויסטען. באשר בכן — דאס פראנצויזישע לשון האט „קרי וכתיב", נישט ווי עס שרייבט און דרוקט זיך, רעדט מען, און פ. ג. לייענט דברים כהויתן... לאכט מען אויס'ן לעהרער. ער קען פלאפלען פראנצויזיש מיט'ן אפּאטיי־קערס ווייב; און דער קען טאקע מדידה!

איהר שפּילט אייך מיט פ. ג.?!

חשבון קומט איהם וועניג צונוץ. אט, אז עס מאכט זיך א שווערע משנה אין זרעים, אז אפילו מיכל שמש (שוין דערמאנט) הויבט אן „שטאמלען מיט דער צונג און פינטלען מיט די אוי־גען", לויפט מען אהיים צו פ. ג. (אין איין וועגס, זיך צוצוקוקען צו זיין התנהגות), און מען הערט שוין קלארע דבורים...

איינמאל איז מען צוריק געקומען און דערצעהלט, ווי אזוי פ. ג. האט זיך ארויסגענומען א שלעכטען צאן. נ י ש ט גע־גאנגען צום רופא. פ. ג. האט פיינט ארויסצואווארפען געלט! גענומען א גרויסען נאגעל, ארייגעשלאגען כמעט ביז'ן קעפעל אין גרויסען טיש אריין. גענומען דערנאך א קורץ שטריקעל, איין עק פארקניפּט ביים נאגעלס קאפ. גענומען א האמער און נאך א זעץ אין קאפ אריין. ער איז ארייז אין בלאט פון טיש. דערנאך ארומגעבונדען מיט'ן צווייטען עק פון שטריקעל דעם שלעכטען צאן... שטעהט ער אזוי א ווײלע אײנגעבויגען איבער'ן טיש, גיט פלוצלונג א ווארף אהינטער דעם קאפּ. דער טיש — א שפּרונג אונטער, דער צאן — א שפּרונג ארויס.

„אפילו זיך נישט אויסגעוואשען דאס מויל און גענומען די משנה, און געזאגט..."

זיין זוהן פ. נ. שטיינט איהם איבער.

גאנצע מעשיות דערצעהלט מען פון איהם, די אויערען ווערען פול.

זענען די מעשיות ווענען פ. נ. וואר? מען דערצעהלט אזוי פיעל נישט אמת... און איך קען פרעגען מיין חבר יצחק׳ל, היינט ארצט אין זאמושץ, און ער וואלט מיר באלד געענטפערט דעם אמת. איך וויל עס נישט טון. ווייל...

ווייל די פאבעל איז שטענדיג ווארהאפטיגער פאר׳ן ווירקליך געשעהענעם; די פאלקס־דיכטונג — פאר׳ן אמת׳ן פאקט... דער מענש פארבויגט זיין ווילען, פארשטעלט זיין אמת פנים און טוט, וואס עס פאסט. דער עולם האט א נאז, דערשפירט דעם תוך און דעם עצם־ענין פון מענש, און דערצעהלט פון איהם דאס, וואס ער וואלט געטאן, ווען ער וואלט געוועזן זיך אליין געטריי; דאס געשעהענע, וואס וואלט, ווען נישט צופעליגע שטערונגען, פון איהם ארויסגעשטראלט...

„אחרי מות קדושים" קומט אויך דערפון. די צופעלינקייטען, די קליינע אבעראציאנען, די „מעשים צוליעב פרנסה", צוליעב כעס, א רגע נצחון — פאלען אפ, פארזינקען אין פארגעסענקייט, און עס קומט ארויס א נשמה, כמעט א נאקעטע... און מען באקליידט זי אויפ׳ס ניי, אין איהרע פאסיגע קליידער, און עס קומען ארויס גאנצע מענשען; גאנצע, שטארקע, נישט וואקעלדיגע שאטען, ווי ביים לעבען...

דאס איז אויך דער צויבער און די ווארהייט אין פאלקס־טימליכע דערצעהלונגען... ווי איבערהויפט דער צויבער און די ווארדאפטיגקייט פון דער „קונסט..."

לאמיר צוריקגעהן צו פ. נ.

פ. נ. איז, ווי געזאגט, אן אפקורס: שפייט נישט אויס ביי „עלינו". היפט איבער די מלאכים פון שופר־בלאזען, בלייבט שטעהן ביי „כורעים". און איהר ווייסט, וואס ער טוט אין דערהיים? דאווענט שחרית, אין טלית ותפלין, זאגט שמנה עשרה, און זיך איילענדיג צו פאהרען קיין שעברשין, פוצט ער זיך אין איינוועגס מיט בארשט און שוה־וואקס די שטיוועל... אויפ׳ן טיש שטעהט שוין ברויט מיט פוטער מיט קאווע, און אז דאס מעסער איז שטומפיג, שארפט ער עס אן אז דער רצועה... כפרות שלאגט

אין שעברשין. דארט זיצט דער אסעסאר, וואס פסק׳עט אי דיני ממונות אי דיני נפשות און האט צו שאפען איבער טויט און לע־בען. פון זאמושץ פיהרט מען צו איהם אין קייטען גנבים... פון טאמאשאוו, וואס ביי דער גרענעץ, אפטרעטענדיג אין זאמאשץ ביים פאוויאט, וואו מען מאכט נאך אמאל א פראטאקאל — קאנט־ראבאנד, ארומגערינגעלט מיט א וואך פון גרענעץ־זעלנער אין גרי־נע לאמפאסען... פון הויף פון פאוויאט האט איינמאל דוד׳ל גנב, אביגדור מלמד׳ס פארלאזטער יתום, אראפגע׳גנב׳עט פון דער פוהר, אין דער וואכ׳ס אויג, א פעקעלע זיידענצייג, און באפרייט א איד, א מאן פון א ווייב און א פאטער פון אכט קינדער, פון תפיסה. דאמאלט האט איהם די שטאדט אלץ מוחל געווען; גענלעט איבער׳ן הימעל, געקניפען, פאר דער קונץ־שטיק, אין בעקעל. און נישט איינער האט געזאגט:

— קום צו מיר אריין נאך א העמד.

אין ציוויל־זאכען פאהרען צו די „ערכאות" בעלי־דינים, וואס די בוררים האבען נישט אויסגעגלייכט, דער רב נישט געקאנט פסק׳ענען, מענשען איינגעשפארטע, נצחונ׳דיגע, — נישט קיין ליי־טישע מענשען...

קיין שעברשין פאהרט אפט מיין חבר יצחק׳לס פאטער פ. ג.

פ. ג. איז א שם דבר. א מושלם („אי־אי, נאך וואס פאר א מושלם, כמעט א מלומד!") און אן אפקורס, אויף וואס די וועלט שטעהט; זיין חלק לעולם הבא וואלט מען נישט געקויפט פאר א דרייער! און ער האט עס בירושה, זיין פאטער איז שוין אויך געווען פון די לייט... א מדקדק, א בעל קורא אין דער וועלט, א חבר פון צעדערבוים, אייכענבוים און אנדערע אמאליגע משכילים...

דאס האט ער עס מיד און מיין חבר יצחק׳ל, זיין אייניקעל, פ. ג.׳ס זוהן, געבראכט צום „מורה נבוכים". מיר האבען גלאט געגישטערט אין די שענק. אראפגעכאפט גראד דעם מורה נבוכים. ער איז גראד דערביי געווען. —

— נישט פאר אייך, קונדייסים, נישט פאר אייערע קעפ!

דאס איז געגוג געווען, מיר זאלען שוין דעם ספר נישט ארויסלאזען פון די הענט און דערנאך האלטען פאר איהם עק־זאמען...

אויגען האָב איך. איך פיהל איהם נאָר מאַגער — אזוי פיעל פּלאַץ האָט ער מיר איבערגעלאָזט אויפ'ן געזעס, שאַרף־ביינינג — אויב ביי א וואַגען־באַוועגונג אונזערע עלענבויגענס שטויסען זיך צו־זאַמען, און הויך, — זיין שטימע קומט אין מיין אויער אריין פון דער הויך. דאָס אויער מיינס איז אָפען: איך האָב נישט געזעהען, ווער עס איז אראָפּגעקומען פון דער היים צו דער פוהר, נאָר איך האָב געהערט, ווי דער איך האָט געזאָגט:

— זאָרג נישט (בלשון אתה — א היימישער איך!) ריוועלע.

— עלי ועל צוארי.

און זיך צום פוהרמאַן ווענדענדיג:

— וויאָ!

די פוהר ריהרט. קולות: פאָר לחיים ולשלום! געמישטע, יונגע און אַלטע. דער טאַטע:

— און זיי א מענש...

קלאַפּט דער וואַגען איבער'ן ברוק פון גאַס, פאַלט אריין אין שאָטען פון קלויסטער, נעמט זיך לינקס, אריין אין טונקעלקייט פון דער שעברשינער בראָם; ארויס אויף דער ליכטיגער שיין, ווערט באַלד שטילער; שוין שאָסיי.

הייסט עס: איך פאָהר. קיין שעברשין. לערנען ביי ר' פּנחס'לען! ווער ר' פּנחס'ל איז און וואָס ער איז, ווייס איך נישט. אפשר האָט מען מיר אויסגעזוכט א תלין? איך דערפיהל א בּיטער־קייט אויף דער צונג. און אינווענינג הער איך א שטימע:

— שאַדט נישט!

שעברשין איז מיר נ י ש ט פרעמד... די שעברשינער אידען רופט מען לגנאי: שעברשינער „פּלאָכטעס". פאַרוואָס, ווייס איך נישט, ווי איך ווייס נישט, פאַרוואָס מען רופט די ניי־שטעדטער: „לעשניקעס" און אונז — „זאַמושצער פּרעסער"; נישט אַלע זענען דאָך מוהמע־פריידעלס, וואָס באַקט שטענדיג קעז־קוכען... ביי אונז אין דער היים עסט מען אַלע טאָג קאַשע מיט יויך...

פון שעברשין האָב איך אפילו פיעל געהערט. זאַמושץ האָט באַשטענדיג מגע ומשא מיט שעברשין. פאַרענגט, ווי געזאָגט, צווישען וואַלען, אלס געוועזענע פעסטונג, וואָס לאָזט זיך נישט צושפּרייטען, האָט זאַמושץ נאָך היינט איהר פּאָסט־אַמט אויף דער ניי־שטאָדט, און דאַמאַלט — דעם אַלטען סאָנד (סוד, געריכט)

אז איינפאהר־הויז, טראקטיר און קלייטעו צוזאמען) ; ערשט אין נידעריג־געבויטעו, שינדעל־ און אויך שטרוי־געדעקטען שעברשין, פלאנצט זיך און שטעלט זיך אויף, פאר מיינע פייכט־פארבענקטע אויגען, מיין געמויערטע, דריי שטאקינע, אייזען־ און דאך־ציגעל־ געדעקטע היים. וואס ציהט זיך נישט אויס אין דער לענג, „ווי אז אפגעשטאנענער פיש", נאר מוז, צווישען וואלען געדרעננט, וואקסען ארויף, צו דער הויך.

איך האב געמוזט באקומען צו זעהען דאס אומגעלומפערט הילצערנע מיסגעבורט פון שטאדט־זייגער אין שעברשין, — איך זאל דערפיהלען די גאנצע הויכע פראכט פון מיין היימישען זייגער־ טורעם, וואס קראצט, ווי מיר האט זיך דאמאלט געדאכט, די וואלקען ! און געמוזט באקומען צו זעהען דאס שטיק „ברכי־נפשי" ארום שעברשין, די „לבשו כרים הצאן" — דאס גרינע טישטוך, באפלעקט מיט'ן בהמה'שען געל און רויט, מיט'ן בריקעל צום וואַ־ סער און צו דער, פון דער עלטער פארשווארצטער און פון מעהל פארווייסטער, וואסערמיהל, — איך זאל באמערקען און קאנען אפשאצען דעם באזונדערען חן פון אונזער „אונטער'ן פעסטונג". וואס איך האב איבערגעגעבען אין „משיח'ס צייטען"; פון קליינע פארשאטענע שפאציר־פלעץ צווישען וואלען, אין דער באהאלטע־ נער „אוציעצקא"*), וואו איך האב געלאזט שפאצירען דעם קאצ־ קער און בעלזער אין „שהשמחה במעונו..." ווי אויך די פייכטע לאנקעס מיט פרעש־זומפען, באשיטע מיט „משוגע'נע גרייפלעך" און קליינע הינעל פון שלאנקע, געלב־גאלדענע קעניגם־קערצען...

עס וועקט זיך דאס ערשט נישט לאנג פארבארגענע, און אין די „זעהענישען" פון דער היים, וואס איך האב ווירקליך מיט איי־ גענע אויגען געזעהען, מישט זיך אריין דאס געהערטע, דאס על־ טערע זאמושץ, פון וועלכען נאר מיין אויער האט פארנומען. שוין אויפגעזעסען בין איך א פארחלום'טער...

מען האט מיך איבערגעגעבען א שעברשינער איד, וואס האט מבטיח געווען, אז ער וועט מיך בשלום צושטעלען צו ר' פנחס'־ לען אין שטוב אריין. — איך זעה איהם נישט ; פארנעבעלטע

---

*) א וועג צום אנטלויפען.

די באמערקונג האט מיר אמאל געמאכט א צופעליגער רייזע־באקאנטער, און דערביי אזוינער, וואס האט, ווי עס האט זיך ארויסגעוויזען אין ווייטערען געשפרעך, געלעזען פון מיינע זאכען וועניג און אויך נאר אין דייטשער און רוסישער איבערזעצונג.

— איהר — האט ער צוגעגעבען מיט א שמייכעל — עסט פילייכט פרוכטען פון בוים אראפ, אונז גיט איהר זייער עקסטראקט. א דאנק, וואס מיט'ן פרישען גערוך.

וואר איז: אויף געגענווערטיגע פאקטען, זאגאר אין פריוואטען לעבען, רעאגיר איך שוואך אדער גארנישט. די פאקטען זענען דאס מעהרסט פאר מיר צו טריוויאל. די מאטיווען געמישטע, פארפלאנטערטע; די פארבען — גרעל, די טענער — צו שרייענדיג, די ליניען — גראב!

אין דער ערינערונג ווערט אלץ פארפיינערט און גערייניגט... אין לעבען בעט איך נאר: זאל דער וואל אריבער! פאר'ן אריי־בערגעהן, פארמאג איך פאר יעדען וואל א גרויסע דאזע מיסטישע רעזיגנאציאן און פילאסאפישע שטאנדהאפטיגקייט. צוברעכען לאז איך מיך נישט. מיין אינערליכקייט היט איך אפ פאר יעדער מינדסטער אריינמישונג. עס רעגענט מיט אל־דאס בייז; אינער־ליך ווער איך נישט נאס... די אלע וואלען אבער, אפגעשוואומען אין לעבען און באנייט אין דער ערינערונג, באקום איך ליעב פון תהו ובהו, „פון אונטער דער באוואוסטזיניגער שוועל" קומען זיי ארויס ריין־גאלדען; פון זאמד גערייניגט און געוואשען...

ווער וועקט די ט ו י ט ע? וואס בלאזט אויף תחית המתים?

דאס מעהרסט ביי מיר — דער קאנטראסט. פון אלע אסא־ציאציאנס־פארמען איז ביי מיר די שטארקסטע די קאנטראסטען־פארם. דער קאנטראסטען־עלעוואטאר איז שטענדיג טעטיג. און דער „זאץ" — דער געגענווארטיגער, בלייבט אויך אמאל שטעהן, — ווערט מיר בולט זאץ און געגענזאץ צוזאמען — א וואג־שאל־בילד. זאל דער לעזער לעגען זיין סימפאטיש געוויכט רעכטס אדער לינקס...

געבוירען און ערצויגען אין זאמושץ, מוז איך, אום זאמושץ צו זעהען, פארטריבען ווערען דריי מיילען ווייט — קיין שעברשין.

ערשט אין דער הילצערנער שטאדט (די איינציגע מויער איז דאמאלט געווען דאס פריצישע איינקונפטס־הויז אין מיטען מארק—

נאָך אויפ'ן וועג, פון ישראל'ס פענסטערל דערזעהענדיג, תוך כדי דבור שפּרינגט איבערן פּלויט א מיידעל, כאַפּט אָן דעם הונט ביים אַקסעל, גיט איהם א שליידער אוועק און פיהרט מיך ארויס צו ישראל'ן...

זיין טאָכטער געווען...

א מיידעל, א יונגס — בלוט און מילך. אויגען קלאָרע, קלוגע און זיסע. א נעץ פון שוואַרץ־גלאַנציגע האָר. א שטיק פּירוש צו שיר השירים... און אזא גבורה... וואָלט אויך געקאָנט קומען פון די לעמפּערט־בערג...

און אז עס מאַכט זיך שפּעטער א מעשה, אז איך פאַל שיעור נישט אין ברונען אריין, פאַרדריסט מיך, פאַרוואָס האָט מיך פאַר־האַלטען עפּעס אַן עלטערע אידענע און נישט זי...

זי חלומ'ט זיך מיר יעדע נאַכט... נאָר ארויסגעהן קיין זשדאַ־נאָוו, זי זעהען, פעלט מיר אפילו נישט איין...

פאַר דאָס פעלט מיר איין גאָר צו באַווייזען א גבורה, און אָנכאַפּען א געלען גרויסען הונט ביים עק... און ער גיט זיך א רוק אָפּ, א שפּרונג ארונטער, און א שפּרונג ארויף מיר אויפ'ן אַקסעל...

איך האָב ביז היינט א צייכען...

האָט זיך שוין איבערגעפילט די מאָס, שיקט מען מיך קיין שעברשין, צו ר' פּנחס'לען...

— — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — —

אַט אזוי רייסט זיך אריין, ווענינגסטענס האָט זיך אריינגעריסען א שטיקעל נאַטור צו אַ אידיש אינגעל אין הארץ אריין...

## 4.

**זאַמושץ — שעברשין — זאַמושץ. — די לעצטע צוויי מלמדים. — חלומות.**

— איהר, אלס קינסטלער, רעאַגירט נישט דירעקט אויף גע־גענוואַרטיגע פאַקטען... זיי מוזען פריהער ווערען פאַרגאַנגענהייט, ערינערונג. העכסטענס שפּיצט איהר צו אַן עפּילאָג צו לאַנג הינ־טער די קוליסען אָפּגעשפּילטע אַקטען...

הייזער, פארשטעלען זי... דערמאָן איך מיך, וואָס איך האָב געהערט, אַז פון גאַניקעל, אַרום זייגער־טורעם איבער'ן מאַגיסטראַט, זעהט מען נישט נאָר די גאַנצע שטאָדט, נאָר אַרום און אַרום שטאָדט אויף א מהלך! כאַפּט מיך אַן א גלוסטונג דאָס צו זעהען. קריך איך אַראָפּ פון דאַך און געה אַרום טעג און טראַכט, ווי אַזוי גנב'ט מען אוועק די שטיוועל, און ווי אַזוי באַקען איך מיך מיט'ן אַלטען זייגער־מאַכער, וואָס געהט יעדען טאָג אַרויף, אַנציהען דעם זייגער, ער זאָל מיך מיטנעמען...

זאָגט מען: אביסעל געלאָסענער געוואָרען... שמייכעל איך אין מיר אַריין און טראַכט ווייטער... דערווייל, שטעהענדיג אמאָל פאַרטראַכט אויף'ן גאַניקעל, הער איך, ווי דער טאַטע, אַרויסקוקענדיג פון טיר צום גאַניקעל, (מיך, שטאַרק פאַרנומען, זעהט ער נישט), רופט צו דער צווייטער טיר, אין קיך אַריין:

— מירעל, זייטשע מוחל, לויפט אַראָפּ, נעמט א שליח און שיקט צו ישראל'ן קיין זשדאַנאָוו, ער זאָל תיכף ומיד קומען מיט די פערד...

מירעל ענטפערט: גוט, גוט! זי וועט זיך נאָר אָנטון, נאָר כאַפּען אויף זיך עפּעס... דאָס וועט דויערען! נעם איך, כאַפּ און לויף קיין זשדאַנאָוו. דאָס גאַניקעל פון זייגער ווערט דערווייל אָפּגעלעגט. לויף אין די שטעק־שיך. אין גאַס קוקט מען מיר נאָך, מען רופט: משוגע'נער! מען וויל מיך פאַרהאַלטען. איך דרעה מיך אויס, ווי א שלאַנג. כאַפּט מען מיך אומגעריכט, רייס איך מיך אויס, און לויף און קום... און פרעג (אַזוי פיעל פּויליש קאָן איך שוין) א פּויער פון דאָרף, וואו ישראל'ס הייזעל איז? „טאַם“. און ווייזט מיר מיט'ן פינגער. איך מיין, איך ווייס, און לויף, און פאַל אַריין צו'ן א שכן א דייטש, א רייכען קאָלאָניסט. און באַלד נאָך דער פורטקע פאַלט צו א הונט, גיט א שפּרונג צו דער ברוסט, לעגט מיר די פאָדערשטע לאַפּעס אויף'ן אַקסעל, און קוקט מיט זיינע גרויסע, רויט־קלוגע אויגען אין מיינע אויגען אַריין: ביסט אפשר א גנב! א געלערנטער הונט, און וואַרט, עמיץ זאָל אַרויסקומען... וואָס איך פיהל, מאָלט אייך אליין. דעם הונט פאַרשטעה איך ווייניג. און א הונט איז ער א גרויסער, א ברוינער, א האָריגער... דער מוטערס מילך ווערט מיר אָנטרינען. און שרייען קען איך נישט, פאַרשניר דער האַלז. א מערכה, מען האָט מיך,

טען שליטען, אויף די הינטערשטע, אנגעשפּאַרט אויפ׳ן שליטען מיט די פאָדערשטע פיס. איך זעה בחוש, זיי נישטערן מיט די אויגען אין שליטען, זוכען מיט די ציטעריגע נעז, — נישטאָ עפּעס גוטס ? דער פויער, וואָס האָט אָנגעהאָנגען האָבער פאַר די פערד און זיך אויך גענומען צום עסען, וואַרפט זיי שטיקלעך ברויט און שטיקלעך חזיר־פעטס. דאָס ברויט ריהרען זיי נישט, דאָס חזיר־פעטס שלינגט מען !

דאָס געפעלט מיר נישט !

— — — — — — — — — — — — — — — — — — —

ווערט אַ גרויסע ענדערונג.

שבת, פאַרהער איך מיך ביי ר׳ משה וואָהל, ביים רב. פון איהם האָב איך געמאָלט אין די „פּיער דורות" ר׳ זישען... אַ מזג טוב. מיך האָט ער ליעב, און זאָגט דעם טאַטען:

— ער דאַרף אַן אַנדער מלמד.

— וואו נעמט מען ?

— שיק איהם קיין שעברשין צו פּנחס׳לען... (פון ר׳ פּנחס׳־לען — שפּעטער).

— וואָס וועט זאָגען ריוועלע ?

— ווייסט דו וואָס, יודעל ? פּרוּאוו אַ זמן אין בית המדרש. זאָל ער לערנען אַליין.

בלייבט אַזוי. עס איז טאַקע ענדע זמן. איך זאָג צו, אַז איך וועל גוט זיין, פרום זיין, אַ מתמיד זיין. און ווער פריי ! און כאַפּ מיך מיט געשמאַק צו חקירה און קבלה־ספרים... און נאָך מעהר לויף איך אַרום... טו מעשים.

טויג נישט. בלייבט, מען מוז באַקומען אַ רעכטען מלמד. דערוויייל זאָל איך לערנען אין דער היים. און, כדי איך זאָל נישט קענען אַרומלויפען, נעמט מען מיר די שטיוועל צו אויף אַ גאַנצע וואָך. מיר מאַכט ניט אויס. לויף איך אַרום אין די שטעק־שיך אין הויף. ווערט ענג, וואַרף איך מיט פיס־באַוועגונגען די שטעק־שיך אויפ׳ן דאַך אַרויף, און כאַפּ מיך, דורך אונזער גאַניק אַרויף אויפ׳ן דאַך פון צווייישטאָקיגען הויז אַרויף, אַראָפּצונעמען זיי. דערזעה איך די שטאָדט דאָס ערשטע מאָל פון דער הויך, מאַכט עס אויף מיר קיין גרויסען רושם נישט. העכערע, דריי־שטאָקיגע

מען קומט אין פעלד אריין — עס כאפט מיך ארום א ווייסע, דאס ערשטע מאל געזעהענע, ווייטקייט. דער טאטע איז שוין פארטראכט אין די חשבונות מיט'ן סטאבראוועד פריץ, און איך בין געבלענט פון שניי, און פון די „ברילליאנטען“ איבער'ן שניי, פון דער ציכטיגקייט און ריינקייט... די שטימונג, וואס איך האב איבערגעגעבען אין „וואס אין פידעלע שטעקט“; יואל דערצעהלט זי. איך גיב א קוק צום הימעל, און כאפ אן דעם טאטען ביים ארבעל:

— טאטע, טאטע, זעה א געגליווערטע זון, ווי אונזער אתרוג־פושקע!

געוועזען ביי אונז אן אתרוג־פושקע א מאט־זילבערנע...

דער טאטע אבער לאזט זיך פון זיינע חשבונות ניט אפפיהרען:

— רעד נישט קיין נארישקייטען... זיץ שטיל...

דערזעה איך דעם שמייסערס אקסעל, אזוינע ברייטע, און די קאמישע, פוטערנע קוטשמע אויפ'ן קאפ... און קוק פ א ר מיר... און זעה, ווי די פערדלעך לויפען, לויפען... קליינע, פלינקע פערד־לעך, שפריצען פון אונטער די פיסלעך גאנצע וואלקען שניי־שטויב. און דער פויער זיצט און ריהרט זיך נישט, ווי א שטיק זאלץ (דער פארגלייך — פון לוט'ס ווייב!) זיצט ער, און די בייטש שטעהט איהם ביי דער זייט. ער דארף זי נישט! דער שליטען גליטשט זיך. נעמען די בייטש? וואס וועט זאגען דער פויער? א בייטש איז דאך א יצר־הרע! איך שטרעק אויס די האנט. דער טאטע, אומגעדולדיג:

— ניטע!

איך ציה די האנט צוריק. עס ווערט מיר קאלט, דעם טאטען זאג איך נישט, איך בין אויפ'ן ברוגז. דערווייל פארפאהרט מען ...ר'ן הויף. ווי א שטעדטיש־הויז... נאר הינט שפרינגען ארויס, ...ניץ פון א ווינקעל... איינס, צוויי, דריי, פיער — — איך צעהל, ... אהן שרעק... הינט גרויסע, מיט די צונגען אויס די מיילער, ...ל בילען... אלע שפרינגען צו... דער טאטע מאכט זיך נישט ...ן יי. שפרינגט אראפ פון דער פוהר, טוט אויס דעם פעלץ, וויקעלט מיך מיט איהם ארום, געהט צום הויף צו. (א גבור, דער טאטע!) טייל הינט געהען איהם נאך, בילענדיג... („אי, א גבור!!!“). צוויי אבער בלייבען, שטעלען זיך, פוןביידע זיי־

ראוו, פאַלט איהם איין, מיך מיטצונעמען. פאַרפאַהרט ער צום „הייפעל“ צו, קומט איין חדר אריין. — א מאמר המוסגר: עס איז קיין מנהג נישט, צו פאַהרען איבער דער שטאָדט. ווער דאַרף וויסען, ווער וואו אהין עס פאַהרט, וואָס פאַר א געשעפטען עמיץ האָט? א קליינינקייט: קאָנקורענץ און עין הרע!

אפילו מיין רייכער קאַלטער פעטער, דער דערמאָנטער י. מ., וואָס געהט איבער דער שטאָדט מיט פאַרלעגטע הענט הינטער זיך, אפילו ער, וואָס מען שיקט נאָך איהם זיינע אייגענע פערד פון פאָלוואַרק, פאַהרט אויך ארויס נישט פון מאַרק, נאָר פון הינ־טער־געסעל; געהט דורכ'ן הויף צו דער בריטשקע. אנדערע געהען ארוים פון שטאָדט און זעצען זיך אויף. מאַכט מיין טאַטענס פאַרפאַהרען פאַר'ן הייפעל א רושם. אז ער געהט ארויף אויף די טרעפּ, געהט מען איהם נאָך; עס מוז נישט זיין אומזיסט! געעפענט די טיר, לאָזט מען ז י איהם נישט צומאַכען: הינטער איהם איז טיר בלייבט שטעהן מיט אויסגעגלאָצטע אויגען א איד, הינטער איהם — עטליכע ווייבער. דאָס חדר גאַפט. און אז דער טאַטע זאָגט, נאָך וואָס ער איז געקומען, גאַפט מען נאָך מעהר. מיין טאַטען האַלט מען „אויך“ שוין לאַנג פאַר א „נישט גלייכען“; „אויך“, ווייל איך בין שוין גאָר א „פאַרלוירענער...“

— ר' יודעל — פרובט זיך דער רבי, סטייטש, בטול־תורה?

דער טאַטע צולאַכט זיך. ער ווייסט און אַלע ווייסען, אז איך און יחזקאל זענען מיר פריי פינף אויף זעקס טעג אין וואָך. ער, א געלאַסענער, הערט זיך איין צום שיעור באַלד זונטאַג און פאַר־טרעט דעם רבי'ן, וואָס איז אמאָל פאַרנומען מיט א ביי־פרנסה, א שדכנות צי א בוררות. איך ווייטער לערן ערשט פרייטאַג... פריי־טאַג קריגט דער רבי „בחצי חנם“ א באַבעלע פון ר' משה יצחק'ס גאַרקיך פאַר אויספיהרען עפּעס א שדוך. איז פאַר'ן באַבעלע די ערשטע רעפּעטיציע צום פאַרהערען אויף שבת, און איך לערן, — נאָכ'ן באַבעלע. האַלט זיך דער רבי ביי איין ווישען די פעטע וואָנ־סען און אפּשאַקלען די באָרד, און איך פיהר דאָס חדר ביד רמה!

פאַהר איך. יחזקאל וויל מיט. דער טאַטע האָט'ם מורא צו נעמען. ער וועט זיך, חס ושלום, פאַרקיהלען, וועט ער זיך ביי פריידעלען (זיין מוטער) קיינמאָל נישט אויסקויפען...

זי לעבעדיג, מיט באוועגונגען, מאכט נאך מימיש דאס בילען, דאס יכאפען, דאס לויפען...

די פריצישע הינט זענען פלינקע, געהען אויף געיעג; אויף לאנגע שנורען געפיהרט. אז מען גיט א בלאז, לאזט מען זיי אפ. 'פליהען זיי, ווי די ווינטען... יאגען נאך די חיות... און—גבורים! פאלען אן אפילו אויף ווילדע חזירים, אויף בערען און וועלף, כאפען געשיקט האזען און פוקסען... אויף חזירים — א מצוה! אויף די האזען וועקט זיך רחמנות, אבוואל איך האב קיינמאל קיין האז נישט געזעהען און וויים פון איהם נאר פון דער תורה, וואו ער ווערט פארעכענט צווישען די „נישט ריינע“... אבער א ציטערינגס איז עס, לויט זי דערצעהלט, א שטיל ציטערינס. אויף די פוקסען— אויך א מצוה; ווערגען די הינער, אזוי דערצעהלט זי! און לויפען, דאס וויים איך, איבער די חורבות פון בית־המקדש... און פון „שיר השירים“ וויים איך, אז זיי פארדארבען די וויינגערטנער אין ארץ־ישראל... ק ל ו ג זענען זיי, די פוקסען, איך וויים: „משלי שועלים“. אבער וואס טויג מיר זייער חכמה, אז עס איז נאר צום שלעכטען?

די פויערשע הינט זענען אויך בריה׳ס. היטען פאר גנבים... זיי ליידען פיעל. מען האלט זיי, דאס מעהרסט, אויף קייטען, אזוי הייסט די פאליציי. און די גנבים סמ׳ען זיי... און די הינט זענען אזוי געטריי! זיי בילען און וועקען דאס דארף, קוים באווייזט זיך א פונק, א שרפה. אדער ווינטער־צייט, אין די גרויסע פרעסט, ווען די חיות, פון הונגער געטריבען, לאזען זיך פון וואלד ארויס צום ישוב — באלד א רעש, א געפילדער! כאפען זיך די פויערן אויף, לויפט מען ארויס מיט שטעקענס, מיט דרענגער, מיסט־גאפלען, הו־הא! מען רינגעלט ארום, מען קלאפט דער חיה אין קאפ אריין, מען צושמעטערט איהר דעם קאפ.

„און פארוואס כאפען זיי אין שטאדט די „היצלים“ (הינט־שלענער?)

— — — — — — — — — — — — — — — — — —

און באלד איז מיר באשערט געווען צו באקענען זיך מיט לעבעדיגע פריצישע הינט.

דער טאטע, ווי דערמאנט, האנדעלט מיט פריצים. דארף ער אמאל, אין א ווינטער־טאג, ארויספאהרען צום פריץ קיין סטאב־

אויסגעדארט פּנים; קליינע, נאָר שטילע אויגעלעך, און פייכטע, האַלב־פאַר׳שכור׳טע; זי טרינקט, און טרינקענדיג ווערט זי נאָך בעסער, נאָך געטרייער. האָט א מאַן אין דאָרף, צו וועלכען זי בענקט, כאַפּט זיך ארוים פון צייט צו צייט, און קומט צוריק — צושלאָגען, צובייזלט, אָפּגעצויגען, האַלב נאַקעט... און ווערט צום הויז נאָך צוגעבונדענער, נאָך געטרייער... שלעפּט זי מיין קראַנק ברודערל איין מיט געזאַנג און מיט מעשיות... פאַרשטעה איך ווע־ניג פּויליש, נאָר איך שטוים מיך, טרעף, וואָס מען מיינט. כאַפּ איך מיך אַמאָל, פאַרנאַכט, אין שטוב אריין, לעג מיך אויפ׳ן בעט, כלומר׳שט — קאָפּ־וועהטאָג, און הער מיך איין, ביז די מאַמע קומט און גיט „וויעטשערע" — אן אשה, אָבער עס ציהט!

זינגט זי איהם „קאַלענדים", געצויגענע, לאַנג געצויגענע, און איך וואַרט אָפּ מיט שטילען הארץ־קלאַפּעניש אויפ׳ן רעפריין:

— העי, קאַלענדאָ, קאַ—לענדאָ!

און האָב דערביי א שרעקליך רחמנות אויף דער אָרעמער, פאַרלאָזטער, געשטופּעלטער גוי׳ע. איך וויים, אז עס איז מעהר ווי ווינגען־ליעדער, אז עס איז איהר געבעט, איהר תפלה, און — ווער הערט זי? די תפלה צוגעהט זיך אין אויער... אפילו זייער קלוים־טער זינגט דאָך יעדען טאָג אין דער ערד אריין, אויף א האָר (איך וואָלט א בעלן געווען מעסטען, געפינען א „ספּאָסאָב"!)... אוים רחמנות וואָלט איך איהר „די אויגען געעפענט", זאָל זי אוועק־לעגען דעם טעות... אוי, א יושר! יונה, וואָס האָט נישט געוואָלט וואַרענען ננוה, איז באַשטראָפט געוואָרען... מוז איך אָבער וואַר־טען, ביז איך וועל אויסלערנען צו רעדען בעסער פּויליש... (אז איך האָב שוין געקאָנט, איז זי שוין נישט געווען, און איך האָב שוין דעם חשק נישט געהאַט...) אַמאָל, פאַלט איהר איין, דער־צעהלט זי (האַלב שכור) פון א גוי׳שען מלאך המות — א פּאַננע, וואָס פליהט ארום אין דער לופטען און האַלט, און פּאַכעט מיט א ווייס לייַלעכל... און דער, אויף וועלכען זי פּאַכעט, — געהט פון דער וועלט; איז עס א שטאָדט, ווערט א מגפה... נאָך מעהר טעות! איך וויים דאָך: דער מלאך המות איז א מאַנספּערשוין, האָט טויזענט אויגען...

איז אַמליעבסטען, ווען זי דערצעהלט וועגען חיות ובהמות פון דאָרף, ליעבער פון פריצישע און דאָרפישע הינט. דאָס דערצעהלט

האט געעפענט א מאגאזין פון ביכער „אויף אלע לשונות," צו ביל־דען די שטאדט, און א קליין הייזעל הינטער דער שטאדט... דאס הויז אין שטאדט מיט'ן מאגאזין האט ער איבערגעגעבען די זיהן און ער אליין (שוין אז אלמן) האט זיך ארויסגעצויגען מיט'ן הינטעל אין הייזעל אריין אונטער דער שטאט, אויף התבודדות און חשבון הנפש. און איך האב דאמאלט קוים אפגעהאלטען מיינע חברים, זיי זאלען זיך נישט נוקם זיין אינ'ם „אידיש געווארענעם הינטעל" פאר זיינע חטאים, ווען עס איז א גוי'ש הינטעל געווען...

דערווייל אבער איז נאך דאס הינטעל ביים סמאטריטעלס ווייב, און איך דארף עס דא דערצעהלען זיין גרויסע זינד!

איז'ן איז עס א הינטעל, ווי דערמאנט, אן איידעלס, א סאמעטענס, א שווארץ גלאנציגס, מיט איין ווייסען פלעק צווישען די אויגעלעך, וואס זעהען דעריבער אויס, ווי געבלענדט. און פיס־לעך האט עס דינינקע, אונטען — די פיסבלעטלעך — איבערגעבוי־גענע, עס זעהט אויס, אז עס גערט אויף די קני... און איינגאנצען א ציטעריגס, מיט א ציטעריג ביי־קול'עכעל. און אז עס ווערט מיר, זיצענדיג ביי דעם סמאטריטעלס פלונית'טע אויף דער שויס, ביים פאסיאנס, און עס כאפט זיך, אביסעל לופט צו שעפען, א ווײלע ארויס פאר דער טיר, און דערזעהט אונז, אונז אידישע קינדערלעך, הויבט עס אויף דאס ציטעריג ביי־קול'עכעל און וועקט אויף דעם סמאטריטעל, וואס ווייסט שוין, וואס עס באטייט. און שיקט אונז נאך זיינע לייט, אונזער אנטון צו פארנעמען... איז א חרפה, און א הארצוועהטאג — די ציצית ביי נוים אין די הענט! מוז מען זיך אפקויפען אדער אזוי לאנג שרייען און וויינען, ביז די לייט קריגען רחמנות, אדער עמיץ קומט אן און לייזט אוים.

טאטע־מאמע זאגען: „א לעבונג אויפ'ן סמאטריטעלס קאפ! עס וואלט דען איינגעזעסען אין חדר נאך ספירה!"

פון הינט דערצעהלט אויך מיין קראנק ברודערלס ניאניע. א קרענקליך ברודערל געווען, נאך מיר דאס דריטע... עס דארף השגחה. דער טאטע פאהרט ארום צו פריצים וועגען מסחר, די מאמע — אין געוועלב. דאס שוועסטערל — צו קליין, שפילט זיך נאך אין צייכען, אדער פאר'ן געוועלב איז זאמד. צום ברודערל געמט מען צו א גוי'ע פון דארף.

איז עס א קליינע, אלטע גוי'ע, שיטערליכע ווייסע האר, אן

וואס י. מ., אונזער גביר, פארשפילט צו איהם נאכט אויף נאכט; ער דארף איהם האבען!") און ביי טאג האט ער ליעב דעם בי־מערען טראפען — טרינקט ער און שלאפט... ער וואלט נישט גע־הערט, כאטש זומער שלאפט ער ביים אפענעם פענסטער („וואס א גוי קען!"), און מען שלייכט זיך פארביי שטיל: פאר'ן הויז נעמט מען שטיוועל און שיך אראפ, מען געהט אויף די שפיץ־נעגעל, מען האלט דעם אטעם איין... מען הערט, ווי דאס איינענע הארץ קלאפט, און דער סמאטריטעל שנארכט...

וואלט גוט געווען? האט ער אבער א ווייב! און זי שפילט נישט אין קארטען און טרינקט ממש גאר נישט... זי איז א „שם דבר", דעם סמאטריטעלס פלונית'טע, און אזוי מאלט מען זי: „א הויכע ווי א דראנג, א דארע, ווי א שטעקען, א פלאכע, ווי א ברעט, א פנים (נאך פאקען!) ווי א ריב־אייזען, מיט בעזים־קווייטען איבערן שפיציגען קאפ" — מען האט דערפון א ליעדעל געמאכט, געווים האב איך מיטגעהאלפען...

וואלט זי אבער נישט געפעהרליך געווען. ערשטענס — א מזג־טוב פון א גוי'ע. קינדער, אפילו אידישע, אין קאפאטקעלער. האט זי ליעב אהבת נפש; מען זאל זיך לאזען, וואלט זי אין גאס געכאפט און געקושט, קען זיין, ווייל זי אליין האט נישט און האט נישט געהאט קיין קינדער... און דריטענס, אויב זי לויפט נישט ארום איינקויפען אין מארק, אין די געוועלבער, וואס פארנעמט איהר דריי פיערטעל טאג, זיצט זי איינע אליין אין שטוב און לעגט זיך קארטען. און אינמיטען א פאסיאנס, מעג זיך די וועלט איבער־קערען, ריהרט זי זיך נישט פון ארט... עטליכע יאהר שפעטער האט זי אמאל דערהערט א שטארקען קלאפ פון מאנס שטוב, א זעץ, ווי עמיץ פאלט אראפ פון בעט, — אריינגעקומען איז זי, א שפאר ביסעל צו שפעט! געענדיגט פריהער דעם פאסיאנס און — א ק א ל ט ע ן מאן געפונען...

וואלט זי, הייסט עס, קיין שטערונג נישט געווען! האט זי אבער — א הינטעל! און א הינטעל א „יקר המציאות", א מיוחס'־דיגס... שפעטער, אז זי איז אן אלמנה געווארען, און אונזער פעלדשער האט געכאפט דאס גרויסע געווינס, האט ער ביי איהר דאס הינטעל אפגעקויפט פאר א מטמון. מען זאגט פאר שש מאות זהובים! און — ער האט זיך געקויפט אין שטאדט א הויז, וואו ער

שטאדט. און בלומען וואקסען, א מחיה צו שפאצירען. דאצו ליי־
גען דארט פון פעסטונג געבליבענע קוילען און גראנאטען, אין דריי־
עקיגע קופעס (הויפען), כמעט א שרעק! און היינט מעג מען שוין
קוקען, ווייזען מיט א פינגער, אפילו אנריהרען מיט א האנט (נישט
„טשיעקאווע?"). די פעסטונג איז דאך שוין אויס פעסטונג, די
מויערען צושאסען, דריי פיערטעל וואלען אפגעשיט,—איז אבער דער
דורכגאנג דורכ'ן פאלקאווניקס הויז, און אין פעדער־הויז שטעהט א
הונט, א גרויסער, א שווארצער, א קודלאטער (פון איהם האט מען,
זעהט אויס, אפגעמאלט דעם גלגול פון דער דייטשקע!) — גרויס
ווי אז — אקס! אפילו אויף א קייט, אבער, אז ער רייסט איבער
די קייט? וואס איז ביי אזא הונט אפרייסען זיך פון א קייט?
בפרט, אז ער וועט דערזעהען א קאפאטע? אהין געהט נאר מיין
רייכער קרוב (א קאלטער פעטער) י. מ., וואס האט א הויז אין
שטאדט, א פאלווארק אונטערן שטאדט, א הויז אין ווארשע, וואו
ער פארברענגט חדשים, און איז פאדראטשיק, און קומט אין קלוב
אריין, און בעט אפט דעם פאלקאווניק, מיט וועלכען ער האט
עסקים, צו זיך, און געהט אפט צו איהם אויף א פרעפעראנס...
ער איז געוועהנט צו הינט, האט א י י ג ע נ ע אין פאלווארק,
ווייסט, ווי זיך נוהג צו זיין, און דער עיקר — טראגט זיך שוין
האלב דייטש...

און אפילו קליינע, חנ'ווידיגע, מיוחס'דיגע הינטלעך האבען
פיינט אידישע קינדער... עס שטערט דעריבער דאס באדען זיך
זומער, ביום טיכעל. ארום זענען לאנקעס פון דער פעסטונג, פון
דער געוועזענער; נעמט אראפ דאס היי דער געוועזענער, ווי עס זעהט
אויס—דער פארגעסענער „סמאטריטעל". וויל ער נישט, אידישע
קינדער זאלען געהן זיך באדען, ווייל זיי האלטען זיך נישט איינ'ם
שטענעל, וואס פיהרט צום טייכעל און לויפען, און יאגען זיך
איבער גראז און היי. און דער שמאלער גאנג פון שטאדט ארויס,
— אויב מען וויל נישט מאכען א גרויסען אומוועג, דורך דער שעבר־
שינער בראם, איבערן שאסע און דערנאך לינקס איבער די גרי־
בער! — איז פונקט צווישען א פארגעסענעם וואל און די פענס־
טער, וואו דער סמאטריטעל וואוינט... וואלט אייגענטליך דער
סמאטריטעל נישט געווען אזוי געפעהרליך. ער שפילט גאנצע
נעכט אין קלוב אין קארטען („אז איינענס זאל מען האבען,

בעלי־בתים. יעדען זומערדיגען פרייטאג, נאכ'ן מרחץ און אדער־לאזען, געהן קיין יאטוטאוו, אונטערלעהנען זיך, פאר קבלת שבת, מיט א גלעזעל מעד... נישט היינטיגע צייטען... היינט קאן מען שוין נישט. עפעס בייזע הינט איינגעפיהרט. א קעסט־קינד האט זיך געוועט, ער וועט זיך אראפבאפען... „האסט א פסוק?" לאכט מען. ניין... ער האט א „ספאסאב". הינט, האט ער בקבלה פון אן אלטען פויער, פגר'ן פאר ווייד־ברויט, אויסגעשמירט מיט שוויים פון א מענש. וועט ער נעמען א שטיק ווייד־ברויט, אויסקנעטען אין די הענט, ביז ער וועט עס דורכנעמען מיט'ן שוויים, און וואר־פען... מען געוועט זיך (אזוי דערצעהלט מען). ער געהט, קומט, מחילה, צוריק אהן הויזען און אהן א שטיק „ווייד־פלייש" פון א פיס. די זאך קומט, ווי א בוימעל אויפ'ן וואסער ארויף; מען גט אפ דעם בחור...

שוטאניעץ, הינטער דער לובלינער בראם, נאכ'ן שעכט־הויז, האט, ווי איך האב שוין דערמאנט, א מילכיגער. האט ער א שטי־קעל „מילכיגע אכסניה". פארקויפט ער זומער־צייט ערדענע שי־סעלעך סמעטענע. פאר א דרייער א שיסעלע. קאלט, א מחיה, פון קעלער ארויס, און גאמולקעס מיט „קמינעק" (קימעל) — אויך בייזע הינט אין דארף!... מען קאן אפילו זיך אפשטעלען ביים שאסיי... א געשריי טון: יוסל! קומט ער ארויס און פיהרט, דורך די כלבים, מיט א בייטש... קאן אבער אמאל יוסל נישט זיין אין דער היים, דערהערען וועלען די הינט! און אליין דאס בילען — איז ווייניג?

מען קאן אפילו אין שעכט־הויז אריין, וואו די שוחטים בראַ־טען און זענען מכבד מיט אייטער, נישט קומען; אזוינע כלבים מיט בלוטיגע פארגאסענע אויגאנעס. מיט די קצבים לעבען זיי גוט, די חיות רעות. לעקען ביי זיי פון די הענט און פון באלע־וועס אראפ דאס בלוט, מיט וועלבע זיי באשפריצען זיך, — די שוחטים זענען שוין אמאל אין א סכנה. געהן לאנגע קאפאטעס, נישט שפענצער מיט שטריק, ווי די קצבים, — און הינט האבען דאס נישט ליעב... מען איז זיכער, אז אידען, ארויסגעהענדיג פון מצרים, האבען אויך געטראגען קאפאטעס, און מען האלט דעם „לא יחרץ" פאר'ן גרעסטען צווישען אלע נסים...

הינטערן פלאץ, וואו די אפיצערען וואוינען, זענען פאראַן גרינע טאלען; שענער, ווי די לאנקעס ביים טייך הינטער דער

עיקר — פון מיליטער... פארלענגט די קאָלאָניע האָט דר. עטינגער. אליין מיט די קינדער אין פעלד געארבייט... נישט מיינע צייטען. אין מיינע צייטען איז שוין דר. עטינגער לאַנג געווען א שוכן עפר. זיין זוהן האָט שוין צערקוועס געבוים. פון טאָג צו טאָג רייכער געוואָרען. „און פארט — האָט מען אוים קנאה געזאָגט — פיהלט מען איהם פון די הענט דאָס מיסט, וואָס ער פלעגט פיהרען...“ און פון אלע אידישע קאָלאָניסטען איז געבליבען איין ישראל, וואָס האָט געפיהרט נישט קיין שלעכטע ווירטשאַפט. געהאלטען קיה (דאָס ווייב צוטראָגט די מילך אין שטאָדט, אויף שבועות — אויך פוטער און גאָמולקעס, און קאָנקורירט זעהר שטאַרק מיט'ן מילכינער פון שוטאָניעץ (אַן אנדערע זייט הינטער דער שטאָדט), וואָס האלט אויך „פערד, ווי די לייבען“...

דער מאמר־המוסגר וועט צו נוץ קומען. און איצט — די באַקאַנטשאַפט, וואָס ווערט פון מיר געמאַכט מיט הינט...

פריהער הער איך פון הינט...

אַן אַלטע דייטשקע איז „אוועקגעקומען“, א פארזינדיגטע. געטראָגען אייגענע האָר, און נאָך אנדערע פלעקען געהאָט אויף דער נשמה, פון וועלכע מען רוימט זיך אויפ'ן אויער, און מען דערצעהלט, אַז איהר נשמה איז אריין אין א הונט, אין א שוואַרצען, „קודלאַטען“ הונט (ער איז אריין אין „מאַניש“), וואָס דרעהט זיך נאַכט אויף נאַכט ארום אויפ'ן דאַך, איבערן הויז, וואו זי האָט געוואוינט. דער בעלפער, וואָס מאַכט פרייטאָג ביי אונז די פיש, האָט איהם אליין געזעהען... סליחות־צייט נעה איך מיט'ן טאַטען, א שטיק נאָך פארטאָג, צו סליחות, און זוך, נישט איינגאַנצען אהן שרעק, דעם הונט אויפ'ן דאַך — קיין זכר; מן הסתם שוין „תקון“ באַקומען...

חברים אין חדר און אין בית המדרש רעדען פיעל פון הינט, יונגע לייטלעך — אויך. די הינט זענען א שטיין אין וועג... לאָזען קיין לעבעדיגען מענש פון שטאָדט ניט ארוים...

הינטער דער לעמבערגער בראָם, נאָכ'ן בית־עלמין, נאָך דער ניי־שטאָדט, א צוויי ווייערסט ווייטער, איז פאראַן א דאָרף יאַטרעטאָוו. האָט יאַטוטאָוו א שענק מיט אַלטען מעד, באַריהמט אין דער סביבה. פריצים קומען אהין טרינקען. א יונגען מאַן אויף קעסט ווילט זיך אהין... פארצייטענס, דערצעהלט מען, פלעגען

קאַץ געווען, האָט מען זי משלח געווען. איך זאָל מיך נישט שפּילען מיט א קאַץ... קיה און אָקסען זעה איך גאָר ווייניג. איך ווייס, פון וואַנען עס קומען: מילך, קעז, „פּאַרסמעטענע" (זויער־מילך) און סמעטענע... פּאַראַן אויך, מען ברענגט אמאָל אויף א רפואה, ציגען־מילך... ז ע ה ע ן זעה איך קיין אָקס און קיין קוה — נישט. „בלעקען" און „מע" הער איך נאָר פון חברים, וואָס מאַכען עס נאָך אין א קינדער־שפּיל. אָקסען און קיה פיהרט מען צו „אונז" (מיין זיידע איז פּאַכטער געווען) אין שעכט־הויז אריין, נאָר איבער'ן שאָסיי, ארום שטאָדט. קיין „בכור", מיט וועלכען איך ווער באַקאַנט, פריהער פון „לערנען", שפּעטער פון דער ליטעראַטור, — דרעהט זיך אין זאַמאָשץ (אינ'ם „קליינעם פּאַריז", ווי די געגענט רופט עס) נ י ש ט ארום...

מיט פערד — גוט באַקאַנט, אויך, פאַרשטעהט זיך, נענוג פון דער ווייטענס... אין הויף פון „הייפעל", א גרויס פיער־עקיג אַלט הויז, אויף פיער ארומיגע גאַסען, אין עק שטאָדט, ביי דער לעמבערגער בראַם, וואו מיין רבי האָט געוואוינט, שטעהען פויערען אין מאַרק־טעג מיט די פוהרען... פון איינעם פון די וועגען האָט מען דאָך באַקומען, פון ראָד אראָפּ, אביסעל שמירעכץ צום רבינ'ס סאַמאָוואַרל. איך מאַך שמיטשיקס פון פערדס־האָר, נאָר איך אליין רייס נישט. אביסעל פּחד, אביסעל צער בעלי חיים...

די אָפיצערען פון גאַרניזאָן האָבען פערד. דער גאַרניזאָן נעהט אוועק, קומען קאָזאַקען, טיילמאָל אולאַנען, הוזאַרען... אויפ'ן פּלאַץ, ביים געזעגענען מיט דעם מיליטער, וואָס איז געגאַנגען פון אונז צום טערקישען קריג, האָט ארומגעטאַנצט א יונגער גענעראַל אויף א פערדעל, א שעהנס, א סאַמעטענס, מיט אַזא חן, און מיט אַזוינע פליטערלעך באַהאַנגען... אַז מען קריגט א פירוש אויף „לסוסתי" אין שיר השירים...

„פערד ווי לייבען" האָט ישראל זשדאַנאָווער, ביי וועלכען מען דינגט פערד, אויב מען דאַרף ערגעץ פאָהרען אין א גויטיגע זאַך, נישט שלעפּען זיך מיט א פויערשער פוהר...

„זשדאַנאָוו", דריי וויערסט אונטער דער לעמבערגער בראַם, איז אמאָל געווען א אידישע קאָלאָניע. די פּוילישע רעגירונג האָט געוואָלט צוציהען אידען צו ערד־ארבייט און צוגעזאָגט הנחות פאַר אידישע קאָלאָניסטען: יאָהרען לאַנג פריי פון אָפּצאָהלען און דער

און כאפ אמאל אראפ אז „אורים ותומים“ און שארף מיר דעם שכל, ווי אז א שלייפשטיין...

פאקטען פון קוים דריי „פארנעבעלטע“ קינדער־יאהרען... וואס טו איך מיט זיי? אויף וואס פאר א שנירעל ציה איך אויף די שטיינדלעך, גלעזלעך און די פאר פערעל?

אט בינדט זיך מיר צוזאמען מיין — באקאנט ווערען מיט פיער־פיסינגע! דאס וועל איך קענען דערצעהלען, ווי מען דארף!

די שטאדט, וואס איך האב גריים געטראפען, און וואס אריינגעדרענגט צווישען וואלען, פארגרעסערט זיך נישט און ענדערט זיך נישט, וועל איך ערשט זעהען אין שעבערשין, דריי מייל פון דער היים, וואוהין מען האט מיך (ווי ווייטער וועט זיין) צו א מלמד פארשיקט. אויף א גאנצען זמן... מענשען זעה איך, אויך עפעס נישט. מהאי טעמא... א קליינע, רוהיגע שטאדט, פון וואנדערען, עמיגרירען האט מען נאך קיין בייזען חלום נישט, זעלטען עמיץ „געהט אוועק, פון וואנען מען קומט נישט צוריק“, זעלטען ווערט עפעס אין דער משפחה געבוירען... אמאל ערגעץ אויף א וואכטנאכט געוועזען און פאר׳ן „רויטען קליינעם שלימויז“, וואס מען האט געוויזען, כמעט זיך דערשראקען... איך געדענק נאר דעם „הילך“, די קנאלען, ווען מען האט די פעסטונג צושאסען. דעם רבינ׳ס מיט דער רביצענס שרעק, די מויערען פון די הייזער וועלען זיך שפאלטען... אויך געדענק איך די שרעק, ווען עס האט געברענט „אויפ׳ן זייגער“ אין טורעם איבער׳ן מאניסטראט. מען האט זיך געפאקט. א שניי און א שטורעם. דער טורעם דער ברענענדיגער וואקעלט זיך, ער קען פאלען און ארויספאלען אויף די הייזער, רעכטס אדער לינקס. צושמעטערען די שטאדט, אוועקגעהן מיט׳ן רויך... מען פאקט זיך אין דער היים, און איך לויף אין שול אריין, ראטעווען די ספרי־תורה׳ס...

מ ע נ ש ע ן וועל איך ערשט זעהן נאך שפעטער, אין אפט, צויזמער, גרוים פוילען, ווארשע... דערווייל מאך איך די נעהנטערע באקאנטשאפט, ווי דערמאנט, מיט בעלי־חיים א ה ן לשון...

---

מיט קעץ האב איך מיך באקענט נאך אין חדר ביים רבי׳ן ר׳ בערישעל. ביי אונז אין דער היים איז אויך א געוויסע צייט א

די רעגירונג, סוחרים זאָלען לאָזען אין קורס „קוויטלעך״ אויפ׳ן ארט פון קליינגעלט. — מאַכט דער טאַטע קוויטלעך, און איך — „שניעף״. און גיב אוים אויף הילצערנע שווערדען מיט פּאַפּי־רענע שיידען, אויף געפּלאַכטענע שטריקלעך צו די לענדען פון מיינע גבורים, און גרייט מיך צו א מלחמה מיט די „לעשניטיקעס״. ווי מען פלעגט רופען די „יונגען״ פון דער ניי־שטאָדט, צוויי וויאָרסט אונטער זאַמושץ. דאָס „טרעפונג״ וועט זיין אין מיט וועג, אונטערן בשותפות׳דיגען בית־עלמין... און דער דערביי נחת פון א צופּלאַסען שטיק ר״ן, עגמת נפש פון פרי־מגדים׳ס איבער־שטרעכלעך, טראַכט אוים פּשטלעך און זאָג פאַר די יונגע לייט — קעסט־קינדער, וואָס שלענדערען זיך אַרום אין בית־המדרש... און עס איז דער פריה קיין אַנבייסען נישט, איך טרינק נאָר די קאַווע, און טראָג אַוועק די בייגעל מיט פּוטער פאַר אַן אַרעם אינגעל, א יתום, וואָס וואַלגערט זיך אין בית־המדרש אַרום. אביגדור׳ל־מלמד׳ס יתום... אזוי האָט מיר געהייסען דער חובת־הלבבות. און דאַווען על פּי הנוסח פון „יד החזקה״, און שטעה שמונה עשרה, ווי דעם רמב״ם וויל, ווי א סאָלדאַט אין פראָנט, די הענט ביי די נעט... און ווייס שוין, על פי הרלב״ג, אז עס הויבט זיך נישט אַן: אליהו הנביא איז גאָר נישט געפלויגען אין הימעל אריין...

און אז על פי הרמב״ם זענען די נסים עפּעס כמעט גאָר קיין נסים נישט, קיין „שדוד המערכות״. און ווייז חדושים אין בית־המדרש אין דאַמען־ און שאַך־שפּיל. דאָס ברעט — אויסגע־צייכענט מיט קרייד אין דער הויך, אויף דער פאַדלאָגע פאַר׳ן ארון קדש (ריינער!), די שטיינדלעך און די פיגורען — געקנעטען פון ווייס און ראַזאָווע ברוים, און געטריקענט אדער אויסגעשניטען פון קאַרטאָפלעס, די שוואַרצע — אין די שאָלען! און לויף אָפּט דאַווענען אין בעלזער שטיבעל אריין; עס ציהט די התלהבות — דער ברען, מיט׳ן געשריי, מיט׳ן קלאַפּען קאָפּ אַן וואַנט ביי שמנה עשרה... און צוליעב (ווי איך וואָלט היינט געזאָגט) דער שטילער שטימונג — צום גערער שטיבעל, צו שלש סעודות... און טרעף שוין — פון איין זייט צום „מורה נבוכים״, וואָס שטעהט אויף דער העכסטער פּוליצע (ווער נוצט איהם?), און פון דער צווייטער זייט — צום „עץ חיים״... איך וועל נאָך דערלאַנגען צום זהר...

מוטער. א זוויכע, מאגערע אידענע, א בלאסע, א קרענקליכע. פון איהר האט דר. עטינגער זיין „סערקאלע“ געמאכט. שרייט שטענדיג „אוי, מיינע כחות!“ טרינקט אלץ אינאיינעם מאנדעל־מילך פאר'ן האלז און באקט באשטענדיג קעז־קוכען (דאס אייגציגע פון זיסקייטען, וואס איך האב ליעב) און עסט... און באהאלט איהם אויף א הויכער שאנק, די קינדער זאלען זיך, חלילה, די מענעלער נישט פארדארבען. און איך, אויס ליעבשאפט צום קעז־קוכען, איהר להכעיס, און גלאט, א קונץ צו באווייזען — שפרינג אונטער, כאפ מיך אן אן גזימס פון שאנק, שלעפ שטיקער און פארדארב מיך ווירקליך דעם מאגען. און עס קומט דער אלטער בייזער דאקטאר סקשינסקי, וואס וועט מיך שפעטער באפרייען פון מיליטער, און פארשרייבט מיר עפעס ביטערס און געזאלצענס אין א פלעשעלע, א ווייסע פליסיגקייט. און איך, אז מען ווענדט זיך נאר אפ פון מיר, גיס אויס די מיקסטור, גיס אריין אביסעל מילך מיט וואסער און נעם איין אלע שעה איין עס־לעפעלע, און בעט מיר יעדעס מאל אויס אן אנדער מתנה און פארקרים מיך דערביי. גלייך איך שלינג גאט ווייסט וואס... קוים ווער איך געזונט, — סקשינסקי וואוינט צו אונז ווי־זא־ווי, א פענסטער קעגען א פענסטער, — ווארט איך איהם אפ ביים פענסטער, און ווי ער באווייזט זיך, שטרעק איך איהם ארויס די צונג. כאפט ער א שטעקען און לויפט צו אונז ארויף, מיר מקיים פסק זיין, און אין שטוב בין איך אליין... אט לויפט ער שוין אויף די טרעפ... רייס איך אויף א גרויסע רויטע שאפע אין שטוב, שפרינג אריין און טרעף מיט איין פוס אין א טאפ אייער אריין...

פאראן ביי אונז א שטיקעל גרין באוואקסענע חורבה, מן הסתם אין א פראצעס געשטאנען. שפיל איך מיך דארט גאנץ אפט פארנאכט מיט קליינע מיידלעך אין חתן־כלה. דער חתן בין איך. איך מיט די פייערדינע אויגען. די כלה — מיינס א קוזינע, א מיידעל מיט לאנגע צעפ. און אז דאס שפיל פארלאנגט, חתן־כלה זאל זיך קריגען, ווארפען זיך מיט די מתנות, כאפ איך א שטיינדעל, ווארף, טרעף איהר אונטער'ן אויג, און זי בלייבט ביי א צייכען ביז צו דער אמת'ער חופה... און דערביי בין איך גענעראל און האב אונטער מיר א גאנצע מחנה חדר־אינגלעך... באנקאצעטעל האבען דאמאלט פארפעהלט, קליין־געלט — ווענינ, ערלויבט

אונז מעשיות דערצעהלען פון עין־יעקב, פון מדרשים... אז אנדער מענש געווארען. אזוי ווייך, אזוי הארציג, און דער קול איז אנגע־זאפט געוועזן מיט אזא טרויעריגער גוטסקייט, אז די בייזע רביצען, ביים באזונדערען טישעל, האט זיך די אויגען געווישט...

אוי, האבען מיר איהם דאמאלט ליעב געהאט...*)

דערנאך האב איך געליטען גלות: געלערנט ביי א מלמד אין דער פרעמדע, אין שעבערשין, דריי מייל פון דערהיים; דערנאך אין דערהיים ביי א דיין געלערנט; פון דעם אין צווייטען פרק. —

## 3.

## נאך נעבעלדיגע יאהרען.

תהו ובהו. באקאנטשאפט מיט היגט. די ערשטע ליעבע.
שיער ניט אין ברונען אריין. מען פארשיקט מיך.

ווייטער נעבעלדיגע יאהרען, א קינדעריש תהו ובהו... אמאל א שטיקעל וואקס, פון אלערליי הענט געקנאטען; שטענדיג מיט צייכען פון פרעמדע פינגער אויף דער נשמה. און אמאל וועקט זיך, אויף א צייט, אויב ניט צייכען פון ווילען, — קאפריזען און פארלאנגען. און איך וואקס ארויס, ווי מען זאגט, ווילדע שטיק... דאס אינערליכע לעבען איז זעהר שוואך. איך בין א שוואם און זאפ איין. דאס איינגעזאפטע פאלט ערגעץ אריין אין מיר, איך וויים נישט דערפון, גלייך איך וואלט דערביי נישט געוועזען... דאס אויג זעהט, נאר איך קוק נישט; דאס אויער פארנעמט, איך הער מיך נישט צו. און ראש מישט זיך אלץ, און איינס לאגערט זיך אויף׳ן צווייטען... ווערט עפעס אינערליך געבויט, קומען אן נייע קינדערשע מאמענטען מיט׳ן ווינט, און פארשיטען יענע — בויען זיך הייזלעך אויף הייזלעך... דא און דארט שטארט עפעס ארויס, א שפיץ דאך, א וועטער־פעהנדעל, א שטיק קוימען...

— — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — —

א „קאלטע“ מומע האב איך געהאט, מיין חבר יחזקאל׳ס

---

*) זעה „וואס הייסט נשמה?“

אויף אהן א טשייניק, שיט אין סאמאווארל אריין עטליכע קערנד־לעך טיי, ער ברומט: צו ווייניג; זי הערט נישט. און די טיי איז ווירקליך וואסערדיג. האבען מיר איינמאל געבראכט שמירעכטס פון א ראד און צוגעשיט... דאס סאמאווארל קאכט אויף. ער גיסט זיך אן א גלאז: שווארץ ווי טינט. א מחיה. ער ווארפט דער רביצין א דאנקבארען בליק און זעצט זיך און שטעלט דאס גלאז פאר זיך אויפ'ן טיש. ער וויל זיך שוין צוריהרען מיט די ליפען, קריגט מען מורא, ער זאל זיך חס ושלום נישט סמ'ען. גיט עמיץ מיט א פוס א זעץ אין טיש אריין פון אונטען, דאס גלאז קערט זיך אום דעם רבי'ן אין שוים אריין. דער טיי איז געווען קאכעדיג.

---

דער גרעסטער להכעים איז אבער געווען אן אנדערער: גע־לערענט האט מען איזהו נשך, און ער האט געפייניגט מיט קשיות און פארלאנגט מיט'ן מוהל־נאגעל תירוצים... קיין גרויסער למדן איז ער נית געווען. מיר האבען געוואוסט, אז עס איז ניט זיינע קשיות, נישט זיינע תירוצים. פלעגט מען זיך אמאל א שבת אריינכאפען אין בית־המדרש אריין, דורכקוקען אויף אויפדער־וואך די סוגיא מיט תוספות, מהרש"א און אנדערע מפרשים און זונטאג פריה האגלען אויף איהם מיט קשיות. א קיילעכדיג, פעט אידעל געווען, — ער שוויצט, דרעהט זיך ווי א ווארעם, די קיי־לעכדיגע אויגען ווארפען זיך אין שרעק, און מיר פלאצען דערנאך ארויס מיט א געלעכטער... נעמט ער און קנייפט...

פרייטאג פלעגט ער אלע איבערשמייסען, מכלומר'שט אויף קאטאוועס: אן אלטער מנהג, מען זאל געדענקען שבת. עס פלעגט אבער אפט וועה טון...

און דאך האבען מיר איהם טיילמאל ליעב, זעהר ליעב גע־האט...

אין א יומא דפגרא פלעגען די אינגלעך ברענגען קליינגעלט (צווייערס, דרייערס, זעכסטענס, צעהנערלעך). דערפון פלעגט מען מאכען א סעודה. די סעודה איז באשטאנען פון דער רבי'צענס סחורה: הערינג, קיכלעך און הייסע באבעס... זעצען צו דער סעודה פלעגט זיך צו אונז אויך דעם רבי'נס איינציגע טאכטער... א בלאס טרויעריג מיידעל מיט לענגליך פארנעבעלטע אויגען... און דער רבי פלעגט זי גלעטען איבער'ן געלבלעך־גאלדיגען קעפעל און איהר און

מיר האבען איהם אויך נישט געקאנט.

געהאט האט ער א לאנגע ווייסע בארד, האבען מיר זיך איינמאל גענומען זי צוצוקלעפען צום טיש. אוועקגעזעצט (?) נאך די פיראגעס. איז ער איינגעדרימעלט געווארען. חתימה און טריוואקס גרייט, דאס ליכט אויפ'ן טיש ברענט. מען ריהרט זיך צו. האט ביי עמיצען, זעהט אויס, פאר שרעק א ציטער געטאן די האנט, א צופ געטאן א האר פון בארד. ער האט זיך אויפגעכאפט און געכאפט זיך צו די ריטלעך. דערפאר אבער האבען מיר דעם צווייטען יומא דפגרא געכאפט דער רביצענס קוואקעדיגע הון און געזעצט אויף דער שיסעל פיראגעס אונטערן קישען. ער קומט, נעמט די שיסעל, שטעלט זי פאר זיך, קוקט מיט די בלינדע אויגען, און צושמייכעלט זיך פאר נחת:

— אי, אי, אזוי פיעל געריישטע ציבעלעס! — און האט אריינגעביסען...

— — — — — — — — — — — — — — — — — — — — —

איינמאל האבען מיר איהם אויף א גליטש פארנארט. הינטערן בית־המדרש איז געווען א גליטש. האבען מיר זי צווישען מנחה ומעריב פארשיט מיט שניי און געשיקט א חבר אין בית־המדרש אריין, ער זאל די רעשט פאר'ן רבי'ן פאר'מסר'ן, אז מען גליטשט זיך... געהט ער אראפ, קומט אויף דער גליטש, קערט זיך איבער: א שווערער מענש געווען, הויבט ער זיך און פאלט, הויבט זיך און פאלט. מיר לאבען... ווילען אנטלויפען. שרייט ער נאך: רחמים! שווערט, ער וועט אונז נישט שלאגען, נאר נישט טון...

האבען מיר איהם אויפגעהויבען, און ער האטווארט געהאלטען. פאר דאס צום דריטען זמן אין אנדער קנעלונג זיך געשאפט. מיר (איך און מיין שוועסטערקינד) זענען מיר אריבער צו נאר א בייזען מלמד.

דער האט שוין געקניפען. א מוהל געווען, א נאגעל געהאט! און מיר האבען נישט געשווינגען. א ספאדיקעל האט ער געטראגען, האבען מיר איהם אין ראנד אריינגעשיט שניי. זיצט ער ביים טיש, הויבט איהם אן רינען איבער'ן פנים... טיי האט ער ליעב געהאט. די רביצען שטעלט איהם יעדען טאג א בלעכערנעם סאמאווארל

דישע, צנועה׳דיגע, זענען (אין מיינע יונגע אויגען, ווענינגסטענס) ביידע געווען: לענגליך־בלאַסע, דין־הייטיג־דורכזיכטיגע פּנים׳לעך, לאַנגע ברעמען, איבערגעצויגענע, סאַמעטענע בליקען פון שמאַל־לענגליכע מאַנדעל־אויגען... און שוין. זיי פאַרשווינדען מיר ביידע פון זכרון. וואו זיי זענען אהינגעקומען, ווייס איך נישט. איך ווייס שוין אויך נישט, וואס איך האָב ביי דעם מיכלען געלערנט. געווים נישט מעהר, ווי אביסעל נאַכטראַכטענדיג שוויינען, געווים זיך אנגענומען מיט אביסעל שטילען, גוט־האַרציגען אומעט, וועל־כע איך דערקען אין מאַנכע פון מיינע זאַכען. אפשר האָט ער מיר מיט די שטילע אויגען איבערגעגעבען אביסעל חסידות?

איך און מיין גליך־שוועסטערקינד שטייגען ווייטער און קומען אַן צו ר׳ יודלען — צו א העכערען גמרא־מלמד. ביי איהם זאָגט מען שוין א „לייענען" אויך.

צוויי זאַכען האָט ער ליעב געהאַט, דער ר׳ יודעל:

שמייסען איבער די פינגער מיט ריטלעך און — פּיראַגעס, וואָס די רביצען פלעגט איהם מאַכען אין א יומא דפגרא — און אוועקגעהן... זי קען נישט ליידען, „ווי דער בעל־תאוה פרעסט, ווי דאָס שמאַלץ רינט איבער׳ן פּיסק"...

די רביצען מישט זיך נים צום לערנען און איז אויך נישט קיין איינגעהערין ביי מיין מאַמען, זי זאָל סטראַשען, זי וועט דער־צעהלען. דער טאַטע איז שוין סוחר, זעלטען אין דערהיים. און ר׳ יודעל לאָזט זיך וואויל געהן, און איך געה ארום מיט געשוואָ־לענע פינגער גלייך מיט אלע, און פיהר מיט איהם מלחמות גלייך מיט אלע. דעם צווייטען זמן, אז מען איז אריבער פון בבא־קמא צו יבמות, וואָס איז אונז נאָך שווערער געווען, איז אויך די מלחמה שאַרפער געוואָרען. און באַקומען האָט מען גאַנץ אָפט בחנם. ר׳ יודעל איז א בלינדליבער געווען, קיינמאָל נישט געזעהן און גע־וואוסט, ווער איז שולדיג, — האָט ער, פאַר וואָס עס איז, אלע איבער די פינגער געשמיסען. די ריטלעך האָט ער מיט נרוים פאַרזיכטיגער ליעבשאַפט אויסגעקליבען פון נייעם בעזים, וואָס די רביצען פלעגט ברענגען פון צייט צו צייט. דאַכט זיך מיר, זי האָט נאָר געהאַנדעלט מיט בעזימער, נאָר אויף זיכער געדענק איך נישט. אויסקלייבען פלעגט ער די ווייכסטע, די דינסטע און געשמיסען האָט ער בניחותא, פּאַמעלעך, נאָר לאַנג.

בארד געהאט. א מלמד געווען און דערביי שמש אין בית־המדרש. געווען איז ער א גרויסער בעל־חשבון און געקאנט „מרידה“. לערנען, אויסער מיט אונז אין חדר, האט איהם קיינער נישט געזעהן.

אין בית המדרש פלעגט ער קיינמאל נישט רעדען, און גע־פרעגט, נישט ענטפערען וועגען לערנען. אויסער, אז עס איז געגאנ־גען וועגען א גמרא מיט חשבון אדער א משנה מיט מרידה. אן אנדער מענש געווארען. געררעדט, און מיט ליעבשאפט צום ענין. אזוי לערנען איז ביי איהם קיין עסק נישט געווען. אויף א „גראב“ אינגעל פלעגט ער קוקען מיט גרויס רחמנות: „פארשטאפט נע־בעך“. אויף א „וואויל אינגעל“ — גלייכגילטיג. „וועסט זיין א למדן“ — און אין טאן איז געלעגען: הכלל וואס? מאי כולי האי? אמאל האט ער נאך געזאגט נישט אהן באהאלטענעם בזיון: „וועס־טו זיין א רב!“ — דאוונען האט איהם אויך קיינער קיינמאל נישט געזעהן. „א באהאלטענער קאצקער“, — האט מען געזאגט; קאצ־קער פלעגען נישט האלטען פון דאוונען. געמוזט האט עס זיין בסוד, — א מתנגד׳ישע שטאדט, א מתנגד׳ישער בית־המדרש. איך דערמאן מיך א מעשה. ביים שולחן איז געשטאנען א קליין אידעל, ר׳ עזריאל׳כעל האט ער געהייסען. א דאמאלטיגער שענקער גע־ווען — א שם־דבר. אן אלט אידעל, א קרענקליכס, מיט א בלאז אוועקצויאגען. קומט אמאל אריין צו מעריב א פרעמדער איד, א הויכער, א דיקער, א גבר, שטעלט זיך זאגען יתום־קדיש און כאפט זיך ארויס: ויצמח פורקניה... פלאמט דאס אלטע ר׳ עזריאל׳כעל אויף, גיט א שפרונג איבער טיש און באנק, א לויף צו צום עמוד, צום פרעמדען גבור צו, א הויב די נענעלעך, א שפרונג אונטער און דערלאנגט דעם איד אין באק...

באהאלט, זעהט אויס, ר׳ מיכל זיין קאצקער חסידות, דרעהט זיך בשעת׳ן דאוונען ארום צווישען עולם אין טלית ותפילין, נאר ער זאל עס א ריהר טון מיט די ליפען. די תלמידים ריהרט ער נישט אן, מיך אודאי נישט. ביי דער רביצען בין איך א חשוב. איהר שוועסטער דינט ביי אונז! איך געדענק זייביידע און וואונ־דער מיך נאך, ווי עהנליך די שוועסטער זענען זיך געווען. איך, א צעווארפענער, פלעג זיך גאנץ אפט טועה זיין, זאגען אין חדר דער רביצען: „חנה, דערלאנג מיר אביסעל וואסער“, און אין דערהיים דער דינסט: „זייט־זשע מוחל, רביצין“... און שעהנהייטען, אי־

— ווייסט איהר וואס, ר׳ בערישעל? לאזט יעדען טאג ארויס די קינדער פאר דער טיר אויף א שעה!

גלייך א דונער וואלט אין בערישלען אריינגעשלאגען...

גלאצט ער אוים א פאר אויגען און הויבט אן שטאמלען:

— וואס רעדט איהר? ווי הייסט? זיי זאלען זיך שפילען אין ליים?

מען האט געזאלט ארויפציהען א נייעם שמאק, האט מען אננעלעגט ליים פאר׳ן הויז.

— פארוואס נישט? — ענטפערט דער טאטע צוריק.

גיט זיך ר׳ בערישעל האלב אונטער:

— מילא, בנוגע צו אייער לייבושלען... אז איהר ווילט...

— איך אויך! איך אויך! — רופט זיך אן מיין גליד־שוועסטערקינד יחזקאל...

— פאר ר׳ מרדכי׳ן בין א י ך אייך ערב! רופט זיך אן דער טאטע. יחזקאל׳ס פאטער האט געהייסען מרדכי.

וכך הוה. מיר צוויי באקומען רשות און געהען טאג־טעגליך ארויס אויף א שעה פאר דער טיר, צום בארג, צום ליים, זיך געשפילט, געגראבען (ערגעץ א לאפאטקע באקומען), טאלען, גריי־בער געמאכט, א פעסטונג געבויט.

און די ארבייט איז אונז שפעטער צונוץ געקומען א מצוה צו טון. אין א קורצער צייט ארום האט מען איינגעלעגט די זא־מאשטשער פעסטונג. די מויערען האט מען צושאסען און געדונגען ארבייטער אראפצושיטען די וואלען אין די פאסען אריין. גע־צאהלט האט מען פון קלאפטער. האבען זיך אויך עטליכע אידען צו דער ארבייט געשטעלט. אלטע, צעבראכענע אידען, וואס האַ־בען שוין צו עפעס אנדערש נישט געטויגט. נאהענט צום חדר איז עס געווען, פלעגען מיר אויף דער שעה לויפען אויפ׳ן וואל ארויף און ארבייטען פאר די אלטע ליים.

וואס איך האב געלערנט ביי דעם ר׳ בערישלען, געדענק איך נ י ש ט...

נאך צוויי זמנים בין איך מיט מיין גליד־שוועסטערקינד יחזקאל איבערגעגאנגען צו מיכל מלמד. ער האט אויך נישט גע־שלאגען.

א מארגער איך געווען דער „געלער מיכל“ — א בלאנדע

אוועק דעם כּוֹס און דערלאנגט מיר אין באק מיט דער באפרייטער האנט.

— שעהנע שבתים מאכט ער מיר! — און געהט ארויס אויף א ווײלע. די מאמע ברומט:

— גלייך א קינד האט נישט זיינע וועהטאגען...

אז מיין וועהטאג איז געווען גאר נישט קינדיש, איז איהר נישט איינגעפאלען...

איינגאנצען צוויי מאל געשלאגען.

א פרעמדען ארויפלעגען אויף מיר א האנט וואלט ער געוויס נישט געלאזט. פון דעם ווייסט ר' בערישעל און די רביצען, וואס זיצט שטענדיג ביים אויווען, טוט עפּעס, פארקוקט אין די תלמידים און פארהערט איג'ם לערנען.

איבער דער רביצען, אויפ'ן גזימס פון אויווען, ליגט שטענ־דיג אויסגעצויגען די קאץ, א גרויסע, א פוילע...

טרעפט זיך אבער, אז די רביצען דרימעלט איין ביים שטרי־קען א זאק, אפשר איינגעוויגט פון גמרא־נגון, און פארלירט די קנויל. ניט שוין די קאץ, וואס האט דארויף געלאקערט, א שפרונג אראפ פון גזימס צו דער קנויל און הויבט זיך אן מיט דער קנויל צו שפילען, ווי מיט א מויז, און פאריאגט זי ביז אונטערן בעט...

מיר פּלאצען אויס מיט געלעכטער... די רביצען כאפט זיך אויף. דער רבי ווערט בייז...

פאר אזא געלעכטער (איך פלעג לאכען צום שטארקסטען) האט ער מיך שוין איינמאל געוואלט ערנסט שלאגען. איז אבער פונקט אריינגעקומען דער טאטע... די סצענע בייט זיך מיט אמאל.

—אה, ר' יודעל! וואס מאכט איהר, ר' יודעל? זעצט אייך, ר' יודעל...

די רבי'צין פרעגט: וואס ריוועלע מאכט. און דער טאטע, ווענדט זיך גלייך צו מיר און פרעגט:

— וואס שוויצסט דו אזוי, לייבעלע?

— וואס הייסט? פארכאפּט דער רבי, אוים מורא, איך זאל נישט דערצעהלען: — ווי הייסט, די תורה הקדושה, ברוך השם, ווארעמט... און א זומער־טאג...

באקומט דער טאטע א ליבעראלען איינפאל און זאגט צום רבי'ן:

זיצען אלעביים טיש, פארקלאגט ער מיך פאר דער מאמען:
— דער קאמעדיאנט, עסט מכלומר'שט נישט קיין זיסע זאַ־כען און כאפט לעקער פון טאַץ!

קומט אריין די דינסט מיט דער יויך, — געהערט האט זי, אפנים, הינטער דער טיר, — און דערצעהלט, וואס איך האב מיט'ן לעקער געטאן. זי האט געזעהן.

די מאמע האט די ברעמען אראפגעלאזט איבער די אויגען. זי האט שטענדיג געהיט איהר געמיט פאר פרעמדע און אפילו פאר היימישע אויגען. דער טאטע איז בלאס געווארען, די אויגען ווערען איהם פייכטלעך. און ער הויבט זיך אויף און געהט אפ אין צווייטען צימער אריין. פיהל איך מיך שולדיג, וואס איך האב באלד נישט דערצעהלט, וויל נאכגעהן און איבערבעטען — און קאן נישט. ביז'ן היינטיגען טאג קאן איך מיך אליין נישט פארטיי־דיגען און קיינעם נישט איבערבעטען...

ד'ערפון אן אנדערש מאל.

דאס צווייטע מאל האב איך געלייזט, ווען איך בין שוין א „אינגעל“, נישט קיין „קינד“ געוועזן — א „בחור“ (א יאהר פער־צעהן אודאי!). אבער שוין דאמאלט א „חוקר“ געוועזן, געלערנט „מורה נבוכים“ (ווי איך קום דערצו, וועט ווערען דערצעהלט) און בין ארומגעגאנגען אין עולמות העליונים, פאר'מרה'שחורה'ט, מיט וועלט־טראגישע חלומות און געדאנקען! וואס פאר א תכלית האט דער מענש? די וועלט? ידיעה ובחירה... פון וואנען נעמען זיך און צו וואס די יסורים, דער צער? — דערביי האט געווים געשפילט א גרויסע ראלע דער אידישלעך־פריהער איבערגאנג צו די מענער־יאהרען. נאר א געמיט האב איך געהאט א שווארצס, גע־זוכט התבודדות און געקראצט מיט נעגעל אין דער נשמה...

איינמאל פרייטאג בין איך פארפאלען געווארען אויף א גאנ־צען טאג. איך געדענק שוין נים, וואו איך בין געוועזן. געקומען אין בית־המדרש אריין צו קבלת שבת בין איך גלייך פון שפאציר, אין דער וואכענדיגער קאפאטע, און וואכענדיגען היטעל און נישט־געפוצטע שטיוועל, אנגעקלעפטע מיט ליים פון אונטער דער שטאדט. דעם טאטענס פנים האט אויפגעפלאמט. ער האט זיך דאך איינ־געהאלטען פאר'ן עולם. נאר ביים קידוש קען ער קיין אויג נישט אפרייסען פון מיין פאר'חושכ'טען פנים און נים פלוצלונג א שטעל

— איינזעצען אין תפיסה!

— אכיבא מאכען די וועלט פאר א תפיסה!

ער אליין האט מיך אין לעבען צוויי מאל געפאטשט.

פון געבוירענהייט אן האב איך פיינט געהאט זיסע זאכען. אין מויל אריין נישט גענומען. „איך וויל, מען זאל מיך האלטען פאר קלוג“, האט מען זיך גערייצט מיט מיר. די באבע פלעגט באקען מכל המינים גוטע זאכען: ווייסען לעקער, האניג־לעקער, טארטען, שטעפענס, פרעגלען איינגעמאכטס... פאר זיך, פאר די קינדער... פאר קראנקע אין הקדש, — אלע אייניקלעך פארדאר־בען זיך פון צייט צו צייט די מעגעלעך. מען באקומט און מען גנב'עט אביסעל צו; איך איינער — אן אויסנאם. איך עס עס נישט ביז היינט.

מאכט זיך מיין אינגערען ברודערס ברית.

קומען ארעמע לייט אויף לעקעך און בראנפען, פארזאמלען זיי זיך אין מיטעל־שטוב. רעכטס — די מאמע די קינפעטארין. אין דער שטוב לינקס — די בעלי־בתישע געסט. איז געווען ביי אונז א סארוועך, זאל ער מיר מוחל זיין, א „כלב שבכלבים“. אזוי האבען איהם אלע גערופען. געווען איז ער, איך זעה איהם פאר מיינע אויגען, אן אויסטערליש הויכער, א דארער און א ווייסער, אהן א טראפען בלוט אין פנים. געווען איז ער אן אלמן און א חשוך בנים. עטליכע ווייבער געהאט און קיין איינציג קינד. אז די לעצטע איז געשטארבען, האט ער זיך שוין מיאש געווען פון לעבען און גענומען זיך תכריכים. ביינאכט, האט מען דערצעהלט, שפא־צירט ער ארום אין די תכריכים אין הויף... שרעקט איבער לייט. ארעמע לייט האט ער פיינט געהאט שנאת מות. טראגט דער רשע פון דער מאמעס שטוב ארויס, הויך איבער'ן קאפ, א טאץ מיט לעקעך צו די בעלי־בתים אריין, איבער דער מיטעל־שטוב. און איך זעה, ווי א קראנק מיידעל קוקט מיט פארברענטע אויגען צו דער טאץ ארויף. פלינק בין איך געווען, שפרינג איך אונטער, כאפ א שטיק לעקעך און דערלאנג דעם בלאסען מיידעל... דער טאטע,

— איך האב נישט געוואוסט דערפון, — איז געשטאנען אין טיר פון דער מאמעס שטוב. דעם שפרונג אין דער הויך האט ער גע־זעהן, וואס איך האב מיט'ן לעקעך אין דער נידער געטאן — נישט. געהט ער צו און דערלאנגט מיר אין באק. צו־מארגענס, מיר

לאז איך פאמיליען־אנגעלעגנהייטען אויף שפעטער און גען צוריק צו מיינע מלמדים...

צו זעקס יאהר האב איך אנגעהויבען גמרא. דאמאלט — אלע אזוי.

דעם גמרא־מלמד געדענק איך בעסער.

אויך א קליין, מאגער אידעל. גערופען האט מען איהם דער־ריבער: בערישעל. א בייז אידעל, שלאגען אבער קאן ער נישט. אז ער קומט אין כעס אריין, הויבען איהם אן די הענט צו ציטערען.

— הענע! — רופט ער דאמאלט צו דער רביצען — כאפ די קאטשערע און שפאלט דעם עם־הארץ דעם קאפ!

הענע ריהרט זיך נישט. זיצט ביים אויווען, פליקט פעדערען אדער שטריקט א זאק. געהט עס וועגען מיר, ענטפערט זי:

— הערסט, ריהר לייבושלען נישט אן... איך וועל פארצעה־לען ריוועלען...

ריוועלע איז מיין מאמע. און די רבי'צין איז געוועזן אן איינ־קויפערין פון ציבעלעס, גרינס... און פלעגט טראגען צו אונז אויך, א דריסת הרגל געהאט. און ליעב געהאט די מאמען און מיך, אפנים, דער מאמען צוליעב.

— א אידענע, פלעגט זי זאגען, א צדיקת... קארגט אויף זיך און אויפ'ן הויז־געזינד — און גיט צדקה, אבער צדקה! און ער, דער גזלן, וויל שלאגען איהר לייבושלען!

— נו, נו, — ברומט דער רבי, — זאג איהר, וואס פאר א תכשיט זי האט...

זי פלעגט זאגען... נאר קאפויר.

דער טאטע מיינער (ער לעבט שוין נישט) האט אויך נישט געהייסען שלאגען. איז דאמאלט נאך א קעסט־קינד געווען, אין דערהיים געזעסען, און בטבע א ליבעראל, אפשר אן אנארכיסט.

אז עס איז ארוים א קלאנג, אז מען וועט נעמען צום מי־ליטער, און מען האט זיך אנגעהויבען שרעקען, האט ער געראטען: נישט שרעקען זיך און נישט געהן. קיינער זאל נישט געהן...

— מען וועט שמייסען!

— א וועלט שמייסט מען ניט!

— שמידען אין קייטען!

— נישטא אזוי פיעל קייטען!

— שעמט זיך נאר אלץ!

מיך נעמט דער זיידע פון טיש אראפ צו זיך אויף דער שויס, און גיט מיר א קניפ אין בעקעל. איך זיץ אבער נישט לאנג, — ביינינע פיס געהאט, איז מיר נישט באקוועם — און געה איבער צום טאטען, וואס קושט מיך. —

מעהר פון זיידען ווייס איך נישט, געדענק איך נישט. גע־הייסען, ווייס איך, האט ער שלמה. געוועזן אמאל א דאנציגער סוחר. דערצעהלט האט מען, אז איינמאל איז ער אהיים געקומען, ווי מען זאגט, מיט'ן ביימשעל... געוועזן איז עס פרייטאג. געגאנ־גען איז באד אריין, דערנאך צו קבלת שבת. „אפגעפראוועט" דעם שבת, ווי אלע מאל, קיין סימן פון ענוי. און ערשט מוצאי־שבת נאך הבדלה צוזאמענגערופען אלע בעלי־חובות זיינע און גע־זאגט: „רבותי, איך בין געקומען אהן א גראשען, נעמט אייך צו אלץ. וואס אין שטוב!"

— חנה'לע, דערלאנג! — האט ער זיך געווענדט צו דער באבען.

און די באבע חנה'לע האט אויסגעטאן די צירונג און געלעגט אויפ'ן טיש. געעפענט די שאנק מיט זילבער און גאלד, אריינ־געבראכט די חפצים פון אנדער שטיבעל... קיינער אבער האט נישט געריהרט.

די באבע האט איהר קראם געהאט, האט מען פון קראם גע־לעבט, איינציגוויז די חובות באצאהלט, מיט פראצענט. און קינ־דער אויסגעגעבען.

ווי ווייט די מעשה איז אמת, בין איך אייך נישט ערב. אז די באבע איז פעהיג געוועזן דערצו, דאס ווייס איך. דעם זיידען געדענק איך נישט מעהר, ווי דאמאלט ביים טיש, ווען איך האב אויסגעלעגט. איך זעה זיינע אויגען, קליינע, נאר הארציג ליכ־טיגע...

ווען און ווי אזוי דער זיידע איז געשטארבען, ווייס איך אויך נישט. מען האט מיך געמוזט האלטען בשעת מעשה פון דער־ווייטענס, אזוינס פארגעסט מען נישט. געהערט האב איך, אז ער איז קראנק געווען, האט איהם דער דאקטאר געהייסען מאכען א רייסע וואנע, און אין דער וואנע איז ער געשטארבען...

שבת נאך דער סעודה האט געזאלט זיין ביים זיידען אין שטוב די שמחה. בשעת סעודה נעמט מיך דער זיידע (א קליין אידעל, מיט א ציטעריג קעפעל, ווי איך בין געוואר געווארען, פאר עלטער). זעצט מיך ארויף אויפ'ן טיש, אין דער מיט. די מאמע דערשרעקט זיך און כאפט געשווינד אוועק פון אונטער מיר א נאפעל. ארום טיש זיצט די גאנצע משפחה: א זוהן, צוויי טעכ־טער, צוויי איידעמס און אן אלמנה, מיינע אן עלטער־מומע, (פון וועלכער איך האב געמאכט די „סקולער רביצין“, גארנישט אי־בערטרייבענדיג), אחוצ'ן זיידען מיט דער באבע. צו וואס מען האט מיך ארויפגעזעצט, ווייס איך נישט. מיר געפעלט עס. א וואזע שטעהט אויפ'ן טיש. פרואוו איך, צי וועל איך זי ארומנעמען מיט די הענט. נעמט אבער די באבע די וואזע צו און פרעגט מיך, צי איך וועל קענען שפעטער די דרשה?

— טענען! (קענען) — ענטפער איך און וויל שוין אראפ פון טיש; לאנג אויף איין ארט זיצען קען איך נישט. פארהאלט מיך א פעטער, שוין דאמאלט א שטיק משכיל, אין א שווארצען קאַ־פעליוש, — דערזעלבער, וואס וועט שפעטער זיין דער מבין אויף מיינע אינגעלשע שירים און וועט זיי זאמלען און באהאלטען, און פרעגט:

— און אויסלעגען „ויטרא“ (ער מאכט מיר נאך) קענסטו? ווייס איך נישט, וואס אויסלעגען איז. פרעג איך:

— ס'טייטש?

— ווי אזוי ש ר י י ב ט מען ויקרא?

מיין איך, ער מאכט חוזק.

— „ויטרא“ — ענטפער איך פארדראסיג — שרייבט מען נישט. „ויטרא“ איז א פסוק און א פרשה אין דער הייליגער תורה.

מען האט מיר קוים אויסגעטייטשט, וואס מען מיינט, און איך דערזעה פלוצלונג פאר די אויגען שוועבען אין דער לופטען די פרשה, א ווארט נאך א ווארט, און רוף אן איין אות נאכ'ן צווייטען, אויסערן שם הויה.

דער מאמען ווערען די אויגען פייכט (נישט צו גלויבען, ווי איך האב אלץ געזעהן), עפעס האבען ביי איהר אנגעהויבען צו פינטלען די אויגען, און זי הויבט זיך אויף און געהט אין א ווינקעל אריין צום אויווען. די באבע קוקט איהר נאך און שמייכעלט:

## 2.

## קינדער־יאהרען און מלמדים.

נעוועזן בין איך, ווי מען האט געזאגט: אן עלוי. א פלינ־קען לאנישען קאפ געהאט און — פיעל געמיט.

ווי אזוי בינדט זיך דאס צוזאמען? עס בינדט זיך נישט. עס גיסט זיך נישט צוזאמען... א פראצעס פון צוויי עלעמענטען (א לאנישער מח און א הארץ פול געמיט) — אין איין „בעל כרחך אתה חי..."

אין „מאניש". צווישען אונז גערעדט, האב איך געוואלט מיך אליין קאפירען. האב איך מיך אבער פארשענערט; איך בין גע־ווען מאגער, שווארץ, גאר ברענענדיגע אויגען געהאט (פונקען זע־נען נאך געבליבען) און גרויסע. דער „וואס טרעפט באלד אריין אין קארב, מעג דער רמב"ם זיין ווי הארב" — בין איך! נאר דער דערצו נאך א „בעל קורא" איז צוגעגעבען צום גראם. קיינמאל קיין בעל־קריאה נישט געווען, נישט רעכט אפילו „מעביר געווען די סדרה". דער עיקר איז ביי אונז געווען ל ע ר נ ע ן...

פון חורבה ארויסגעזוגען האט מיר נישט איין „מאריע". די מאריעס וועלען קומען. נישט אלע... ווי געזאגט: אפפאל וועל איך נישט געבען. זיי זענען נישט אריין נישט אין מיר, נישט אין מיינע שריפטען... די אנדערע — ווי ווייט מעגליך. עס האלט אבער נאך נישט דערביי. דער פרק הייסט קינדער־יאהרען...

און געדענקען געדענק איך מיך נאך גאר א קינד: 1) צוויי־שען איינגלעך און מיידלעך אויף א הויף, 2) אויף א פארלאגע אין חדר. דער מלמד האט געהייסען חיים־קעלבעל. א אידעל, זעה איך איצט פאר מיר, א קליינס, א קליין בערדעל, קליינע אויגעלעך און א קליין ספאדיקעל. און 3) ביים בעלפער אונטער'ן ארעם. א זאווערוכע — און ער טראגט מיך אין חדר אריין...

צו דריי יאהר — אנגעהויבען (גלייך מיט אלע חברים) חומש. געלערענט „ויקרא". זאגען פלעג איך: „ויטרא", נישט געקאנט ארויסברענגען קיין „ק"; קיין „ג" אויך נישט. יאהרען־לאנג פלעגט מען מיך רופען „דר דרוד ירודנו (גד גדוד יגודנו)..."

סעל נ י ש ט פאסען, און עס וועט נאך בלייבען צייט, וועל איך געבען א נ י י ע ם... דאס לעבען האב איך ליעב.

אבער שרייבען וועל איך נישט א ל ץ.

ווייל נישט א ל ץ איז אריין אין מיינע ש ר י פ ט ע ן, און נאר די געהערען דעם לעזער. פאר'ן דאווענען געהט א פרומער איד אין מקוה אריין און שווענקט אפ פון זיך די זינד. גייסטיג מוט עס דער שריפטשטעלער פאר'ן שרייבען.

אויסער דעם „מאדערנעם", וואס פאראדירט מיט זיין זינ־דיגקייט, און אויב ער פארמאגט נישט אזוי פיעל איינענס, ווי־פיעל דער מארק פארלאנגט, טראכט ער אביסעל צו, אנטוויקעלט ער די מעגליכקייטען, וואס האבען נאך קיין צייט נישט געהאט, זיך צו אנטוויקלען און ארויסצושפראצען... אפט נעמט ער ביי אנדערע...

א י ך וועל איך דעם אפפאל נישט געבען...

די נ ע ש י כ ט ע דארף קיין ליגען נישט זאגען, אבער נישט אלץ דערצעהלען, ווייל א ל ץ איז דער גרעסטער ליגען. ווייל נישט א ל ץ איז דער מענש. פראטעסטירט דארף ווערען נאר דאס כ א ר א ק ט ע ר י ס ט י ש ע; דאס עכטע, נישט דאס צופעליגע, וואס געהערט גארנישט צום מענש.

און נאך וואס:

ערגעץ טיף אין מיר (אונטער דער באוואוסטזיניגער שוועל, ווי מען זאגט) ליגען ז כ ר ו נ ו ת. איך וויל זיי פון דער טונ־קעלער טיפעניש ארויסציהען אויף דער ליכטיגער שיין, — ליגען זיי אבער נישט, איינס נאכ'ן צווייטען, ווי א שנור באגראבענע, געפרווירענע ראבען, מויל צו עק... זיי פליהען דארט ערגעץ פריי ארום, ווי אייזען־שטויב, טראגען זיך לויז. און די מאגנעטען, וואס ציהען זיי ארויף און גרופירען ארום זיך, זענען נישט קיין ד א ט ע ן, נאר אויך פ א ק ט ע ן, הויפט־פאקטען, ג ע נ ע־ר א ל ע ן, אדער אידעען און שטימונגען... איך געדענק קיין איינציגען דאטום. וועט ווער נאכקומען און צושרייבען, וואו מען דארף דעם „יום", — זעהר גוט.

איך קען עס נישט.

## 1.

## נעבעלדיגע קינדער־יאהרען.

ליעבער הער רעדאקטאר!

איהר פארלאנגט פון מיר, איך זאל אייך שרייבען וועגען זיך אליין, איך טו אייך צוליעב.

אין דער א י י נ ל א ד ו נ ג, ווי שמייכעלהאפט זי זאל נישט זיין, שטעקט אפילו א בימערליך קערענדעל: נאר פון ע ל־ ט ע ר ע — אלטע גלוסט זיך מיר נישט זאגען, איך האב אפילו ערגעץ מיין מעטריקע פארווארפען — נאר פון עלטערע לייט פאר־ לאנגט מען זכרונות.

צו מיר, הייסט עס, זאגט איהר:

— האסט אנגעפילט א שייער, דערלאנג אונז דעם ש ל י־ ס ע ל...

איך טו עס דאך גערן. איך האב נישט איין מאל פאר'ן פובליקום פון זיך אליין גערעדט, געפרואווט א י ב ע ר ג ע ב ע ן דעם שליסעל.

דעם אמת זאגענדיג, די נאכשליסלען פ א ס ע ן מיר נישט. קיין וואונדער: קיינעם געפעלט נישט קיין אייגענע פאטאגראפיע. קיינער געפינט זיך נישט אינגאנצען אין א געטראפענער ס ע־ ק ו נ ד ע, ווי טריי עס האט נישט געזאלט זיין דאס גלאז אין אפאראט... דערנאך קומט ערשט דער ר ע ט ו ש ע ר, דער פ א ר ג ל י י כ ע ר און פ א ר ג ל ע ט ע ר... זיי מאכען די רעשט צו שאנדען.

וועל איך אייך שרייבען, איבערגעבען דעם ש ל י ס ע ל ש ר י פ ט ל י ך. וועט בלייבען צ י י ט. וועל איך מיר א נייעם שייער בויען און אנפילען, און וועט דער א ל ט ע ר שלי־

גאָט. אָן וועלכען דיין נשמה איז געהאנגען, צו וועלכען דיין האַרץ האָט געבענקט, דיין איינציגע האָפנונג און רעטונג, — דיין גאָט איז אַראָפּגעפאַלען און האָט געפּלאַצט, און איז צושטויבט געוואָרען... און אַ ווינט האָט זיך אויפגעהויבען און זיין שטויב אויפגעכאַפּט און צושפּרייט און צוזייהט...

צוריסען איז געוואָרען דאָס האַרץ ביים גלויביגען.

---

און איך בין דער גלגול פון די אַלע...

איך האָב גע'ירש'נט די וועהטאָגען פון גערטנער, פון שיפער, פון פּאַסטוך, פון גלויביגען — דאָס אַלץ צוזעצט מיר די ברוסט.

.1906

און עמיץ געהט דורך, ריהרט'ם אַן ביים אקסעל:

— שיפער — דיר חלום'ט, און דער ווינט האָט זיינס געטאָן. ער האָט אָפּגעריסען די קייט! די צאַרניג אויפגעברויזטע פאַליע האָט דיין שיפעל פאַרכאַפּט און פאַרטראָגען — און דער הימעל, דער הימעל צירנט, און דער ים צורודערט זיך — רוק זיך אָפּ פון ברעג —

דער שיפער ערוואכט.

און זיין הארץ־ווייע ערוואכט אין זיין אייביגער בענקשאַפט...

---

די זון געהט אונטער, און דער פּאסטוך אין וואלד קאָן זיך זיינע שאָף נישט דערצעהלען. איינס פעהלט, איינס האָט זיך פאַראירט... איינס — דאָס ווייסעסטע, דאָס יונגסטע און דאָס בעסטע...

ער רופט עס מיט די ליעבסטע נעמען, מיט אַן אומרוהיגער פאַרבענקטער שטימע. פיער־פאַכיג וואַרפט איהם דער וואלד זיין שטימע צוריק — דאָס שעפעל ענטפערט נישט. פון איהם קיין קלאַנג...

און די זון זינקט אלץ טיפער און טיפער, דיקער און דיקער לעגען זיך די שאָטען, אין נעבעל פאַרוויקלען זיך די בוימער...

געשווינד טרייבט ער אהיים די הערט, פאַרשפּאַרט זי, און כאַפּט א לאַמטערען, צינדט'ן אַן, און לויפט מיט הארץ־קלאַפּעניש צוריק אין וואלד אריין, זוכען זיין געליעבט שעפעלע, דאָס ווייסעסטע, דאָס בעסטע, דאָס יונגסטע — — —

קומט ער אין וואלד אריין, ציטעריג־שטראַלענדיג איז דאָס שוואַכע פלעמעל, און פּלוצלונג וועקט זיך דער ווינט, גיט א יאָג און לעשט דאָס איינציגע ליכטעל אוים — — —

אין פינסטערניש און שרעק פאַרזונקען בלייבט דער פּאסטוך אין וואלד.

---

און דעם גלוביגען איז מען געקומען אנזאָגען:

— א דונער האָט אריינגעשלאָגען אין דיין היילינקייט... דיין

# די ירושה.

מען האט צו וויסען געטאן דעם גערטנער, אז די שענסטע, די ווייסעסטע ליליע, וואס ער האט געפלאנצט און ערצויגען, די שענסטע פון זיין גארטען, זיין שטאלץ און זיין פרייד, איז איבער־נאכט פארשוואונדען —

דורכגעפלויגען איז א ווינט און האט זי ארויסגעווארצעלט, מיטגעריסען, אוועקגעטראגען, און אין ווילדען טרייב געוויס ערגעץ אויפ'ן וועג פארלוירען — —

עס האט איהם וועה געטאן, דעם גערטנער.

עס איז זיין ליעבסטע בלום געוועזען — זיין שטאלץ, זיין טרייסט; האט איהם וועה געטאן דאס הארץ.

---

ביים ברעג פון ים ליגט א שיפער און שלאפט... ער האט זיך אין מילדען אווענט געלעגט... אויף דער קייט האט זיך שטיל זיין שיפעל געוויגט, און שטילע זיסע חלומות האבען איינגעוויגט דעם שיפערס הארץ־רייסענדינע בענקשאפט...

אריבער וועט די נאכט... אנהויבען בליהען וועט דער טאג... אויף די וועלען־רוקען וועקען זיך גלאנצען, אפגלאנצען פון מאר־גען־רויט אין מזרח — באפרייען וועט ער דאס שיפעל! און פון נאכט און פינסטערקייט ערלעזט, וועט ער אריינשפרינגען מיט לוסטיגער קראפט, רודערען — די רעשטלעך שאטען און שלאף פון די וועלען־רוקען פאריאגען — פערעל וועלען אויפשווימען און ארומרינגלען זיין שיפעל —

העי! העי! אין דער וויים, אין דער ברייט —איבער וועלען, איבער גלאנצען, העט! העט! צו נייע ברעגען, צו נייע וועלטען —

אויסשפּראָצען פליגעל מיינע, צום ווייטען, ווייטען וועג... צו אי ה ם...

זי בלייבט שטיל, שטרענג איך די אויגען אַן און דערזעה די געשטאַלט...
לופטיג, א נעץ פון שאָטען און שטראַלען, איז זי.
דערמאָן איך מיך:

שאָטען פון פאַרגאַנגענעם,
קוים איבערגעלעבטען קוואַלען...
און אריינגעהאַפּטען ווערען בלאַסע, בלאַסע שטראַלען
פון קוים געהאַפּטען,
נאָך אין נעץ נישט געפאַנגענעם...

כאַפּט מיך אַן א שרעק.
— ווער ביסט דו? — שריי איך אויס.
זי עפענט די אויגען, וואָס האָבען שוין אויפגעשטראַלט, און ענטפערט מיט א האַרפען־שטים:
— כנסת ישראל!...
— דו לעבסט? דו ביסט? דו האָסט א ממשות?
זי האָט אָבער שוין געהאַט זיך אויסגערוהט, די פליגעל—שוין אויפגעשפּראָצט, און איז — ווי געקומען, פאַרשוואונדען.

1913.

א דורשט צום זעהען, א הונגער... איך עפען און לאָז אריין די געשטאַלט.

און דערמאָן זיך ערשט: איך האָב קיין ליכט געמאכט, און וויל עס טון.

מיט א שטילער האַנט־באַוועגונג פיהרט זי מיך אָפּ פון געדאַנק:

— איך בין נישט — זאָגט זי — די געגענוואָרט. זאָלסט מיך בעסער זעהן ביי איהר שטראַליג ליכט...

— איך בין די פאַרגאַנגענהייט — זאָגט זי — וואָס איז צוריק אין איהר שאָטען־וועלט...

— און אין איינוועגס די צוקונפט, וואָס האָט זיך נאָך פון דער שאָטען־וועלט נישט אויסגעשיילט... געגנוג דער בלאַסער לבנה־שטראַל פון פאַרהאַנג־שפּאַלט.

זעגען מיר נאָך די אויגען צו, וואָס איך זעה נישט און הער נאָר איהר שטים?

און זי פליסטערט:

— איך בין מיך... פון ווייטען וועג. לאָז מיך זיצען א ווייל...

— פון ווייטען וועג? — פרעג איך איבער שטיל.

פון דער צוקונפט צוריק... אהין איז מיין גאַנג און דער גאַנג פון פאָלק... געהט דאָס פאָלק נישט נאָך, אליין געהן קאָן איך נישט. אליין בין איך נאָר טרוים־געשטאַלט, מוז איך געהן צוריק...

און לייכט אָפּזיפצענדיג:

— און אויף א ה י ן, צו א י ה ם, האָט מיר זיין ליעבער נאָמען פליגעל געגעבען, טראָגען זיי מיך... איבער וועלטען פון טרוימען, און חלומות זיס־שטראַלענדיגע... צוריק צום פאָלק פאַרבענקט, דינען מיר די פליגעל נישט... איינגעשרומפען ווערען זיי. קוים וועגד איך מיין פּנים צוריק... און זיי דאַרען אָפּ, די פליגעל מיינע... מוז איך געהען; ווער איך מיך...

זי שליסט די אויגען צו, און מיר דאַכט: גאָט האָט אין זיין הימעל צוויי שטערען אין הימעל פאַרלאָשען...

— לאָז מיך רוהען — בעט זי זיך מיך — איך מוז א ה י ן... צו א י ה ם...

צוריק אין וועג אריין מוז איך... איך האָב נאָך קיין פּלאַץ צווישען אייך... לאָז מיך רוהען, אין דער רוה וועלען מיר צוריק

## צווישען געדאַנק און דיכטונג.

שוין לאַנג נאָך האַלבער נאַכט ;
עמיץ קלאַפּט אין טיר.

און קלאַפּט אַזוי שטיל, אַזוי זאַכט...
ווער דאַרף אַזוי שפּעט צו מיר ?

מיין האַלבען דרימעל ווער שטערט ?
און נישט דאָס אויער הערט, —
דאָס האַרץ, וואָס אייביג וואַכט...
ווער קלאַפּט אַזוי שטיל און זאַכט ?...

און מיט אַזאַ ליעבהאַרציגער ווייכקייט... קיין מאַן ; דאָס איז קיין באַריהרונג פון מענער־פינגער. און נישט קיין פיבערדיג קלאַפּען פון אַ פרוי, וואָס קומט אין שאָטען פון נאַכט, פון אַ זינדיגען פאַרלאַנג געטראָגען...

אַ מוטער קלאַפּט אַזוי ; אַ שוועסטער. אָבער מיין שוועסטער היט איהר קראַנקען־בעט, און מיין מוטער איז ווייט... ווייט.... און איך פרעג, אָהן ליפּען פרעג איך :

— ווער קלאַפּט ?

איך וויים, אַז די, וואָס קלאַפּט און מיין ה אַ ר ץ הערט, וועט אויף הערען מיין האַרץ־באַוועגונג, אָהן ליפּען־קלאַנג.

און דערהערט, ענטפערט זי :

— איך !

רחל ? שולמית ? שרה־בת־טובים ? — ווער פון מיינע געליעבטע געשטאַלטען ?

אָבער פרעגען פרעג איך נישט ; אַ בענקשאַפט האָט מיך שוין אַנגעכאַפּט.

וואס אידישקייט פאר'ן ליבעראל, סעפאראטיזם פאר'ן אסימי־לאטאר און „כל ישראל פאליטיק" פאר'ן ראדיקאל!

איז דאס פיליכט אונזער „מיסיע"? מיר זענען דאס משיח־פאלק, אויסגעלייזט וועלען מיר ווערען גאר צום סוף, ערשט מיט'ן לומפען־פראלעטאריאט צוזאמען...

ביז דער צייט וועלען מיר זיין די אקושערן, וואס העלפען ביי יערען געווינען, וואס ציהען מיט צוואנגען, מאכען, ווען מען דארף, קייזער־שניט און קומט דאס נייע געבוירען אויף דער ליכטיגער שייז, לעגט מען עס אין דער מאמעס בעט אריין, דעם אקושער דאנקט מען, שענקט א מטבע און מען עפענט איהם די טיר...

און „זה הקטן גדול יהיה", ווערט פון שטוב אין גאס ארומלוי־פען, א קונדאס ווערען, שטיינער ווארפען און טרעפען אמאל דעם אקושער אין פענסטער, אמאל גאר אין קאפ אריין...

מיסיע? משיח? מאדערנער אתה בחרתנו?... כע!
פאר מיר נישט!

אבער „אני מאמין" זאגט מען יערען טאג, „בכל יום אחכה" און צו משיח'ס צייטען איז אזוי ווייט, אזוי ווייט...

ווערט מען דערלעבען? ווערט נישט די ראסע די אויגען אויס־עסען, איידער עס ווערט שיינען די זון?

מיר האבען אזוינע ברייטע הערצער פאר אלע ל י י ד ע ן, און אפענע אפטייקען מיט שמירעכטס און פולווער פאר אלע קרענק.

— פארוואס איז פארגליווערט אונזער הארץ פאר אייגענע ליידען און פיין? פארוואס האבען מיר קיין רעצעפט פאר אייגענע צופא־לען? פארוואס איז „כל ישראל" אנטי פראגרעס?

— אבער עס עקזיסטירט פארט נישט קיין כל ישראל פאליטיק.

— עס עקזיסטירט!

מיר מוזען שטענדיג געהען מיט אנדערע!

— ביז א געוויסען פונקט אין וועג... ווייטער וועלען מיר עס פרואווען דעפינירען...

1912—13

ארום געבויטעז טורם ? און דערנאך אפשר, אז מען האט ווייטער נישט געפאלגט, אויפגעשטעלט כנהירוב'עז, ער זאל אויסמישען די פעלקער ! — פאלגט מען ווייטער נישט, איז א יאמער !

דער קלין בענקט צוריק צום לבנון, אדער ערגעץ אוועק וואו דער פעפער וואקסט ! די זייטען פון די קלעצער, וואס ווילען זיך נישט שפאלטען, נאר אויף אייביג פארהאלצט און פארגליווערט ווערען — דריקען ! און דער האכער און דער הונט פון אלע איינס, ווי איהר וועט איהם רופען, קלאפט פון דער הויך...

און באדוען־דע־קורטעניי שמעהט דערביי, שמייכעלט און זאגט :

— מען קאן אלץ גוט מאכען... מען דארף נאר אויסאידישען, דאס הייסט אויך — אויסקריסטליכען די וועלט.

א גרויסער מענש און א גרויסער געלעהרטער באדוען־דע־קורטעניי, נאר אביסעל סאציאלאגיע און וועניגסטענס א טראפען סאציאל־פאליטיק וואלט איהם נישט געשאדט. —

48.

שלום מיט'ן נייעסטען, מיט'ן פרייעסטען, געווים, נאר א באוואפענטער שלום ! א שלום צווישען גלייכבארעכטיגטע קאנקורענטען, און קאנקורענטען פאקטישע, נישט טעארעטישע, נישט אויפ'ן פאפיר, איז רייכטום — גיטער און געלט, זען'מיר גיטער און געלט־קבצנים, נישט דער גלייכער שדוך, איז יעדער שלום — א דלות ! וועט זיין רייכטום — ארבייט, וועל'מיר, אויב מיר וועלען פאר זיך אליין נישט טראכטען, בלייבען ארבייטס־קבצנים און וועלען אויסקוקען אויף אן איבערקערעניש פון לומפען־פראלעטאריאט...

שלום, האנט אין האנט... שותפות ! אבער שלום מאכען גלייכע מיט גלייכע. די האנט, וואס מען זוכט זי אויף תקיעת־כף, מוז זיין א שטארקע, אין שותפות מוז מען האבען וואס אריינצולעגען !

פריהער מוז געשטארקט ווערען די געגענווארט, און פון איהר ארויס ארגאניזירט ווערען די צוקונפט ! און דאס איז די שרעק !

מענדעל דאנציגער, לויט זיין אייגענעם, לויט זיין אידישען ווילען נ י ש ט וועהלען! — א בירגער פון דער צווייטער מדרגה פאלגט! ער ד י נ ט ד ע ם ל א נ ד! אבער באדוען־דע־קורטעניי האט דאס אויך נישט אקצענטירט. ער האט עס גארנישט באמערקט. אדרבא: אידען, באשטעטיגט ער, האבען רעכט געהאט צו וועהלען יאגעלא'ן... געווען נאר — גיט ער צו — א קליין ביסעל טאקט־לאזינקייט: נישט געדארפט זיך אריינמישען — ווינאווער...

ווער איז באדוען־דע־קורטעניי, וואס מישט זיך יא אריין?

א פראנצויזיש פארפוילישט בלוט, וואס קיהלט זיך שוין לאנג ביי דער נעווא אין פעטערסבורג, וואו ער איז פראפעסאר און דעקאן!

ווער איז ווינאווער?

א פארפוילישט א י ד י ש בלוט! קיהלט זיך שוין אויך לאנג ביי דער נעווא; אויך פראפעסאר, נאר זיינע לעקציעס, קא־סאן צוליעב, לעזט ער אין ברוקסעלא!

דער אונטערשיד איז דער, וואס ווינאווער איז יוריסט און א סאציאל־פאליטישער מענש, בשעת ווען באדוען־דע־קורטעניי איז א שפראך־געלעהרטער!

און פיליכט הענגט עס אפ פונ'ם אונטערשיד צווישען פ ר א נ צ ו י ז י ש און אידיש בלוט?

באדוען־דע־קורטעניי מיינט עס זיכער נישט, אבער אביסעל סאציאל־פאליטיק וואלט איהם נישט געשאדט!

— — — — — — — — — — — — — — — — — — —

באדוען־דע־קורטעניי רעדט און איך הער האמערען!

נישט ער האמערט! ער זינגט...

גענומען און אויסגעהאקט א צעדער פון לבנון, אויף קלינעם צושפאלטען, אין יעדער פעלקער־קלאץ א קלין אריינגעזעצט: זייט נישט פויל, קלעצער, שפאלט אייך, ריהרט אייך, בינדט אייך אין דער מענשהייט!

ווער האט עס געטאן?

איך ווייס ווער? רופט איהר, ווי איהר ווילט! אפשר דער, וואס האט געהייסען: פארפולען די ערד, און האט צוטריבען דעם דור הפלגה, וואס האט נישט געפאלגט און געוואלט זיך דרשהען

זאמד אדער שטערען, פיזיק אדער אסטראנאמיע... קיין ביאלאגיע, קיין סאציאלאגיע... קיין קאפ־דרעהעניש. אין שאפענעם ראד קיין סטאדע־קולטור, קיין שטאנדען, קיין פעלקער. א מענשהייט פון באדוען־דע־קורטענייס׳ם !

אז עקסטער אינדיווידואליסט. פון דעם שטאנדפונקט איז לייכט צו קומען צו שטירנער׳ס עגאאיזם, צו ניטשע׳ס איבער־מענש, צו הארטמאנ׳ס אויסראטען ; דערצו איז אבער באדוען־דע־קורטעניי צו פיין, צו עדעל... ער וויל גערעכטיגקייט ! און פאר אלע, בפרט פאר די ווענינע, פאר זיינע נאהנטע ! האט שטירנער ז י י ן איך „אויף ניכטס געבויט" און באדוען־דע־קורטעניי מ י י ן איך אויף קאנאפניצקא׳ס „מענדעל דאנציגער" !

ווער איז מענדעל דאנציגער, אויף וועלכען מיין איך ווערט געבויט ?

א ווארשעווער, עכט ווארשעווער איד (קיין ליטוואק נאך דא־מאלט אויף קיין רפואה נישט געווען), און אן עהרליכער. א בעל־מלאכה, שיקט דאס אינגעל זיינם אין שקאלע אריין, זיין שכל וועט צונויז קומען דעם ל א נ ד ! א מענש צו גאט (דאווענט זעהר ערנסט, דער גלח אליין אז ער געהט פארביי, הויבט, פאר דרך ארץ, דאס היטעל אפ) און צו לייט : לעבט זעהר גוט מיט שכנים... א איד ווי באדוען־דע־קורטעניי וואלט געבאטען : אהן נאציאנאלע אידעען, אהן ציוניזמען, טעריטאריאליזען און אהן פראגען ווענען זעלבסטשטענדיגקייט, ווענען אן אייגענער היים. — פארוואס קומט ש ל א ג ע ן ?

— א פאגראם, — פרעגט מענדעל דאנציגער — אויף וועמען? אויף גנבים ? אויף רוצחים ? — אדרבה ! ער געהט מיט !

ער פיהלט נישט, אז קודם־כל האט ער עמיצען איבערגעגעבען דאס רעכט, איהם צו משפט׳ן און צו שטראפען. — ער וועט נאר מיטגעהן ! איג׳ם בלוט ליגט שוין די א ו נ ט ע ר ט ע נ י ג־ק י י ט, ד א ס ב י ר ג ע ר ט ו ם פ ו ן ד ע ר צ ו ו י י ט ע ר מ ד ר ג ה. אמת, דאס האט אבער באדוען־דע־קורטעניי נישט אקצענטירט ! אבער אזוי איז עס. אמת איז אויך, אז מענדעל דאנציגער איז אן עהרליכער איד און אן אמת׳ער. צוליעב פאר־היטען א פאגראם, וועט ער קיין צלם אין פענסטער נישט אריינ־שטעלען, אבער ווען עס זאל קומען צו פאליטישע וואהלען, וועט

47.

## באדוען־דע־קורטעניי.

באדוען דע קורטעניי, דער אלטער אינדיווידואליסטישער אפיקורס רעדט. ער שמייסט די פוילישע קולטור, איראניזירט אי־בער'ן ווילדען באיקאט, און איך זעה פאר מיר אמאל (זאל עס מיר דער אלטער אפיקורס מוחל זיין) דעם פרומען פערסישען קיסר, וואס שמייסט דעם צואווילדעטען ים מיט ריטער — שטיל זאל זיין! און אמאל (דאס וועט איהם שוין זיכער נישט באליידיגען) א לופטינען שפיל־פויגעל, וואס האט זיך פארהאלטען איבער א מארק, פויל זידלעריי און געשלעג, און וויל איהם שטילען מיט זיין ל י ע ד !...

באדוען דע קורטעניי אבער פראטעסטירט... איך רעד נישט צום מארק, נישט צום המון... צו מיינע נאהנטע רעד איך, צו די ווע‌ניגע!

איך קוק מיך אום — א פולער זאל מיט אידען...

עס ווערט מיר ווארעם; איך ווער שטאלץ: אט די אלע, די ברידער מיינע, פון נאציאנאליזם, פון דער אסימילאציע און אזוי פון גאס זענען די ו ו ע נ י ג ע, די נאהנטע פון באדוען־דע־קורטעניי!

און באדוען־דע־קורטעניי רעדט פון דער מענשהייט...

ער איז א י נ ד י ו ו י ד ו א ל י ס ט; נישט דא קיין בוימער, נאר וואלד...

און איך זעה די מענשהייט זיינע: ווי זאמד ביים ים, פון איינצינע טרוקענע קערנדלעך ליגט זי אויסגעשפרייט...

ניין! באדוען־דע־קורטעניי איז א ג ר ו י ס ע ר מענש, ער קוקט צו דער הויך...

און איך דערזעה זיין מענשהייט, ווי די שטערען אין הימעל... יעדער שטערן געהט זיין וועג, האט זיך זיין ליניע. קיינמאל טרע־פען זיך נישט צוויי צוזאמען, עס רעדען זיך נישט אפ צוויי קענען א דריטען. שטיל, רוהיג און אזוי ליכטיג... און אזוי איינפאך:

הערט!

אפגערעכענט די טשיעמנא מאסע, טיילען זיך די אידעלעך אויף צוויי טייל: אויף נאציאנאליסטען, וואס בויגען און בוקען זיך, קומט זיי באיקאט! און אויף נאציאנאליסטען, וואס בויגען זיך נישט און בוקען זיך נישט — קומט זיי וואס?

— באיקאט!

איך וועל פילדערען אויף אזא אומגערעכטינקייט? היכא דמי? היכא דמי?

גיט פלוצלונג א קלונג אין טיר. דער בריף־טרעגער! „אידישע לעגענדען" פון אדעס. דאס צווייטע העפט. איך גיב א בלעטער. דאס אויג פאלט אויף א מעשה'לע... א מעשה מיט אדריאנוס קיסר... א מדרש!

זיצט אדריאנוס קיסר אין גאס (מן־הסתם אויפ'ן פארטאל פון פאלאץ). געהען אידעלעך פארביי. געהט דאס ערשטע אידעלע פארביי און בוקט זיך...

פלאמט אויף זיין צארן:

— א העזה פון א איד! ער בוקט זיך נאך!

ברילט ער:

— קעפט איהם!

געהט א צווייטער פארביי, און בוקט זיך שוין נישט...

ווייטער גרימצארן:

א העזה פון א איד: ער בוקט זיך נישט!

און דער זעלבער בריל:

— קעפט איהם!

ניין! אבסאלוט — אלט! אוים מדרש פליטה!

פשוט! פאראן צווייערליי אידען, אזוינע, וואס בוקען זיך יא, און אזוינע, וואס בוקען זיך נישט..

האט מען די קרוין אויפ'ן קאפ, ברילט מען:

— קעפען!

פארלוירען די קרוין פון קאפ:

— באיקאטירען! — —

„איינע אלטע געשיכטע", ווי היינע זאגט.

א חסד: די דריי הונדערט רובעלדיגע שטראָף אראָפּגענומען.

אַז אויג צום שפּיגעל: אויסגעלויטערט האָט זיך מיין פּנים, א פּאַדעם פון חסד לעגט זיך דאַרויף, ווי א רעגען־בויגען איבער א פאַרכמאַרעטען הימעל...

„לא בפירוש אתמר" — שוואַרץ אויף ווייס אין מאַניפעסט שטעהט עס נישט, אָבער דער סענאַט, דער מפרש, האָט אויסגע־טייטשט געזאָגט: מפללא אתמר. אידעלעך קומט אויך עפּעס...

איך וויל שוין שרייבען, האָט אָבער — איהר ווייסט דאָך וואָס — דער מיניסטער פּראָטעסטירט, דער סענאַט — איבערגע־טייטשט!

א בליק צום שפּיגעל: דער רעגענבויגען, דער חוט של חסד לעשט זיך...

ווייטער, פינגער, אַרבייט אין די בלעטער... אַט א פּאַק! אַן אויסטערלישער!

א מודעה רבא פון אונזערע פּאַסטוכער: פון זיבען רועי צאן ישראל — פון זיבען רביים קעגען ליטווישע מלמדים, קעגען (ווי נאַמבערג זאָגט: „באָרוך אתּאָ")... גיב איך א ציטער, שריי אויס: הוי הרועים! און א בליק צום שפּיגעל! מיין פּנים ברענט, מיינע אויגען פלאַמען מיט גערעכטען צאָרן! איך באָרג מיר דאָס וואָרט ביים נביא, די פּעדער ביי ביאַליק'ן! צער און צאָרן!

ווי שטיינער פון א שליידער, וועלען מיינע ווערטער איבער די זיבען שטריימלעך פאַלען! סטייטש! — היינט! אין א באַלע־גערטער שטאָדט, וואָס דער שונא וויל נעמען מיט הונגער, אָנצינ־דען א פייער? מאַכען א מחלוקת...

פאַלט מיר אָבער אין אויג אריין א נומער „הצפירה" — —

בוידעם!

געפעלשטע חתימות!

דער נערער איז גאָר אין מאַנטרע!

און דער יצר־הרע צו שרייבען טוט זיך זיינס און ברענט... איך זוך ווייטער, געפין ווייטער! אַז אויג אין שפּיגעל אריין: מיין מויל איז כמעט פיער־קאַנטיג אָפען! דאָס גאַנצע פּנים — א פראַגע־צייכען. אַן אָפענער; היכא דמי? און אויגען ברייטע גע־גלאָצטע!

דאָס פּראָגראַם פון ראַיאַליסטען...

איך ווארף אן אויג צום שפּיגעל; אליין א העלדיש פּנים באקומען...

א פּערל!

און איך וועל זי דראמאטיזירען.

ליתר תוקף ועוז, וועט עס ביי מיר געשעהען ביינאכט, אין קעניגליכען געצעלט, דער קעניג פון מאנטענעגרא, דער העלד שטעהט,ביידע ארעמס, ווי אייזערנע שטאנגען, אויסגעשטרעקט! איין אייזערנע האנט קעגען סקוטארי, די צווייטע מיט נאך א פּעס־טער נעביילטער פויסט, קעגען אייראפּא, קעגען איהר קאנצערט! און די ברוסט די העלדישע — אויסגעשטעלט! און אין די אויגען (איין אויג אויף סקוטארי, דאס צווייטע אויף אייראפּא) א העלישע בראנד און פלוצלונג —

— באץ!

אונטערגעהאקט, ווי א בוים; געפאלען, ווי סנאפּ! פארוואס? פאר ווען?

„א שוואך הארץ געהאט"...

האט דאס שוואך העלדישע הארץ געפלאצט? פאר צער און צארן געפּלאצט?

ניין, פאר א „ווינקעלע" איז בעסער — פון א פרעמדער האנט! א מעסער האט א בליץ געטאן אין שוים פון דער נאכט, און מערדערישע אפגלאנצען געווארפען איבער די שטילע שאטען, פון וועלכע זי האט זיך אויפגעוועבט... א מעסער אין דער האנט פון... פון...

האב איך אבער אויך א שוואך הארץ, א שוואך־העלדיש הארץ, הויבט עס אן פלאטערען:

— טאמער א איד?

טאמער וועט די פּעטערבורגער אגענטור אויסטראכטען א איד! טעלעגראפירען: סאלאניקער קהל אדער איישישאקער? גיב איך נאך א גראבעל אין פּאפּירענעם אוצר; ווייזט זיך אויס —

— להד"ם!

דער קעניג פון מאנטענעגרא לעבט, ער שטעהט נאך אין גע־צעלט; א בערזען־שווינדעל געוועזן...

גיב איך א נייעם גראבעל.

ווייטער — א פּערל.

דאס פאפיר פאר מיר, אויפ'ן טיש, בלאנקט ווייס; די פעדער הינטער'ן אויער — געטונקט שווארץ...

אבער וואס?

און — ווי אזוי?

דער עיקר, ווי אזוי. אין ווינקעלע איז דער עיקר די פארם!

זייַ איך און קלער:

עס וועט ארויספליהען א ווארט איבער תפוצות ישראל, אבער ווי אזוי?

כנשר? פליגעל ברייטע, מעכטיגע, — וואו נעמט מען פון געשעהענעם קראפט?

כיונה? — ווי א טויב פון נח'ס תיבה ארויס? האט זיך ווירקליך דער גרימצארן געלאשען, דאס וואסער זיך געשטילט?

אדער „כרביבים" — ווי א שפיי רעגען, פון דער הויך, וועלען מיינע ווערטער פאלען אויף די טרוקענע לייבער און הערצער, זיי צו דערפרישען. זאל דארטען אויפבליהען די „חבצלת השרון" — די רויז פון אלט־אידישען בטחון?

און אפשר וועקען? ווי א שופר זאל עס שאלען? בלאזט מען, ווער ציטערט נישט? זאלען אויפציטערען די הערצער פון אונזערע פארזארגער. וואס שלאפען זיי?

און אפשר ווי א דונער, למשל — אויף קאוונער־לייט, פון צארניג ברוינעם וואלקען א דונער אויף זייערע קעפ...

און אפשר גאר, א פאסטוך פייפערל... פריהלינג... די זון שיינט, די וואלקען פארטריבען... די תלמוד־תורה־קינדער וועלען קריגען לייכטע רעקלעך...

וואס נייַן?

אבער וואס העלפט קלערען?

„פוק חזי מה עמא דבר", וואס רעדט דער נביא פון גאס? וואס דערצעהלט דאס בלאט?

און איך שטרעק אויס די האנט, גיב א גראבעל — א פערל:

„דער קעניג פון מאנטאנעגרא געפאלען! דער העלד פון אונ־טער סקוטארי! צווישען נעדונער פון ריזיגע הארמאטען, הורא־געשרייען, פון העלדישע באלענערער..."

א מלאכה נקיה וקלה, ווי מען זאגט. וואס צו שרייבען, טראפט איהר, פעהלט נישט; פאראן „בלעטער", גיבען זיי „פערעל" —

ווי אזוי צו שרייבען? אויך, טראכט איהר, אן עסק: מען כאפט א געשעהעניש — א „פערעל", און מען פרעגעלט אויף איינגענעם שפייעכץ...

פעהלט א „ווינקעלע", איז עס, זייט איהר זיכער, פוילקייט.

מוז איך אייך ארויספיהרען פון טעות.

פון פוילקייט זאלט איהר גארנישט רעדען. „יותר ממה שהעגל רוצה לינק" — מעהר ווי דאס קאלב וויל זויגען, שטעכען די מילך־גיסער ביי דער מוטער.

אבער „פון וואס", און „ווי אזוי צו שרייבען", דאס זעהט איהר, איז שוין נישט אזוי לייכט.

א ווינקעל איז אמאל קריעת ים־סוף!

איי די בלעטער?

פאראן!

און איך בין אייך מודה, ביי מיר אין ווינקעלע האט דער קא־לענדאר קיין דעה נישט. אין מוקדם ומאוחר אין ווינקעלע — נישט פאראן פריהער און שפעטער. עס קאן זיין פורים, און פון וואנט־קאלענדאר ביי מיר, אין ווינקעלע, איז נאך נישט אפגעריסען דאס בלעטעל פון פאריאהריגען תשעה־באב. און די בלעטער לעז איך פון היינט, נעכטען און פון פאריאהרען. און ווי א פרומער איך שניידט די נעגעל — בסירוגין, לעז איך, ווען און וואס עס קומט אונטער דער האנט, און כאפ — געשעהענישען פערעל!

און כדי איך זאל קיין טעות נישט האבען, נישט נכשל ווע־רען אין א פאלשע פערל, ווארף איך באלד אן אויג צום שפיגעל. איך שרייב שטענדיג קעגענאיבער א שפיגעל. זעה איך, אז מיין פנים האט זיך פון געשעהעניש געענדערט, בין איך זיכער, אז פון ווינקעלע, וואו די פערל וועט אריין, וועט מיר אויך ווערען גרין און געל, און אלע קאלירען...

און צינד הערט די געשיכטע פון היינטיגען ווינקעלע. דער יצר־הרע צום שרייבען האט זיך אין מיר צוברענט.

דער יצר־הרע ברענט, ווייסט איהר דאך, וואס מען טוט.

מען גיט איהם נאך.

זעץ איך זיך צום טיש.

א פערדעל האט א ליטוואק געהאט. האט ער עס געוואלט אפּ־געוועהנען פון עסען. האט ער איהם יעדען טאג געשיט א קליין ביסעלע האבער וועניגער; א קליין ביסעלע קלייען און היי וועניגער — „עס וועט זיך צוגעוועהנען“...

עס איז אפּגעפאלען אביסעל פון לייב — אבער עס געהט!

נאך אביסעל, מען קאן פון אונטער דער פעל די ביינער צעה־לען. עס געהט...

די אויגען ווערען טריבער, דער קאפּ געבויגענער, די פיסלעך שטרויכעלדיגער, די קני צאפּעלדיגער — עס געהט!...

מען דארף נאר אמאל א ריהר טון, מיט'ן בייטשעל א שמיץ אין דער אדער יענער זייט: אמאל איבער'ן קעפּעל, איבער די אויגען. — עס געהט!

ביז עס האט שוין געהאלטען ביי גאר, ביי גאר, גארנישט!

א קליין כזית'ל היי, קלייען — א משהו, פון האבער שוין לאנג קיין זכר נישט, און עס געהט! עס שלעפּט זיך, און עס געהט!

נאך איין טאג איינגאנצען! נאך איין טאג און עס וועט איינ־גאנצען זיין אפּגעוועהנט פון עסען...

פלוצלונג — —

פלוצלונג ניט עס א ציה אויס די פיסלעך...

קענען וואס איך דערמאן דיך עס, רבונו של עולם? קענען דיין התנהגות מיט ד י י ן קליאטשע, רבונו של עולם...

קריג, באנקראטען, באיקאט... און — עס געהט צו פּסח!

טראכסט עפּעס דערפון, רבונו של עולם?!

46.

## אן אלטע געשיכטע.

איך וויים, איהר זייט מיר מקנא!

איהר מיינט, אז אויפשרייבען א ווינקעלע איז א קלייניגקייט.

פאר פוילען אַ עולה.
אפגעריסען אַז אבר מן החי...
זיי וועלען אודאי שרייען צו דיר אין דער נויט, און דו וועסט הערען. זיי וועלען בעטען צו דיר, און דו וועסט זיך פאר זייער תפילה, ווי דו טוסט אונז, מיט קיין וואלקען נישט פארשטעלען...
פארגעס אבער נישט, אַז פון שלעכטען קומט אמאל ארויס גוטס... פון ביטערס — זיס, און טאקע פאר דיינע בעלעמער אי־דעלעך...
דיין עדה אידעלעך פון כעלם און דער סביבה וועלען זיך שוין נישט אפקערען און נישט אפווענדען פון דיר! פרום וועלען זיי ווערען ב י ן ה מ צ ר י ם, צווישען ים און מצרים. א וואלף פון איין זייט, א בער פון דער צווייטער. און דאס שעפעלע, פון בײדע זייטען געצופט, וועט בלייבען ביי דיר אין דער מיט, מיט די פייכטע פרומע אויגעלעך צו דיר, צום הימעל ארויף געווענדט, און וועט שטענדיג שרייען צו דיר!
און נאך וואס?
זיי וועלען אלע מיט אמאל „ליטוואקעס“ ווערען!
זיי קאנען אפשר געשטרויכעלט ווערען אין „דקדוק“, אבער זיי וועלען שוין אין פינסטערען עם הארצות נישט זינקען.
„עברי“ וועט מען קענען!
און האב איך שוין א ליטוואק דערמאנט, מוז איך דיך, רבונו של עולם, דערמאנען אין דער מעשה מיט'ן ליטוואק, וואס האט אמאל א פערדעל געהאט...
דו ווייסט אלץ, און „אין שכחה לפניך“, איך ווייס!
ווייס איך דאך אבער אויך, אַז דו האסט ליעב מען זאל דיר זאגען, מען זאל דיך דערמאנען. אויף דעם זענען דאך די תפילות געמאכט, דער סידור געשטעלט!
ווייסט דו דען נישט אליין, וואס אונז פעהלט, וואס דו דארפסט אונז געבען... וואס אין הארץ פון דיין כנסת ישראל טוט זיך — און דאווענען מוז מען!
דו ווילסט, מען זאל בעטען, דריי מאל אין טאג דיך דער־מאנען...
וויל איך דיך, רבונו של עולם, אַז ליטוואק מיט'ן פערדעל דערמאנען...

שוואך איז דער קול פון דיינע רבנים; זיי האבען געריפען און ביי קיינעם איז האַרץ קיין אפקלאנג פון זייערע רייד נישט געפונען...

און שוואך זענען די הענט ביי דיינע וואויל־לערנער, די פרומע:

זיי האבען זייערס געטאן. ארום דיינע הערט מיט די כשר׳ע שעפעלער גראבען געגראבען, צוימען געשטעלט... שוואך און נישט הויך זענען די צוימען געווען; נישט טיף און נישט ברייט די גראבען...

און תינוקות של בית רבן האבען לייכטע פיסלעך געהאט... זע־נען זיי איבער צוימען און גראבען, ווי די קאזען געשפרונגען, צו דער פרעמדער פאשע אין פרעמדען פעלד אריין...

און פון טאג צו טאג זענען וויסטער געווארען די פלעצער פון דיין הייליגער תורה, לערער געווארען די חדרים, טויב שטומער דיינע בתי־מדרשים... און צו דיינע ספרים אויף די ווענט האט זיך קיין יונגע האנט נישט אויסגעצויגען...

איז מקוים געווארען א שטיק פון דיין תוכחה:

דער יצר־הרע, דער שונא, ימח שמו, האט אונז אונזערע זיהן און אונזערע טעכטער. פאר אונז אין די אויגען, געפאנגען און אוועקגעפיהרט. „ואין אומר: השב!" קיינער האט נישט אפגע־שטעלט!

האסט דו אבער צינד שומרים מחוץ למחנה געשטעלט...
פארצוימט דעם וועג — קאסא!

זאגט קאסא, משומדים זענען איהם אויך נישט ניחא... זיי זי־כער, רבונו של עולם, דיין הייליגע סטאדע וועט שוין אזוי געשווינד נישט געמינערט ווערען! די מגפה פון שמד וועט אויפהערען, דאס אנטלויפעניש וועט אפגעשטעלט ווערען... און צוריק אנגעפילט וועלען ווערען דיינע חדרים, אין דיינע בתי מדרשים וועט קלינגען דער קול פון תורה און פון דיינע גמרות וועלען פון אונטער די הענט בלעטער פליהען...

און נאך א בשורה טובה, רבונו של עולם! היינט מארגען ווערט כעלם מיט דער סביבה אנטגילטיג אפגעריסען כון פוילען און צו דער אימפעריע באהעפט...

קינסטליך ה ו י ב ע ן א י ב ע ר, אדער אה: בארמהארציגקייט שליידערען ארונטער א ו נ ט ע ר דער געזעלשאפט און איהרע נארמען. אדער ווען איהר וועט איהם פון דער געזעלשאפט ד ע ר־ ו ו י י ט ע ר ע ן און שיקען אלס קולטור־טרעגער צו פרעמדע, אלץ איינס געלע צי שווארצע ראסען. אדער — ווען איהר וועט איהם מאכען פאר א שליח־צבור, שיקען א ו נ ט ע ר ה א נ ד ל ע ן מיט אנדערע — פעלקער!

א'זיסט — א שטילע שאף, מיט זיין פוסט שטיל לעבען, מיט זיין ליעבשאפט, זיין היים, זיין ביסעל וויסען און ביסעל קונסט... דינט ער געטריי זיין פאלק, זיין נאציאן!

ווי זעהט עס ביי אונז?

דאס טרויעריגע בילד — שפעטער.

# (*45

## צום רבונו של עולם.

איך רעד צו דיר, רבונו של עולם, פה אל פה, ווי צו א טאטען.— און אויף מאמע־לשון רעד איך צו דיר. אזוי האט מיך ר' לוי יצחק מברדיטשוב געלערענט און איך טו קיין פרעמדע גדולים נישט נאד... און זאגען זאג איך דיר, רבונו של עולם:

— ס'אי גוט!

בעסער געווארען.

דיין עדה שאף וועט שוין נישט אזוי געמינערט ווערען!

ווארים כל־זמן זייערע פאסטוכער זענען רבנים און לומדים פרומע געווען, — „הבל על דאברין!“ פיעל פון דיינע שעפעלער זענען פארלוירען געגאנגען, אויף פרעמדע ציין געקומען... שוואך זענען דיינע היטער געווען!

---

*) די פאלגענדע פיער פעליעטאָנען זענען פארעפענטליכט געווארען נאכ'ן טויט פון י. ל. פרץ.

אינטערעסען. ער ווערט פארהיימישט, וואוינט רוהיג און שטיל אין דער נאציאנאלער קירכע...

פעלקער אין דער יוגענד זענען נאך ראמאנטיש! רעדען וועגען מענשליכקייט און מענשליכער גערעכטיגקייט, פון מענשליכער קולטור! עלטער און פראקטישער געווארען. דער ערשטער, וואס האט דעם דורכזיכטיגען שלייער, וואס האט נאר פאר גאנץ קורצזיכטיגע אויגען פארשטעלט דאס אמת'ע פנים — אראפגעריסען, איז געווען — ביסמארק. דער זשעני פון נייַנצעהנטען יאהרהונדערט.

ער האט זיינע רעכטע אויפ'ן אייזען געלעגט און געזאגט: דאס איז מיין רעכט!

פעלקער־רעכט איז — זייער פיזישע מאכט, די פויסט. דער קריג ווערט פארעדעלט, דער רויב ווערט פאטריאטיש... און צווישען איין איידעלען און פאטריאטישען אקט און א צווייטען באקומט דאס פובליקום ליכט, און הינטער די קוליסען ווערט געפיהרט שווינדעל—געטריבען פאליטיק! ווי אומענדליך אומשולדיג זעהט געגען דעם אוים דער איינצעלנער „בירגער“, ווי ריין און מאראליש זיין פריוואט־לעבען!

שליסט אוים די פארברעכערישע נאטור — דאס אומגליק, וואס בויגט זיך און ברעכט זיך אונטער דער לאסט פון א פארברעכערישער ירושה... שליסט אוים דעם צוגעהויבענעם, דעם נאך אלץ נעזעלשאפט און נארמע מאגנאט, וואס האט זיך איבערגעלעבט און וויל מיט געוואלד איבערלעבען זיין פיזישען און מאראלישען אונטערגאנג...

שליסט נאך אוים דעם, וואס די געזעלשאפט אליין האט, צוליעב איהרע פארשטארטע נארמען, ערנידעריגט, אראפגעלאזט, געשליידערט אונטער זיך, איז אפגרונט אריין פון פינסטערקייט און פארברעכען, —

שליסט דאס אלץ אוים, וועט איהר באקומען דעם דורכשניט־ליך־מאראלישען בירגער! וואס זיין עהרע איז — זיין ווארט צו האלטען, עהרליכע מאס און וואג! זיין אידעאל — אן עהרליך און שטיל לעבען...

פארברעכעריש וועט ער ווערען, די אינסטינקטען פון בלוט־ניער וועלען זיך אין איהם וועקען ערשט דאן, ווען איהר וועט איהם

די פיזישע קראפט די אידעאלען אין לעבען אויסצופיהרען, און מוז זיצען מיט פארלעגטע הענט ביים ים, און ווארטען אויף זונען־שיין...

די מראגעדיע פון א פאלק מיט א מאקסימום פון מענשליכע אידעאלען, ביי דעם מינימום פון מאכט, זיי צו פארקערפערען! וואס מוז ווארטען אויף פרעמדע הענט און לעבט „דערוויייל" (איהר קענט דאס שפאר שטיק אייביגקייט!) צווישען הערש־ און אייפער־זיכטיגע מעהרהייטען פון אנדערע פעלקער...

איז אונזער כלל, וואס אידעאלען אמבאלאנגט דער העכס־טער. זענען אבער די אידעאלען — נביא'שע חלומות, נאקעטע נשמות, אהן פלייש, ביינער אהן בלוט. איז דער זאמען פון די אידעען אין דער ערד נישט געפלאנצט, אלץ נאך דער שפיל פון די לייכטסטע ווינטלעך אונטער'ן הימעל.

און דער פרט?

דער פרט, דער איינצעלנער איד, מוז, נישט טעארעטיש, נאר פאקטיש און פראקטיש לעבען! ווירקען, און דאס לעבען צו דער־האלטען אין דער פרעמדער, און ווער ווייסט, ווי לאנג נאך אין פרעמדער סביבה! בויט ער אין באשטענדיגען גלות מצרים פתום ורעמסס פאר פרעה, קלייבט אליין דאס שטרוי און זיפצט: אולי ירחם...

לעבט מען אין קנעכטשאפט.

מאכט די קנעכטשאפט נידעריג...

רייסט זיך אין פלייש, אין בלוט און אין דער נשמה אריין...

אזוי די, וואס מישען זיך מיט די כלים אויבען, אזוי די, וואס טועז עס אונטען...

ביי אונז איז דער פרט נידעריגער פאר'ן כלל. אומענדליך ני־דעריגער. ביי אנדערע — פארקערט! איבעראל איז דער פרט העכער, בעסער, מאראלישער פאר'ן כלל...

דאס איינצעל־לעבען פאלט אונטער דער געזעלשאפטליכער מיינונג, דער אויפזיכט פון פאליציי און געריכט; נארמירט זיך לויט אלגעמיינע, נאציאנאלע, קלאסישע אדער בארופס־נארמען פון מאראל... פעלקער אבער און שטאטען באוועגען זיך פריי! האבען איבער זיך קיין אויפזיכט פון קיין אויבערהאר! דייטשלאנד האט מורא פאר גאט. אבער גאט ווערט צוגעשניצט לויט די דייטשע

און א קול האט זי... זי קאן אויך דאס מויל עפענען, און א געשריי טון:

— פאשאל וואן...

און איידער אזא הארב ווארט צו הערען, פאלגט מיך, באַ־פרי־ט די פיס פון דריי־בונד... שטעלט אייך אויף, איינער צום צווייטען מיט די אקסעל, א קארעי מאכט, אייער הערליכקייט לאזט אין דער מיט, און איהר ווענדט אייך מיט די פנים'ער יעדערער אין זיין ז י י ט אריין און שפיצט די אויערען...

און וועט איהר דערהערען, אז אייער שוואכע, אויסגעהונגערטע עהרליכקייט קאמאנדירט:

— מארש!

צוגעהט אייך, יעדערער אין זיין וועג...

— — — — — — — — — — — — — — — — — —

און מיינט נישט, אייער שונא רעדט. אויך אן עהרליכער. לכל הפחות „אויך", אבוואל אן ארויסגעווארפענער...

און איך בין נישט, ווי חבר סקאנדאליני מיינט. איך בין איי־נער פון די ב—נ—יך בו—נ—יך... קאן מען אבער נישט בויען, ביז עס ווערט נישט אפגערייניגט דער פלאץ.

## 44.

## פ ר ט ו כ ל ל.

די באציהונג צווישען פרט וכלל, צווישען דעם איינצעלנעם און דער נאציאן, איז ביי אונז א גאנץ אנדערע, א גאנץ פארקער־טע, ווי ביי אנדערע פעלקער.

דאס איז אויך איינע פון די פארמען, אין וועלכע עס גיסט זיך אויס אונזער נאציאנאלע טראגעדיע.

די טראגעדיע פון א נאציאן, וואס האט איהרע אידעאלען נאך נישט אויסגעלעבט און קאן פון סצענע נישט אראפ, און האט נישט

איך האב פארגעסען אייך צו זאגען, ווי די „קארעספאנדענץ" הייסט. א דריי־גארענדיגען טיטעל האט זי, מיט פיער־ארשינענדיגע אותיות:

ווארשעווער סקאנדאלען —
צי דלות מאכט פסלות
אדער
דער שטילסטער און הימעל־שרייענדיגסטער סקאנדאל.

— — — — — — — — — — — — — — — — — — — —

און איך זאג ווייטער: גם זו לטובה!

זאל דער אידישער ליטעראט פארלירען זיין האנער, דאס געדרוקטע ווארט דעם קרעדיט!

זאגט אבער די דעמאקראטישע צייטונג: דאס איז די שטימונ[illegible] פון גאס, באשטעטיגט פון פאעט!

ליעבע, ליעבע מאדאם!

פאר'ן פאעט — מערסי!

א גרויס ווארט — לאו כל אדם זוכה!

פאעט, דאס איז דער כהן־גדול אין יעדען ליטעראַרישען בית המקדש...

בין איך אבער נישט שולדיג, וואס אונזער קליין־ליטעראריש בית־המקדש'ל איז, בנוגע צו א ר ב י י ט, אזוי ארעם אין מ ע נ ש ע ן, ומקום שאין אנשים, כהן גדול צי ניין, מוז מען אויפהויבען די פאלעס, פארקאשערען די ארבעל, כאפען דעם בעזעם און— אויסקערען...

און בנוגע צו דער גאס: —

די גאס האט ר ע כ ט, מאדאם!

און דאס רעכט האבען „מיר" איהר געגעבען, „מיר", די עהרליכע, די שער־ארבייטער, „ניין"־זאגער און מערטעל־מערטעל־שפילער... ווארים — די גאס איז דערווייל געוואקסען... אונז — דערוואקסען... זי דארף זיך אויף די נעגעל נישט שטעלען, דעם קאפ אראפבויגען וויל זי נישט, קוקט זי אונז גלייך אין די אויגען אריין...

מיר וועלען ווייטער שפילען טערטעל־מערטעל און ארבייטען מיט דער שער און די גאס וועט אונז א י ב ע ר ו ו א ק ס ע ן און אנהויבען קוקען פון אויבען אראפ...

— און וואס, יא?

— נישט דא, זאגען זיי, קיין „יא“!

אויף וואס עס איז פאר א „יא“ איז לכל הפחות איין קאפ נישט מסכים (די אומגאנגגס־שפראך — האלב־העברעאיש) און מיר געהען (אייגענטליך: זיצען) ווי איהר זעהט — צוזאמענגעבונדען. איז ביי אונז אלץ: ניין און ניין... פרעגט, וואס איהר ווילט!

פרעג איך אומישנע:

— ארץ ישראל?

— ניין!

— א טעריטאריע?

— ניין, ניין!

— דא א סיים?

— ניין!

— איהר האלט פון פעטערבורגער בעלי־טובות, פון קאוונער צוזאמענפאהר, פון יק"א, יט"א...

— ניין! ניין! ניין!

פאלט מיר איין צו פרעגען:

— פון אטלעט ווילדמאן?

— ניין! „פייט“ נישט פרייטאג־צו־נאכטס!

— פון אש'ס „מעריי“?...

ווערט דאס בוך, אפנים פון „פיער־קעפיגען אדלער“, אינ'ם דריי־בונד, אויף טויט פארשווינגען. מן־הסתם אוים ע ה ר ל י כ־ ק י י ט. דער „עולם“ ענטפערט נישט, די מיילער פארמאכען זיך. און פיער פאר הענט כאפען זיך פלוצלונג צו פיער שערען...

— אונזערע קארעספאנדענטען! מיר מאכען קיין ביזנעס נישט...

— און פון וואס — פרעג איך — לעבט איהר?

קווענקעלט מען זיך אביסעל. דאך ענטפערט מען:

— „פון זכות אבות“... פון „אמאל איז געווען“...

און — פון צופעלינקייטען. אט, זעהט, — אפענע פענסטער. זומער־לעב, א ווינטעל בלאזט, פליהט אמאל אריין פון די ארומיגע ווינט־מיהלען אביסעל דונסט, קנעט מען מיט ניכטערען שפייעכץ און מען באקט ביים קאלטען אויווען. אמאל מען ברענגט אין הויף אריין מולטערס צום פלומפ, כאפט מען אביסעל אויסקראצעכץ...

ליד." היינט אפגעריבען. די קעפ פריי! געוועזן מעהר. פון צייט צו צייט ווארפט מען עמיצען ארויס, קלענער דער עולם, שענער די חתונה. זוכט זיך יענער זיין ארט, וואו א ווארט צו רעדען, זיפצט מען: מען פארלאזט אונזער ארעם עהרליכקייט. ווי געזאגט: גע־בליבען פיער, דער „פיער־קעפיגער אדלער"! איך וועל זיי אייך אויסרעכענען אויף די פינגער (איינער וועט בלייבען!): א קאדעט, — איינס! א מארקסיסט — צוויי! א ציוניסט — דריי! און א טעריטאריאליסט (מען זאגט אין זיין אייגענעם נאמען: לשם ספארט!) — פיער!

נישט קיין בלאף!

איך קום אריין, די געבונדענע פיס — אונטער׳ן טיש, די קעפ, ווי געזאגט, פריי אין דער לופט;

איך קוק מיך אום — חושך...

אויף די ווענט — א גרוילינע טויטקייט.

— אבער נישט געל! — רופען פיער מיילער פון פיער קעפ.

— אבער, אהן פארב?!

— איז אהן פארב!

— האט יעדער קאפ, ווי אנגעצייכענט, זיין מויל, האט יעדעס מויל זיין אינסטרומענט. נעמען זיך די מיילער צו דער ארבייט. בלאזט יעדעס מויל אין זיין אינסטרומענט אריין זיין מעלאדיע... בלאזט יעדעס מויל עהרליך, געטריי, לשם שמים, לשם מצוה, לטובת הכלל (ויין ביזנעס מאכט מען נישט...)

אל׳ץ צוזאמען — (איך מאך די אויערען צו, די פייקלעך פלאצען) — א קאקא־פאניע! א שעטנז־כלאים׳דיגע...

לעגען זיי די אינסטרומענטען אוועק און אלע פיער מיילער שרייען אוים מיט אמאל:

— ניין!

א פיער־פאכיגער, צוזאמענגעשלאסענער: „ניין", מיט א ברום און א בליץ פון א בייז אויג; „ניין", א הארט־מתנגד׳יש־שולחן־ערוך׳דיגער, פארשטעהט זיך לויט׳ן ערפוכטער פראגראם; „ניין". עפעס א מין בן־יחיד׳יש־אריסטאקראטישער, „פון צווישען די ציין געזייערט." און גלאט „ניין", א וואויל־יונגערישער, מיט א קוויטש...

פרעג איך, להכעיס:

שרייבען איז די קונסט שעהן צו מאכען, און שעהן קאָן גע־מאכט ווערען די עברה, ווי די מצוה... שרייבען איז קונסט, זיך אין פרעמדען הארצען אריינצושלייכען, אבער אזוי מיט א שלעכ־טען, ווי מיט א גוטען מיין... שעהן איז די פ א ר ם, די זאך אליין קאן זיין נישט־וואר און זינדיג, ווי ריין און וואר...

זאל פלאצען דער קרעדיט פון געדרוקטען ווארט מיט'ן כבוד פון שרייבער און — זאל מען אונז באהאנדלען מ ע נ ש ל י ך !...

גם זו לטובה!

וואס מעהר — סקאנדאלען!

## 43.

## נאך א ווארט (דאס לעצטע, זאל זיך די וועלט איבערקערען!) וועגען „אונזערע" סקאנדאלען.

זעלבסטפארשטענדליך האט אמעריקא, געוואר־ווערענדיג פון פראצעס צווישען טעאטער־קריטיקער און רעליגיעזען פילאזאף, ש ו י ן ארויסגעשיקט איהר קארעספאנדענט. אפווארטענדיג דעם פראצעס, באטראכט ער דערווייל אונזער זיבעטע מאכט און שרייבט קארעספאנדענציעס... אמעריקא קוועלט! דאס געלע אמע־ריקא! באזיגט דאס טעאטער, ווי א דבוק אריין אין דער ליטעראַ־טור, — „מיר פייפען אויף איירָאפא!"

די לעצטע קארעספאנדענץ גיב איך אייך איבער ווארט ביי ווארט, אזוי שרייבט ער:

פאראן אין יוראפער ווארשוי א צייטונג, מאכט זי קיין ביזנעס נישט, ערגא: די עהרליכע צייטונג...

עס איז א דריי־בונד פון: ראדיקאלעכץ, דעמאקראטיזם, און — ע ה ר ל י כ ק י י ט ; מאכט קיין ביזנעס נישט!

געפיהרט ווערט די צייטונג פון א פיער־קעפיגען אדלער. די, פיער פאר פיס — ארומגעבונדען מיט א לענטע! אמאל געוועזן אַז אויפשריפט, א גאלדענע: „ראדיקאל, דעמאקראטיש און עהר־

איך טראג מיך אפ אין א נאר שטילער ווינקעלע, אין א נאר ראמאנטישער: פון ווייטען וויגט זיך א שטיק וואסער־גלאנץ... ווייסע שוואנען־פלעקען ציטערען... אין דער הויך — א שטיקעל הימעל, צוריסענע וואלקענדלעך, ווי שטיקער וואטע.

און איך זעץ מיך אויף א באנק און טראכט:

— גם זו לטובה!

זאל מען פארשפילען דעם כבוד, פארלירען דעם קרעדיט! ביידע זענען שענדליך!

שרייבער האט מען ביז אהער באהאנדעלט, ווי מען פלעגט באהאנדלען פרויען — נישט מ ע נ ש ל י ך.

העכסט ראמאנטיש: אדער שדים, אדער מלאכים! נישט־מענשען!

ראמאנטיש:

מיט קיין מענשליכער מאס נישט געמאסטען.

נישט געפרואווט פ א ר ש ט ע ה ן; געלייקענט אדער ג ע ג ל ו י ב ט!

מען האט צו פרויען און שרייבער קיין מענשליכע באציהונג נישט געהאט. אויף יענער זייט פון גוטס און שלעכטס געשטעלט, ווי דעם אקטיאר, ווי דעם טענאר... קיין ע ר נ ס ט ע באציהונג; אבער פון צייט צו צייט געפאלען איבער'ן האלז! אהן ל ע ב ע נ ס־באציהונג, געפייפט אדער בראווא!

און דאס ג ע ד ר ו ק ט ע ווארט האט מען פארהייליגט, פארגעסען, אז עס איז שוין נישט דאס געשריבענע, פון סופר נאך תבילות געשריבען! אז עס איז פון סטערעאטיפ אראפ, ס ח ו ר ה ג ע ד ר ו ק ט ע!

פאראן אין מארק דאס געזאגטע ווארט, האט מען אויפגע־הערט איהם צו גלויבען, קליגער געווארען; פאראן ליגנער, און מען לייגט צוליעב כבוד, צוליעב ברויט, צוליעב אנדערע אינטערעסען. האט מען זיך פון געזאגטען ווארט באפרייט. קעגען געזאגטען ווארט קריטיש געווארען. עס העלפט קיין שבועה נישט, קיין עהרען־ווארט!

דאס זעלבע מוז געשעהען מיט'ן ג ע ד ר ו ק ט ע ן ווארט. עס איז סחורה, און סחורה קאן זיין ג ו ט ע און קאן זיין ש ל ע כ ט ע...

פאנפע! ווער האט זיך פון חברה אפגעווענדט, אפשר קאן מען איהם עפעס אנהענגען אויף די אקסעל?

און געפינט מען נישט, ווערט מען בייז, ווערט מען גאליג. קריצט דאס קלייזעל מיט די ציין. קלערט מען ווייטער, שווין מיט די ציין קריצענדיג: ווען מען געבען א שטאך אין א ריפ? אדער א בים? ווען מען אפרייסען כאטש א שטיק פאלע? אויף ווען מען כאטש א ביל טון? מאכען: וואר, וואר, זאל מען מיינען... איך וויל נאכקלערען, ווען ער מיינט: ער לאזט נישט קלערען:—

— כי־כי־כי! א פראצעס וועט זיין, און אינטערעסאנטער פראצעס! דער רעליגיעזער פילאזאף האט באליידיגט דעם טעאטער־קריטיקער... ד ע ר מוז זיך פארטיידיגען... זיין עהרע באשיצען: מיט ווערטער — אוממעגליך. דער רעליגיעזער פילאזאף האט אלע ניין מאס רייד און א גרויסען טייל פון דער צעהנטער... און אין די אויערען — וואטע, רעליגיעז־פילאזאפישע, פעסטע: וואס געהט איהם אן, אז יענער רעדט? נישט ער, נישט זיין עולם הערט. מוז ער קלאגען אין געריכט. וועט זיין א סצענע. א באליע וועט מען אויפשטעלען אין זאל, א גרויסע, און זיי ביידע וועלען צוטרעטען, און איינער וועט וואשען בריש גליה דעם צווייטענס שמוציגע וועש... כי־כי־כי! כי־כי־כי!

דאס געלעכטער האקט זיך דאך אפ. איבער'ן געלען פנים ציהט זיך אן אומזיכערער שאטען. — און אפשר וועט נ י ש ט זיין אינטערעסאנט... ער וועט זיין א קלוגער, נישט איינגעבען ווענען א שקר־בלבול, יענער זאל נישט פראווען אויסווייזען, אז ער האט געזאגט אמת... נאר גלאט: טי מעניא רוגאל! און זיין באליידיגט! יא אמת, נישט אמת, דו האלט ס'מויל! און האסט דו נישט געהאלטען, נעה, מעלק די קאזע...

צו מיין גליק, האט זיך מיין מינעראל־וואסער־טרינקער דערמאנט, אז עס איז צייט צום צווייטען גלאז ביטער־וואסער.

ברוך שפטרני!

אפגעהענדיג, דרעהט ער זיך דאך נאך איין מאל איבער און שרייט מיר צו:

— איהר פארלירט דעם כבוד און אייער ווארט, דעם קרעדיט! אדיע!

— — — — — — — — — — — — — — — —

קעניגרײך. צושרױפט זיך די זיבעטע מאכט. די מאשין שרײט: קנאקט!

און ער רעכענט מיר אױס דעם על־חטא פון דער ליטעראַרי־שער צײטונגס װעלט:

— צװײ שװעסטער — צװײ לאַדזער צײטונגען... כי־כי־כי! צװײ מאַרק־אידענעס בײ פּײער־טעפּ! שרײען זיך אײנער דער אנדערער דעם אמת אין אױער אַרײן, קהל זאָל הערען... און לאָדז קײכט!...

— לאָדז! — װיל איך מבטל זײן.

— און דאָ איז בעסער? די היגע ערציהער פון פאָלק — פײ־נער? מיט א בעסער באַנעמען?

און ער זאָגט מיר נאָך די סטאַטיסטיק פון „הזמן“ װעגען א צײטונגס־אַרטיקעל.

א רעליגיעזער פילאָזאָף און — אכט און אכציג מאָל גנב. נישט, חלילה, זילבערנע לעפעל... געדאַנקען; שטיקער גאַנצע פון צײטונגען און ביכער געשלעפּט... זעכציג מאָל „עם־הארץ“... שתי פּעמים ח"ו...

ער פאַרפּלײצט מיך מיט ציפערען...

װיל איך איהם איבערהאַקען:

— פאַראַן דאָך.

ער װײסט! און לאָזט מיך צום װאָרט נישט קומען.

— פאַראַן ערנסטע און עהרליכע... א גאַנץ קלײזעל אַזױנס... כי־כי־כי!

— זיצט דאָס קלײזעל — כי־כי־כי! און — גענעצט!

און דער עולם אַרום קלײזעל — גענעצט... מײַלער אָפענע, װי בײ געפאַנגענע שלײען... רוקט זיך דער עולם ביסלעכװײז אָפּ. עס װילט זיך גענעצען... די באַקען קאַנען אַרױס פון די נעלענקען... װײל דאָס קלײזעל דעם עולם פאַרהאַלטען. קלערט מען: װי מאַכט מען זיך אינטערעסאַנט? מיט אינטערעסאַנטע אידעען? װאו נעמט מען זײ? א טרוקען יאָהר, א שלעכט געװעקסעניש... כאָטש לאַכענ־דיג מאַכען... אָבער װי אַזױ? קלערט מען װײטער. קלערט מען: װעמען גיט מען הײנט א שנעל אין נאָז? װער לױפט, מען זאָל איהם אונטערשטעלען א פוס און — אין בלאָטע אַרײן?! און מען קוקט זיך אום. אפשר דרימעלט װער? װעט מען איהם מאַכען א

## 42.

## גם זו לטובה...

איך געה פריה שלאפען. — איך אנטלויף פון די וועגנט־נאַ־סען, וואס זענען פול מיט פערפום און שוויים, — און שטעה פריה אויף, און לויף אין גארטען אריין פריה, דעם פריהלינג צו געניסען, דעם יום־טוב, דעם יום־טוב פאר אלע —

טרינקען לייט מינעראל־וואסער...

אן אפגעלעגענע אליי, די בוימער — צוגרינט און צובליהט. און פריש באגאסען. ווי די פריש־געצוואגענע כלה־מיידלער, וואלט מענדעלע געזאגט. שרעקיגע טרערען־טראפען הענגען און ציטערען; אויף די לאנגע בלעטער־ברעמען... א ווינטעל וועקט זיך, פליהט דורך, ניט, אינ׳ם דורכפליהען, א גלעט... אין געוויסע יאהרען — דער איינציג... נאטירליכער.

אויף פלאט־פוס־בלעכלער, דאך שפאצירט זיך לייכט. דער יום־טוב טראגט, דער ווירקליך גרינער יום־טוב. די פיס פארגע־סען זיך און ווילען אונטערטאנצען.

שטיל. אויך אין דער הויך. אין מיט שטאדט נעסט צווישען בלעטער אויף צווייגען קיין פויגעל נישט.

דאס הארץ זינגט. עס פארגעסט זיך אויך וויפיעל דער זייגער איז, און צוזינגט זיך...

פארבלאנדזשעט אין דער אליי אריין א וואסער־טהינקער...

א באקאנטער.

א געל פנים — א שלעכטער מאגען... אין דער האנט א גלאז. אין גלאז א רעהרעל; ביטער־וואסער טרינקט ער.

ער דערזעהט מיך, און כאפט מיך אן ביים אקסעל, דערנאך ביים לאץ, און צולאכט זיך. די קליינע אויגעלער פינטלען, דאס געל פנים׳על שיינט, דאס בייכעל ציטערט, דאס רעהרעל אין גלע־זעל קלינגט. און די אפגעבלאקירטע ליפען:

— כי־כי־כי! און כי־כי־כי!

די צייטונגס־סקאנדאלען מיינט ער.

— עפעס — זאגט ער — איז צו שאנדע אין אייער רעניש

פאַנטאַזיע פעהלט מיר נישט, פון קבוץ גליות חלומ'ט זיך אָפּט, אַבוואַל אויף אַן אַנדער שטיינער, און צוצויגען ווערט מיר ארץ־ישראל, צוצויגען...

אַבער געזעדט האָב איך צופעליגערווייזע וואָכענדיג: ווענען אַ מוזעאום פאַר'ן פאָלק דאָ אויפ'ן אָרט.

צוצוקומען, אָהן אַן אויסלענדישען פּאַס.

נישט גערעכענט דעריבער אַנדערע לענדער, מיט אַזוינע שטעדט, ווי פּאַריז, לאָנדאָן, וויז, בערלין און זייערע מוזעאומס. אויף מתנות פון נדבים אויף די פאַרמאַכטע, ממש פאַרמאַכטע...

און מיר שווינדעלט פון פאָלק ביז נאַציאָן, פון מוזעאום אי'ן פּעטערבורג, וואַרשוי אָדער ווילנא, ביז אַ נאַציאָנאַל־מוזעאום אין — ירושלים...

איך האַלט נישט דערביי...

אגב — אַ קליינע פראַגע:

— ווי וואָלט אויסגעזעהען, וואָס פאַר אַ פּנים וואָלט געהאַט אונזער יונגע, ערשט פריש־געבאַקענע אַלטערטימליכקייט דאָרט... ביי דער כותל מערבי? ביי די קברים פון מלכים און נביאים? ביים לבנון?

— — — — — — — — — — — — — — — — — —

מען האָט גערעדט פון אַ מוזעאום פאַר אונז. דאָ אויפ'ן פּלאַץ! פאַר'ן פאָלק אין תחום, און פאַר זיין יונגען קינסטלער, וואָס קאָן זיך און זיין אינערליכקייט נישט געפינען און וועט אפשר אין מוזעאום טרעפען אַ היימישע ליניע, אַן אייגענס, עפּעס אַ האַרציגס און עס וועט עפּעס אין איהם אויפטויען...

און איך מוז בלייבען ביי מיינעם:

אויב מען האָט צו וועהלען צווישען „אַ ו נ ז ע ר ע" שטעדט, איז נישט פּעטערבורג, וואָס איז אויסער'ן תחום, נישט וואַרשוי, וואו אידישע עפענטליכקייט איז, ווי מען דאַרף, נאָר כמעט ווי אוממעגליך, נאָר —

— ירושלים דליטא, נאָר — ווילנא.

נאָר א חסד!

און די געמיינדע האָט די מתנה אָנגענומען און פאַר איהר א צ י מ ע ר אָפּגעטיילט.

צום פּאָלק עס זאָל פאַרגרעסערען די זאַמלונג, האָט זיך די געמיינדע נישט געווענדט; אז עס ווערט געעפענט א מוזעאום. נישט צו ו ו י ס ע ן ג ע ט א ן דעם פּאָלק.

ווילענדיג (ווי איך האָב געגעבען אָנצוהערען) אָדער נישט ווילענדיג — אויס פּחד פאַר אן עין־הרע פון דרויסען, צי איז דער פּחד באַרעכטיגט אָדער איבערגעטריבען, — סיי ווי סיי און דער־ווייל וועניגסטענס —

איז דאָס וואַרשעווער מוזעאום נישט פון פּאָלק און נישט פאַר'ן פּאָלק; עס האָט דעם פּאָלק גאַרנישט צו פאַרדאַנקען, און עס האָט פאַר'ן פּאָלק נישט קיין פ ל א ץ און נישט קיין צייט...

עס איז דאָך לעכערליך: א צימער, צוויי שטונדען א טאָג און צוויי מאָל אין וואָך, און אויך ביז אהער — ב ס ו ד... צינד א קליי־נער אַנאַנס, א שטילער, א באַשיידענער... צום — אָפּלייקענען!

בלייב איך דעריבער ביי דאָס מיינינג:

אויב „פון פּאָלק, פאַר'ן פּאָלק", איז נישט פּעטערבורג, נישט וואַרשוי, נאָר — ווילנא!

גיט פּלוצלונג בעל־מחשבות א פרעג:

— פאַרוואָס נישט ירושלים?

— פאַרוואָס ירושלים־דליטא און נישט דפּאַלעסטינא, דאָס אמת'ע ירושלים?

פאַרוואָס אין לאָקאַל פון צדקה־גדולה און נישט אין בית־נאָמן פון דר. כאַזאַנאָוויטש?

— האָט דען דר. כאַזאַנאָוויטש געמיינט דוקא ספרים, און נאָר ספרים און נישט —

און רעכענט מיר נאָך מיט אן אריסטאָקראַטישער גרימאַסע די שטערען־טיכלער. ברוסט־טיכלער און אַנדערע שעהנע זאַכען פון דער באָבען און דער באָבעס־באָבען...

די גרימאַסע מאַכט נישט אויס, אָבער א קאַצען־שפּרונג איז עס.

א קאַצען־שפּרונג פון פּאָלק צו נאַציאָן, פון א פּאָלקס־מוזע־אום צו א נאַציאָנאַלען מוזעאום...

און וויפיעל אויגעו, בפרט ביי אונז, ליידען אויף דאלטאניזם. און זעהען געוויסע פארבען לגמרי נישט?

לעזט אונזער פובליציסטיק און איהרע וכוחים! און איז א שלעכט וועטער, דאס טעאטער יאנג'ס אויספארקויפט און איהר האט מיט'ן אווענט נישט וואס צו טון, קומט אין „הזמיר“ און הערט דיסקוסיעס...

— — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — —

גאר — צו דער זאך:

ווער, צום ביישפיל, רעדט עס נישט פון — פאלק?

ווער פון אונז איז זיך עס נישט מקריב, כאטש דריי מאל אין טאג פאר'ן פאלק? ווער מיינט עס נישט די טובה — און ווער רעדט עס נישט אין נאמען פון — — — פאלק?

אלץ איינס, צי דאס פאלק האט א נשמה, צי עס איז נאר א גולם, צי עס האט נאציאנאלע אידעאלען אדער נאר א לערען מא־גען, א משיח־ צי א קרופניק־פאלק. — — —

אלץ פאלק און פאלק! א פול מויל — פאלק! און אז עס קומט דאצו, האט יעדערער זיין פאלק, זיין טייל באלק, זיין פארטיי אדער זיינע לאנדסלייט, וואס זענען זיין פאלק, אדער די יחידי סגולה פון פאלק... רייכע לייט, אינטעליגענטען...

למשל:

איז אן ארטיקעל וועגען מוזעאום האב איך געזאגט, אז א מו־זעאום דארף זיין „פון פאלק, פאר'ן פאלק!“ און „אז דאס וואר־שעווער מוזעאום איז פאר'ן פאלק פארשלאסען.“

דאכט זיך, קלארע דבורים?

קומט עמיץ, וואס האט, באשיינפערליך, א גאנץ אנדערען און זעהר אן ענגען באגריף פון פאלק און לייקענט מיר אפ, פון א זייט, מיט א קורצער אנאנס:

דאס מוזעאום ביי דער אידישער געמיינדע אין ווארשוי איז אפען צו צוויי שעה א טאג, צוויי מאל אין וואך...

אפגעלייקענט, אין דאך?

און דאך איז דאס ווארשעווער מוזעאום נישט פון פאלק — ער איז א מתנה פון איין מענש, א רייכען, וואס האט זיינע זאמלונגען פארשענקט, און די אידישע זאמלונג — דער אידישער געמיינדע.

פאָלק האָט זיינע חלומות פאַרפליישט, זיינע געטראַכטע שעהנקייטען אויסגעשמידט, אריינגעשטיקט, אין וועלכע ער האָט זיין נשמה פאַרקערפּערט, און — זיי געהערען דעם פאָלק! זיי מוזען פאַר איהם זיין אָפען און פריי צו יעדער צייט...

און נישט צום קאַלטען פּעטערבורג שיקט, אַזוי לאַנג ווי עס איז אויסער׳ן „תחום“, אַזוי ווייט פון אידישען אויג...

דאָס מוזעאום וועט זיין פאַר אונז פאַרשלאָסענער, ווי דאָס וואַרשעווער. אין דאָס מוזעאום מוז זיין אונזער! פאַר אונז אַלע! נישט קיין מוזעאום אויסשליסליך פאַר געשוואוירענע אַדוואָקאַטען און קויפלייט פון ערשטער גילדע...

ווי הויך עס זאָל נישט קלאַפּען זייער אידיש האַרץ, און ווי וואַרעם עס זאָל נישט שלאָגען זייער פּולס פאַר אידען און אידישקייט אינ׳ם קאַלטען „מלוכה-צענטער“, אהין קומט נישט דאָס פאָלק און זיי — זענען נישט דאָס פאָלק!...

זיי האָבען געלט? און האָבען גוטע הערצער צו געבען געלט? ווילען געבען אויף אַ אידיש מוזעאום?

זאָלען זיי געבען, נאָר בויען און עפענען אַ אידיש מוזעאום אין — ווילנאַ!

עס איז אַ אידישע שטאָדט — „עיר ואם בישראל“. דאָס האַרץ פון דער אידישער ליטאַ — „ירושלים דליטא!“

## 41.

## פּאָרט ווילנאַ.

ווען מענשען רעדען שוין די זעלבע שפּראַך, רעדען זיי דאָך פאַרשידענע שפּראַכען. בפרט ביי אונזער דור הפלגה, אינ׳ם מיש-מאַש פון מענשען און אַלערליי פּלעצער און אַלערליי חדרים...

די זעלבע נעמען, די באַגריפען זענען דאָך פאַרשידען; די זאַכען, וואָס ווערען מיט די זעלבע נעמען באַצייכענט, ווערען דאָך פון יעדען אויג אַנדערש געזעהען...

און אין די אלטע פּרוכת'ן, כסא־של־אליה־דעקען און תורה־העמדלער און גארטעלער אין די חורבות פון שולען און בתי־מדרשים.

שטעקט „קונסט“, שטעקט נשמה!

אין זיי האט, פילייכט, אייער באָבע, אייער עלטער־באָבע, — פרומע, ריינע און ווירקליך שעהנע אידישע טעכטער, אריינגע־שטיקט זייער שטיל־הייליגע ליעבע צו נישט געקאנטע חתנים, זיי־ערע ווירקליך ריינע, ליכטיג־נעבעלדיגע פרומע חלומות און האָפ־נונגען; און די הארציגע תמימות זייערס, זייער הארציג־שטילען גלויבען און צוטרוי צום לעבען און צו גאָט, דעם האר פון לעבען — זייער גאנצע פרומע, נאאיווע, נישט נאכגעמאכטע יונג־פרעהליכע „קונסט“!

און זאכען וועט איהר געפינען, פון האָלץ געשניצטע, פון בלעך געבויגענע, פון אייזען און קופער געשמידטע (זילבער און גאָלד האט איהר שוין לאנג אויף בראך פארקויפט...) הענגעל־לאָמ־פען, חנוכה־לעמפּלער, שאבאשניקעס, מנורות, בשמים־שקעטאלער, אתרוג־ און צדקה־פושקעס, אין וועלכע דער שטילער, וועלט־פארגעסענער, זיך אליין אומבאוואוסטער, לאנג־פארשטארבענער, פרום־אידישער „קינסטלער“, — אהן דעם נארישען נאָמען, נאר בצלאל'ס אן אייניקעל — האט אריינגעקריצט, אויסגעבויגען אדער אויסגעשמידט זיינע, פילייכט נישט קלארע אבער הויכע אידישע, דאָס הייסט: ריין־מענשליכע און איבערמענשליכע און געטליכע חלומות וועגען משיח און זיינע צייטען, פון וועלכע דער נביא האט גערעדט, און מיט וועלכע ער האט דאָס פאָלק און דעם מענש גע־טרייסט...

און ווען שטיקער נאר, קלעפּט זיי! שטויבט אָפּ, פּוצט אויס. דאָס זענען, ווי געזאגט — אוצרות!

און שיקט זיי...

יאָ, וואוהין שיקט מען זיי?

איך מיין:

נישט צום ווארשעווער מוזעאום, אזוי לאנג, ווי עס איז פאר'ן ברייטען פּובליקום געשלאסען...

ווילענדיג, אדער געננוויט...

דאָס זענען „זאכען“ פון פאָלק, „זאכען“, אין וועלכע דאָס

און צוזאמען מיט׳ן געוועהנליכען אלטווארג געהען אין קויף און פארקויף אויך די אלטערטימליכקייטען...

די לעצטע פארשאכערט נישט!

צווישען בעל־הבת׳ישקייט געפינען זיך „זאכען", וואס האבען קיין ווערט נישט אין מארק און זענען „אוצרות" פאר א מוזעאום. די זאכען זוכט אויף!

זייט נישט פויל, זוכט אין אלע פארווארפענע ווינקעלער...

אויף די אויוועגס, — איהר האט געקאנט אמאל ארויפווארפען א רעהרעל פון אן אלט חנוכה־לעמפעל...

אויף די בוידעמס, אין די קעלער, וואו דער אויפגעקומענער עושר האט ארויף אדער אראפ געשיקט די ספרים פון בלאגעי פאמיענטשי דעם טאטען, דעם זיידען, דעם עלטער־זיידען, מוטער, באבע און עלטער־באבע.

עס האט זיך אפשר דארט פארוואלגערט אן אלט טלית־ותפילין בייטעלע, א שטערן־טיכעל, א ברוסט־טיכעל, אן אלט חלה־טישטעכעל...

זוכט, געפינט, שטויבט אפ...

און זענט איהר אליין שטומפיג אויף דער עברי...

איז ביי אייך שעהן נאר דאס קלייד פון דער לעצטער מאדע, און דאס מעטאל פון דער שטאנצע, באארבייט אין א מאדערנער פאבריק, דאן — רופט א מבין!

איהר וועט קיין חרטה נישט האבען...

צווישען די אלטע פארלעגענע, פארגעסענע, שטויב־געשפייזטע און מילב־צופרעסענע זאכען, וועלען זיך געפינען אוצרות פאר א מוזעאום, פאר דער גרויסער מ צ ב ה פאר די ערשט נישט לאנג, אין בלוט און צער אפגעגאנגענע דורות...

און דאס זענען געווען דורות מיט מעהר הארץ און געהירן און פארשטענדעניש פאר אידישער שעהנקייט! אבוואל פרעמד איז זיי געווען דאס פרעמד־נארישע ווארט „קונסט", וואס דערמאנט פון פאבריק און פארקויפט זיך אין קראם.

אין די אלטע אויסגעטעפטע שטערען־טיכלער, אויסגעוועבטע ברוסט־טיכלער, פון דער זון אויסגעצויגענע געשטיקטע חלה־טישטיכלער און טלית־ און תפילין־בייטעלער, וואס וואלגערען זיך ביי אייך.

איהר גלויבען אין איהרע האפנונגען און חלומות איז אוועק. א נייע. נאר אהן גלויבען, מיט קוים, קוים אנגעצייכענטע נעבעלדיגע האפ־נונגען און צומישטע, צוקנוידערטע שאטען־חלומות קומט אן...

זאל דאס פארגאנגענע נישט פארגעסען ווערען...

זאמעלט אלטווארג, אלטערטימליכקייטען פאר'ן מוזעאום. ווארשוי האט, ווילנא געהט עפענען, פעטערבורג זאמעלט געלט אויף א מוזעאום צו עפענען...

— — — — — — — — — — — — — — — — — — — —

דער אויפרוף פון געוועהנליכען אלטווארג, פון דעם, וואס האט נאך א ווערט אין מארק און נאך קיין ווערט נישט פאר א מו־זעאום, פאלט.

ווניגסטענס ביי אונז:

מיט בעזימער באוואפענט, שטעהען די טויערען־היטער פאר די טויערען אין די בעסערע גאסען, און לאזען קיין אידעל, מיט א זעקעל איבער די מאגערע אקסעל געווארפען, נישט איבער דער שוועל.

— באיקאט, הארציג־זשידיקעל, באיקאט! נישט גערארפט זיך לאזען אנרעדען און אראפ פון גלייכען וועג... מיך ארט עס נישט, דער בעל־הבית צירנט!...

פאר דאס, דער אינערליכער פ א ר ק ו י ף פון אלטווארג שטייגט פון טאג צו טאג...

עס „ליקווידירען" אזויערנאך די „געשעפטען" די, וואס מוזען צוריק אין תחום; מען פארקויפט, וואס מען קאן, פון ש ט ו ב, פון ז י ד אראפ, דאס גאנצע אלטווארג...

און די, וואס מען טרייבט פון דארף...

וואס מיז פון וואלד און פעלד, פון אונטער'ן פרייען הימעל צוריק אין שטאדט אריין, מיט א שמאלען הימעל־פאס, וואס אי־בער אייזערנע דעכער, און א געלער, געלער לבנה איבער עלעק־טרישע לאמפען...

און די באיקאטירטע... די קרבנות, וואס ווערען גאנץ און גאר פארברענט אויפ'ן מזבח פון דמאווסקי'ס פאטריאטיזם... און די קרבנות פון דער שלעכטער צייט, פון קריג, נישט גערעטעניש, און וואס איהר ווילט...

— מילאסטי פּראָסים!
און נאָך איהר אַלבערט:
— זעצט אייך, רבותים!
נאָכ'ן פאַרשטעלען די געסט, דערלאַנגט זי איהם אַן הגדה מיט רוסישער איבערזעצונג:
— אַ טי סמאַטרי, וו'פּאַריאַדקע לי! פּראַווערייי!
— זעה נאָר דעם גרויסען בעכער!
באַקומט מאַריץ נאָך אַ קניפּ פון איגנאַצ'ען — אויך אַ בצלאל!
— עטאַ — ענטפערט מאַריאַ אַנדרעיעוונאַ — דליאַ פּראָראָקאַ איליי... יעווּאַ יאַ סטראַשנאַ ליובליו!
— אַ טיעפּער — קידוש! — קאָמאַנדירט זי.

— — — — — — — — — — — — — — — — — — — —

אַראָפּגעקומען זענען איגנאַץ און מאַריץ שוין שפּעט נאָך האַלבער נאַכט און זיך איינס אַז אַנדערען האַלטענדיג. אַן אויסגעשטערענטע נאַכט.
— אויבען פינקעלט! — מאַכט מאַריץ באַגייסטערט.
— ליל שמורים! מען שלאָפט נישט! — פאַרטייטשט איגנאַץ.
און שטעלען זיך אָפּ נאָך אַ ווייַלע:
— איך זאָג דיר, ער וועט אויסקומען; ער וועט זיך מגייר זיין —
— אָדער יאָ, אָדער נישט, — ענטפערט מאַריץ, און מיט אַ בליק צום הימעל:
— נאָר אַזאַ יאָהר אויף מיר, רבונו של עולם, סאַר אַ וואוילע אידלער דיינע משומדים זענען!

## 40.

## אַלטוואַרג און אַלטערטימליכקייטען, וואוהין שיקען? וואַרשוי, ווילנאַ, פּעטערבורג?

סיי־ווי־סיי:
— אַלטוואַרג!
אונזער לעבענס־ליניע ברעכט זיך איבער. איין עפּאָכע מיט

— דא. קומט ארויף צו מיר...
— נאך וואס?
— איהר וועט קיין חרטה נישט האבען. מיין ווייב, וויים איך, מאכט מיר א סיורפריז אויף יום־טוב... וועט זיין פאר אייך אויך...
— א גלאז טיי וועט זיין?
— און צובייסען אויך, אז א סיורפריז...
— א געבראטענער קוויטשער?
— דאס גיט מען אייך אין דערהיים. מען זאגט אייך: קעל־בערענס, עסט איהר...
נישט האבענדיג, וואס מיט זיך צו טון, געהען זיי. ארויפ־געקומען, לאזט דער אדוואקאט איבער אין קאבינעט. ער געהט אנ־זאגען, פרעגען, צי מען מעג שוין.
זיי זעצען זיך און באמערקען אויפ'ן שרייב־טיש פרישע בלו־מען און נייע בראנזענע וואזען.
— בצלאל, — גאפט מאריץ.
— דער דיוואן אויך! — באמערקט איגנאץ, — זעה: אם אשכחך ירושלים...
— דאס האט מיין ווייב געקויפט... מאריא אנדרעיעוונא — ערקלערט אלבערט צוריק קומענדיג.
און שטארק צושמייכעלט:
— זי איז אידישער פאר אייערע ווייבער...
— אויף מיין וואטענמאכערס טאכטער!
— און באלד — שלאגט זיי איבער דער ווירט — וועט זיין דער סיורפריז. איך שטוים מיך, וואס עס וועט זיין... עס וועט זיין... עס וועט זיין — —
אין דער רגע אבער עפענט זיך ראש די טיר פון עס־צימער. א שטראם ליכט פאלט מיט אמאל אין פארשאטענעם קאבינעט אריין. דורך דער ברייט געעפענטער טיר באווייזט זיך א בלאנק־געדעק־טער טיש... זילבער און קריסטאל... און פלעשער ווייז.
— מצות! מצות! — שרייט אויס אויסער זיך מאריץ...
— זעה, זעה, — קנייפט איהם איגנאץ אין דער זייט — א קערה מיט מינים —
די בעל־הבית'טע האט זיך דערווייל אין טיר געשטעלט:

— פרואוו איך מיך: די קינדער צוליעב... זי געהט מיט די קינדער אין טעאטער אריין... שוין גענומען א לאזשע...

— מיינע — ענטפערט מאריץ — האט מיך געפרעגט, צי איך וויל דער לאקיי זאל אנטלויפען, אז ער וועט דערזעהען מצות...

— עבדים משלו בנו...

זיפצעןביידע אפּ און מען שטעלט צוריק די פראגע: וואו געהט מען?

— קום — איראניזירט מאריץ — אויף די נאלעווקעס, צו דער פראנציסקאנער... „כל דכפין ייתי וייכול", אפשר וועט עמיץ...

— א ליטוואק — —

— פארבעטען צום סדר...

געהען, געהען זיי דאך שוין, אוים געוועהנהייט, צום טעאטער פלאץ צו.

— נישט נעדארפט זיך אויסציהען פון יענער זייט...

— מען וואלט אזויפיעל פון באיקאט נישט געליטען...

— האסט פאר יום־טוב עפּעס געלייזט, מאריץ?

מאריץ דריקט מיט די אקסעל.

זיי געהען ווייטער, שווייגענדיג, איבער דער סענאטארען־גאס. פאראוים געהט א יונגערמאן.

— דערקענסט? — ווייזט מיט'ן פינגער מאריץ — אונזער ארוואקאט!

— אנגענומען, פּראוואסלאוויע...

— דער סודיא'ס טאכטער צוליעב...

זי האט זיך אינ'ם פארליעבט צום טויט. „ווילסט — זאגט זי — וועל איך מיך מגייר זיין"...

— היינטיגע צייטען...

זיי דעריאגען איהם:

— דאברי וויעטשור!

— גוט יום־טוב, גוט יאהר! — ענטפערט יענער דערפרעהט.

— פון ווען רעדסט עס אידיש, אלבערט!

— זייט כ'האב מיך אפּגעשוואנקט...

— צינד מעג ער! — מיינט מאריץ.

זיי קומען צו צו א טויער:

— דא וואוינסט דו, אלבערט?

„ליטוואַקעס“ פון דאָס לעדען אויס די שול רווישענדיג:
— גוט יום־טוב, גוט יום־טוב!
דער היימישער עולם מורמעלט, נישט צופרידען:
— ווי דאָס רודערט...
וו׳דאָמו באַזשים — קיין דרך נישט...
פאַלט נאָך איין א ליטוואַק אויסצורופען:
— לשנה הבאה בירושלים!
איז שוין דאָס געווען איבער דער מאָס, מורמעלט מען אויף פויליש העבער; שוין אויסער דער שול, אויף די טרעפּלעך!
— אלץ פאַרכאַפּט... די גאַלעווקעס... ציגד — די שול...
— און די הויפּט־אַליי — קלאַגט זיך א צווייטער — אויפ׳ן צמענטאַרזש... ער איז אויף קבר אבות געווען: „א ליטוואַק ביי א ליטוואַק“...

— — — — — — — — — — — — — — — —

די לעצטע פּאָר:
א היימישער צילינדער, ווייסע קראַוואַטע, האַנטשוה, פיין ראַזירט, נאָר אויפ׳ן פּנים, נישט זעהר יום־טוב׳דיג, וואַרט אַפּ אויפ׳ן פּלאַץ א צווייטען (אויך א היימישער צילינדער, ווייסע קראַוואַטע, האַנטשוה, א פיין צוקעמטע באָרד און אויפ׳ן פּנים אויך גאָר נישט יום־טוב׳דיג), וואָס הינקט ערשט אראָפּ אויף א קוליע פון די טרעפּלעך.
— געהסט אהיים? — פרעגט ער — שוין אויפ׳ן לעצטען טרעפּעל, און, נישט דערהערט, עטוואָס העכער:
— געהסט אהיים, מאַריץ?
דער געפרעגטער כאַפּט זיך אויף, ווי פון א טרויער:
— און דו, איגנאַץ!
זיי שטעלען זיך אַפּ א ווייל:
— אהיים? וואָס וועל איך טון אין דער היים? האסט א סדר, מאַריץ?
— אי... — מאַכט מאַריץ אוועק מיט דער האַנט.
— איך זאָג, מיינער: גלייך געווען כאַטש אביסעל מצות קויפען. מעסט זי אַפּ מיט׳ן אויגעל פון קאָפּ ביז׳ן קרומען פוס: „וואָס איז ביי דיר גלייך?“

און צום זכרון:
דער יום־טוב פון מאסקען און פורים־שפּילער...
איז עס אין בלוט אריין!
אויף „אויסזאגן“ שטעהט זעהר פּיעל! און דאס נישט אויס־זאגען, דאס פארלייקענען?
פאראן אין א גרויסער אידישער שטאדט א שולע פאר מיידלעך, פאר אידישע, דאס מעהרסט חסידישע מיידלעך, די מאמעס טראגען נאך שייטלען, די טאטעס — שטריימלעך מיט אטלעסענע קאפּאטעס... קיין איינציג קריסטליך מיידעל. קומט אין דער שולע אריין א אידישער לעהרער און פרעגט:
ווער קען אידיש?... ווער קען אלף־בית?!
אלע שווייגען!
„אין אסתר מגדת!“
דאס פארלייקענען איז אין בלוט אריין!

## 39.

## אויף א סדר־נאכט.

(א ווארשעווער הומאָרעסקע)

סיראטא (דארף איך אייך צוגעבען; דער חזן אויף טלאמאצקע) האט אפּגעדאַוועָנט; עקסטרא צוריק געקומען פון ניו־יארק.
— א שעהן ביסעל געלט פארדינט, — זיפצט נישט איין באיקאטירטער סוחר.
— וואלט איך זיין האלז געהאט...
אמעריקא ציהט נישט נאר ליטעראטען.
סיראטא האט אפּגעדאווענט.
דער היימישער עולם רוקט זיך ארויס שטילערהייט. מען ווייסט נישט ווי אזוי צו זאגען. די פּוילישע פארם פון ווינשען לכבוד יום־טוב, בפרט „וויעלקאנאָץ“ — איז נאך נישט געפונען געווארען.

„ויסער־ויחנו“, אויפ׳ן וועג פון קנעכטשאפט צו פרייהייט, פון גשן צו פאלעסטינא...

נאך דאס לאנד נישט באקומען, און א „סאציאל־שטאט שוין געבויט“...

נאך אין סטעפ, נאך אין ביידלער געוואוינט, און די מענש־ליכסטע אידעאלען געשאפען, געוויינערט זיך צווישען „אפס, כי לא יהיה בך אביון“ און „כי לא יחדל אביון מקרב הארץ“!

פייערען מיר די ביידלער...

איז אונז ליעב אונזער ארעמע, פארוואָרפענע סוכה; נעמען מיר אין איהר אויף אונזער אושפיזין, די ליעבע געסט פון דער ווייטער, ליעבסטער פארגאנגענהייט!

קומט נאך א ש פ ע ט ע ר ע ר און דעריבער שוין א האל־בער יום־טוב... חנוכה!

דאס פאלק געפאלען, פארלאשען, צו אש געווארען!

נאר אינ׳ם הויפען אש איז א פונק געבליבען; איז פון דער טיפער נאציאנאלער באליידיגונג אויפגעפאכט געווארען, האט ער אויפגעפלאמט, איז „בית יעקב“ געווארען פייער און יון — שטרוי!

און — —

— א קליינע ארעמע אילומינאציע פאר׳ן אלטען, גרויסען וואונדערליכען זיג!

קומט אבער נאך צו — פורים!

דער יום־טוב פון — „זאגען“ און „נישט זאגען“!

אניט וואלט דער נס נישט געשעהען:

דער גורל איז אפהענגיג פון אחשורוש... און —

וואלט מרדכי נישט אויסגעזאגט, וואלט ער אחשורוש׳ס קלייד נישט געטראגען, אויף זיין פערד נישט געריטען!

וואלט אסתר י א א ו י ס ג ע ז א ג ט, וואלט אסתר זיך אין איהר שטאם נישט פארלייקענט, וואלט זי קיינמאל קיין קרוין אויף איהר קאפ נישט געהאט, וואלטען אחשורוש און המן אין איהר נעצעלט קיין וויין נישט געטרונקען...

— — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — —

און דאס טרויעריגסטע איז: אלע ימים טובים, זאגט מען, וועלען בטל ווערען, נאר איין פורים וועט בלייבען!

דער יום־טוב פון „אויסזאגען“ און פארשווייגען!

ווײל לעבען, מוז מיטמאכען אלע פּראָצעסען... אבער פארוואס אַז זיך פארגעסען?

פארוואס, ווען מען דערמאָנט זיך שוין, פאַלגט נישט די האנט דעם קאָפּ?

פארוואס אזוי אַפּהענגיג?

## 38.

## פּורים.

האָבען מיר אלערלײ ימים־טובים. גוטע יאָהרען — ווענינ; גוטע טעג נאָך פאראן!

האָבען מיר פארשידענע גוטע טעג:

האָבען מיר פּסח זכר ליציאת מצרים! דער יום־טוב פון באַ־פרייאונג! קנעכט האָבען פארשטרייקט! קנעכט האָבען זיך אויפגעהויבען, פארלאָזט דעם פלייש־טאָפּ מיט דער בייטש צוזאַ־מען און געלאָזט זיך אין סטעפּ, אין מדבר אריין; פרײ ווערען, א פאָלק ווערען, א לאַנד בויען!

האָבען מיר שבועות — זמן מתן תורתנו!

שטאָלצירען מיר דאָך נאָך היינט מיט איהר; ווערט זי דאָך נאָך היינט פון שווארצען געוויסען אייראָפּאַס באַזידעלט און באַ־שמוצט! נישט אומזיסט האָט דאָס מאָראַלישע פארזעהעניש דעם עהרליכען שפינעל פיינט!

לעבען מיר דאָך אין א צייט פון קריג. פּרוּאוווט, ניט די באַל־קאַנישע פעלקער, ביי גאַנץ אייראָפּאַ, וואָס מישט זיך אין קריג אריין, דאָס געזעץ פון קריג:

„באַלעגערסט דו א שטאָדט, די בוימער אָרום האַ. נישט אויס; זיי זענען דאָך קיין מענשען נישט. זיי זאָלען קאָנען אנט־לויפען פאַר דיר!“

— — — — — — — — — — — — — — — — —

דאָס געזעץ ווערט געגעבען אין מדבר, אין דער צייט פון

און וואָס טוט מען מיט די באַקומענע פּאַטענטען? אַז אַלץ — פאַרזויערט! האָט אונז מיטגעשלעפּט דער ליבעראַליזם, די פּ אָ ל י ט י ש ע באַפרייאונג, דאָס באַפרייען בעל־הבת׳ישקייט פון מאַגנאַטען־יאָך, פון הערשער־אונטערדריקונג... אַ יושר! גע־גאַנגען, געקעמפט, געזיגט און — די בעל־הבת׳ישקייט שטעלט זיך צו אונז מיט׳ן רוקען. די בעל־הבת׳ישקייט באַיקאַטירט... דעמאָקראַטיזם...

דאָס אידעאַל — אַמעריקאַ!

און דאָרט ערשט פאַרשפּרייט זיך דער קאַטאַליציזם, און וואָרצעלט זיך פון טאָג צו טאָג אַלץ טיפער איין, און די אידען־רייניגע האַטעלען מעהרען זיך, און אונזער אָפּגעזונדערטקייט וואַקסט... אונזער קראַפט אויך. נאָר הערט מען שוין: פּן ירבה, וועט מען באַלד הערען: הבה נתחכמה! —

געהט אַ נייער מ ש י ח: דער פּראָלעטאַריאַט!...

וועט אַמאָל קומען משיח אין פאַבריק אַריין, דעם אַרבייטער באַפרייען, און וועט קיין אידישען אַרבייטער נישט טרעפען!

— קליינינקייטען", ענטפערט די „קוזשניא". „פאַרוואָס נעמט מען קיין אידען אין פאַבריק נישט אַריין? פאַרוואָס לאָזט מען אי־דען נישט צו דער מאַשין? ווייל דער פייער פון דאָרף איז געזינ־טער, אַרבייטזאַמער, אונטערגעבענער, פאָלגט, טוט אַלץ און איז ב י ל י ג ע ר! און דער שטראָם פון דאָרף פליעצט אין שטאָדט אַריין אַלץ מעהר און מעהר!

„און נאָך אַ שטערונג — שבת!"

„הויבט זיך אָבער אַז דאָס דאָרף צו אַנטוויקלען, עס מעהרט זיך און באַצאָהלט זיך וואָס אַ טאָג בעסער די אַרבייט אין דאָרף. דעם פייער וועט שוין נישט ציהען די פאַבריק, דאָס דאָרף וועט נאָך אַרויסציהען אַרבייטס־הענט פון די שטעדט... דאַמאָלט וועט אָפּען שטעהן פאַר אידען די פאַבריק! דאַמאָלט וועט שוין אויך קיין רייד נישט זיין פון שבת!"

און אַז משיח וועט קומען צופריה, איידער דאָס דאָרף וועט שלעפּען מענשען צום אַקער פון שטאָדט, און איידער שבת וועט בטל ווערען?

— — — — — — — — — — — — — — — — — — — — —

לעבען איז אַ פּראָצעס פון קאַמף און אַנטוויקלונג. ווער עס

בלאט. די אידעען שוועבען ארום נאקעטע אין דער לופט, און ווערען מיט מעשים טובים נישט באקליידט.

מיר האבען צו לאנג, גערנווילינ אדער גענויט, אין צווייערליי וועלטען געלעבט, אהן א בריק צווישען ביידע, אהן אן איבערגאנג.

אין איין וועלט, אין דער גייסטיגער, האבען מיר „מיט'ן אטעם פון די לעפצען“ בערג אויסגעריסען און „איינס אינ'ם צווייטען גע־ריבען אין שטורעם!“ ווינט־מיהלען געשטעלט און אין גערויש גייסטיג־שטרוי געמאלען. אלץ נאר די מחות געשארפט, מחות, ווי בליצענדיגע חלפים באקומען...

און אין דער צווייטער — אומפרוכטבאר, אומבאהאלפען.

אין דער וועלט זענען מיר דאס פוילע טיר, וואס ריהרט זיך נישט פון צווייג, ביז אלע בלעטער ווערען נישט אפגעריסען, און דערנאך ערשט קוקט עס זיך אום...

און דער אפטימיזם: משיח וועט קומען! משיח'ן מוז מען אבער ב ר ע נ ג ע ן! און פאר'ן א מ ת ' ע ן קומען פ א ל ש ע...

ווער איז נישט אונזער משיח געווען?

איינענע — וואס האבען „געארבייט“ מיט קאפ און הארץ, אבער אהן הענט. סודות, תעניתים, השבעות — א ניי געוועב פון גאלדענע חלומות. און פ ר ע מ ד ע, וואס האבען אונז מיט ניצליכער מענשליכער ארבייט באשעפטיגט אבער נישט פאר א ו נ ז...

האט דער קעניג דעם מאגנאט באקעמפט, זענען מיר שוץ־אידען געוועז.

האבען מיר שפעטער אין זכות פון גוטע, פיינע מאגנאטען געלעבט, האבען אונז טייל פון זיי אויף בוימער ארויף געיאגט און ווי פייגעל געשאסען. אנדערע האבען אונז זינגען אויסגעלערענט. דאס מה־יפית־ליעדעל...

האט אונז שפעטער דער פרייער געדאנק מיטגענומען אין שטרייט מיט דער קירכע, מיט גלויבען און אבערגלויבען. גע־זיגט! באפרייט די וויסענשאפט פון אונטער'ן יאך פון גלויבען, די שולע — א וועלטליכע, די ערציהונג — א מענשליכע! און מיר זענען אהן ערציהונג געבליבען, פאר אונז איז די שולע טיילווייז, אדער גענצליך פארמאכט...

און א וואונדער: ווי פון כישוף געוועקט, כאפען זיך אלע צושפרייטע און צוזייהטע קלאווישען אויף און ציטערען און לאזען ווייערע איכה־ און קינות־טענער ארוים און עס הערט זיך דער קלאנג איבער גאנץ מצרים...

נישט געגלעט ווערט דער קלאוויש, נאר געדריקט...

והידים — די הענט, וואס ריהרען זיך צו — ידי עשו...

עשו שפילט!

## 37.

## קאפ און האנט.

האבען מיר זיך אליין, צו אונזער אייגענעם אומגליק, א ווערטעל, אויסגעטראכט:

„אין חבוש..."

„דער געבונדענער באפרייט זיך נישט אליין", טוען מיר פאר אלע אנדערע מיט מסירות נפש, און פאר זיך אליין זענען מיר אפּהענגיג, אהן ראט.

קאפ פעהלט נישט; אין קאפ פעהלט קיין געהירען נישט.

די הענט זענען אויך נישט אזוי קורץ, אויך נישט אזוי שוואך.

איינס פעהלט:

קאמוניקאציע צווישען קאפ און האנט!

דער קאפ טראכט, די הענט אבער ווייסען נישט דערפון און פאלגען נישט דעם קאפ און טוען דאס זעלבע, וואס נעכטען און אייער־נעכטען.

קאפ פעהלט נישט. ווי אין דער הגדה שטעהט: כלנו חכמים, כלנו נבונים. און וויפיעל קעפ, אזוי פיעל עצות, אזוי פיעל פלענער. עס איז נאך קיינמאל ביי אונז אזא נערעטעניש אויף פראיעקטען נישט געווען...

אבער די פלענער בלייבען געדרוקט שווארץ אויף ווייס אויפ'ן

ליב, בין איך געבליבען צום בלוט־אינעל, צו דער פיאווקע, וואס לעבט אויפ׳ן פרעמדען חשבון, זויגט פרעמד בלוט...

און ווערט דער „פון ירבה" גרעסער, ווערען מיר אין מויל פון בעסטען זוהן פוילענס: שטשורעס... ווערען מיר אויך געגליכען צו ווערים... וויל ער בעסער אנדערע פעלקער — חיות רעות זאלען זיין פאלק צורייסען, איידער מיר, די ו ו ע ר י ם...

און אמאל דאכט זיך:

נאט, דער באשעפער פון דער וועלט, האט זיך אמאל אומגע־קוקט אין דערזעהן: קיין מענש נישטא דא, נאר פעלקער. און פ א ר ה א ל צ ט ווערען די פעלקער און גראבען זיך איין אין דער ערד און שאנצען זיך ארום, און ווערען פארגליווערט און פאר־שטיינערט, און עס קאן נישט געבוירען ווערען דער מ ע נ ש, דער פ ר י י ע ר מענש, וואס דארף פארפילען די ערד, זי באהערשען און באצווינגען און מענשליך בויען... האט ער, אין זיין נערעכטען צארן, דעם הארטסטען בוים, דעם צעדער פון לבנון אויסגעריסען, געשפאלטען, פון איהם קלינעס געמאכט, און יעדען פארהאלצטען פאלק, אין יעדען פארגליווערטען קלאץ א קלין אריינ־געזעצט...

מיר זענען די קלינעס אין פרעמדע קלעצער. א בענקעניש, א הארץ־רייסעניש צום לבנון צוריק, און די זייטען פון פרעמדען קלאץ דריקען: ארויס! ארויס! און דער האמער פון דער הויך קלאפט: אראפ! אריין! וואס טיפער אין שפאלט!

סאלאן־מעסיג, מאדערען:

מיר זענען געגליכען צו קלאווישען...

האט זיך דער באשעפער זיין פיאנא געהאט — זיין פאלק ישראל, וואס האט, פון זיין האנט באריהרט, זיין לויב געשפילט!

נ ע פ ע ל ש ט האט איינמאל די פיאנא...

אל קנא — האט מיט׳ן דונער די פיאנא צושמעטערט; דער קאסטען — צושפרונגען, די קלאווישען צושפרייט און צוזייהט...

ליגען זיי איבעראל אין גלות־שטויב, אין גלות־מיסט, פאר־שטומטע, פארגליווערטע, אהן א קלאנג...

און דאך — ווערט א קלאוויש נעדריקט פון א פרעמדער האנט, וועקט ער זיך און גיט זיין טאן, זיין איכה־ און קינות־טאן, זיין אויסרוף פון בענקשאפט און שמערץ...

און נאך אן אלטע גמרא: בני ישראל נמשלו כדגים... מיר זע־נען אויך געגליכען צו פיש. „וואס זייער פארזאמלונג, איז זייער שחיטה!" נישט אומזיסט ציטערען אומעטום די איינגעזעסענע „יאהודים", צו וועלכע מען האט זיך צוגעוועהנט, פאר א נייעם שטראם פון ברידער איינוואנדערער. זיי ווייסען: דער גוי'שער מאגען קאן פיעל נישט פארדייען...

„פן ירבה" — די אייביגע שרעק פון אלע פרעה'ס, פון יעדען מצרים...

נישט אומזיסט זענען מיר אויך געגליכען צום זאלץ פון דער ערד. מיר גיבען איהר דעם געשמאק... אהן אונז זענען די פון ערד געקנעטענע פעלקער נישט צו נעמען אין מויל אריין; אבער פארזאלצען וויל קיינער נישט ווערען...

מיר זענען נישט אומזיסט אויך זויער־טייג...

ליגען זיך די פעלקער רוהיג, יעדעס אין זיין מולטער, און מיר ווערען צוביסלעך צוגעגעבען. עס זאל יעהרען, עס זאל וואקסען. וויל מען נישט צופיעל; זאל דאס טייג נישט פון מולטער ארויס!

און געגליכען, מאדערען גערעדט, זענען מיר אויך און אפשר מעהר פאר אלץ — צו נאקעטע נשמות: הוילע געדאנקען, לופ־טיגע אידעען, לויטער גייסט־אידעאלען!

והידים, און די הענט, וואס א ר ב י י ט ע ן, וואס פ א ר ק ע ר פ ע ר ע ן די געדאנקען, פ א ר פ ל י י ש ע ן די אידעען, וואס פ א ר ו ו י ר ק ל י כ ע ן די אידעאלען — ידי עשו! אונז לאזט מען צום ווארשטאט נישט צו!

דרעהען מיר זיך שטענדיג ארום צווישען פ ר ע מ ד ע קול־טורען — דרעהען מיר זיך ארום, פרעמדע, פארגעסענע, נאקעטע און בלויסע, און ב ע ט ל ע ן — קולטור!

מצרים האט א קורצען זכרון. יוסף ווערט פארגעסען און די שפייכלער, וואס מען האט אנגעפילט אויף הונגער־יאהרען, ווערען פאר אונז פארמאכט, און אויך פתום ורעמסס — מצרים־ליים און אונזער שוויים און בלוט איז — עגיפטישע קולטור.

האבען מיר קיינמאל נישט קיין אייגענס... קויפט מען ביי אבימלכ'ס קנעכט וואסער פון די ברונענס, וואס יצחק האט געגראַ־בען, און קויף איך צוריק אפ ביים גראמילא מיין אייגען העמד צום

אַרבייט, דער האָט אַן אַנדער פאַטערלאַנד; דער בויט עס אַנדערש, שיצט עס אַנדערש און קלינגט סיגנאַל נישט אויפ'ן גרויסען גלאָק; זיין חנא איז נאָך נישט געקומען!

אין דייטשלאַנד שטימט ער אפילו קעגען איינשלינגען די פּוילישע גיטער אין פּויזען אינ'ם נאָמען פון הייליגען יונקער־לאַנד!

מיט וועמען געהט דר. נוסבוים? וועמעס פאַטערלאַנד ליעבט ער? ווען איז זיין חנא? נאָך וואָס קלינגט ער אויפ'ן גרויסען גלאָק?

פרעגט'ם בחרם...

מען קאָן, דעם פּריז צו געפעלען, נישט שרייען: „אני פּאַליאַק!“; עס איז געוואָרען די באַצייכנונג פון אפּשטאַמונג, דאָס וואָרט באַטייט דאָס בלוט, וואָס רינט אין וועמענס אָדערען, וועקט מען דאָס פאַטערלאַנד...

אַן אַלטער מענש מיט אַלטע ווערטער...

מאַריץ, אפשר נאָך צוריק — מאָשקע...

אַ פּאָליטישער בר־מנן...

האָט מען אָבער פאַרגעסען זיין רעכט צו טון, פון חברות איהם אָפּצוזאָגען...

36.

## ע ש ו ש פּ י ל ט...

„וואָס מיר זענען, זענען מיר, אָבער“... אָבער צו וואָס זענען מיר געגליכען? „געגליכען צו שטערען, געגליכען צו זאַמד“... מיר, זאָגט מען, לייכטען דער וועלט, ווי שטערען, און זענען אַזוי צוזייהט, ווי שטערען; איין שטערן טרעפט דעם אַנדערען נישט; יחידים לייכטען... ווי גרויס עס זאָל נישט זיין די צאָהל...

און מיר זענען אויך, ווי זאַמד, ווי זאַמד ביים ברעג פון ים; טרוקען צונויפגעדריקט, אומפּרוכטבאַר און — ג ע ט ר אָ ט ע ן...

מיר זענען אויך גליך צו אויילבערטען! וויל מען בוימאויל, מוז מען זיי פּרעסען; וואָס מעהר געפּרעסט, מעהר בוימאויל...

דעם היינטיגען פויערס, פילייכט? דעם ארבייטערס?
אין דעם פאטערלאנד איז זיין פריץ דמאָווסקי, וועלכען ער דינט אזוי הארציג — פ אַ ר ש אַ ל ט ע ן !...

— — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — —

ווען די גרויסע, די וואויל־טאָניגע קלאָסען, ריהרען דעם גרויסען גלאָק און קלינגען: „פאַטערלאַנד!" ווייסט מען: פאר זיי א חגא, פאר'ן פאָלק א שרפה! דאָס פארשפרייט מען א נעץ פאר די קליינע פישלעך, דאָס גיסט מען פאר'סמ'טען האָניג פאר אָרעמע פליגען...

קלינגט „וושעד־פאָלסקאַ", הייסט עס: קום, אוקראַינאַ, ליטאַ, ווייס־רוסלאנד, צוריק, לאָזט אייך אויסמענשלען און פארפויליי־שען... אביסעלע, א קליין ביסעלע באַצווינגען... שוין נישט די אַל־טע צייטען... קיין ק י ט ע ן, קיין אייזערנע באַנוצט מען שוין נישט!

קלינגט אויפ'ן גרויסען גלאָק פון פאַטערלאַנד דער פריץ, מיינט ער דעם פויער אַהן ערד! אי, פויערעל, פויערעל, פארלאָז נישט דיין פאַטערלאַנד, זוך נישט קיין ערד מעבר לים, זוך נישט קיין ארבייט, שניט־צייט, ביי דיין פארשאָלטענעם שונא, דעם שוואָב, און געה אפילו נישט אין דער זינדיגער שטאָדט, אין פאַב־ריק אריין... איך דאַרף דיינע הענט!

ער אליין פאָהרט אין די — ב ע ד ע ר, הוליעט אין אַלע גרויסע שטעדט, שפילט אין — מאָנאַקאָ... בלייבט איהם געלט, האַלט ער עס אפילו אין א שוועדישער באַנק, אבי נישט אין דער היים. ער דאַרף אבער א ביליגען שניטער, א בילינען „מענש" צום פלוג און צו זיינע פערד און קיה, און וואָס מעהר פויערען און שרד עס געהען אָפּ, מעהר צאָהלען מוז ער, מעהר אָרדינאַריע געבען! אַלץ אין א גרעסערער געפאָהר איז זיין פאַטערלאַנד!

און קלינגט, ערגעץ־וואו, אויפ'ן גרויסען גלאָק די גרויס־אינ־דוסטריע: דאָס פאַטערלאַנד איז אין געפאָהר! זיין כבוד פאר־שוועכט! הויבט די פאָן פון היילינען פאַטערלאַנד! —
הייסט עס:

גיב, פאָלק, קאַנאָנען־פלייש צו באַקומען פאר מיר נייע מערק, צו שיצען מיין האָב און גאָב אין דער היים און אין דער פרעמד!
דער, וואָס א ר ב י י ט און לעבט פון א י י נ ע נ ע ר

זיין מאמע־ערד, וואס זאפט איין זיין שווייס און זיין בלוט, און זיין מארך פון דיביינער, און גיט איהם דערפאר פלאקס, די חרפה צו פארדעקען, ברויט, און ווען בדוחק, פאר איהם און זיין פאמיליע, און פאשע פאר'ן געליעבטען אינווענטאר!

וואס איז דעם אלטען פויערס פאטערלאנד? זיין ארבייט און זיין ברויט!

וואקסט אבער דאס „פאטערלאנד“. אין דער לענג וואקסט עס און אין דער ברייט וואקסט עס מיט דער צייט! איין פריץ שלינגט איין הונדערטער פויערען, און הונדערטער איטשיזנעס ווערען זיין גוט, זיין מאיאנטעק... זיין גרויס פריציש פאטערלאנד!

דער פירשט איז נאך גרעסער! פאטערלאנד גיט שוין נישט נאר בלויז ברויט און פלאקס! עס גיט מאכט, האנאר און א גאנצע מאסע עולם־הזה! א שמאלץ־גריב, צו וועלכען מען דארף נישט צו־לעגען קיין האנט, דערויף זענען קנעכט פאראן — דער פויער!

דאס פאטערלאנד איז שוין אן אלגעמיין־פריצישע זאך, א רזשעץ־פאספאליטא! זי שיצט און פארגרעסערט דעם פריץ, דעם פויער פארטרייט מען קיין פערד, ער וועט אנטלויפען, וואו דער פעפער וואקסט, און בפרט קיין ביקס, גאט ווייסט, ווען דער כאם וועט שיסען... און באצווינגט איין פאלק אנדערע, גיסען זיך אין גרויסען לאנד אריין טויזענט קליינע פאטערלענדער, דער שטאט!...

פוילען פון ים צו ים! איז זיס דעם אוקראינער, האט א האר־נינג־לעבען דער ליטוויער, דערלעבט זיך דער ווייסער רוס...

און דאס מאדנע גרויס־קאפיטאל האט אויך זיין פאטערלאנד! זיין היים, פון וואנען ער פארשפרייט זיין נעץ איבער מערק און לענדער... און זאגט דמאווסקי: „פאטערלאנד!“ מיינט ער דאס אלטע שליאכצעקע פאטערלאנד פון ים צו ים. ווערט אומרוהיג דער רוטענער, שאקעלט זיך אפ דער ווייסער רוס, קריצט אוקראינא מיט די ציין, מאכט דאס איינגעשפארטע ליטא א שווערע גריי־מאסע...

זיי ווילען שוין דעם כבוד נישט איינגעשלונגען צו ווערען פון גרויסען העכט!

אבער וועלכעס פאטערלאנד מיינט זיין דינער — דר. נוס־בוים?

„אויסראטעו"... געהט אבער צו איהם צו א פוילישער גראף, לעגט איהם ליעבליך די אריסטאקראטיש־שמאלע האנט אויף זיין איי־דיש־שמאלער אקסעל, און זייערט פון צווישען די ציין...

— „דיך, דר., מיינט מען נישט... אן איינציגע אויסנאפ ביסט דו, דיך וועל'מיר אייביג מצרף זיין צו אונזער מנין! א י י ן עהרליכער איד אין דער מחנה היישעריקען"...

און דר. גוסבוים הענגט זיך נישט, טרענקט זיך נישט פאר חרפה; פארקערט, דאקטאר מאריץ שמייכעלט זיין אלט־נארישען שמייכעל, פינטעלט מיט די וואסעריג־בלויע אויגעלעך און זיין ווייך־פליישיגע צונג שטאמעלט: אודאי, אודאי, איך בין... איך בין... איך...

און האט שוין אויפגעפלאקערט דער באיקאט, און פון אלע זייטען ווערט ג ע ה ע צ ט... קריכט ער ערשט אין גרעסטען העץ־ און שמוץ־בלאט אריין, אין „קוריער ווארשאווסקי", מיט אן ערקלערונג אין ליעבע צום — פ א ט ע ר ל א נ ד...

אביסעל זינדיג איז עס, אביסעל הארט קעגען זרע אברהם, יצחק ויעקב זיינע ברידער, און זיין פלייש און בלוט האט ער ליעב, אבער דאס טיכעל פון וואסעריגער ליעבשאפט צו זיינע ברידער, צו זיין פלייש און בלוט, ווערט פארטרונקען אינ'ם קאָ־כענדיגען ים פון ליעבשאפט צום פ א ט ע ר ל א נ ד, צו דער „איטשיזנא"... זיין הארץ צוגעהט! און ווילט איהר בלוט ביז'ן לעצטען טראפען! זיינע ברידערס בלוט... געפונען דעם א ר ט, געפונען די צ י י ט!

די פראגע איז נאר: וואס פאר א „פאטערלאנד" מיינט ער? ווענענם פאטערלאנד? אלע מיילער רופען: „גאט!" און יעדער האט זיך זיין גאט! פאראן אלערליי פאטערלענדער!

ביים אלטען (נאך נישט פארשקלאפטען) פויער האט דאס פאטערלאנד געהייסען: „איטשאוויזנא". דערפון ערשט שטאמט „איטשיזנא"!... זיין פאטערלאנד איז געווען זיין שטיקעל פעלד, די נחלה פון זיינע אבות, זיין ירושה פון דור צו דור — זיין שפיי־זעריין ערד. צוגעבונדען איז ער געווען צו ווייב און קינד. נאך מעהר צום אינוועטאר, צום היילינגסטען איז איהם אבער געווען דאס שטיק פעלד... דא איז געשטאנען זיין וויג, דא וועט זיין זיין קבר! און איבער'ן גאנצען וועג פון וויג ביז'ן קבר טרעט ער אויף

זיך געבוקט, די שפּיץ פינגער געקושט און איז אהיים געלאָפען. זיך קיהלען דאָס אידישע הארץ, זיך נוקם זיין בסתר. אָפּגעגעבען דעם ווייב און קינד די פאַרדינטע פאַר גראָשען, לויפט ער אין בית המדרש אריין, דאַווענט „אתה בחרתנו!“ לערענט: עם הדומה לחמור“ און „אתם קרויים אדם...“ און וויל ער, מאַכט ער אויך א שטיקעל אויסנאַם, פאַר זיין פּריץ...

זיצט פאַן מאַריץ צווישען קריסטען שוין אין קנייפּע, אין וואַגאַן (וואו דען טרעפט מען זיך מיט א קריסט?) און דער יונ־גערער פּריץ שיט, מעשה אבות, די זעלבע פּעך און סמאָלע אויף כל ישראל, אבער שוין א טאַקטישער מענש, וויל פערזענליך זיין צופּעליגען שכן נישט באַליידיגען, און גיט צו מיט א חנ׳דעל:

— „באַליידיג דיך נישט, שכן מיינער... דו ביסט אַן אויס־נאַם... דו ביסט אין מיינע אויגען גאָר קיין איד נישט! נישט קיין היישעריק צווישען דער מחנה היישעריקען, וואָס פרעסען אונז אָפּ די גיטער און פעלדער“...

האָט שוין דער פאַן מאַריץ קיין „אתה בחרתנו“ אין הארצען, און דאָס נאַציאָנאַלע באוואוסטזיין פעהלט איהם נאָך, פון נאַציאָ־נאַלען שטאָלץ איז קיין רייד, — פיהלט ער זיך געשמייכעלט און גערייניגט, געפּרעגעלט אויפ׳ן פייער, אָבער אויף פּוטער, אין א קופּערנער פאַן... פינטעלט, ער, נאַטירליך, מיט די אויי־נען, צוגיסט זיך איהם אַן אידיאָטישער שמייכעל איבער׳ן פּנים פון אויער צו אויער, און די צונג שטאַמעלט עטוואָס, א מין שוואַ־כען פּראָטעסט און א שעהנעם דאַנק, — פאַן מאַריץ...

צינד, זאָגט מען, וועקט זיך דאָס נאַציאָנאַל־אידישע געפיהל, און דער אידישער שטאָלץ... לעבט אָבער נאָך דר. דער און דר. יע־נער און — דר. נוסבוים!

מאַריץ־לעב, דער דר.!

אין דער צייט פון דער וואַהל־קאַמפּאַניע דינט ער דעם פּריץ מיט׳ן גאַנצען אַלטען, צאַפּעלדיגען מה־יפית־הארץ...

אין זיין נעגענוואַרט, — איהם לאָזט מען אריין! — ווערט פעסט געשטעלט דאָס פּאָליטישע פּראָגראַם פון אָפּצווינגען א הויז נאָך א הויז און א געוועלב נאָך א געוועלב, פון פאַרפּוילישען די שטעדט און אויסאידישען דעם האַנדעל; מיט איין וואָרט, פון

און פאר פּטירה, ווען דאָס אויג איז פארקוקט צום הימעל, דאָס הארץ ווערט ווייך, א צואה שרייבען, איבערלאָזען א גרויס קאפּיטאל אויף עולמות...

פאר דעם פּראָצענט זאָל מען די וואנדרער, וואָס ווע‏לען אוועק פון די ווייכסעל־ברעגען איבער ימים צו די הרי־חושך, — לאָז מען די אָרעמע וואנדרערער שטיוועל קויפען! און א טאָרבע מיט א שטיקעל ברויט געבען... אָבער נאָר — איבער ימים...

נישט איבער דער י ב ש ה! זאָל איהם אויפ'ן וועג נישט צ י ה ע ן צו דער א מ אָ ל י ג ע ר היים...

וואָלט איך דאמאָלט נאָך געלעבט, וואָלט איך אויף איהר קבר א דרשה געהאלטען און מיט דער האנט צום הימעל געצויגען, איהר צדקה דערמאָנט. און אין גראמען דערנאָך א מצבה געשרי־בען, אויף א שטיין, אויף א גרויסען, שווערען שטיין —

ת נ צ ב "ה...

## 35.

# ד"ר. נ ו ס ב ו י ם.

מיר שטעהען נישט, מיר רוקען זיך. פון מאָשקע איז אין א קורצער צייט געוואָרען „מאָריץ“ — פאָן מאָריץ, פון פאָן מאָריץ— דער, ד"ר. יענער. און מיט דער ענדערונג פון נעמען און באַ־שעפטיגונג ענדערט זיך אויך אונזער באציהונג צום אָרימיגען, צו די אומות העולם, וואָס זענען נישט אזוי באוועגליך, ווי מיר! וועַ־ניגסטענס בנוגע צו אונז... בנוגע צו אונז שטעהען נאָך די חסידי אומות העולם גאנץ פארגליווערט אויפ'ן אלטען, גאנץ אלטען שטאנדפּונקט.

אָבער ווי אנדערש רעאגירט דערויף א דור נאָך א דור ביי אונז!

אז דער אלטער פּריץ פלעגט זאָגען זיין מאָשקען: אידען— גנבים! אויסער דיר, מאָשקע! דו ביסט מיין רעכטע האנט! וואָס האָט מאָשקע, מה־יפית, געטאָן? דעם קאָרק געבויגען, צו די פיס

— ציימען פון „טשענסטענעווער“ צדקות — זאל זעהען דער גוי! — און טשענסטענעווער באנקראטען... די ציימען פון ווארפען דער „טשעמנע מאסע“ מטבעות פון פענסטער ארויס אין מיסט אריין— זאלען זיך די ווערים צוזאמענשלאגען מיט די קעפּ און כאפּען! — די צייטען זענען איין מאל פאר אלע מאל פארביי. ארבייטען מוז דאס פאלק, מיט דער פאלקס־מאסע צוזאמען, הערען, וואס זי וויל, וואס איהר פארלאנג און איהר ד י נ ע ן. אמאל — אן עצה געבען, נישט זעלטען אויפקלערען... מיט׳ן פנים צו דמאווסקי עט קאמפאני, און מיט׳ן רוקען צום פאלק, לאזט זיך נישט א ר־ ב י י ט ע ן...

די אלטע פ ל א פ ע ל ט.

זי רעדט אין איהר טרויעריגער איינזאמקייט פון וועג.

הויז־ארבייט — און וואס וועט זיין, אז דמאווסקי עט קאמ־ פאניע וועט דאס אויך נישט ערלויבען? אז דער „דזשיען“ און די „דווא גראשע“ וועלען זאגען:

— אונזער הויז — אונזער הויז־ארבייט! אז עס וועלען קו־ מען נייע פריצים פון דארף אין שטאדט אריין נאך ברוים, און פרישע פויערען, וואס עס וועט זיי נאך ערגער ווערען אין דארף, און ליפּאצעוויטש וועט זיך שטעלען אין דער שפּיץ פון דער נייער היישעריק־ארמיי און רופען:

— א ווארשטאט נאך א ווארשטאט! קעראמיק? עס איז א ו נ ז ע ר ליים פון אונזער הייליגער ערד! קוישען־פלעכטען? אונזערע וועלדער, פוילישע בוימער — דאס אלץ ווארט אויף אונ־ זערע הענט... אויף אונזער פעלד וואקסט דער פלאקס, אין אונזער ווערקשטעל מוז ער ווערען איבערגעארבייט. מיר רופען דעם פויער צום באיקאט!

וואס וועט זיין דאן?

דער טאג מ ו ז דאך קומען!

ווייטער אפּטרעטען וועט די אלטע. נייע טרערען פון די אל־ טע אונטערגעפארבטע אויגען גיסען, א נייעם „יזכור“ זאגען, צו די אלטע קדושים נייע צוגעבען, נייע, פון פרישערע קברים אויפ׳ן פּאוואנזעק, און וועט געהן ארגאניזירען, וועמען? דעם אידישען לומפּען־פראלעטאריאט!

און אפשר וועט די אלטע א נוסס טון און — נפטר ווערען...

## 34.

„נעם אַ פידעל, גרימפּעל אַרום שטאָדט, פאַרגעסענע — —"
איך וויל נישט אַרויסזאָגען, איך וויל נישט פאַרנאַרגראַפּירען די ציימונג; איך בין קיין נביא נישט!
— „שפּיל גוט, זינג פיין, מען זאָל דיך דערמאָנען!"
ניין, די אַלטע, פאַרגעסענע קאַקעטע — די זינדיגע אַסימי־לאַציע, נעמט קיין פידעל נישט, זינגט נישט אין די גאַסען, נישט אַזוי־ערנאָר וויל זי זיך דערמאָנען...
גוט און פרום ווערען וויל זי אויף דער עלטער... אין טרערען צוגיסט זי זיך. „יזכור" זאָגט זי און רעכענט אויס איהרע קדושים, וואָס זענען אומגעקומען על קדוש השם, פון גוי'שען שם... און „על חטא" קלאַפּט זי זיך אין אַלטען הארץ אריין...
תשובה וויל זי טון...
גע'זינדיגט. זי האָט נאָר „קולטור־אַרבייט" געפיהרט... צווי־שען דער „טשעמנאַ מאַסע" נאָר דעם פּוילישען א"ב פאַרשפּרייט...
נישט קיין ה ו י ז ־ א ר ב י י ט...
נישט אָפּגערייניגט דאָס פעלד פון קרעמער, פון דער אָרעמער זיצעריין...
ציגד ווערט אַנדערש זיין! ווילסט פריץ־לעב, פאַרפּוילישען די שטעדט... מיר האָבען אַנדערש גערעכענט, אַנדערש געמיינט, אָבער דו ווילסט? הייליג איז דיין ווילען! מיר ווערען אַ פּ ט ר ע־ט ע ן און פאַרשפּרייטען הויז־אַרבייט!
פאַרגעדט האָט זיך די אַלטע!
זי האָט פאַרגעסען, אַז דאָס איז איהר זעלבסט־פאַרלייקנונג, איהר טויט, איהר זעלבסט־מאָרד, אַז דאָס איז — הימעל, שפּאָלט דיך! — סעפּעראַטיזם! סע־פּע־ראַ־טיזם!
וואָס טייטש אַרבייטען ב אַ ז ו נ ד ע ר?
וואָלט, פּילייכט, גוט געווען... איז אָבער די אַלטע נישט אַר־בייטס־פעהיג... צופיעל מענער געהאָט (איז דאָך פּויליש נישט דער ערשטער ביישלאָף) און אַן עקרה געבליבען! קיין גאָט וועט איהר די טראַכט נישט עפענען!
די צייטען פון אַרבייטען איבער'ן פאָלק. פון דער הויך. די

נישט אפּגעזאָגט פון דער אידישער הילף אינ'ם קאַמף...
ווער נאָך?

נאָך אַ שפּאָר ביסעל אומבאַוואוסטזיניגע אַר־בייטער. די, וואָס שטעהען אונטער יעדער פּאָליטיק, נאַציאָנאַלע, ווי קלאַסישע, און אין זייער קלויסטער פּרעדיגט נישט דער גלח קיין האַס, און דראָהט נישט מיט קיין חרמות און נישט מוחל זיין די זינד פאַר נישט באַיקאָטירען. זענען זיי צופרידען מיט מאַשקע דעם קליין־קרעמער, וואָס פאַרקויפט ביליגע קליידער (די צייטען, ווען „יאַנוש" פלעגט אַליין נעהען פאַר איהם, פאַר זיך און פאַר די קינדער, זענען פאַרביי! יאַנוש איז אויך אין פאַבריק, די קינדער — אויך! אָדער גרייטען זיך דערצו) און ביליג עסענוואַרג און — קרעדיט...

די גאַנצע מיט, מיט איהרע גייסטיגע משרתים, ליוב־זינ־גער, קולטור־טרעגער און דיכטער — דער גאַנצער מיטעל־שטאַנד איז קעגען אונז געווים, דער גאַנצער מיטעל־שטאַנד איז נישט די צוקונפט; דאָס זעהט אַ בלינדער. אָבער „איידער אַ פעטער ווערט מאָגער, געהט דער מאָגערער קאַפּוט!"

און דער מיטעל־שטאַנד, וואָס פלעגט זיך, צוליעב פּאַריז און וויען, פודערן ליבעראַל... ביי די לעצטע וואַהלען איז אביסעל ווינט געוואָרען, דער פודער איז אַראָפּ!...

איז פון יענער זייט אַלץ קלאָר געוואָרען, ווי דער טאָג, איך מיין: שוואַרץ, ווי די נאַכט! די פּאָליטיק, וואָס פלעגט אָפּען געפיהרט ווערען נאָר אין גאַליציאַנער בעדער מיט עקסטרא היל־צערנע וואַנעס און שפּאַציר־גענג, — עקסטרא שטונדען ביים אָרצט און די שמוציגסטע ברוטאַלסטע אידען־העצע — די גאַליציאַנער בערד־פּאָליטיק צושפּרייט איצט פּראַנק און פריי איהרע פליגעל איבער שטעדט און שטעדטלעך...

דאָרט איז אַלץ קלאָר, אַלע העגט פאַרנומען מיט פרייער „אַרבייט".

און ביי אונז?

וואָס טוען מיר? וואָס טראַכטען מיר?

די אסימילאַציע, דער נאַציאָנאַליסט, דער ראַדיקאַל?

דערכאַפּען די נשמה מיט שוסטאַוו'ס קאַניאַק; אויך אַ נאַציאָנאַלע מצוה...

דער באַיקאַט אַליין איז אויך נאָר אַ מ צ ו ה, אויך אַ נ אַ צ י אָ נ אַ ל ע — וועך איז נ י ש ט קענען אונז?

אַ קליין ביסעל א ו י ב ע ן אין דער ה ו י ך, אַ גרע־סער ביסעל א ו נ ט ע ן...

אויבען דער פּוילישער מאַגנאַט. וואָס האַט זיינע גיטער און שלעסער א ו י ס ע ר דער שטאַדט אין'ם פ ר י י ע ן אידען־פרייען! און זיינע קאַפּיטאַלען אין דער ענגלישער באַנק!

מאַשקע. כל־זמן דער מאַגנאַט קומט נישט אין שטאָדט אריין בויען האַטעלען און איינקונפטס־הייזער, מאַשקע קאָן איהם נאָר ב אַ ד י נ ע ן; אויסהערען זיינע באַפעהלען צום דערפילען אין — פעדער־הויז, פּיליבט אין דרויסען פאַר'ן גאַניק. — מאַשקע קאָן און וועט מיט איהם נישט ק אָ נ ק ו ר י ר ע ן... און נעזעל־שאַפטליך נישט ל ע ס ט י ג ווערען...

מוז מען איהם אַמאָל, צוליעב אַ דעליקאַטען געשעפט, וואָס ליידט נישט קיין פרעמדע אויגען, אריינרופען. אבער דאָס וועטער איז שלעכט, מאַשקע — געפּרווירען, און די עכט־פּוילישע גאַסט־פריינדליכקייט, אדער די קריסטליכע מענשען־ליעבע פאַרלאַנגען. מען זאָל איהם געבען אַ גלאָז טיי. — שטעהט ביי יעדען פּריץ אין סיד־בופעט גרייט דערויף אַ עקסטרא גלאָז, מיט אַ עקסטרא „ספּאָדעקל“, און אַ עקסטרא לעפעלע... דער לאַקיי ווייסט דער־פון... פּריציש־טראַדיציאָנעל! וועך נאָך פון דער הויך?

דאָס ביסעל גרויס־קאַפּיטאַל, וואָס האָט, ווי מען זאָגט, קיין פאַטערלאַנד נישט, נאָר אדער היימישע אדער פרעמדע מערק—דאָס זענען עטליכע נעמישטע פּויליש־אידישע קאַפּיטאַלען. אין די הענט פון עטליכע פּויליש־אידישע פאַמיליען — די עכטע „אַסימילאַ־ציע“.

אונטען?

דאָס הייפעל באַוואוסטזיניגע ארבייטער, וואָס געהט צום קלאַסען־קאַמף און וויל זיך נישט פאַרדרעהען דעם קאָפּ מיט נאַ־ציאָנאַלע פראַגען, זיין כפּרה — ד ע ר קרעמער, י ע נ ע ר קרע־מער, וועט זיך צוליעב דעם מחלוקת צווישען ביידע פ ו ק ס ע ן,

דוסטריע־וועלט, דראָהט אָפּצוציהען פּוילען דעם קרעדיט; דייטש־לאַנד באַיקאָטירט מען דאָך אויך! און ליידען וועלען מעהר די נאָ־לעווקעס מיט דער דזשיקא גאַס. דער טורעם, וואָס דער ליטווישער דור־הפלגה בויט; זאָגט דער פּוילישער שמשון — דמאָווסקי עם קאַמפּאַני — תמות נפשי עם פלישתים. זאָל צוריק אויפשטעהען אַלט און ריין פּוילען, אָהן נאַלעווקעס, אָהן דזשיקא גאַס, און טאַ־מאַשאָוו, לאָדז און זגערזש, נאָר מיט — הוסאַרען!

און אין חלום זעהען זיי שוין די הוסאַרען־פליגעל פליהען קע־גען פליגעל פון איינזאַמע ווינט־מיהלען, און טראָגען זיך איבער'ן עכטען אַלט־פּוילישען, שטימונגס־פּוילען „קראַמאַ אַבראָז“... זאַמ־דיגע האָבער־פעלדער פון היים־געליעבטען פּויערל...

— הוסאַרען!

און די לופט פון דער „בעסערער“ פּרעסע איז ריין געוואָרען פון שאַלען, פון טראָמפּייטערען, פון העצערייען:

— „נישט לאָזען פּאַראַדישען פּוילען!“ „נישט לאָזען די ליטוואַקעס פּאַרפּלייצען די שטעדט!“ „פּוילען פאַר פּאָליאַקען!“ מען דאַרף שוין נישט וועקען; די חיה איז געוועקט!

דעם גולם אין דער טשאַמאַרקע האָט מען שוין איינגערוימט דעם נאַציאָנאַלען שם, ער איז שוין אַרוים אין גאַס אַריין, טרייבט דעם קרעמער פון מאַרשאַלקאָווסקאַ, די עפּעל־ און הערינג־אידענע פון באַזאַר...

מען האָט אונטערגעצינדען, עס ברענט שוין אַליין; מען האָט געהויבען דאָס ברעט, דאָס וואַסער האָט זיך אַריינגעריסען און עס רייסט ווייטער...

אַדרעסען געבען?

דערויף איז געגנוג דער „דזשיען“, צי „דוואַ גראָשע“...

פּילאַטוס מעג זיך שוין וואַשען די הענט...

דער „ערנסטער“ פּאָליטיקער, דער שווערער לייט־אַרטיקעל־שרייבער איז שוין פריי פון מצות העצען: ער מעג זיך שוין צוריס נעמען צו זיין אַרבייט — מיט דער שער צו דער אויסלענדישער פּרעסע! און — נאָך דער „שווערער,“ „עכט־פּוילישער.“ קולטורע־לער שער־אַרבייט, געהן אין אַ אידען־ריינע קריסטאַל־קנייפּע און

זענען מיר שטענדיג אָרעם, װײל שטענדיג און פון אַלץ באַרויבט... אפילו אין קאָנטאָ־דיװוערן נישט דערמאָנט...

זיצען מיר שטענדיג בײם װעלט־טיש פאַרשעמט, אויף אַ פעטעל בענקעל בײם פאַרשאָטענסטען עק. אַהן אַ נומער... דרעהען מיר זיך שטענדיג אַרום מיט לעדיגע הענט, צװישען פראַלעריש־שטאָלצע פעלקער מיט געפעלשטע יחוס־בריף, װאָס האָבען אונזער האָב און גאָב אײנגעשלונגען. דאָס מויל אָפּגעװישט און פרעגען אונז אַלץ אײן אײנעם:

— פון װאַנעט? אַ פּאַספּאָרט פאַראַן?! אַן אַקט, אַ טיטעל אויף עפּעס?

צײט אָפּצורײסען מיט'ן װאַנדערען אַהן געשיכטע!

װאַנדערען, דאָס איז אונזער מזל! נאָר מיט'ן ספר זכרונות אין דער האַנט. געדענקען אַלץ. פאַרשרײבען און געדענקען! זאָלען די געשיכטע פון גרויע צײטען שרײבען געלעהרטע; פון די נאָהנטע צײטען — עלטערע לײט.

נישט „ליטעראַריש", נישט געקינסטעלט. אײנפאַך זאָל װערען דערצעהלט, כדבר איש אל רעהו, װי מען דערצעהלט פאַר זיהן און אײניקלעך.

װי יחזקאל קאָמיק'ס „זכרונות".

## 33.

עס דאַכט זיך אויף זיכער, אַז דער נעבעל, װאָס האָט אײנגעהילט די פּויליש־אידישע באַציהונג האָט זיך אָפּגעצויגען, און אַלץ איז קלאָר געװאָרען, װי דער טאָג, און בולט.

טויבע הערען שוין, בלינדע זעהען באַשײמפּערליך.

יאַגעלאָ, װאָס האָט אַ צײט לאַנג אַרומגעטאַנצט אויפ'ן טיש, מיט דמאָװסקי'ס הענט אויף אַ שנירעל געצויגען, איז אַראָפּ פון טיש.

מען דאַרף שוין קײן תירוצים נישט.

אָפּגעטאָן די בושה פאַר אײראָפּאַ.

אײראָפּאַ איז פאַרנומען מיט דער טערקישער סעודה, האָט קײן צײט נישט, זיך אומצוקוקען... די דײטשע האַנדעלס־ און אײנ־

„מחה תמחה" איז קעגעז אונז א מצוה! מיר ווערעז נישט דער־מאנט.

און ווי לאנג מיר זאלען נישט האבען געזעסען אויף איין ארט, קומט ווער און גיט א פרעג:

-- וואס טוסט דו דא? פון וואנען קומסט דו? ווייז דיין פאספארט? מיט וואס פאר א רעכט?

וויים מען נישט. האט מען נישט וואס צו ווייזען, שטאמעלט מען:

— איך? א פאספארט? איך בין נישט איך. לחלוטין נישט. איך בין דו! דו האסט א פאספארט, איז ער מיינער אויך, דער זעלבער רעצעפים! נאר א נאז א לענגערע... אבער איך בין דו! און נאר דיין ארבייט טו איך דא! זעהסט נישט? איך טראג דאך דיין פאז און דיינע פארבען! הערסט דען נישט? איך רעד דאך דיין שפראך! און געהען געה איך אין דיינע קליידער, פארריכטען פארריכט איך נאר דיינע שטיוועל... זעהסט טינט און פעדער? האב איך צייט, שרייב איך דיינע זכרונות און לויב דיך און דיינע אבות, די גרויסע פריצים, אין טאג אריין... איך בין נישט איך! האסט מיך דיך אליין נישט דערקענט? ניין? נו, בין איך דיין שאטען! דיין אפגלאנץ!

און מען ווערט לייטען געלעבטער!

מיר שווייגען, און פעלקער דערצעהלען און שרייבען געשיכ־טען. אפט העלפען מיר זיי... פרעגט אשכנזי'ן. וואס איז געשיכ־טע? דאס קאנטא־בוך פון פעלקער, און ווער עס פיהרט דאס בוך, דער פעלשט עס. דער בלאזט אויף זיין אייגענע קאנטא, ווי א לונג־און לעבער, אנדערע קירצט ער; אונז פארשווייגט ער; לעבען אלע אויף אונזער חשבון און מיר געהען ארום מיט פוסטע טארבעס...

הער, ווי זיי פראלען:

— אונזער וויסענשאפט... אונזער מאראל... אונזער קונסט... לעצטענס אפילו: אונזער האנדעל...

בארויבט א יתום! דריי פיערטעל איז אונזער! אחוץ דעם, וואס אלץ, וואס וויסען און ערפינדונג איז, שפראצט און בליהט ארויס פון איינהייטליכען אידישען געדאנק... דער געצענדינערישער איז קולטורעל אימפאטענט! ער שאפט נאר א לוסטיג קינדער־לעבען!

דאס שוואַרץ־ברענענדיגע אפריקא... אפילו איהרע פיבער־זומפּען.
אבי נישט די ווינט־מיהל פון דער ברייטער נאַטור...

וואו עס איז... וואו א שפּאַרע, אריינצוקריכען... וואו ד׳ אמות, דעם קאָפּ אנידערצולעגען. און זרע אברהם, יצחק ויעקב ווערט צו־שפּרייט איבער שבעה ימים, צוזייהט אויף ארבע כנפות הארץ...

און עס בלייבט אַלץ ענג און ענג, און מען קלערט נאָך אַלץ, און מען שרייבט און מען חקר׳נט זיך:

— וואוהין? וואוהין?

און וואוהין מען קומט, קומט מען ווי אויפ׳ס ניי... איבעראַל מוז מען אויפ׳ס ניי זיך אויסגרינען...

און אז מען פרעגט:

— מאין באת?

ווייסט מען נישט! כאַטש איז דער ווירקליכקייט, וואו מען קומט, קומט מען נאָר צוריק. פון ווינט אַוועקגעיאָגט, פון ווינט צו־ריקגעטראָגען! אומעטום שוין נעווען, געוויסע ארבייטען אָפּגעטאָן, די ערד מיט שוויים און בלוט פּייכט געמאכט. נאָר פאַרגעסען און געקומען א — גרינער!

צרות טרייבען, צרות וויל מען פאַרגעסען... געווען קהל׳שע פּנקס׳ן — פאַרברענט געוואָרען; געווען קינות, סליחות, תעניתים געווען, די נייע צרות מאכען פאַרגעסען די אַלטע... מען מאכט שוין אפילו קיין נייע נישט!

קומט מען איבעראַל אויפ׳ס ניי, און איבעראַל קלאַפּט מען אַן אין טויער, ווי ווילד־פרעמדע.

„זייט אַזוי גוט, עפענט, לאָזט אריין!" מיט׳ן קול פון „שענקט א נדבה!"

און — נעווען זע׳מיר פריהער פאַר׳ן היימישען! פאַר דעם, וואָס לאָזט אריין מיט דער זויערער גרימאַסע. דער זאַמדיגער וועג האָט אבער די צייכען פון אונזערע אַמאָליגע טריט נישט באהאַל־טען. די וואַסערען, וואָס האָבען אונזערע אַמאָליגע, נאָך טרויע־ריגערע פּנים׳ער אָפּגעשפּיגעלט, זענען אָפּגעשוואומען. די לופט, אין וועלכער אונזערע אַלטע קינות האָבען געקלונגען, האָט זיך פאַר־מישט, סובב סובב הרוח...

און — די ארבייט, וואָס מיר האָבען אָפּגעטאָן, איז פאַרשרי־בען געוואָרען אויף אַנדערע נעמען... אַנדערע שרייבען די געשיכטע.

## 32.

אין פרק אבות שטעהט:

„ווייס, פון וואנען דו קומסט און וואוהין דו געהסט“...

בנוגע צום אידישען פאלק איז אומגעקערט דער סדר. צום אלעם ערשטען:

„וואוהין?“

צוליעב א קעלבעל, האט זיך (א געניאלער ישיבה־בחור) אפּ־געשטעלט און געפרעגט:

— „לאן“?

גלאט אזוי אין דער וועלט אריין...

דערווייל איז אינ׳ם רוסלענדישען גשן ענג געווארען, דער־שטיקט צו ווערען. די „ברייטע נאטור“ לאנגווייליגט זיך, מאכט זיך מיט די הענט א ווינט־מיהל אין דער לופט, און וואו א האנט פאלט, טרעפט זי, א אידישען אקסעל, א אידישע באק; בלייבט איהר צווישען די פינגער א שטיק אידישע בארד...

— לאהליך ישראל! — שרייט גארדאן.

און באלד א קאפּולער אנצוהערעניש פון א פּראקוראר ביי א פאגראם־פּראצעס:

— די מארגענלענדישע גרענעץ איז פאר אייך אפען!

פארגעסט מען דעם „פון וואנעט“ און מען האמפּערט זיך אי־בער דער שאלה:

— וואוהין?

ענטפּערט מען פּאַרשידען:

— אהיים! צום טאטענס וויינגארטען, אין שאטען פון זיין פייגענבוים!

„מחזיר גרושתו“ — א מצוה!

ווילען אנדערע א בתולה! א קרקע בתולה... שדכנים פעהלען נישט... מען זוכט... מען רעדט שדוכים...

און אלין וואס ווייט איז, ציהט: אפילו סיבירער שנייען, בפרט דער לאטיינישער קווארטאל אין פאריז, ווייטשעפּעל אין לאנדאן, דער פרייער פעלקער־קעסעל — דאס ניו יארקער גיהנום,

מולד. די שפּראַך פון קינד, די שפּראַך פון זיינע פאַטערס און מו־טערס, ברידער און שוועסטער איז דיר צוליעב שווארנאַט!

דאַס זעלבע, וואָס דער דייטש רעדט פון דיין שפּראַך!

און רעדען זיי אין דיינע אויגען פון דער „טשיעמנא מאסא".

גלויב נישט!

זיי, די אַפּטריניגע, לעבען נישט מיט אונזער לעבען, ווייסען פון אונז פון דיין מויל. הערען, וואָס דיינע קוריערס דערצעהלען, צום נוצען פון דיינע פּריצישע אינטערעסען. אין דיינע געלע בלעטער...

בשכנות מיט דיר וואוינט אַ היבשער טייל פון אלטען, קלוגען פאָלק, פון פּראָפּעטען־פאָלק, פון משיח־פאָלק, וואָס לעבט אויף נאָך יאָהרען פון שווייגען און ליידען און שמאַך!

און ווען די יונגע ל"ג בעומר־פעלקער שפּילען זיך נאָך אינ'ם בלוטיגען שווערדלעך־ און ביקסלעך־שפּיל...

און ווען איהר, די אָרעמערע, פונ'ם שפּילציג בארויבטע, חלומ'ט דערפון, לעכצט און בענקט און האָפט עס צוריק צו באַ־קומען. —

געהט דאָס אלטע פאָלק אין דער שפּיץ פון די בעסערע פון אייך און אלע אנדערע פעלקער צום מענש, פון וועלכער דער פּראָ־פעט האט גע'חלומ'ט...

פון משיח'ן חלומ'ט מען אין אונזער סוטערניע. דאָס מענש־ליכע געפיהל רויטעלט די הונגער־בלאסע באַקען, די מענשליכע האָפנונג בליהט פון די ברענענדיגע אויגען ארויס, משיח איז אין יעדען טראָפּען בלוט...

קיין פארקערפּערטע געדאנקען, קיין קולטור האבען מיר נאָך נישט!

צום וואָרשטאַט לאָזט איהר נישט צו!
אין דעם עבען געהט עס!
דאָס איז דער קאַמף!

אויף די קעפּ, די נעלע לאַטעס אויף די אַקסעל און די בלוט־בלבולים, און די גערויבטע טעכטער...

מיר קאָנען נישט טוישען מיט סימבאָלען...

צוריק אין דער צייט איז פאַר אונז קיין שלום נישט פאַראַן. מיר קאָנען צו איהם געהן... וואָס ווייטער אין דער צייט, אַלץ נעהנטער קומען זיך די פאַרשידענע וועגען...

אַלטע סימבאָלען טוישען שווינדלער!

און קומען זיי צו אייך, קלאַפּען אָפּ אייערע שוועלען, רייַסען, קלינגענדיג, אָפּ די גלעקלער ביי אייערע טירען, און קומען אריין און בוקען זיך פאַר אייך און רעדען מיט אייך אין אונזער נאָמען, אַלס אונזערע רעפּרעזענטאַנטען, אַמבאַסאַדאָרען, אַלס שליחים, גלויבט זיי נישט!

נישט צו אייך, פּריצים, און נישט די, וואָס געהען אויפ'ן וועג פון אַפּטרינינקייט, האָבען מיר געשיקט.

דאָס זענען סוחרים!

סילוועסטער, ווען די קאָנטאָס ווערען געשלאָסען, דער א"ח און ל"ח איז זייער יום־טוב! פאַר פרעמד צי פאַר אייגען געלט.

און סוחרים מיט צווייערליי מאָס און וואָג, מיט אַ טאָפּעלטער בוכהאַלטעריע.

אייער קניזש איז פעטער, איז אייער נאַציאָנאַל־געפיהל, זאָגאר ווען ער ווייזט איהם אליין פויסטען און נעגעל, ווען ער אונטערדריקט, ווען ער שטילט זיין דורשט מיט בלוט — הייליג...

אונזערער, אויפ'ן וועג פון באַפרייאונג — שאָוויניזם! דעמאַגאָגיע! און וואָס אין דער קאָרט, און דאָס וועט ער באַקעמפען מיט דער גאַנצער מאַכט פון זיין פּאַרטפעל!

קראָקאָדיל־טרערען גיסט ער אויס אויפ'ן גלות פון אייער שכינה אין — פויזען! אויף אייער מוטער־שפּראַך, פון וועלכער דאָס קינד ווערט באַרויבט אין דער דייטשער שול; אויפ'ן קוואַל און פּיין, וואָס דאָס קינד ליידט, לערנענדיג אויף אַ פרעמדער שפּראַך, נישט אויף דער, וואָס זיין פאָטער רעדט און זיין מאַמע...

אויף די טראַדיציאָנעלע פיינע פעדים, וואָס ווערען מיט דער פרעמבער האַנט איבערגעריסען אינ'ם קינדס נשמה, —

און עפענט אַזוינע צוואַנג־שולען פאַר די קינדער פון זיין פאָלק דיר צו געפעלען. אָפּפערט זיי דיין ענג־פּאַטריאָטישען

זוער עס טוישט זיי, האנדעלט!

גלויב נישט די, וואס האנדלען מיט רעליגיעזע און נאציאַ־נאַלע סימבאַלען, ווי מיט הערינג און אייער...

איז ווער רעליגיעז אדער קינסטלעריש געשטימט, און וויל זעהען די האפנונגס־בילדער אויף מארגען ביים שיין פון א לאנג־פארשוואונדענער פארגאנגענהייט;

בענקט ווער צום פרימיטיוו, צום נאאיוו־פרומען, צו דער קינדהייט פון מענשען און פעלקער און רופט זיך ארויס די מאַ־מענטען דורך צייכען און סימבאַלען —

וועט ער זיי נישט זוכען אין א פרעמדער שטוב. האָט ער זיינע אייגענע צייכען, היימישע היראָגליפען צום באַלעבען...

מיט דעם איז באַשעפטיגט אונזער רענעסאנס, דאָס איז די אויפגאבע פון אויפלעבען אין דער צוקונפט, וואס מוז ארויסשפּראַ־צען און אויפבליהען אין דער צוקונפט, וואס מוז ארויסשפּראַצען און אויפבליהען פון אלטען היימישען זאמען...

האבען מיר אונזערע שבתים ימים־טובים, אונזער נשמה יתירה.

דאָס פריש איבערגעקומענע איז קאלט, ווי אייז, אדער צו־שיט זיך, ווי אש, אהן א פונק ווארעם צו מאכען דאָס קיהלענדע הארץ.

גלויבט נישט די, וואס טוישען!

דאָס קריסטען־בוימאויל באַגייסטערט אייך. איהר דערמאָנט אייך, אז איהר האָט זיך געהויבען, געמאכט א שריט העכער, פון געצענדינעריי — געהנטער צום איינציגען גאָט... פרעהט עס אייך...

מיר האבען קיין שריט, אייך אקעגען צו קומען, נישט גע־מאכט, נישט געקאָנט מאכען, צאָהלט איהר אונז דערפאר...

איז פאר אונז דאָס אומשולדיגע, גרינע, ווייס באשיטע, מיט ליכטלעך און מתנות פאר קינדער באהאנגענע כּאאינקע א זכר פון די בלוטיגע רדיפות, וואס מיר זענען אמאָל פון אייך אויסגע־שטאַנען.

צינדען זיך די ליכטלעך אָן, דערמאָנען זיי אונז אָן די פייַ־ערען, אין וועלכע מיר זענען אומגעקומען על קדוש־השם...

און די הענגענדע מתנות דערמאָנען אונז אָן די מתנות, וואס די כנסת ישראל האָט אמאָל באקומען; די פּאפּירענע קיווערס

חלומות? ווילט איהר זעטיגען אייער אפעטיט מיט איינגעמען דעם באזאר און ארומפאנצערען א קרעדיט־גנזועלשאפט? ווילט איהר דורכאוים, אז צווישען אונז און אייך זאל ריכטען פעטערבורג?

## 31.

פארנעם, פריץ, מיינע רייד.

פאר'ן לאנד — אלץ!

איך בין דאס פאלק פון דער וועלט, אבער איז די וועלט אויף לענדער געטיילט, גילט ירמיהו'ס צוואה: ודרשו את שלום העיר!

פאר'ן לאנד אוממיטעלבאר, דירעקט אהן דיין אפּוטרופסות...

„העיר" איז נישט איהר באצווינגער דער פריץ... דו אליין ביסט פון דער פרעמד נעקומען, דאס לאנד באצוואונגען, יאהרען און יאהרען זיין בלוט געצויגען, זיין מארך געזויגט. יעצט קומסט דו אין שטאדט אריין, אונטערטעניג צו מאכען די שטאדט, מיך צו פארקנעכטען... מיר צוברעכען דיין יאך... און רעדען מיר וועגען שלום, איז נישט מיט דיר!

גלויב נישט דיינע שמייכלער! גלויב נישט די, וואס טראגען מאסקען אויף די פנים'ער...

גלויב נישט די, וואס טוישען, דיר צוליעב, דיר עהנליכער צו ווערען, זייערע שבתים און ימים טובים, און מנהגים.

„וואס טוישען חנוכה־לעמפלעך אויף קריסטען־בוימלעך."

גלויבט נישט די, וואס פארגעסען, ווען ראש השנה איז און פראוועז סילוועסטער.

מען עס זיין, דעם באיקאט צוליעב, אין א כשר'ען רעסטא־ראן, וואו, צו זייער גרויסער פרייד, די בעסטע שאמפאניער מאר־קען זענען אזוי ביליג.

גלויבט נישט די, וואס טוישען גרינגערע זאכען: המן־טא־שען אויף לאטקעס...

דער מענש, וואס דענקט, קאן זיך אפּווענדען אזוי פון אלטען לוח, ווי פון נייעם אפּריים־קאלענדער; זיך העכער שטעלען איי־בער געברויכען און סימבאלען...

הארציג געבען, און מיט גרויסער פרייד ; — אבער לחלוטין נישט אינ'ם נאָמען פון פוילישען קריסט ; נאָך וועניגער אין נאָמען פון פוילישען פּריץ, וואָס האָט, נישט גערנווילינ, אויפגעהערט צו באַצווינגען דאָס דאָרף און קומט מיט'ן זעלבען אראפּניק באַצווינ־גען די שטאָדט...

אַז מיר זענען גרייט צו אַליץ, וואָס די צייט וועט פון אונז פאַרלאַנגען, אבער נישט צו אונטערוואַרפען זיך דעם מוטוויל פון די, וואָס ווילען לעבען אויפ'ן חשבון פון פּריווילעגיעס און מאָנאָפּאָ־לען... איבער אונז !

מיר און איהר געהען אויף צווייערליי וועגען, אָבער צו איין ציל... אַלע פעלקער געהען צום מענש ! אָבער אונזער וועג וועלען מיר קיינמאָל נישט פאַרלאָזען.

מיר האַלטען איהם פאַר'ן קירצעסטען וועג צום מענש. ווע־ניגסטענס איז עס פאַר אונז, פאַר אונז נישט פאַרמאַסקירטע אי־דען אין פוילען־לאַנד, דער נאַטירליכסטער און דארום דער איינ־ציג מעגליכער...

און ווען מען וועט אויסרופען :

— אַהן אידען !

וועלען מיר זיין די פּאַליאַקען און טוען לויט אונזער ווילען...

מיר האַלטען זיך גלייך ! און מיר וועלען פאַר דער גלייכהייט קעמפען !

וויל דער „פּריץ" עקאָנאָמישען קריג, מיר נעמען אָן ! עס טוט אונז וועה דאָס האַרץ, זעהענדיג, ווי מען פאַרשווענדט די ענערגיע, אין וועלכער עס נויטיגט זיך דאָס לאַנד, אויף טיילען און אָפּשוואַכען...

אָפּטרעטען וועלען מיר דאָך נישט, קאָנען מיר נישט ! מיט'ן „מה יפית" האָבען מיר שוין לאַנג געענדיגט...

און אויב שלום, איז — שלום צווישען צוויי גלייכבאַרעכ־טיגטע. געאַכט מוז ווערען אונזער אידישע מינדערהייט ! דעם שלום ווילען מיר, אַזוי אונז, ווי אייך אַליין צוליעב... איהר האָט אויף עפּעס אנדערש אָנצואווענדען אייער קראַפט...

וואו זענען אייערע הויך־פּאָליטישע אידעאַלען, אייערע

זיך און צווישען אונז אזוינס, וואס וועט אייך פארבייטען אין א זייל פון זאלץ, ווי לוט'ס ווייב... דער „קוריער פאראנני" האט אויסגעשטרעקט א פינגער אויף שלום. מיר כאפען דעם פינגער נישט, און ווען אפילו די גאנצע האנט! הענט, איידער זיי שטרעקען זיך אויס, מוזען ריין געוואשען ווערען...

א גרויסער מאגנאט איז ארויס קעגען באיקאט, פון דער הויכער הויך... צו ווייט איז פון אונז די שטימע. מיר ווילען הערען שטימען פון פאלק, נישט פון זיינע נישט לאנג געוועזענע הערשער און באצווינגער, וואס קאנען זיך מיט די חלומות פון הערשען און באצווינגען נישט שיידען...

אבער עס הערען זיך אויך שטימען פון פאלק! איינצעלנע — זיי וועלען זיך מעהרען...

די פויסט גלייכט זיך אויס אויף א האנט... פאמעלעך, גאנץ פאמעלעך...

די האנט וועלען מיר אננעמען גאנץ הארציג און ברידערליך. אבער —

אבער דער שלום מוז זיין א גאנץ אנדערער, אלס דער גאטשלעגער פון „איזראעליטא" שטעלט זיך פאר...

גלויבט נישט די, וואס טוישען חנוכה־ליכט אויף קריסטענבוימלעך...

אז איבערקערעניש איז געשעהען אין דער פסיכיק פון פוילישען איד, פאראלעל צו דעם מוז געשעהען אז איבערקערעניש אין דער פסיכיק פון פוילישען קריסט.

דער פוילישער קריסט מוז זיך געוועהנען צום געדאנק, אז עס איז פאראן אין לאנד א פוילישער איד.

אז דער פוילישער איד האט דאס רעכט אויף עקזיסטענץ, אויף זעלבסט־באשערונג, און אויף א גלייכער דעה אין אלץ, וואס איז שייך צום לאנד אין דער געגענווארט, און אז ער וויל און מוז אויך צוגעלאזט ווערען צו דער ארבייט ביים בויען די פרייע צוקונפט פון לאנד.

אז פארלאנגען אפפער פון פוילישען איד, קאן מען נאר אין נאמען פון פוילישען לאנד, און די וועט ער גערנוויליג און פריי־

דער אידיש־פּוילישער יונגער איד האָט זיך אויפגעכאַפּט. ער זעהט, ער האָט דאָ אויפ'ן וואַסער געבויט! אין זאַמד געקריצט, קאַרטען־הייזלער געשטעלט, שלעסער אין דער לופט גע'חלום'ט!

ער מוז קעמפּפען אויפ'ס ניי אליין און פאַר זיך...

נישט קיין שלום! נישט קיין פּוילע, בעל־בת'ישע שטילקייט!

משה קומט נאָך אַמאָל פון סיני אַראָפּ: הויבט די שווערד געגען די, וואָס טאַנצען אַרום גאָלדענעם קאַלב. הויבט זי קעגען מאַן, קעגען ברודער, פריינד און פאַרוואַנדטע... טרייבט זיי, ווי קרעצינע, אויס'ן לאַגער אַרויס.

ריינע הענט מוזען אויפ'ס ניי און אויף נייע פונדאַמענטען דאָ, ווי איבעראַל, דאָס אידישע נייע לעבען בויען.

דאָס נייע, אַרעמע, נאָר עהרליך שטאָלצע אידישע לעבען!

## 30.

דער אידיש־פּוילישער, צי דער פּויליש־אידישער הימעל וועט זיך אויסלייטערען: איינצעלנע שוואַלבען זאָגען שוין אָן דעם שלום'דיגען זומער...

דער גאָט־שלעגער פון „איזראַעליטאַ“ זאָגט אָן די בשורה פאַר זיינע לייט: דער זומער געהט, דער זומער קומט. די באַנקראָט־בענע אַסימילאַציע וועט צוריקטרייבען איהרע שטענגעלעך און בליטען פון דער ערד אַרויס; צוריק אויפבליהען וועט דער בלומען־שטרויס...

דאָס אידישע אויפלעבען איז געווען אַ ווילדער חלום פון דול־הויז; מיר, ניכטערע, וועלען זיך נישט לאָזען אַראָפּפיהרען פון וועג צו דער גאַנצער פאַרניכטונג אין אידענטום און אויפלעבונג אין קריסטליכען פּוילענטום.

שווער געהט צו דער גלגול, אָבער דאָס איבערקייקלען זיך איז אַ נאַטירליכער, אומפאַרמיידליכער פּראָצעס...

געהט פאַראויס, מיר ווינשען אייך גליק!

נאָר קוקט אייך נישט אום, איהר קאָנט דערזעהען הינטער

און אפשר מעהר פאר אייד, עמפּערט פאר'ן שטעלען זיך קעגען אייער ווילען... זעהט, מיר באַיקאַטירען אויך! אַט שרייבען מיר רעפּרעזענטאַנטען צו אייד אז אונטערטעניגע, מיט טרערען דורכ־געווייקטע תחינה און מיר זאָגען זיך אָפּ פון זיי, שפּייען אויף זיי. ביי אונז זענען זיי אויך אין חרם! „נאַציאָנאַליזירען" דעם קרע־דיט? אדרבא! זעקס און פיערציג יאָגעלאָ־ווערלער האָבען אין אונזערע בענק די קאָנטאָס פארלוירען! נעמט אונז מיט אין קריג אריין קעגען אונזערע אייגענע ברידער, מיר וועלען טרינקען און זאַטלען אייערע פערד — שאַרפען אייערע שפּיזען און אָנלאָ־דען אייערע ביקסען, אונזערע טעכטער וועלען מיר געבען אלס מאַרקעטאַנטען! זאָל זיך די ארמיי, וואָס געהט אויף אידען און אידישקייט, מעהרען און פּרוכפּערען אָהן אונטערשיד פון רעליגיע און געבורט"...

און דאָס אַלטע, פוילע, פאַרשימעלטע, מוז ווערען אונטערגע־בראָכען; פון פלאַץ אָפּגערוימט, און דאָס נייע שטאַלצע מוז ווערען געבוים.

עס וועט זיך נישט באַגעהן אָהן קרבנות...

זעלטען ווערען נייע טעג געוואָרפען שטיל, אין פאַרביינעהען, ווי ביי קיה און שטוטען... זעלטען ווערען די דורות געטוישט, ווי די האָר אין דער צייט פון ליניירען ביי ווייסע פערד. מעהרסטענ־טיילס זענען די היסטאָרישע געבורטען שווער. גאַנץ אָפט קומט צו קייזער־שניט. פרעגט אונזער געשיכטע!

זאָלען שוואַר־קעפּיגע ציטערען, ענג־האַרציגע וואַקלען זיך, — זאָלען די שרעקיגע זיך רעטען. „האיש הירא ורך הלב" אין — קלויסטער אריין! אין די צייטען פון ניקאָליי פלעגט מען דעם געטויפטען פאַרברעכער פון טורמע באַפרייען; פון קלאַץ, פון תליה. דער היינטיגער קלויסטער באַפרייט (ווענינגסטענס אויף אַ צייט) פון באַיקאָט — געהט! די שטאַרקע מוזען און וועלען בלייבען. —

מאשקע'ן האט דער פריץ נאך ווי עס איז געליטען און מיט שטאלצען גנאר געשפייזט. מאשקע איז נוצליך, ער האלט די פאכט (פריצישע טעכטער וועלען דאך נישט מעלקען), ער האלט די קרעטשמע, (פריצישע הענט וועלען דאך נישט מעסטען קיין י"ש). האט אז אכסניא אין שטאדט, — א קעלער מיט אונגער־וויין, אנצו'שכור'ן דאס קלענערע פריצ'על פאר'ן סיים, ער זאל קלינגען מיט'ן שווערדעל און שרייען: גיע פאזוואלאם!... ער האלט „די אידישע פאסט, ברייננט ידיעות פון אייראפא" — דער פריץ איז יוצא מיט'ן גוי'שען סדור'ל אין קלויסטער. ער איז מעקלעה ביים על חטא. און — האט נישט קיין פאליטישע טענדענצען...

נאך ליעבער איז יעקעל, וואס שפילט אויף פריצישע חתונות אויפ'ן צימבעל! ער איז גאר צום דערליידען. פת עכו"ם עסט ער נישט, יין־נסך טרינקט ער נישט. אפגעשפילט, שיקט מען איהם אין קיך אריין נאך עטליכע האזענע פעלכלעך; פראלאנגירט מען איהם דעם אפצאהל פון שענק. משה איז געפעהרליך, משה הויבט דעם קאפ העכער פאר'ן פאכטער, פאר'ן שענקער; פאר'ן פאקטאר ביים על חטא אודאי! — דער קאפ מוז געבויגען ווערען... און דער פוילישער איד האט דוקא דערפיהלט, אז פון בעטענדיג „קאפ־אראפ," ברעכט איהם האלז און אקען. נישט אלע נאטירליך. דער אנגעקומענער, דער גאסט אויף א ווײלע און — דער אינגערער דור, דער היגער עלטערער דור באוועגט זיך נאך גאנץ צופרידען אין די געגילטע קייטען; נישטערט נאך אלץ אין דעם פויליש־מצרים'דיגען פלייש־טאפ... וויל נאך אלץ און האפט נאך אלץ צוריק צוקניפען דעם איבערגעריסענעם פאדעם. דער דור המדבר; די, מיט שמאד און ערנידערונג אנגעזאפטע טעפ, זיי שטעלען זיך נאך אין די רייהען פון פיינט, פאלאניזירען שטעדט און שטעדטלעך! „געדעכט, פריץ לעב! מיר העלפען מיט! מיר, דיינע אלטע פאקטוירים. דו רופ מיך, מיר געהען, מיר פאלגען. מיר פארשטעהען די חוצפה פון די יאגעלא־וועהלער, מיר זענען גלייך,

וועט זיין מיט׳ן אידישען געווערב, מיט׳ן אידישען בעל־מלאכה, וואס זינקט אלץ טיפער און טיפער צום לאטוטניק, צו דער טאג־דייט, צום שוויץ־סיסטעם? און וואס וועט זיין מיט׳ן אידישען סוחר, וואס בלייבט אהן הילף, אהן קרעדיט און אהן וויסען? און וואס וועט זיין מיט׳ן עמיגראנט, וואס לויפט, ווי א בלינדע שאף...

— וועגען דעם, — ענטפערט דער בעל־הבית — מוז מען א טראכט טון... היינט האב איך קיין צייט נישט... איך וועל גע־פינען צייט... איך וועל מוזען געפינען... היינט געה איך אויף א ברית...

און ער הויבט זיך גלייך אויף מיט א גדלות:

— כ׳בין סנדק!

## 20.

עס איז געשעהען א וויכטיגע געשעהעניש.

ענדע 1912 איז פון היינטיג־פוילישען פנים אראפ די מאסקע.

— יאגעלא?

און דער פריץ האט א ציטער געטאן, אונטערגעשפרונגען, און די מאסקע איז פון פנים אראפ!

און פארלאשען איז געווארען ביים ליבעראל דער ווארעם־מענשליכער שטראל אין אויג, אראפ פון ארום די ליפען איז דער ליעב מענשליכער שמייכעל.

אויפגעוואכט האבען קעגען אונז די ערנסטע אינסטינקטען, אויפגעוואכט דער זאאלאגישער האס.

אויסראטען! מיט פויסט און געביסט... מענש צי חיה?

און אן איבערקערעניש האט געמוזט געשעהען אין דער נשמה פון פוילישען איד. געלעגט זיך שלאפען רוהיג, געוועהנט צום פריי־צישען בטול; אויפגעשטאנען, און פריץ נישט דערקענט.

— מענש צי חיה?

בען אונז פון דער ארבייט ביי דער פוילישער קולטור בכלל, מיר זענען נוצליך, דאס זענען זיי מודה...

— און ארבייטען אומזיסט!...

ער מאכט זיך נישט הערענדיג.

איך פרעג ווייטער:

— און מכח דער הענדלערין?

— דער אידישער שטעל מיט געבעקס... מיט אויבס?

— עס וועט צו דעם אויך קומען — האט דער איד בטחון — נאר פאמעלער... מען הויבט אן איינצוזעהען...

— אז ער גיט נישט צו קיין גלאנץ דעם פוילישען נאמען אין אויסלאנד... אז עס איז פאליטיש נישט קלוג אפצושטויסען פון זיך דרייצעהן—פיערצעהן פראצענט איינוואוינער, און נויטען זיי צו זוכען הילף און שוץ אויסער'ן לאנד... אז מיט פעטערבורג איז מען שוין אויך נישט זיכער, עס ריהרט זיך עפעס דארט... פאר יעדער מעגליכקייט פון א קריג ווערט מען ליבעראלער...

— לעזט איהר דאך, — דערפרעהט זיך דער איד — פויליש אויך? איהר ווייסט דאך אלץ? אמת, עס פאלט?

— איך בין מודה: דער באיקאט פאלט! פאמעלער, נאר די פאליע לעגט זיך; געהט צוריק, דער פאראקסיזם איז אריבער...

— אבער, — פרעג איך, — דער שטילער באיקאט. דאס רייסען דעם ביסען פון מויל שטילערהייט...

— נו, דאס — פאלט אפ ביי זיך דער איד — דאס איז געווען פאר יאגעלא, דאס וועט זיין נאך יאגעלא... צו דעם איז מען גע־וועהנט... אבי נישט טומלען...

— און דער פריץ וועט נאך אמאל בייז ווערען?

— אויף וואס?

— א דאגה אויף וואס...

— וועט ער ווייטער שרייען... זאל מען איהם מאקע נישט דערצערנען... שרייען טויג נישט... אט, דאס איז די פסיכאלאגיע:

— שטיל זאל זיין!

שטילערהייט מעג אלץ געשעהען...

— און וואס וועט זיין — פרעג איך — מיט'ן אידישען אר־בייטער, וואס האט פאר זיך א פארמאכטע פאבריק? און וואס

— איהר לעזט נישט קיין בלעטער?

— די גאסען־בלעטער?

ער לעזט פּויליש, ער פלעגט באקומען „נייעס" — מען האט צוגעשיקט. פלעגט ער די נומערען שיקען אין קיך אריין; א כשר'ע קיך, א אידישע דינסט, זאל זי לעזען. ער פיהרט די גאס (א „כלל טוער"). וואס דארף ער וויסען, וואס די גאס טראכט? ער טראכט שוין פאר איהר... מינטער איך איהם:

— נו?

— נו, וואס איז מיט'ן באיקאט?

— ער ווערט שטילער!

— זאלט איהר וויסען! — באשטעטיגט ער מיט גדלות — דער באיקאט פאלט: נישט מיט אמאל, פּאמעלעך, נאר ער פאלט, ווערט פון טאג צו טאג שוואכער. מען הויבט אן פּראטעסטירען נעגען באיקאט: „נישט אלע האבען געזינדיגט!"

— צוריק געקומען צום „ליטוואק"?

— נישט גראד דער „ליטוואק". נישט אלע האבען זיך אקעגען געשטעלט —

— פאראן צדיקים אין סדום? און קעגען ווען זיך געשטעלט?

— קעגען פּוילישען ווילען?

— און איהר האט גאר קיין חלק נישט אין פּוילען?

— איך? מיר?

— און דעם פויערם דעה — פרעג איך ווייטער — האט מען אויסגעהערט? און דעם ארבייטער אין פאבריק?

— אזוי, דאס מיינט איהר?

און ארפּלאזענדיג זיך אויף א שטול:

— מיט אייך איז גארנישט צו רעדען... דאס איז פּוילען!

און, זיך צוריק אויפשטעלענדיג:

— אבער מען פּראטעסטירט שוין געגען באיקאט...

— ער ברענגט שאדען?

ביידע צדדים ווּעלען קאנען אריינפיהרען דעם באיקאט אין דער שול... קאנען פארגיפטען דאס קינדעריש ריינע הארץ... און קאנען אפּטרייבען דאס אידישע קינד פון דער פּוילישער שול צו אן אנדערער, און אפשר צו דער אידישער... און קאנען פארטריי־

בער דער שטוב, דאס פנים שטראלט, די אויגען גלאנצען און רייבט זיך די הענט:

— געלויבט איז גאט! געלויבט איז גאט!

— עפעס א נחת אין דער משפחה?

א קינד חתונה געמאכט? אן אייניקעל צוגעקומען?... ניין? וואס דען? פאפירען זיך געהויבען? א הויז געקויפט, אויף דער לאטעריי געוואונען?

שטעלט ער זיך אפ אביסעל באליידיגט:

— מיינט איהר טאקע, הייסט עס, אז אזא איד ווי איך, לחלוטין נישט קיין רויטער, דאג'ע שוין גארנישט פאר כלל און בין מיך מיט איהם צוזאמען נישט משמח?

— חלילה, איך מיין גארנישט... אבער וואס פאר א גוטס איז געשעהען פאר'ן כלל?

ער שווייגט, איך פרואוו טרעפען:

— איליאדאר האט תשובה געטאן? באגיסט זיך מיט טרערען און בעט איבער פאר'ן בלוט פון אידישע קינדער, וואס מען האט דורך איהם פארגאסען? די חרטה זיינע?

דער איד מאכט אוועק מיט דער האנט.

— אי, — איז ער א בטל — דער משוגע'נער! פלוידערט עמיצען להכעים!

— וואס דען? אהא! טרעפאוו האט אפגעשטעלט די גירושים ביז נאכ'ן ווינטער!...

— ווי לאנג וועט נאך זיין ווינטער?

וויל איך ווייטער טרעפען:

— איבער דער נעווא בלאזט א לינדער פאליטיש ווינטעל? דערשמעקט?

דער איד שטעלט זיך פאר מיר אפ, פארלעגט די הענט איבער'ן אידישען הארץ און מאכט באשיידען:

— איך קוק גארנישט אזוי ווייט...

— דא א שטיקעל נחת? אויפ'ן ארט?

וויל ער מיר שוין העלפען טרעפען:

— איהר באשעפטיגט אייך גארנישט מיט'ן באיקאט? — פרעגט ער.

אויסער אייניגע שטארע דאגמאטיקער, פארשטעהט שוין דער אידישער פּראָלעטאריער, אז ער איז אידיש.

ער האָט זיך דערפיהלט!

ער ווייסט שוין, אז אויסער און נישט־אָפּהענגיג פון דער ברויט־פראַגע זענען פאראַן נאָך אנדערע, פילייכט נישט וועניגער צואוועהטאַגטע לעבענס־פּראַגען, אז אויסער ברענענדיגע פיין און לייד פון האלב פארהונגערטער איבעראַרבייטונג, זענען פאראַן נישט וועניגער קרענקענדיגע און צואוועהטאַגטע פראגען פון אונטער־דריקטע ראסען און פעלקער, אז דאָס לעבען איז נישט קיין גראדע ליניע, נאָר א פּלאָנטער פון טויזענטער, טויזענטער פראגען און פּראָבלעמען, און אין דער צייט זענען אלע געשטעלט געוואָרען צום פארענטפערען מיט אמאָל...

דער אידישער ארבייטער האָט דערפיהלט און געמוזט דער־פיהלען, אז אין זיינע אָדערען שלאָגט אידיש בלוט, אז עס באלעבט איהם א אידישע נשמה, אז ער רעדט אידיש, לעזט א אידיש בוך, אַ אידישע צייטונג, זאָגט א אידיש גלייכווערטעל, זינגט א אידיש ליעדעל און (שווער צו פארלייקענען) ער בענקט צו אלץ, צי וואָס אלע אידען בענקען. ער קאָן זיך נישט אָפּרייסען פון שטאָם און קאָן זיך אפילו נישט אָפּנארען מיט אסימילאָטאָרישע חלומות און נישט טרעטען אויפ׳ן וועג, וואָס פיהרט פון שול צום קלויסטער... ער וויל און מוז פארבינדען און געפינען דעם סינטעז פון זיינע קלאסען־ און פאָלקס־אינטערעסען...

היינט קאָן דער שדוד צוריק אויפגעריכט ווערען.

איז דער לאָזונג „זעלבסטהילף“, מוזען זיין — אידישע פאַב־ריקען מיט אידישע ארבייטער.

## 28.

## דער סנדק.

איך קום אריין צו מיינעם א באקאנטען איד — אַ שטיקעל עושר און א כלל־טוער; אנדערע, נערן צי נישט גערנווילינג, זענען זיך צופאהרען. — לויפט ער ארום, דער באקאנטער מיינער, אי־

נעשיילט פון טונקעלען נעבעל ארוים די קלאסען־אינטערעסען, האט זיי דער אידישער ארבייטער דער ערשטער דערזעהען, דער ערשטער דערפיהלט.

דער קריסטליכער חבר זיינער האט א טראדיציע פון פיזישער. אונטערטעניגער ארבייט, און די פאבריק איז פאר איהם א באפרייאונג פון נאך שווערערער ארבייט; ער קומט פון דארף און פון נאך טיפערער און שארפערער אונטערדריקונג; ער קען דעם פריץ מיט זיין ארדינאריע, און זיינע ריטער, און דעם עקאנאם מיט זיין אראפניק... און דאס מעהרסט — בעזגראמאטנע...

דער איד, אפשר א רב'ס, אפשר א דאנציגער סוחר'ס א זוהן, גלאט א בעל־הבית'יש קינד, „גראמאטנע", נערוועז, אהן טראדיציע פון געהארכזאמקייט און שווערער ארבייט, אבסאלוט פריי פון יעדער אינערליכער דיסציפלין, — אזא בחור קומט פון בית המדרש, פון שטיבעל, פון קלייט, אדער פרייער מעקלעריי, און פאלט אין פאבריק, ווי אין א קאזארמע אריין, און נעמט זיך גלייך צו ברענגען משיח'ן, דעם סאציאלען שטאט צו בויען...

דער פאבריקאנט קאן און וויל זיך נישט לאזען רואינירען, אפילו נישט מאגערער מאכען דעם ביסען! שריי חי וקים: אידישקייט! נאציאנאלע געפיהלען! „געשעפט איז געשעפט" און ער טוישט דעם אומרוהיגען אידישען ארבייטער אויפ'ן קריסטליכען, רוהיגען, נאך נישט געוועקטען.

און וואלט ווער גענפרואווט רעדען צום אידישען ארבייטער: רואינירט נישט די גאלעווקעס, לויפט נישט פאראוים, געהט טריט ביי טריט מיט אייערע חברים, די אידישע אינדוסטריע איז נאך צו שוואך, ערשט אויסגעשפראצט.

— אידישקייט? נאציאנאלע געפיהלען? — וואלט איהר גענטפערט א תשובה: — נעבעל און דונסט, וואס פארטונקעלט נאר דעם קלאסען־קאמף...

היינט האט זיך די לאגע אביסעל געענדערט.

דער קריסטליכער ארבייטער האט דעם אידישען ארבייטער דעריאגט, און אפשר אריבערגעיאגט, און אין פארטיי־דיסציפלין איז ער שטארקער, ער שטרייקט שוין עפטער, פארלאנגט מעהר, שטעלט אייזערנע פאדערונגען... און דער אידישער — הונגערט.

און אידישער איז ער אויך געווארען...

מיר האבען אהער א הויכע ציוויליזאציע געבראכט, דאס לאנד קול־טיווירט, די צונעקומענע געצענדינער ארבייטען און שאפען גע־לערענט... און ערשט שפעטער, אז דער המון האט אנגענומען דאס קריסטענטום, האט זיך דאס רעדעל איבערגעדרעהט און מען האט אונז, אין נאמען פון קלויסטער, אונזער רעכט געטאן: בארויבט פון אייגענטום, פון מענשליכען שטאלץ, געיאגט און געפלאגט און פאר פאכטער, פאקטוירים און שענקער געמאכט און מיט גרויס גענאד די רומענישע קלויסטער אפגעגעבען אין ארענדע —.

אלץ איינס!

מיר זענען געוועהנט אין אונזער פאלעסטינא פון טערק רויטע פעסער צו באקומען... מיר ווייסען, וואס צווישען פעלקער רעכט און גערעכטיגקייט באטייט...

און האבען מיר איינמאל פאר אלעמאל אפגעריסען מיט דער פאכטער־ און שענקער־אידעע צו לעבען פון פריץ'ס גענאד, קאנען מיר שוין נישט האנדלען און וואנדלען אונטער א פרעמדער פירמא; פארלאנגען מיר שוין אידישע רעכט; קאנען מיר שוין נישט ליגען, ווי א הונט ביי פרעמדע פיס און סקאמלען: בארמהארציגקייט! — מוזען מיר, ווי ווייט עס איז מעגליך, אין גלות אויספעכטען, וועניגסטענס, אונזער עקאנאמישע זעלבסטשטענדיגקייט!

ווער עס וויל לעבען און קאן נישט און וויל נישט באצווינגען, און עס איז איהם נמאס געווארען די קעסט אין הכנסת אורחים שטיבעל, מוז עקאנאמיש זיין שטארק, נישט הענגען אויף א האר, צום איבעררייסען אין יעדער מינוט פון פרעמדען צארן...

מיר מוזען פראדוצירען און פאר אונזערע ארבייטער מוז זיך עפענען, וועניגסטענס, די אידישע פאבריק!

זאל צום באיקאט פון דרויסען נישט צוקומען דער באיקאט פון אינוועניג.

עס איז ערשט נישט לאנג שווער, כמעט אוממעגליך געוועזן.

דער פובליציסט האט זיך אויסגעריסען דעם האלז, שרייענ־דיג: פארעטער! די ציימונגען זענען פול געוועזן מיט געוואלדען און דער שדוך צווישען אידישען פאבריקאנט מיט'ן ארבייטער האט זיך געריסען און געריסען. דער ארבייטער האט געשטרייקט; דער פאבריקאנט האט געטריבען.

די סבה איז געוועזן אז איינפאכע. אז עס האבען זיך אויס־

ערשטען — די באציהונגען צווישען אידישען פאבריקאנט און אי־דישען ארבייטער —

אסימילאציע, לעבען אונטער א פרעמדער פירמא, אין פרעמ־דען זכות — א נארישער חלום געווען.

## 27.

### פאבריקאנט און ארבייטער.

מיר טארען אונזער לעבען נישט בויען אויף פרעמדען יושר, אויף פרעמדער בארמהארציגקייט.

די צייט, ווען אונזערע עלטערען האבען לויט דער עצה פון א גוט־הארציגער מטרוניתא, זיך אנגעטאן זעק איבער די קעפ און ארויסגעגאנגען ביינאכט, און ארומגעלאפען אין די גאסען פון רוים, שרייענדיג:

— זענען מיר דען קיין ברידער נישט, קיין קינדער פון איין טאטען נישט? האט אונז נישט איין גאט באשאפען? פארוואס יאגט איהר אונז און פלאגט, פארוואס פארגיסט איהר אונזער בלוט?

די צייטען זענען פארביי.

אן אלגעמיינע, צווישען־פעלקערליכע פרעסעריי האט ארומגע־כאפט די וועלט; איהר וועט אין אכזריות׳דיגען קריג קיין יושר נישט וועקען; נישט וועקען קיין געוויסען...

און נאך מינדער קאן מען בויען די נאהנטע צוקונפט אויפ׳ן געפיהל פון געזעצליכקייט און רעכט... בפרט אויף חזקות!

אליץ איינס, ווער עס איז פריהער אהער געקומען און זיך בא־זעצט. צי די, צו וועלכע די ווייכסעל רעדט פויליש, און זייערע מלכי חסד זענען גרויסע מכניסי־אורחים געווען און אונז, פאר א געוויסען אפצאהל, אין לאנד ארייגעלאזט, ווי מען לערענט אין „פוילישען" חדר... אדער, לויט דער נייער אויספארשונג: פריהער זענען געקומען מיר, מיר, צו וועלכע די ווייכסעל ברומט אידיש, און

זיי מוזען קומען! דער הונגער טרייבט!

די נאַכוואהלען־העצע איז שוים איבער דער פּאַליע; זי ברענגט זי נישט! אָבער די פּאַליע באַוועגט זיך; זי מוז, דאָס איז איהר גאַנג. דער אַנטיסעמיטיזם, אַזוי דער רעליגיעזער, ווי דער סאָציאַלער, פּאַרלירט פון טאָג צו טאָג זיין רעזאָן—ד'עטר—זיין באַרעכטיגונג. די „ראָלאַ" איז נפטר געוואָרען. די געזעלשאַפט איז דאָס אַלץ שוין איבערגעוואַקסען.

אָבער עסען ווילען אַלע, און דאָס העמד איז נעהנטער צום לייב!

דאָס פּריצישע קינד און דער פּויער אַהן ערד, די מוזען געהן פון דאָרף, קומען אין שטאָדט אריין און אונז ענג און ענגער מאַכען.

זיי קומען נישט נייע וועגען צו זוכען. דאָס זענען נישט קיין מוטיגע פּיאָנערען פון נייע לעבענס־פאָרמען! זיי וועלען קיין נייע פּאַרדינסטען נישט באַשאַפען, זיי קומען צום גרייטען; זיי באַפאַלען אונז, ווי אַמאָל די בערג־באַוואוינער — די איינוואוינער פון טאָל: איהר האָט פעלדער און פיה — מיר נעמען צו!

אַזוי קומט דאָס דאָרף אין שטאָדט אריין.

דאָס איז דער פּראָצעס. עס וואַקסט אַ נייע, וואָס אַמאָל אַ שטאַרקערע קאָנקורענץ. און אין יעדער קאָנקורענץ מוז דער עקאָנאָמיש־שוואַכער פאַלען.

אויף דעם פּראָצעס מוזען מיר קוקען מיט אָפענע אויגען. וואהל־צאָרן, קנאה־שנאה, אַנטיסעמיטיזם — דאָס אַלץ איז נעבעל, וואָס פאַרדעקט די ערשיינונג צו אונזער שאָדען. דאָס איז די מאַסקע, וואָס פאַרשטעלט די ווירקליכקייט. דאָס איז העכסטענס שטימונג; שטימונג פאַרגעהט...

פּאַקטיש מוזען מיר די נייע וועגען זוכען. מוזען מיר די נייע ווערטען באַשאַפען, מיר האָבען קאָנקורירט מיט קליין פאַרדינסט. דאָס פאַרדינסט, ווי קליין עס זאָל נישט זיין, וועט מיט יעדען טאָג געפינען אַלץ מעהר בעלנים.

מיר מוזען אָנהויבען פּראָדוצירען. מיר מוזען איבערגעהן צום פרייען שאַפען, צו אומאָפּהענגיגקייט — —

אונזער ווירטשאַפטליך לעבען מוז זיך ענדערען. צום אַלעם

די אידעאַלען. דאָס אינדוסטריעלע, די פאַבריק, לאָדז, טאָמאַשאָוו — דאָס זענען פרעמדע הענט!

און „ווי עס קריסטעלט זיך, אַזוי אידעלט זיך.“ אונזערע קלע־נערע קאַפּיטאַלען ליגען אויך, אויסער קליינע אויסנאַמען, אין בענק אָדער אין הייזער. ווי קליין אונזערע קאַפּיטאַלען זאָלען נישט זיין, וואָלטען זיי געקאָנט פיעל פּראָדוקטיווער פאַרווענדט ווערען און זיי וואָלטען פיעל מיטגעהאָלפען צום איבערגאַנג פון אַלט־בעל־הבית'י־שען שטייגער צום מאָדערנעם גיטער־שאַפען; צו אינדוסטריע, ווע־ניגסטענס צו העכערע געווערב־פאָרמען.

דערווייל זענען מיר: באַנקירען, אינטעליגענטע פּראָלעטאַ־ריער, און פאַרמיטלער אין געשטאַלט פון קויפער או. פאַרקויפער, באַזיצער פ.ון לעדען און געוועלבער, אָדער — אין דער איינפאַכער פאָרם פון פאַרמיטלער צווישען דאָרף און שטאָדט און — געלט־מעקלער. נישט צו פאַרגעסען: מיט קליינע, זעהר קליינע אויס־נאַמען. מיר האָבען דאָך א חלק אין לאָדז און טאָמאַשאָוו; אין אַל־געמיינעם אָבער זענען מיר צו ווענינ פּראָדוקטיוו און דעריבער שוואַך און אָפּהענגיג, ווענינער אָפּהענגיג זענען די, וואָס פאַרטייר־לען די עקאָנאָמישע ווערטען צווישען לאַנד און אימפּעריע, צווי־שען לאַנד און אויסלאַנד; אָפּהענגיגער און דעריבער שוואַכער — די פאַרמיטלער צווישען פּראָדוצענט און פאַרברויכער אויפ'ן אָרט. און אין דער שוואַכער לאַגע קומט מען און מען שרעקט אונז.

— מיר וועלען אויף אייך אָנשיקען דאָס דאָרף! די פאַר־אָרעמטע פּריצים און די פויערים, וואָס זענען, צוליעב פאַרטיילען די ירושות, געבליבען אָהן ערד, אין זיי וועלען אייך פון אייער אָנ־געזעסענע ערטער פאַרטרייבען און אייער ברויט אַרויסרייסען פון מויל...

איז עס איינפאַך פּלוידעריי.

איז דאָס א נאַריש איבערשרעקען. אין עקאָנאָמישען לעבען שפּילט א גאַנץ קליינע ראָליע דאָס געפיהל; זאָל עס זיין ליעב־שאַפט אָדער האָס, דאַנקבאַרקייט אָדער נקמה.

אָבער דער פאַקט עקזיסטירט אויסער דער געפּלוידעריי.

דאָס פּריצי'שע קינד און דער פויער אָהן ערד, די גנהען אי.ן קומען אַליין.

„צוויי בוימער — זאָל זיין אַ דעמב מיט אַ בעריאָזע — וואַקסען אויף איין שטיקעל ערד. וויל יעדער בוים, און ער מוז וועלען. זיין חיונה האָבען. וואָס מעהר זויגען פון דער ערד, וואָס מעהר אריינציהען זאַפט. אויבען אין דער הויך, אין דער לופט אונטער'ן הימעל, — קאָן זיין שלום צווישען צווייגען און בלעטער. אונטער דער ערד, ביי די וואָרצלען, מוז זיין אַ קאָנקורענץ אויף יעדען טראָפּען זאַפט. אונטען מוזען זיך די בוימער מעסטען און — אויף טויט און לעבען!“

אַזוי ווערט היינט באַצייכענט די לאַגע אויף יענער זייט.

צי איז ווירקליך די ערד צו שוואַך ביידע בוימער צו שפּייזען? אָט דאָס איז אַ פראַגע, פון דעם מוז מען רעדען.

## 26.

## בוימער און מענשען.

דער משל מיט די בוימער איז נאַטירליך נישט אויסגעהאַלטען.

אַ משל קאָן זיין מיט עפּעס עהנליך צום נמשל, אבער נישט אידענטיש. נישט פאַראַן קיין צוויי גלייכע זאַכען. און מעהרסטענטיילס ווערט ער ווירקליך באַנוצט דעם אונטערשיד אונטערצושלאַגען, פון איהם די אויגען אָפּצואָווענדען.

מענשען זענען דאָך קיין בוימער נישט: דער בוים לעבט פון גרייטען; דער מענש פאַרמעהרט און באַשאַפט זיינע גיטער. פאַראַן לענדער מיט אַ געדיכטערער באַפעלקערונג ווי אין פּוילען און די קאָנקורענץ איז נישט אַזוי שאַרף. דאָרט ווערט אינטענסיוו געאַרבייט, דאָרט ווערט געשאַפען.

ביי אונז מיט גאַנץ קליינע אויסנאַמען, ווערט אַלט־מאָדיש געלעבט. מיר זענען פויל. מיט גאַנץ קליינע אויסנאַמען ליגען די גרויס־פּריצישע קאַפּיטאַלען און אויסלענדישע בענק. און מען רעכענט זיך פאַר אַ גרויס פאַרדינסט דאָס בויען פון איינקונפטס־הייזער און האָטעלען אין דער היים. פּראָצענט, רענטע, — דאָס זענען

און צו וואָס אַרויסטרעטען עפּענטליך, אז מען קאָן שטילער־היים? צו וואָס וועקען דעם, וואָס מען וויל באַרויבען, ער זאָל זיך וועהרען? ווי שוואך ער זאָל נישט זיין, א שאַד די ענערגיע!

זענען געקומען די וואהלען...

דער פּריץ איז בייז געוואָרען, שיכּור פאַר כּעס, און וואָס ביי א ניכטערען אויף דער לונג, איז ביים שכּור אויף דער צונג. די מאסקע איז פון פּנים אראָפּ. דאָס וואָסערל, וואָס האָט שטיל אונ־טער דער ערד אונזערע הייזער געשווענקט, האָט זיך באַוויזען! די מחשבות, דער „הבה נתחכמה“, וואָס מען האָט געטראַכט ווע־גען איך, זענען אַנטפּלעקט געוואָרען, אַרויס, ווי בוימאויל אויפ'ן וואַסער.

און אייגענטליך נאָך פאַר די וואהלען.

שוין די מעגליכקייט אליין, אידען זאָלען האָבען דאָס וואָרט ביי וואהלען, האָט פאַר'שכּור'ט.

— „מיט אידען רעדט מען נישט!“ —

דאָס איז געווען דער רוף פון עק ביז עק, אין דער גאַנצער קאָנצענטראַציע...

זאָלען מיר חרטה האָבען דערויף, וואָס מיר האָבען באַקומען צו זעהען די האַנט, וואָס שלאָגט, צו הערען דאָס מויל, וואָס לעס־טערט? זאָלען מיר באַשולדיגען די, וואָס האָבען אַריינגעטראָגען ליכט, און וואָס מען טראַכט וועגען אונז און וואָס מען טוט איז אַנט־פּלעקט געוואָרען?

איבערהויפּט די וואהלען דאַרפען אין אונזער געדאַנק ליקווי־דירט ווערען.

נישט וועגען די וואהלען געהט עס.

דער באָיקאָט וועט שוואַכער ווערען, די שאַרפקייט טעמפּ...

אָבער, דאָס, וואָס איז אַנטפּלעקט געוואָרען, וועט נישט פאַר־שווינדען. עס וועט אַריבער אין א כראָנישע קרענק. א זומפּ וועט ווערען. און אויב מיר וועלען זיך נישט ווערען, נישט שיצען, וועלען מיר אין איהם זינקען לאַנגזאַם, פּאַמעלעך. —

די „פּראַוודאַ“ (וואו ערענבערג פון „קוריער פּאַראַני“ איז אַריינגעטרעטען!) — דער טוב שבגויים, פּרעדיגט שוין היינט:

— „אהן נקמה, אהן צאָרן!“

און א משל מיט צוויי בוימער:

לער איז טאש — וואָלט צו דעם אַלעם נישט געקומען. די „קאָנ־צענטראַציע" וואָלט פאַרשטאַנען, אַז עס איז אוממעגליך צו פאַר־לאַנגען פון אידען, זיי זאָלען לאָזען זייערען א שונא ווערען איבער זיי געזעצגעבער מיט אָדער אָהן זייערע שטימען. זי וואָלט גאַנץ גיך איינגעזעהען, אַז וועהלען קוכאַרזשעווסקי'ן איז שענדליך, אבסטענירען, ווען מען קאָן זיך וועהרען, — אַפּזאָגען זיך פון וואהל־רעכט איז זעלבסטמאָרד, און נאָכ'ן שטאָלצען אויסרוף: „מיט אידען רעדט מען נישט", וואָלט מען גערעדט! אין פּאָליטיק האַנדעלט מען. אין פעטערבורג האַנדעלט מען רעכטס און לינקס...

עס איז אָבער קיין צייט נישט צו זוכען שולדיגע... „צייט איז געלט", זאָגט דער ענגלענדער. צייט איז אָבער מעהר; צייט איז גאָט, צייט איז לעבען... לאָמיר איבערלאָזען די אסימילאַטאָרען דעם נחת, אָפּצושיקען דעם באָיקאָטירטען אידען צו די נאַציאָנאַ־ליסטען... פון אָרעמע לייט ווערט מען פּטור אויף אַלערליי אופנים, פאַראַן ערגערע...

און דער עיקר:

די וואהלען האָבען נישט באַשאַפען דעם באָיקאָט!

שוין יאָהרען און יאָהרען, אַז די באָיקאָט־טענדענץ באַלעבט דעם פּוילישען בורזשוי אויף אַלע געביטען פון לעבען. דער באָיקאָט איז געפּרעדיגט געוואָרען במשך פון יאָהרען אויף אַלע פּוילישע פאַרזאַמלונגען. אין זיין נאָמען זענען געעפענט געוואָרען אַלע פּוי־ליש־עקאָנאָמישע אינסטיטוטען. „אידען ריין" איז אַלץ, וואָס איז די לעצטע יאָהרען באַשאַפען געוואָרען: די פאַנאַטאַוויע, „דער טראַם... און אונזער „פּעסטונג" — דער האַנדעל איז שוין באַלע־נערט פון אַנגעלאָפענע פון דאָרף אָפּגעקומענע פּריצים, וואָס ווילען עסען.

נעשווינען האָט נאָר די פּרעסע. ערשט נישט לאַנג יעלענסקי'ן, דעם ערשטען פּיאָנער פון אַנטיסעמיטיזם, אין נאָמען פון פּראָגרעס און מענשליכקייט אין חרם אַריינגעלעגט. גיה יעצט און לעג א בלומענקראַנץ אויף זיין קבר!

און וואָס וועט זאָגען „אייראָפּאַ"?

היינט איז פעטערבורג די האָפנונג. היינט ווערען אימפּאָר־טירט געדאַנקען פון „נאָוואָיע ורעמיא". — דאַמאָלט איז נאָך מאָ־דערען געווען צו וואָס איינרייסען?

שרעק איז אפּהענגדינגקייט, הינער־פּלעט, די רוהיגקייט פון א טויטען, אדער, וואס נאך ערגער איז, — דאס ווארפען זיך פון א חולה־נופל. מען שלאגט — מיט'ן קאפּ אן דער ערד!... מען ווארפט מיט הענט און פיס, קיינעם נישט טרעפענדיג, אין דער לופט. א רויבער קומט אונז בארויבען. לאמיר איהם נישט צו־ווארפען אונזער געזונט, אונזער ענערגיע, אונזער ווילען, אונזער לעצטע פעהיגקייט צום אפּוועהר.

מען וויל נעמען אונזער האב־און־גאב; די שרעק וועט אונז אויסזויגען דעם מארך פון די אדערען, בארויבען פון פארשטאנד! אזוי לויפען, ווען עס ברעכט אויס א בראנד, קיה און פערד און פייער אריין.

פאקטען מוזען באטראכט ווערען, פיקסירט ווערען קאלט, מיט קלארע, איינגעשפּארטע אויגען. מען מוז זיי פארשטעהען!

און האט מען פארשטאנען, און ווערט דער דיאגנאז ריכטיג געשטעלט, איז שוין א האלבע געפאהר אוועק.

## 25.

### אהן חרטה, אהן טענות.

אהן חרטה, אהן טענות, אזוי מוז באטראכט ווערען די לאגע. חרטה איז איבערהויפּט א נארישע זאך. „העטיך איז א פּעטיך!“ — זאגט דאס אידישע ווערטעל.

היינט קאן מען אמאל האבען א דעה אויף מארגען; דעם נעכ־טען קאן גאט אליין נישט ענדערען.

האט אויך קיין טענות נישט; זוכט נישט קיין שולדיגע.

אמת, ווען די אסימילאציע וואלט זיך אזוי שענדליך נישט געוועזען אונטערגעגעבען, דערנאך אזוי פּשט'עלדיג אויסגעטייטשט דעם באיקאט, אז ער איז נאר חל אויף א וואהל־קאמפּאניע, אבער וועהלען מעג יעדערער קוכארזשעוועסקים, און ביז דער לעצטער רגע נישט איינגערעדט דער קאנצענטראציע, אז זי האט דרייצעהן וועה־

טיף. אבער אונטערשווענקען א הייזעל קאן עס, און דאס טאר מען נישט דערלאזען.

בפרט, אז די צייט איז א שלעכטע. א גראשענדינער היזק — היינט איז אבער א גראשען — געלט!

און אויב מען וועט זיך נישט וועהרען, קאן די צאהל פון די, וואס כאפען פיש אין טריבען וואסער, זיך מעהרען און מעהרען... די צאהל פון די, וואס שלאגען קאפיטאל פון יעדער מהומה, קאן וואקסען...

דער ארבייטער שטעהט פון דער ווייטען, דער ווירקליכער פאט־ריאט פון לאנד פארברעכט די הענט. ער זעהט די פיערטע צו־טיילונג פון פוילען. אבער די האבען אין יעצטיגען מאמענט נאך קיין דעה נישט. מען הערט זיי נישט. מארגען וועלען זיי קומען צוםווארט.

הויבען אבער אן וואקסען די צוריים־נעגעל ביי שוויענטא־כאווסקי׳ן. ליפאצעוויטש שרייט:

— א הויז נאך א הויז! א קראם נאך א קראם וועלען מיר ביי אייך צונעמען.

די פרעסע העצט. די צוויי־גראשענדיגע צייטונג ווערט גע־לעזען. דער גיפט גיסט זיך... קיין גוטס הערט מען נישט.

אין „קולטורא פאלסקא״ האט מען גערעדט פאר און נעגען. די שטימען פאר אונז זענען פארשווינען געווארען. די נעגען אונז— געדרוקט איבעראל.

רעכענט איהר, פיליכט, פאר גוט די ווערטער פון אלטען פריץ אין „קוריער פאלסקי״? ער איז א גוטער, דער אלטער...

ער וויל די ליטוואקעס דעם כבוד נישט אנטון, ער זאל צוליעב זיי אפטרעטען פון זיין קריסטליכער ליעבשאפט!

ווילען מיר אבער, מיר, די אייבינגע עקשנים, נישט קיין ליעב־שאפט. ליעב האט מען פלייש, קעז און דאסגלייכען צום אויפעסען. מיר ווילען גערעכטינקייט, און די וועל׳מיר אזוי לייכט און אהן קאמף נישט באקומען. „בארמהארצינקייט״ איז דאס אידעאל פון א שויס־הינטעל, וואס ווערט פון רעשטלעך געשפייזט. מיט דעם וויל זיך באגנינגען די אסימילאציע. זי וויל, זאל זי נעמען קצבה... מיר מוזען זיך וועהרען!

אבער וועהרען זיך, אהן שרעק.

שטימטע — זענען אימפאטענט; היברידען זענען עקרים און עקרות. אין ערשטען, אין צווייטען, העכסטענס אין דריטען דור!

בלאנדזשעט מען ארום אין צווישען־פעלקערליכען תהו ובהו און מען ציטערט. די אימפאטענטע נשמה איז איינגעהילט אין שרעק.

א גענזענע הויט אויפ'ן לייב, א ציטער־שטראל אין אויג און קני פארציטערטע...

אימפאטענטע איינזאמקייט איז שרעק; שרייבט מען אונטער פראטעסטען פאר שרעק; וויל מען פארראטען פאר שרעק.

אבער — ווערעם צי טכוירען — קנאפע דריי הונדערט די צאהל!

די „ראלא“ זאגט: ווייניג! די „פראוודא“ דאנקט גאט, וואס אזוי ווייניג; זיי קומט רעכט, בירגערליכע רעכט, און אויף דעם פלאדען האט זי גענוג. איינציגע מיילער!

פאר אונז אבער איז קנאפע דריי הונדערט — צופיעל!

## 24.

## באיקאט.

— אויף דער טאגעס ארדנונג —

לאמיר בעסער רעדען אידיש.

די פלאג פון טאג איז דער באיקאט. פאקטען לאזען זיך נישט מבטל זיין. פון פאקטען טאר מען נישט אפווענדען קיין אויג; נישט צודריקען.

אמת, די צווייטע זייט איז נישט אזוי אויסהאלטענדיג. און אבוואל דער אפעטיט וואקסט, ווי דער פראנצויז זאגט, צוזאמען מיט'ן עסען, זענען די ציין נישט אזוי געפעהרליך שארף...

אבער מען וואוינט ביי א טייך און דאס וואסער הויבט זיך. טאר מען נישט אראפלאזען די שלאפמיץ איבער די אויגען און שלא־פען געהן. דער ווינט איז נישט געפעהרליך, דאס וואסער נישט

פאר שרעק, וואס ער איז אליין, איינער אליין איבער'ן גאנ־צען נישט איבער'ן „גארנישט“, איבער דער אומענדליכער לער־קייט...

האט אטמאן פאר שרעק די וועלט באשאפען!

ווי א שפין שיקט פון זיך פעדימלעך ארויס און באשאפט א געוועב ארום זיך.

ווי ליכטיגע קערפער שיקען ארום און ארום פון זיך שטראלען ארויס און מאכען ארום און ארום זיך א פיינע, ליכטיגע שטראלען־נעץ...

אזוי האט אטמאן די זאכען פון זיך ארויסגעשטויסען און מיט זיך ארומגערינגעלט, — די וועלט באשאפען.

און פון איינהייט איז פיעלקייט געווארען; פון איינהייט די מעהרצאהל געווארען...

פון א יחיד א חברה!

און חברה שרעקט זיך!

און אונזער אידיש־פוילישער אינטעליגענט, דער פאטענטיר־טער, ווי דער נישט פאטענטירטער, איז איינזאם; פון דאנען אוועק, אהין נישט געקומען.

די מוטער פארלאזט, פון דער אם געטריבען, איז ער אליין, שטענדיג אליין.

א לעבענדיגער פאראיינזאמטער יתום...

בלאנדזשעט ער ארום איינער אליין אינ'ם תהו ובהו, אין דער לערקייט צווישען צוויי פעלקער... צווישען פאלק, וואס די ווייכסעל ברומט צו איהם פויליש, און צווישען פאלק, צו וועלכען די ווייכסעל ברומט אזוי מוטערליך אידיש.

און איינזאמקייט איז — שרעק!

ציטערט מען פאר א בלאט, וואס איז מיט דרוק־פארב באַ־שמירט; ציטערט מען פאר פאפירענע שלאנגען...

און וועלטען פון זיך ארויס באשאפען, פון זיך ארויס עפעס ארויסשטראלען, ארומרינגלען זיך מיט זאכען, מיט ממשות'דיגע זאכען, וואס זאלען זיין דער אויסגוס פון זיין „איך“, פון זיין נשמה, פון זיין ווילען, — איז ער נישט אימשטאנד!

היברידען — לעבעדיגע ווענען, פון צוויי מינים צוזאמענגע־

ווי די וואהלען וועלען נישט דורכגעהן, דיר, פוילישער פריץ, קומט אונזער דאנק!

אומעטום האט מען אונז געפּלאגט, געפּייניגט, געטריבען,— דו האסט אונז ווערעמיג געמאכט, פּארוואָרלעסיגט!

## 23.

## צ ו פ י ע ל.

איך האב גערופען אין שול אריין; יעצט וואלט איך גערופען: אין מקוה אריין!

ניין, נישט אין מקוה אריין! די מקוות אין ווארשוי זענען צו שמוציג, צו געפעהרליך פאר'ן געזונט, און די פראגער — די נאווע מקוה, גאט ווייסט, ווען זי וועט פארטיג ווערען. אפשר וועט מען זי שוין נישט דארפען...

איך רוף אייך צו דער ווייכסעל, צו אנדערע (ווי אש זאגט) רעדט זי פויליש, צו אונז — אידיש!

געהט אייך באדען צו דער ווייכסעל. איהר האט קנאפּע דריי הונדערט ווערעם אויף אייער לייב.

קנאפע, ווייל פיעל אונטערשריפטען זיינען געפעלשט. לשם מצוה געפעלשט!...

אבער — צו דער ווייכסעל!

וואשט פון אייער לייב אראפ — די ווערעם! און אפשר — איך קאן אהן ספקות נישט לעבען, — אפשר איז עס נישט קיין ווערמינגקייט, נאר שרעק?

די אלט־אינדישע לעגענדע, נאך פון פאר בודא, דערצעהלט: אטמאן (דער אטעם — די נשמה — גאט) איז געווען אליין!

איינער אליין איבער'ן גאנצען נישט, איבער'ן גאנצען „גאר נישט" איבער אל דער לערקייט.

האט ער זיך איינמאל דערמאנט, אז ער איז איינער אליין, און האט א ציטער געטאן, א ציטער פאר שרעק...

בלויזע הענט קאשטאַנעז פון פייער אַרויס, קיינמאָל, נישט פאַר־זוכענדיג דעם טעם פון א געבראַטענעם קאשטאַן...

נאָר דער האָט עס געקאָנט זאָגען! זה לעומת זה...

קענען משרת פון דער הויף, שטעהט דער משרת פון אונטען.

דער קריסטליכער אַרבייטער וועט דעם איד אין דער פאַבריק, וואס ער האָט פארנומען, אַזוי לייכט נישט אַריינלאָזען: ברויט איז, און בפרט אונטען, א קאָנקורענץ־זאַך!

אָבער ער שטעהט אין קאַמף און זוכט מיטהעלפער איבע־ראַל, וואו מענשען קעמפען פאַר זייער פרייהייט.

האָט זיך דאָך די פּעטערבורגער סאַציאַל־דעמאָקראַטיע ער־קלערט אין ליעבע צו פּוילען. נעוואָלט א שידוך שליסען, צוגע־זאָגט נדן — די פּוילישע באַפרייאונג! און נישט מיט'ן פּוילישען אַרבייטער, און נישט מיט זיין ראַדיקאַל האָט מען געהאַנדעלט; זוך זיי אין פּעטערבורג מיט ליכט! מיט'ן פּוילישען מיש־מאַש פון אַלע פּאַרטייען, ניינציג פּראָצענט נאַציאָנאַלע דעמאָקראַטען!

באַפרייער זאָלען אַפּשטויסען קעמפער, וואס קעמפען פאַר גלייכבאַרעכטיגונג, דאָס איז א נאָנסענס, ביי קלאָרע געדאַנקען, אַן אוממעגליכקייט! דאָס קאָן נאָר געשעהען ביי אונז, ביי אונזער נעפאַלענקייט, אונטערטעניגקייט — ביי גלות־משרתים!

דער קלאַסען־קאַמף קאָן נישט און טאָר זיך נישט שטעלען קע־גען באַפרייאונג פון פעלקער. אין זיין טומעל דאַרף נישט דער־שטיקט ווערען קיין איינציגער וועה־געשריי פון אונטערדריקטע מענשליכע גרופּען.

אַפּשטויסען אונזער האַנט, און נאָך איידער זי האָט זיך אויס־געשטרעקט, האָבען געקאָנט נאָר מיר אַליין, נאָר אונזער אייגען בלוט און פלייש, נאָר אונזער אין גלות־פאַרוואַרלעסיגטע נשמה!

— — — — — — — — — — — — — — — —

משרתים פון אויבען (דריי הונדערט אונטערשריפטען), משרתים פון אונטען (דער מאַניפעסט!) און אינמיטען א צושראָ־קענער בעל־הבית, וואס קאָן, אויס לויטער נאַרישער שרעק, באַ־געהן —

פאַררעטעריי!

א יוצר משרתים!

בלינדע שאף, און טרעפענדיג זיך נאך אויג אין אויג דאס ערשטע מאל מיט פאליטיק, — איז ער גאר ארויס פון די כלים. ממש א לאסט־טיר, וואס טרעפט זיך דאס ערשטע מאל אויפ'ן וועג מיט'ן אויטאמאביל!

עס איז פאר איהר א חיה רעה. דאס שנויבען — גרימצארן. אט שלינגט עס איין.

שוין די פארוואהל־סטראשונקעס, וואס ווערען איבעראל אויס־געלאכט פון קינדער אין די וויגען, האבען איהם אריינגעבראכט אין א פאניק. זוכט ער — רעכטס און לינקס נאך הילף, — בליצט דורך א געדאנק:

— יאגעלא!

קוים געטראכט, באווייזט זיך שוין פון דער זייט א מאניפעסט:

„מיר ווילען ביי ציוניסטען, חסידים עט־צעטרא קיין נדבה נישט נעמען!“

ווער האט עס געזאגט?

ווער האט דעם שווימענדיגען אין ים, וואס איז (און ווען אפילו אומזיסט און אומנישט) איבערגעשראקען, געטרויט נישט זיין אייגענער קראפט, — ווער האט איהם דאס ברעט, אז וועלכען עס קלאמערען זיך זיינע פינגער, פון אונטער די הענט אוועקגענומען און גערופען: טרענק זיך?

ווער האט געקאנט דעם נישט געוועהנטען, נאך שוואכען ראנגלער אין קאמף פאר זיין מענשליך רעכט טראציג אונטערשטע־לען א פוס אויף דער גליטש?

ווער זענען די אויטארען פון מאניפעסט?

ווער איז דער „מיר“?

„יד ישראל באמצע!“ איך בין זיכער: דאס האבען מיר נע־זאגט!

מיר — אונזער אייגען פלייש און בלוט, אונזער רויט ביסעל יונגוואַרג!

נאר מיר — נאר אונזער נישט דערוואקסענער, נישט אויס־געשטאכענער אינטעליגענט און האלבער אינטעליגענט, —

נאר אונזער „שרייענדיגער רעדעל־פיהרער“, וואס מיינט, ער פיהרט, ווען ער ווערט גאר געשטופט; וואס נעמט שטענדיג מיט

דאס איז אבער פּאָליטיק. און חזר'ט עס איבער אונזער אסי־מילאַציע, ווערט שוין גאָר עקעלדיג.

צי האט זיך אמאָל עמיצער פון די „מוסר'ניקעס" אָפּגעזאָגט פון א מאַנדאט אין קהל, ווייל די וואהלען זענען נישט דעמאָקראַ־טיש, נישט ליבעראל אפילו?

דאס אלץ זענען אבער נישט קיין ערנסטע פראַגען. וואס קאָן מען פאַרלאַנגען פון יונגווארג, וואס האט נישט דעם מוט צו בלו־טיגען מיט דער יוגענד און איז יוצא מיט מויל־ווערק, מיט איבער־דרעשען אלטע ליבעראַלע פראַזען... און וואס קאָן מען פאַרלאַנגען פון מענשען; וואס זענען נאָר שאָטען פון אנדערע, און אמאָל גראַ־מאָפאָנען, אין וועלכע עס רעדט אריין דער פריץ...

פאַראַן אבער אַ ערנסטע פראַגע:

די לינקע ווילען פון חסידים, נאַציאָנאַליסטען און ציוניסטען קיין נדבה נישט...

עס איז אפילו נישט מעהר, ווי אונזער נאַראָדאָווע קאָנצענ־טראַציע, אלס אָפּוועהר קעגען אנטיסעמיטיזם, אלס רעטונג, אלס די איינציגע מעגליכקייט, נישט צו לאָזען זיך טרעטען, אלס דער איינ־ציג־מעגליכער פּראָטעסט קעגען: „לעג דיך און שמיים דיך אליין"...

אבער פּאַרט אונזער קאָנצענטראַציע...

ווי וואלט אבער געווען, ווען די „נדבה," אונזער פּטור צו ווע־רען, גיט יענע קאָנצענטראַציע?...

און נאָך אַ ערנסטע פראַגע:

„איינס און דריי" צוזאַמען איז פאַר אונז אַ געפעהרליכע צי־פער. זיבען — א ליגען; דרייצעהן — נישט מזל'דיג. — וואס וועט ווערען פון זעקס און פיערציג?...

נישט חרפּות ובזיונות?

## 22.

## אונזער דאַנקבאַרקייט.

אונזער בעל־הבית, פאַרלאָזט פון זיין אינטעליגענץ, האט דעם קאָפּ פאַרלוירען; פאַרראַטען פון זיינע פיהרער — געבליבען. ווי אַ

דאס אידעאל צו דערגרייכען, געהט — אלץ איינס נמרוד צי עשו — אין וואלד אריין מיט כלי־זיין. דאס איז קריג.

אדער מען גראבט פאר'ן בער גריבער, און מען פארדעקט זיי מיט צווייגען און בלעטער, אדער מען שטעלט פאלען, — דאס הייסט — פאליטיק!

איך קאן דעריבער אכטען דמאוסקי'ן. דעם פראפעט פון נאַציאנאלען עגאאיזם... אז אטאוויסטישע ערשיינונג, אז אלטער חלום האט זיך אויפגעכאפט, אז אלט שלאכעצקי רייט־פערד, וואס פיהרט שוין יאהרען־לאנג וואסער, האט דערהערט א טראמייטעל אין איירפא, און ווען עטוואס ווייטער — פלאמען די אויגען אויף, שטעלט עס זיך אויף די הינטערשטע פיס, שלאגט עס רעכטס און לינקס מיט די פאדערשטע!

איך באקוק אין זייט און נעם אן, ווי ווייט מעגליך איז, — פאר ליעב!

ווערט מקוים, טראכט איך, די גאנצע תוכחה, וועט אויך מקוים ווערען „וזאת הברכה.״ שלעכטע צייטען מוזען אריבער, און איך גלויב אין מיין לאנג לעבען, און אין מיין איבערלעבען אלע אלטע שלאכעצקע פערד!

ערגער איז, ווען דאס יונגוואַרג פון דער „פראוודא״ גיט מיר א מאראלישע לעקציע.

— פע, אידעלע! דו ווילסט זיך באנוצען מיט א צופעליגקייט? וואלטען אבער די וואהלען דעמאקראטיש געווען?

ווייסט דען נישט דאס יונגוואַרג פון דער „פראוודא״, אז לויט יושר, דארף געזיכערט ווערען דאס רעכט פון דער מינדערהייט און אונז קומט עטליכע מאנדאטען פון פוילען?

ווי לאנג איז, אז שוויענטאכאווסקי האט עס גע'דרש'נט, און דאס יונגוואַרג, באגייסטערט און אויפגעפלאמט, ווי בונטען שטרוי — בראווא געפאטשט?

און ווייסט דען נישט דאס יונגוואַרג, אז ווען דעמאקראטישע וואהלען, וואלט קיין איינציג לער פאס, וואס רוישט אזוי, געקאַלערט דורך גראבע הענט איבער די גאסען, פון פינסטערען קעלער נישט ארויס, און נישט געקלאפט. — און עס וואלטען זיך אנדערע רעדען געהערט און אנדערע נעמען אויסגערופען?

— דעם נאמען פארגעסען! פון א צייט צורינגען מיר די גע־הירען...

— און געטאן וואס האט ער?

— ווי לומער אין זיין צייט! דעם טינטער געכאפט, צום רע־דאקטארס קאפ געווארפען, געטראפען — דער וואנט!

עס ווערט איינשטימיג באשטעטיגט:

— א היסטאריש הויז!

— א היסטארישער פלעק!

— מען וועט דעם אידישען לומער אייביג נישט פארגעסען!

און מען ריהרט זיך און מען נעהמט אין סלאוויאנקע אריין עסען ביליג, אויף קרעדיט פאר צוטרויען — פליאקעס.

## 21.

## פ ר א ג ע ן.

מוט מיר אן, — בעט איך מיך ביי די היגע אומות העולם,— מוט מיר אן געברוינטע לייך, נאר זאגט מיר קיין מוסר נישט, רעדט נישט פון יושר, פארשוועכט נישט מיט פאליטיק דאס ווארט: אי־דעאלען!

לעג דיך אליין און שמיים דיך אפ אליין — דאס איז אייער מאראל! אייער יושר האט איהר געוויזען אין ווילנא.

און אידעאלען...

אידעאלען, ליעבע לייט, שטאמען פון וועלט־אנשויאונגען. אי־דעאלען זענען — רעליגיאן אדער פילאזאפיע, — פעלקער, וואס שטאמען פון דער ערד און בינדען זיך מיט אינטערעסען. האבען — אפעטים!

די מיטעל — קריג און פאליטיק.

שינקע פון א בער איז א מאכל: לויפט אבער נאך דער בער ארום אין וואלד און טראגט נאך די הויט אויפ'ן לייב — א אידעאל!

וואוהין געהט מען ?

אין טעאטער אריין ? פארמאכט! פיער מאל אין יאהר עפענט מען עס, געהט: „אבאראנא טשענסטאכאווי“...

אין פילהארמאניע ? געשלאסען ! אמאל אין א יאהר שפילט מען נאסקאווסקי...

אין א קאנדיטארייי ? פארהאמערט, באנקראט !

בערזע אויך !

די קונסט־אויסשטעלונג וויל מען איבערמאכען אויף א צירק !

און דאך געהען ערגעץ מוז מען !

מען מוז באגיסען די גלייכבארעכטיגונג...

האט ווער געלט ?

זוכט מען אין די טאשען — לער. מען דרעהט זיי איבער — לייוועגט !

קרעהט דאס הענדעל :

קומט אויף דער לעש. צוטרויען פאר צוטרויען ; איך האב קרעדיט אין סלאוויאנקא...

גאר־קיכען זענען געבליבען, געהט מען.

אויף דער לעש שטעלט מען זיך אפ ביי א הויז.

דאס הענדעל קרעהט ווייטער.

— א היסטאריש הויז.

דריי מינעס — דריי פראגעצייכען.

— געווים.

דא איז אונזער זשארגאנישע צייטונג געווען ! גלייך מיט אלע אונטערגעגאנגען... איין צוויי גראשענדיגע געבליבען... ווער לעזט ? מיר פיער לעזען.

— איז דא געוועז די רעדאקציע...

אין שטוב אויף דער וואנט שטארט נאך א שווארצער פלעק !

— פון וואס ?

— פון טינט. א מיאוס'ע מעשה געשעהען : מיר הייסען אפ־דרוקען א פארוואהל־פראקלאמאציע, דער רעדאקטאר, א ליטוואק, זאגט : נייז, בעטלען וועט ער געהן, און דרוקען וועט ער נישט לאזען !

כאפט אונזער אומפארגעסליכער דאקטאר...

ער שטאמעלט, לאזט אראפ דעם קאפ פארשעמט און זיפצט :

איבער די גרינגע חורבות פון די נאַלעווקעס יאָגט זיך דמאָווס־קי וסיעתו נאָך העזה...

כאַפּ איך מיך אויף: בלאָף.

בלאָף שבבלאָף!

און דרימעל ווייטער איין, און עס חלומ'ט זיך ווייטער בלאָף. „בלאָף מיט פליאַקעס!“

20.

## בלאָף מיט פליאַקעס.

חלומ'ט זיך מיר:

אויפ'ן נאַניק פון ראַטהויז זענען פיער מאַן אַרויס. דריי בלאָ־זען טראָמפּייט, דער פיערטער רופט אויס:

— קוכאַרזשעווסקי האָט גע'פּועל'ט פאַר אידען אין וואַרשוי גלייכבאַרעכטיגונג. זאָלען זיי קומען און דאַנקען!

קומען זיי...

פיער אידען קומען: דער איינציגער מעגליכער איד מיט צו־טרויען.

דער איד פון אונטער'ן טיש.

דער קאַפּעלמייסטער פון דער קאַצען־מוזיק, וואָס האַלטען זיך שטענדיג פון ווייטען.

און —

דער פּליט, וואָס איז אַנטרונען געוואָרען פון די נאַלעווקעס און איז געקומען אַנזאָגען אויפ'ן פּעטערבורגער וואָקזאַל.

בוקען זיי זיך.

דאַנקען.

דער עולם אַרום קוקט אויף און ברומט:

— די לעצטע... די בעסטע...

און צוגעהט זיך.

די פיער צדיקים פון ליטווישען סדום, וואָס האָבען סדום נישט אָפּגעראַטעוועט, בלייבען שטעהן...

די טויטע באגראבען אין דער הויפט־אליי, אויפ'ן קהל'שען חשבון!

— די לעבענדיגע דערמינטערען! און — זיך נוקם זיין אן די נאלעווקעס!

לויפען זיי... קומען זיי... ווערען זיי באגעגענט. קומט באלד אן די גיכע הילף, פיהרט מען אפ: ווענען אויפ'ן הייליגען ארט, צו די פאמיליען־גרעבער, ווענען אין פראסעקטאריום, ווענען אין שפי־טאל אריין...

די גיכע הילף פאהרט צוריק, דאס אויטא פייפט, די טראמ־פייט בלאזט...

און אויף דעם פעטערבורגער וואקזאל רוישט!

מען קלינגט, עס פייפט. דער צוג ריהרט, קוכארזשעווסקי אפ!

הונדערטער טיכער געוועהט. די זינגער — די קאנצענטראציע געהט צוריק.

ויבא הפליט — קומט אן אנטרונענער פון די נאלעווקעס, און דערצעהלט, וואס עס איז געשעהען.

פלאמט דער גרימצארן אויף; לויפט מען זיך נוקם זיין. ווי שאמפאניער וועט גיסען בלוט!

יונגע לייט רופען:

נישט אויף אלע גיסט אייער גערעכטען צארן אויס!

זיי בעטען זיך:

— חסיד'ישע טעכטער לאזט געמאך! קעמען זיך א:וי פיין! די פיינסטע פערפומעס, אין בלאסע אזוינע... און אלע לעזען פשי־בישעווסקי און זשעראמסקי, און אלע זענען פארליעבט אין אסטער־ווא... און אויגען האבען זיי, ווי די גאזעלען, און אזוינע ברעמען לאנגע און אזוינע שאטענס אונטער די אויגען...

הערט מען זיי נישט.

— האט רחמנות — קרעהט דאס הענדעל, — אויף קינדער אין די וויגען! זיי האבען נאך צוטרויען! פון זיי וועלען פאטריא־טען וואקסען, פאטריאטען, ווי איך!

הערט מען נישט —

דער צארן פלאקערט!

אין א צייט ארום;

אָ חורבה וואָלט געוואָרען: וויפיעל געמישטע משפחות וואָל־טען זיך צופאַלען, ווי זאָמד! וויפיעל געלט־שרענק וואָלטען לער געוואָרען!...

און — מיט דאַמען געקומען.

און געקומען איז דער גאַנצער שטאַב פון „איזראַעליטא", דער „נאָווא גאַזעטאַס" שוועסטער. אַן עלטערע, אַ שוואַכערע; קוים זי עטעמט. ערשט נישט לאַנג אויפגעשטאַנען פון דער הינער־פלעט. פון דעם זשידאָווסקי אָרגאַן אויף דער לעש — קיינער נישט גע־קומען. גנה, געטרוי אַ ליטוואַק! געהייסען דרוקען וואָהל־אויפרו־פען, זאָגט ער: לאָז! אַרויס די אידישע מעהרהייט, האָבען זיי גע־טאַנצט! פאַר דאַס —

עטליכע קאַפּאַטקעלעך פון הייליגען גרזשיבאָוו!...

מען פאַרגעסט זיי אָנצוגיסען. אַלץ איינס! זיי גיסען סיי־ווי אין בוזעם אריין: יין נסך! מען פאַרגעסט זיך מיט זיי אָנצו־שלאָגען! בע! פאַר דאַס בליצט צו פון צייט צו צייט אַ ליעבער דאַמען־שמייכעל; ווערעמלעך קריכען איבער'ן לייב! געהט דורך איינע און ריהרט, נישט גערנווילעג, אַן מיט דער בלויזער האַנט,— אַ היץ געהט דורך די ביינער!

ווערט התלהבות, ווערט אחדות, גרילט מען מיט:

— נאַ פּאַהיבעל ציוניסטאָוו!

— נאַ פּאַהיבעל ליטוואַקאָוו!

— ניעך זשיע אַסימילאַציאַ!

און עס ווערט בגלופין; פאַלען פלוצלונג שליחים אריין:

— ד נאַלעווקעס האָבען אויפגעהאַנגען פינף פאַרקויפער!

האָפּען זיך אַלע אויף פון די שטולען, אויסער איינעם, וואָס איז שוין לאַנג אונטער'ן טיש געלעגען, שפּרינגען זיי אויף. שמע־טערען די כוסות, כאַפּען פון די רעדאַקציע־טישען פענעם, שנייד־מעסער, שערען... דאַמען — די נאָדלען פון די היט, די טאָפּעלטע — פון די האָר אַרויס...

צעפּ פאַלען צו דער ערד, הויבט מען זיי אויף, אָנשטאָט ביטשלעך...

און מען לויבט —

— די געהאַנגענע אָפּצושניידען!

אויף פינף לאמטערן. לעשען זיי זיך אויס, די פינף, פאר דער צייט.

זיי שעמען זיך צו זיין תליות פאר אזעלכע לייט!

הוידען זיי זיך, ווינען זיך אויף די שטאנגען פון אויסגעלאָשענע לאמטערן.

דער עולם ארום — שטיל...

וועקט מיך די שטילקייט, כאפ איך מיך אויף, דרימעל צוריק איין און עס חלומ'ט זיך „נאך מעהר בלאף".

## 19.

## נאָך גרעסערער בלאָף.

חלומ'ט זיך מיר:

אין „נאווא נאזעטא" איז א באל.

דער לאקאל — אילומינירט.

אין די פענסטער — טראנספאראנטען!

אויף די זייטיגע: „ניעד זשיע נאראדאווא קאנצענטראציא" און „ניעד זשיע אסימילאציא!"; די צווייטע וויל זיך עפעס נישט ברענען!

אין דער מיט: קוכארזשעווסקי אויפ'ן פערד!

אזוי רייט ער, ווי דער היילינער יערזשי, — קיין פעטערבורג!

אויפ'ן וועג רייט ער איבער א ליטוואק. מיט דעם שפיז אין דער לינקער האנט שטעכט ער דורך א ציוניסט אין סאמע מגן־דוד, וואס ער טראגט אויפ'ן הארץ. אין דער צווייטער האנט א פאהן: שלאכטא!

און אינעווייניג ווימעלט פון געסט. דאס זענען די אהין נישט געבעטענע; מאכען זיי זיך זייער יום־טוב אפארט. א גרויסער יום־טוב!

נישט דערלאזט צו לקוי חמה! די אידישע לבנה זאל פארשטעלען די פוילישע זון!

פּלעקען, — ווייסט, דאָס זענען טרערען פון ליעבשאַפט צום איינ־
צינגען איך מיט צוטרויען!

איהם האָט מען איינגעלאַדען; ער איז געקומען! ער זיצט
צווישען עולם, א מחותן צווישען מחותנים.

מען פאַרגעסט איהם אָפּטמאָל אַנצוגיסען — זופט ער פּאַמע־
לער, עס זאָל נישט פעהלען! פאַרגעסט מען זיך מיט איהם אָנצו־
שטויסען, שפּרינגט ער אַליין מיט'ן האַלב לערען בעכער אויפ'ן
טיש ארויף און וויל רופען:

— קאַכאַמי שען!

און קוקט זיך אום, זוכט מיט די אויגען, מיט וועמען זיך אָנ־
צושלאָגען, מיט וועמען זיך צו קושען. — לאָזען זיך, וואו ער וואַרפט
זיין בליק, די אויגען אַראָפּ און די וואָנסען הויבען זיך שפּיציג אויף,
ווי די שפּיזען! ווערט איהם די מוטער־מילך גערינען, אַנטלויפט
איהם די נשמה אין שפּיץ־קנעכעל אריין, שלאָגט דאָס האַרץ — אַ
שרעק! דרעהט זיך די צונג איבער. שרייט ער אויס:

— לחיים!

אַ געלעכטער, אַ קאַסקאַדע געלעכטער.

— — — — — — — — — — — — — — — —

פאַר דאָס — אויף די נאַלעווקעס — חשך!
גרימצאַרניג ברוינע פּנים'ער געהען אַרום... אויגען פינסטערע.
דער עולם ברומט: פאַרקויפט! פאַראַטען!
עמיץ רופט אויס:

— אַ טויט די פאַררעטער!

— נעמט שטריק, געהט, בינדט זיי, און ברענגט זיי אַהער!
משפּט'ן זאָל די גאַס!

און די באַריהמטע גמינא־וואָהל־פּאַטשער צולויפען זיך, קומען
צוריק און ברענגען אויף די שטריק נישט מעהר

— ווי פינף!

— דער זעקסטער, — ראַפּאָרטירען זיי, — איז, ווי מיר האָ־
בען נאָר אָנגעקלונגען, געפאַלען אַ טויטער!

ברילט דער עולם:

— כן יאבדו!

און מען נעמט די פינף פאַררעטער... און מען הענגט זיי אויף

כאפ איך מיך אויף: בלאף!
נישט מען גיט פון יענער זייט, נישט די זייט וועט נעמען...
דרימעל איך ווייטער איין, חלומ'ט זיך מיר: ווייטער בלאף!

18.

## ווייטער בלאף.

חלומ'ט זיך מיר ווייטער:

קוכארזשעווסקי פאהרט; די גאנצע קאנצענטראציע, ווי איין מענש באגלייט.

ששון ושמחה אויפ'ן פעטערבורגער וואקזאל; געקושערייען און שאמפאניער, ווי וואסער, און קלינגענדיגע טאאסטען:

— קאכאמי שען!

— ניעך זשיע מארקאוו, אונזער שטאלץ אין די ווייסע האנט־שוה.

— ניעך זשיע נאראדאווא דעמאקראציא קאנצענטראציא...

— ניעך זשיע עגזאיזם נאראדאווי!

— ניעך זשיע — קרעהט אריין א הענדעל.

איך דערקען די שטימע פון הענדעל. דאס איז די שטימע פון אן איינציג מעגליכען איד, וואס האט געהאט, האט, און וועט שטענדיג האבען — — — צוטרויען!

און — צוטרויען פאר צוטרויען.

און ליעבע און באוואונדערונג.

זיין נאמען קלינגט אין אלע ווארשעווער גאסען, איבער דער גאנצער לענג פון דער ווייקסעל. זיין לויב זינגט דער זאמד־שלעפער אויפ'ן שיפעל, און ביים אגלאדען, און ערשט דערנאך אין הויף ביים צוטראגען די זעקלעך. קומט א קאטערינקא — באגלייט זי דאס ליעד מיט א ברען! דאס ליעד זינגט אויך דער פריזירער ביים מאנעקירען, און דאס פרעס־מיידעל ביי מאטילדען, ווען זי פרעסט אייער קראגען און מאנזשעטען. באקומט איהר זיי מיט

און קערען זיך אפּ, און מארשירען צוריק אין קראשינסקי'ס גארטען אריין, וואו מען ווארט אויף זיי...

על נהרות בבל — טפו, ווי עס מישט זיך אוים אין א חלום! ארום וואסערל אין קראשינסקי'ס גארטען שטעהען — די וועהלער, רוהיג הערען זיי אוים דעם „ענטפער", וואס מען האט זיי געבראכט, הויבען די הענט אויף צו די וואלקען און שווערען, טאקע ווי אמאל ביי די טייכען פון בבל:

— זאלען אונז דארען די הענט, אויב מיר וועלען נישט ווארפען קיין שווארצע רעשליך קוכארזשעווסקי'ן, און פארשווארצט זאלען ווערען אונזערע פנים'ער, אויב מיר וועלען נישט געבען דעם אונזערינגען קיין ווייסע!

אפּגעשוירען געהען זיי ליתר תוקף ועוז אויף אן אסיפה אונטערצושרייבען די שבועה —

זיי ריהרען זיך פו. ארט, שפּרינגט שטילערהייט אפיר פון אונטער א באנק ביים וואסערל, וואו ער האט אלץ געהערט, איז בלאטינע קליידער און א צונויפגעדרעהטען צילינדער — דער קאפּעלמייסטער פון דער אסימילאטארישער קאצען-מוזיק, שפּרינגט אויף'ן בערגעל פון גארטען ארויף, כאפּט ארוים א קלינגענדיגע בייטעל פון טאש און רופט, די אפּגעהער זאלען הערען, איבער די אייזערנע שטאכעטען ארוים:

— פינף טויזענט רובעל פאר אן אפּטריניגע שטים, דרייסיג טויזענט פאר זעקס!

און קלינגט מיט'ן בייטעל אין דער לופט.

דערהערען עטליכע הינטערשטעליגע און שטעלען זיך אפּ.

דער בייטעל קלינגט און זיי זאגען: שלעכטע צייטען, פּראַטעסטען! —

— דער גראשען איז כשר!

— הלמאי זכה-בגורל געלט!

און געהען צוריק און פארשווינדען צוזאמען מיט'ן קאפּעלמייסטער — — —

און —

קוכארזשעווסקי פאהרט!

„וואס נידעריגער עס פאלט א פאלק, אלץ דרייסטער און העכער הויבען די לערע קעפ זיינע אוזורפאטישע פארזארגער!

„וואס דערשלאגענער און שטילער עס ווערט א פאלק, אלץ שרייענדיגער און לארמענדיגער ווערען, אויף שרויפען פון עזות און חוצפה, געשמירטע מיט רכילות און לשון־הרע — די מיילער פון די רעדעל־פיהרער, וואס פאשען זיך אויפ'ן חשבון פון געשווירענע שאף."

און —

„וואס ארעמער, דארער און מאגערער עס ווערט א פאלק, אלץ געוויקסיגער און פעטער ווערען זיינע נישט געבעטענע אפוטרופסים, וואס לעבען פון זיין חרפה, און פיטערען זיך מיט זיין שאנד..."

דערמאן איך מיך אן דער נאראדאווער „דעמאקראציע" און— דער „קאנצענטראציע"... —

טראכט איך, קלעפען זיך מיר די אויגען, צי חלומ'ט זיך מיר — — נישט פון רוחות אליין ליידט א שרייבער; נישט מינ־דער פון חלומות.

חלומ'ט זיך מיר א בלאף:

די קאנצענטראציע וואקסט, וואקסט און וואקסט, ביז זי איז אומגלויבליך דיק און פעט, אין הויך געווארען. שטעלט זי זיך מיט א רייט־בייטשעל אין דער האנט, אויף דער קראקאווער פאר־שטאדט, מיט'ן רוקען צו מיצקעוויטש'ן, ער זאל נישט זשענירען!

שטעהט זי אזוי, קומען צו איהר, פון נאלעווקעס און דזשיקא נאסען, פארשטעהער פון די „סעמיטישע" וועהלער; בוקען זיי זיך זיבען מאל און ווילען איהר דערלאנגען א מגלה, מאראליש־פאלי־טיש פארפאסט!

אין חלום בינדען זיך אזוינע ווערטער אויך!

מאכט די נאראדאווקע מיט עכט־פריצישען בטול אוועק מיט דער האנט, און ווייזט מיט'ן רייט־בייטשעל צו די פיס:

— צו די פיס, אידעלע, קריך צו! אויף אלע פיער!

גלייכען זיך אונזערע פארשטעהער אויס, און רופען, די גאנצע קראקאווער פארשטאדט זאל הערען:

— אונזערע הענט זענען ריין! אונזער ווילען איז פריי!

האקטער שויב וועט ביי א אידישען וועהלער דאס הארץ פארצי־טערען!

— פארוואס?

— הערסט דאך, ח"י גדולים א שויב! ח"י גדולים איז געלט! ווייסט, וואס געלט איז טייטש? ווייסט, וואס געלט באטייט? מיינסט, אז אלע וועהלער וועלען מפקיר זיין ח"י גדולים געלט?

— נאר! — שפרינג איך אויף מיט שוים אין מויל, — אזוי רעדט מען פון קדושים'ס אייניקלעך? פון מזרע נהרגים ונטבעים ונשרפים על קדוש השם?

גרינזט ער:

— אמאל איז געווען! און ווייל אמאל איז געווען, איז היינט נישטא! די גרויסע, די הויכע, די שטארקע זענען אומגעקומען על קדוש השם: דערטרונקען געווארען אין אלע ימים, אין אלע טייכען און וואסערען; גע'הרג'עט געווארען אויף אלע מערק, אויף אלע וועגען, אין אלע גאסען; פארברענט געווארען אויף אלע פייערען. און געבליבען זענען — האזען, טכוירען און ווערעם... האזען, וואס ציטערען, ווען עס קלינגט א שויב... טכוירען, וואס קאנען זיך שי־צען נאר מיט'ן שלעכטען ריח, און ווערעם, פאר וועלכע דעם פריצ'ס שטיוועל איז עקסטרא באשאפען געווארען. ער זאל זיי טרעטען. טרעטען, שטענדיג טרעטען. — — — — — — — — — — — — — —
— — — — — — — — — — — — — — — — —

איז עס אמת?

עס איז משוגע צו ווערען! זאגט: איז עס אמת?!

17.

## בלאָת.

זיץ איך מיר און לעז — א כינעזישען לינקען...
די היימישע זענען פון דער מאָדע ארוים!
לעז איך, נאטירליך, אין דער איבערזעצונג:

צווישען טאג און נאכט. איך זיץ אין מיין שטיל ווינקעלע און קלייב, ווי געזאגט, נחת. שיילט זיך מיר פון דער קעגענאיבערדיגער וואנט ארויס דער בדחן; א רוח, וואס איך אליין האב באשאפען.— דער בדחן פון „ביינאכט אויפ'ן אלטען מארק,״ שיילט זיך בולט אויס און לאכט מיר אין די אויגען אריין:

כי־כי־כי! כי־כי־כי!

און הייזעריג פייפט ער:

— א איך וועט נישט פאהרען, נישט פאהרען!

און רייסט זיך באלד אינגאנצען אפ פון דער וואנט און הויבט אן ארומציטאנצען אין שטוב און רייסט פון זיך די ברייטע און לאנגע שלאף־מיץ פון קאפ אראפ, און פאכעט מיט איהר אין דער לופט:

— נישט פאהרען! נישט פאהרען!

און קומט צו נעהנטער צו מיר צום טיש, און שטרעקט אויס די פלאכע לינקע האנט און טייט אויף מיר מיט דער רעכטער:

— אט דא וועט מיר האר אויפוואקסען!

איך שטיין:

— משוגע, מטורף!

— דאס מזל — זאגט ער — האט אייך א בלינדע שקאפע צוגעפיהרט, א בלינדע צופעליגע מעהרהייט; נאר ארויסשפרינגען! און רייטען וועט איהר נישט! בעזעם־רייטער, פרינציפען־רייטער.

— דאס זענט איהר, אבער נישט מעהר!

דער צארן נעמט מיר דאס לשון אפ, און ער רעדט ווייטער:

— א בינטעל שטרוי האט איהר אנגעצונדען! האט עס אויס־געפלאמט, אויסגעברענט, אין ווארשעווער גאס איז נאך א רויך! שטיקט איהר אייך אין רויך!

און נאך א ווײלע:

— הערסט?

און איך הער א קלאנג פון גאס.

— דאס — זאגט ער — האבען אונטערגעשיקטע שקצים'לעך ארויסגעהאקט א אידישע שויב! ח״ו גדולים א שויב! אט נאך איי־נע אויסגעהאקט. נאך איינע!

קיין ערנסטע פאגראמען וועט מען דא נישט מאכען. אבער עט־ליכע שויבען האקען, איבערשרעקען, אדרבא!... און ביי יעדער גע־

און אז דאס נאך קלענערע ביסעל פון קליינעם ביסעל, וואס האט אין זיך מיט אמאל גובר געווען דאס יהדות, אפגעטאן די בושה און איז געגאנגען וועהלען קוכארזשעווסקי'ן — —

אז דאס קליינע ביסעל איז אין די אויגען פון אידישען ווארשוי — פארדעטער.

— — — — — — — — — — — — — — — — — — —

קיין פעטערבורג פון ווארשוי, טראכט איך מיט נחת, וועט פאהרען א איד.

די „מנחה לעשו" איז נישט אנגענומען געווארען. די נארישקייט, וואס מיר זענען באגאנגען, האט קיין שלעכטע רעזולטאטען נישט געהאט.

מילוקאוו'ס איינרעדעניש, אז סוף־כל־סוף וועט זיך געפינען אין דער צאהל פון די פוילישע וועהלער כאטש איין פראגרעסיווער, וואס וועט פארשטעהן, אז עס איז אבסאלוט אוממעגליך צו פארלאנגען פון א פאלק, עס זאל אקצעפטירען און באפאלמעכטיגען זיינע פיינד, אויף זיין פאהיבעל, און וועט אונז פארבינדליך מאכען דאס געגעבענע ווארט—

מילוקאוו'ס איינרעדעניש, טראכט איך, איז נאריש! אין פעטערבורג ווייסט מען נישט, ווער עס האט היינט אין פוילישען ווארשוי; און ווער מען הענגט עס איז אריינגעפאלען די פוילישע געזעלשאפטליכע מיינונג, וואס פאר א פארביסען־שווארצע עס פיהרען דאס רעדעל.

קיין פראגרעסיווער מענש וועט זיך צווישען די פוילישע אויסגעוועהלטע נישט געפינען!

פאהרען — טאנץ איך איבער דער שטוב — וועט א איד!

— ווער?

איך שטעל זיך נישט אפ. מיר איז דערווייל אלץ איינס ווער. איך קען דאס מעהרסט אידישע וועהלער נישט; און וואס איז דער אונטערשיד, ווער עס וועט זיך מוסר נפש זיין און געהען אויף פיין און לייד, אויף חרפות און בזיונות, אויף אויסהערען בלבולים און לשון־הרע!

אבער א איד פאהרט, א איד!

האבען אבער מענשען נאר מיט מענשען צו טון, און שרייבער — מיט רוחות אויך, מיט רוחות, וואס זיי אליין באשאפען!

אבער ווען מען גיט אן כל ישראל?
וואס פאר א כל ישראל?
א בלבול!
„כל ישראל" האבען אויסגעטראכט אנטיסעמיטען...

16.

## איז עס אמת?!

זיץ איך מיר אין א ווינקעלע און קלייב שטילען נחת.
גובר געווען!
די ווארשעווער אידישקייט האט עקזאמען באלעגט.
דאס אידישע ווארשוי האט צו וויסען געטאן ווען מען דארף:
אז די, וואס האלטען נאך צופעליג די לייצען אין האנט, זענען פארט נישט איהרע מנהיגים.
אז דאס אידישע ווארשוי זאגט זיך פאר קיין פאל נישט אפ פון איהר בלוטיג־מענשליכע רעכט.
אז דאס קליינע ביסעל אידעלעך, וואס האט זיך אפגעטיילט פון דער עדה, ביי דער ערשטער קרייציגונג פון די פוילישע אינ־טערעסען, לויט ווי דמאווסקי און קוכארזשעווסקי פארשטעהען זיי, מיט די אידישע אינטערעסען, — מיט די אלגעמיין פרייזיניג מענש־ליכע, —
אז דאס קליינע ביסעל אידעלעך, וואס איז באלד פארציטערט געווארען, געקרעכצט שטילערהייט: אוי לי מיצרי, — פאר'ן פריץ, וואס האט מיך באשאפען, פאר א לייט געמאכט, אין פאדערהויז צו זיך אריין אריינגעלאזט און אויף דער ווארשעווער כנסת־ישראל רייטענדיג געזעצט און איז „אפגעשטאנען" —
אז דאס קליינע ביסעל אידעלעך, וואס האלט דאס אידישע ווארשוי פאר טבוירען, פאר האזען־פלייש און איז זיי מבטל כעפרא דארעא —

ניִשטאָ!

כּל ישׂראל איִן איין זאַק אַריין געוואָרפען!

און אַט כאַפּט דמאָווסקי דעם זאַק אויף די פּלייצעס און אַ טראָג צו דער ווייקסעל...

צי ער כאַפּט, אָדער ער מאַכט זיך נאָר כאַפּענדיג, און אויב ער מיינט מיט אַן אמת, צי ער האָט געגוג ברייטע פּלייצעס און ווערט דערטראַגען, צי ווערט די וואַסער־פּאָליציי לאָזען פּאַראָומריי־ניגען די ווייקסעל, — נישט פון דעם רעדען מיר אַצינד!

מיר רעדען פון שמחות, און שמחות זענען געווען...

נאָטס גנאָד איז גרויס!

שטיינער פון הימעל זענען געפאַלען, אָבער נישט מיט אַמאָל אויף אַלע אברים, קיין סקילה איז נישט געווען, — האָט מען זיך טאַקע געפרעהט: אַלע אברים, אויסער דעם, וואָס האָט באַקומען.

און דערביי — אַ גלייכוואָרטעל!

עס האָט באַקומען אַ האַנט —

— אַ מצוה! דאָס אַנדערע מאָל כאַפּ נישט!

אַ פּוס: —

— לויף נישט! פון איילעניש קומט קיין גוטס נישט אַרויס!

אַן אַרויסגעשטעקטע צונג:

— רעד נישט! אַ צונג דאַרף זיין פאַרביסען! ליגען בין המצרים, צווישען די ציין!

אַן אויג —

— כּשר פאַרדינט! קוק נישט, וואו מען דאַרף נישט...

דער קאָפּ —

— זעהסט? ס'אַנדערע מאָל טראַכט נישט! פאַר הוריות שטראָפט מען!

דאָס האַרץ —

— אַ מצוה! קלאַפּ נישט! זיי קיין נאַר נישט, שלאָג קיין „טרעוואָגע“ נישט!

אָבער, — ווי געזאָגט, — קיין סקילה נישט...

אין סך־הכּל האָט אפילו מיט דער צייט באַקומען דער גאַנ־צער גוף: אַלע אברים — צוקיילט, צובייזלט, נע'ניזוק'ט געוואָרען כּל ישׂראל. — — —

געהאלפען האט דער „בעור חמץ" נישט! כשר זענען מיר אין פרעמדע אויגען נישט געווארען, אבער א נקמה דערלעבט האב'מיר. געפרעהט האט מען זיך. מען פרעהט זיך נאך!

דערנאך האבען די ציוניסטען געכאפט א שטיקעל מפלה. עס האט זיך אויסגעוויזען, אז אין די קאלאניען אין ארץ־ישראל אר־ בייטען אראבער. און א דלות! די קאלאניאל־ מיט דער נאציאנאל־ באנק צוזאמען האבען עד היום ווניגער געלט און א קלענערען פארטפעל פאר'ן מינדעסטען פון די גרעסטע באנקירען! און דעם פאשא פון ירושלים, וואס האט אין זיין געגנאד לייטזעליג צוגע־ שאקעלט מיט'ן קאפ צום ציוניזם, האט מען שיער נישט ארויסגע־ טריבען, — א ליעבער שמייכעל האט זיך עס צוגאסען איבער כל ישראל, נאטירליך אויסער ציוניסטען...

דערנאך האט זיך געפרעהט כל ישראל, אויסער חובבי שפת עבר. עס האט זיך אויסגעוויזען, אז אין פאלעסטינא רעדען אידען אראביש, און בכל תפוצות ישראל די חובבי שפת עבר — טערקיש!

דערנאך א נקמה אין רעדאקטארען און שרייבער — אידי־ שיסטען! מען איז געוואר געווארען, אז זייערע אייגענע קינדער קאנען קיין אידיש נישט; רעדען און לעזען נאר פויליש, ממש ווי אין די גרעסטע חסידישע הייזער!

און שפעטער, די מפלה פון קאטאוויץ!

געמאכט א בורא! זיי ווערען געפינען אין קוילען־גרובען אר־ בייט פאר אידען אין לייבצודעקלעך. א בוידעם! ביי דער ערש־ טער פרואוו ארייגעפאלען! און כל ישראל אויסער די „משומדים," האבען געקאכט!

און היינט, די מפלה פון די ווארשעווער אסימילאטארען?

נאטירליך, נישט פון אונזערע הענט. מיר שיסען מיט שטרוי! אבער, ווי עס איז, א נקמה דערלעבט!

אט ערשט נעכטען, דאכט זיך, האט גאנץ ווארשוי געקלונגען מיט ליטוואקעס. דאס האלב־ און גאנץ־אסימילירטע פוילישע אידיש האט זיך געפאטשט אין בייכעל אריין: נישט מיך מיינט מען! דעם שעיר לעזאזל — „די געכשע גאס!"... נו, ארדרבא, נעמט און צינדט אן א לאמטער און געהט און זוכט היינט אין דער פוילישער פרעסע א ליטוואק אויף א רפואה!

אזוי פון אלעם ארום פארגעסען, אזוי איינגעטונקט אין גרויקייט, איינגעוויקעלט אין עצבות, אז — חרפה אן א זייט! מען איז געלאַפען זוכען יום־טוב־שטימונג ביי די גערער, שמחה — ביי בעלזער, און דעם אמת׳ען ברען — ביי זוואלינער... פאר־א־יאהרען האט מען אין די שטיבלעך ביי די געסט קעלנער געריסען, ציצית געזוכט און מן־הסתם נישט געפונען און געהייסען קושען די מזוזה פון יע־נער זייט טיר. דאס יאהר — אהבה, אחוה, שלום ורעות...

געוואונדערט זיך אביסעל, געקוקט מיט חשד: אפשר אויס־שפירען געקומען? חוזק מאכען?

ניין! נישט די צייטען פון חוזק! פארבענקטע בלאסע פנים׳ער שפעטען נישט!

און —

„הענט אויף אקסעל״ צוזאמען — א טענצעל געכאפט, עפעל געגעסען, אביסעל משקה גענומען... —

— — — — — — — — — — — — — — — — — — — — —

און דער עיקר שינוי פון א גאנץ יאהר איז געווען דאס ביסעל משקה!

ווארים, גלאטע, טרוקענע שמחות אויף כל־ישראל האבען א גאנץ קיילעכדיג יאהר נישט געפעלט.

קיין ישועות ונחמות פון דרויסען ניט געווען! ניין!

אדרבא, דאס תוכחה־פעסעל האט, דאכט זיך, דעם שפונט פארלוירען און עס האט געגרונען און עס האט זיך געשיט, אבער צו דעם איז מען געוועהנט...

געווען פאר דאס היימישע שמחות! וואס זיין ליעבער נאמען ניט א טאג! עמיצער פון אונז, אחוץ די צרות הכלל, — עמיצע־פון אונז — א פרט, געהט אין גאס, גליטשט זיך אויס, שטרויכעלט, פאלט — פארשטעהט זיך: לאכט מען! כל ישראל האלט זיך ביי די זייטען, אויסער, נאטירליך, דעם געפאלענעם!

אט האט זיך אויסגעקערט דאס טעפעל מיט דער רויטער פארב, פאר וועלכע אקסען ציטערען און פאלען אין שגעון. א שמחה! פטור געווארען א חמץ! די „שקצים,״ ווען זייער צייט איז געווען, האבען דאך דעם בעלעמער פארכאפט! אלטע אי־דען מיט ווייסע בערד מיט בייטשלעך אין שולען און בתי מדרשים אריינגעטריבען, צו הערען זייערע דרשות!

צייט וועט קומען צוריק, אז אויף איהר גאס וועט א יום־טוב זוע־רען, אז זי וועט צוריק באקומען די לייצען אין דער האנט אריין און כתר־תורה וועט געהויבען ווערען איבער כתר־מלכים...

ווארט מען...

און ווארטענדיג, איז דאס לעבען א גאנץ געהענדיג יאהר נישט ווי אונטער דער זון!

ווארים א גרויסען חסרון האט זי, די בת מלכה. נאך שפל׳דיג און מישט זיך אומעטום אריין. וויל אין אלעם א דעה האבען, אפילו אין מאס און וואג!

און זי זאל עס האבען דעם מינדסטען באגריף פון משא ומתן, פרעגט זי בחרם, וואס א וועקסעלע איז, וואס פרנסה איז טייטש!

פאלג זי, און דו האסט דריי קישענס, זאלסט דו שלאפען אויף איין קישען און דיין משרת אויף צוויי!

פארשטעהט איהר דאך, וואס פאר א דרך־ארץ עס וואלט גע־ווען!

מילא, קריגט מען זיך.

אפילו א חרפה פאר לייט; וואס זאל מען אבער טון? לעבען לאזט זי נישט!

קומט דאך אבער אויף אלעם א צייט; אויף שלום אויך.

יום־כפור געווען!

ערב יום־כפור זיך מיט אלע איבערגעבעטען; מיט׳ן תורה׳לע אויך!

פון יום־כפור ביז הושענא־רבא פאסט זיך נישט צו קריגען... איז שמחת־תורה טאקע: הו־הא! אמת זיך געפהערט מיט׳ן תורה׳לע! און, דעם אמת זאגענדיג, דאס יום־טוב׳דיגע, דאס שמחת־תורה׳דיגע תורה׳לע, אין יום־טוב׳דיגען מאנטעלע געהילט. מיט דעם גארטעלע ארומגעוויקעלט, מיט דער זילבער ברעסט באַ־האנגען, מיט׳ן כתר מיט גלעקלעך באקרוינט, — איז טאקע א שעהנקייט — א מלכות מיט חסד! גלוסט זיך טאקע צו כאפען מיט׳ן מלכות א טענצעלע.

אין חסידים־שטיבלעך האט מען סופיטען איינגעבראכען...

און נישט נאר חסידים אליין!

פון דער ראדיקאלער יוגענד זענען מאנכע געקומען! דער־פיהלט עפעס א פוסטקייט, דערפיהלט זיך עפעס אזוי פארלאזט.

שווערד פון שייד. מיר ווילען א אידישע אלף־בית־שול. אידישען אדרעסען אויף דער פאסט... פ:ן מאטעריאליסטיש ־ היסטארישען שטאנדפונקט געקוקט...“

גערענקט איהר, וואס איהר האט געזעהן, מאדאם? ניין? אבער געפלאפּעלט האט איהר, נאכגעפלאפּעלט...

און אצינד אייערע גדולים נישט דערקענט!

דאס איז דער וויץ!

דער סעזאן וויל: מען מוז זיך איבערפארבען צוליעב סעזאן אויף נרוי אידיש...

— — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — —

ווייסט איהר וואס, מאדאם?

וואס שאדט אייך, ווערט באמת א בעל־תשובה. עס קומט אזא יום־הדין, געהט אין שול אריין, שלאגט אייך מיט'ן דארען פויס־טעל אין הארץ־ברעטעל אריין, און פלאפּעלט: על חטא אויף די פארגאנגענע יאהרען.

און קומט איהר צו... „במפשות פה“ — גיט א שטארקערען קלאפּ!

16.

## נאך שמחת תורה.

האבען מיר, הייסט עס, זיך מיט דער תורה געפרעהט?

ישראל ואורייתא!

אז אלט פאר־פאלק און פול „חסד נעורים“! נישט געג:מען, חס־ושלום, קיין אלמנה, קיין גרושה; ביי קיינעם קיין ווייב נישט אפגערעדט.

און א מיוחסת דערצו.

מען דערצעהלט, אז נאך איידער די וועלט איז באשאפען גע־ווארען, האט זי כביכול ביי זיך אויף דער שויס געהאלטען, געשפּילט זיך מיט איהר, און שפּילענדיג, זאגט מען, איהר צוליעב די וועלט באשאפען. להראות להעמים והשרים את יפיה. אמת, היינט, נע־בעך א יורדת. נאר. נאר שפּל'דיג. גלויבט מען דאך אבער, אז איהר

מיר ווילען מעהר נישט לײדען!

די מאראל פון ליידען, איז די מאראל פון קנעכט. מיר ווילען הערען־מאראל, קראפט, מאיאריטעט, הערשאפט!

און האב׳מיר נישט איבערגעטײטשט און געענדערט די ווערטען? האב׳מיר נישט פון הייליגען לאנד פאטערלאנד געמאכט, פון דער הייליגער שפראך — פון דער תורה־ און נביאים־שפראך — א כריסטאמאטיע־ און גאסען־שפראך?

און, אנגעטאן אין א געלעהרטער טאגע:

— דא קאן מען נישט ארויף צום גרויס־קאפיטאל און נישט אראפ צו דער פאבריק! דא מוז מען פארלוירען ווערען, אויסגעהן ווי א ליכט, דא איז אהן האפנונג, דא מוז זיין שמד!

פינקטליך פאראויסגעזעהען, ווי א הונדערט־יעהריגער לוח! דערנאך — נאציאנאל, ככל הגוים׳דיג.

— מיר זענען א פאלק, ווי אלע פעלקער. נישט ווייניגער און נישט מעהר.

— א נאציאן, נישט אפהענגיג פון רעליגיאן און וועלט־אנשויאונג... מיר זענען נישט נארמאל, מיר ווילען עס ווערען! מיר ווילען לעגנער אויף אונזער אקסעל נישט טראגען קיין לאסטען: מאזיזם, מאנאטעאיזם; גענוג גארבאטע! מיר ווילען קיין פלאקער און קיין שטורקאצען פאר די אומות העולם נישט זיין.

„אתה בחרתנו" האט אויסגעקלערט די אסימילאציע (און געוויס אריינגעשמוגעלט אין סידור!). די מיסיע האט אויסגעטראכט א דייטשער פראפעסאר (געוויס זענען די נביאים די ערשטע דייטשע פראפעסארען געוועזן). די פילאסאפיע אין אמעריקא איז נאך ווייטער געגאנגען: משומדים קאנען זיין נאציאנאל־אידען...

„אין פאלעסטינא וועט געשטעלט ווערען די פראגע און זיכער ליבעראל פארענטפערט ווערען! גלויבענס־פרייהייט! רעליגיאן איז פריוואט־זאך, די נאציאן איז סאציאל!"

און אין רויטען מיצעל:

„אידישקייט... פאלקס־נשמה... טראדיציע, ראסען־וועלט־אנשויאונגען — אפגעריבענע מטבעות אין סאציאל־שטאט וועט זיי זאמלען דער נומיזמאטיקער. רעליגיאן, מאראל, וועלט־אנשויאונג — אז אפגלאנץ פון דער פראדוקציאנס־פארם און איהר רעכטפארטיגונג און פארטיידיגונג... נישט פאר אזוינע ווערטען ציהען מיר די

— קינדער פלאפלען!

דעם רעכטען וויץ האט אונזער היינטיגע איינגעמאכטס־פרעג־לערין, מאדאם פלאפעל — אונזער פובליציסטיק, געמאכט. מיט אמאל זיך א הויב געטאן. מיט די אויגען הינטער די גלעזער — א בליץ, די הענט — צואווארפען, דאס מויל געעפענט און א געשריי געטאן:

— שקצים!

— סטייטש, — צוהיצט זי זיך — די אידישקייט אליין האט גאר קיין ווערט נישט?

— — — — — — — — — — — — — — — — — — — —

דער וויץ איז: חוזק האט זיין איינציגען זוהן נישט דער־קענט! די הון, וואס האט זיך אזוי לאנג געריבען אן פרעמדע ווענט — איהרע טויטע אייער!

מאדאם פלאפעל, עס זענען דאך אייערע גדולים!

ווער האט מבטל געמאכט די אידישקייט, אז נישט איהר, מאדאם?

איהר פארבט אייך איבער צו יעדער סעזאן אייער קליין בי־סעל האר אויף אן אנדער פארב; אויף אן אנדער קאליר, און גערענקט אפילו נישט, אין וועלכער פארב איהר האט די אייער גע־טראגען, און שפעטער אונטער די פליגעל געווארעמט!

איך וויל, און וועל עס אייך דערמאנען, מאדאם.

אמאל האט איהר זיך געפארבט חבת־ציונ׳דיג. אחד העם און זיין אלט־העברעאיש־אידישקייט.

עס איז אויס מאדע געווארען. דער חבת ציונ׳דיגער מאנטעל אויפ׳ן ספענסער־אונטערשלאג איז אוועק אין רומפעל־קאמער אריין. איהר האט אייך געפארבט ציוניסטיש, הויך מאדערען פאליטיש: געביטען אידישקייט אויף רעאלע פאליטיק, פאר די, וואס ווילען נישט און קאנען נישט...

האט מען אייך פארגעווארפען, אז איהר טאנצט צוריק אויף הינטער־פיסלעך, האט איהר אייך ראדיקאל געווערט. סטייטש, מיר רעוואלוציאניזירען די מאסע, רייסען זיך אפ פון משיח־חלומות, פון ירושלים, אויף נסים געבויט... פון אלטער אידישקייט! פון אלטער הייליגקייט! מיר ווילען לאנד און שפראך!

געווען אויך א ניטשע מאמענט!

איז נישט עפעס שלעכטס דאביי?

נעמען די אידען אַז דעם שטיקעל בעל־עגלה ביים קנאַפּ פון עשר־פּעלצעל:

„וואונדערט אייך נישט און שרעקט אייך נישט, ר' יענקעל... און ציטערט נישט. די זאַך איז אַזוי: איהר האָט אייער זוהן אַפּגעגעבען אין די שקאַלעס אריין. ער וועט אודאי בשלום ענדיגען, און ווערען א שררה אַ גרויסער, א קרוב למלכות... זע'מיר אייך געקומען בעטען, איהר זאָלט זעהען, און טאַקע מיט'ן כח פון כבוד־אב, ער זאָל אידען קיין שלעכטס נישט טון!"

גיט זיך ר' יענקעל א הילבענדיגען זעץ מיט דער פויסט אין האַרץ אריין:

„כל־זמן איך לעב!"... און פאַרכליפּעט זיך — —

און די איינגעמאַכטס־פּרעגלערין צוכליפּעט זיך אין איהר ווינקעלע, וואו זי האָט זיך פאַר די מכובדים באהאַלטען, און שרייט קוים אויס:

„סיידען איך בין קיין מאַמע נישט!"

דאָס איז געוועזען פאַרצייטענס.

און היינט? היינט, אין דער צייט פון אַפּטריניגקייט, האָבען זיך ערגעץ צוזאַמענגענומען עטליכע סטודענטלעך. וואָס קאָנען זיך נאָך נישט ראַזירען. נאָך מיט דער מוטערס, גיכער — דער אַמס מילך איבער די פרישע ליפּעלעך, — צוזאַמענגענומען און ארויס־געגעבען צו כל ישראל אַ מאַניפעסט:

— זיי וועלען נישט אַפּטרעטען!

זיי וועלען נישט אַוועקגעהען צו כל טוב און איבערלאָזען די כנסת ישראל עלענד און פאַרשמאַכט. זיי בלייבען!

זיי ווילען קיין איינגעמאַכטס נישט!

מיינט איהר אפשר, אַז בכאן לאַכט מען. אָבער גאַר „לא"!

עס איז טאַקע אַביסעל קאַמיש. מיט אַ פּאַסט־טאָג צו שפּעט! שמד ווערט אויף דער וועלט־בערזע וואָס א טאָג ערגער נאָטירט. הערט אויף סחורה צו זיין. מען גיט קיין איינגעמאַכטס נישט. קאַסאַ טרייבט ארויס פון מיניסטעריום דריי אַלטע משומדים. די נייע שרייבט מען אין אַטעסטאַט „איז יעווריעיעוו" אַפּגעשטעמ־פּעלט! אָבער יונגהייט—נאַרהייט. ווי זאָגט שלום־עליכם'ס אידענע?

לייכטען זיך און אנדערע זאָלט איהר אליין!

— — — — — — — — — — — — — — — — — —

און „שכינתא בגלותא"!

פּרואווט, נעהמט אין שול אריין און באַפרייט זיך פון שלעכטע הענט! — — —

.1912

## 15.

## צייטען און זייערע וויצען.

יערע צייט האָט איהר טראַגעדיע און איהר פּאַרס; איהר ערנסט און איהר וויץ.

מיט צייטען צוריק, ווען די שולען און בתי־מדרשים זענען נאָך פול געווען מיט תורה און אידישען כבוד, ווען תורה איז נאָך ווירק־ליך געווען, ווי דאָס אַלטע וויגען־ליעד זינגט, די בעסטע סחורה, און דער בעל־הבית׳ישער יחוס — די קאַרפּען־קעפּ פון דער מזרח־וואַנט, האָבען געפיהרט דאָס רעדעל, — האָט זיך געטראָפען, אז א „פּאַר פּאַלק" פון „המון", פון גרויעם עולם, — ער — א שטיקעל בעל־עגלה, דאָס ווייב — אַן איינגעמאַכטס־פּרעגלערין — האָבען גענומען זייער בן — א בענאָק — און נישט האָבענדיג וואָס אַנצו־ווערען, אָפּגעשוירען, איבערגעטאָן אין בגדי מלכות און אָפּגעגעבען אין גימנאַזיע!

עס האָט געמאַכט א רושם...

איז עס פּונקט געווען עפּעס אזוי פּורים־צייט, חוזק האָט זיך געוויגט אין דער לופט — געהען צוויי לצים־בעלי־בתים, וואָס דער האָבער האָט זיי געשטאַכען פאַר וואָוילטאָג, טוען זיך אָן אינמיטען דער וואָך בגדי שבת ויום־טוב; געפּוצטע שיך אויף שפּאַנגעל־ווייסע זאָקען, א קאַפּטען מיט זילבערנע סטראַקעס, א שטריימעל מיט זילבערנע האָר, רויטע פראַנצויזישע פּאַטשיילעס אין די הענט, און נעהען מיט א וויזיט צום פּאַר־פּאַלק.

ווערט א מהומה אין שטוב: וואָס באַטייט דער האָנער, דער גרויסער כבוד?

ציאן... פאלק איז נאך קיין נאציאן נישט, ווי א הויפען אנגע־וואָרפענע שטיינער — קיין טעמפעל. אין זייער אפגעריסענקייט פון זיך אליין, פונ׳ם טיפען אינעוועניגסטען... אז אפוואָרפענדיג די ירושה פון דורות מאגנאטען. פאראָרעמען זיי זיך, ווערען זיי קבצנים — — —

זאגט זיי אליין! — האקט מיר מיין אינטערוויוער איבער—נאר רעד קלארע דבורים, וואָרף נישט קיין בליצען — — —

און הויבט זיך אויף און געהט ארויס באשיינפערליך — צארניג.

— — — — — — — — — — — — — — — — —

ניין, און טויזענט מאל ניין!

איך האב קיין געדאנקען נישט צום מאטריצירען, און איך וויל פון אייך קיין סטערעאטיפען פאר מיינע אידעען נישט מאכען.— איך וויל אייך נישט פאר קאטארינקעס צו מיינע ליעדער, און רעד אין אייך נישט אריין, ווי אין פאנאגראפען, איהר זאלט, ווען מען וועט אייך אנדרעהען, איבער׳חזר׳ן וואָרט ביי וואָרט און שטענדיג דאס אייגענע...

אידעען מוזען לעבען! וואקסען!

ווער עס זייהט, וואָרפט נאר זאמען! נישט קיין צוקייט ברויט און נישט קיין בלומען־שטאנגען.

און איז די ערד נישט קיין שטיק פעלז; נישט דורכגעברענט און נישט א ריהרעוודיג טרוקענער זאמד, איז זי מוטערליך זאפטיג און פרוכטבאר, נעמט זי שטיל דעם זאמען צו, פארשליסט איהם געהיים אין איהר שויס, און נעהרט איהם און גרויסט, און הויכט. און קומט די צייט, שפראצט און בליהט עס, שפארט עס ארויף און ארויס, און באפרייט זיך, און לעבט!

און אויף אייך, ווי אויף יעדען איד, אויב נישט מעהר, קוק איך, ווי אויף חנוכה־לעמפלעך, שולחן־ליכט, און שבת׳דיגע בענש־ליכט, נאר אויסגעלאשענע שלעכטע, שלעכטע ווינטען האבען גע־בלאזען...

נישט אייער ליכט, אייער צוריק־אנצינדער וויל איך זיין! מיט בליצען וויל איך אייך אנצינדען...

„מען דערקענט דיך שוין! אז אנדערער געווארען", זאגט מען... „שוין נישט אונזער!" — —

גלייך איך האב אמאל מיין אידיש פרצוף־פנים פאר'ן עולם פארהילט; גלייך איך האב מיך אמאל עמיצען אין המץ אריין פאר־קויפט; דער מאדאם פובליקומס פארבען געטראגען, איהרע פענער אין גאס?

אבער וואס אמת איז אמת! א שפאר ביסעל ליעבשאפט צו מיר האט זיך איבערגעשמאלצען אין א בארמהארציג באדויערען:

נעבעך, זאגט מען, פרום געווארען!

איך שטעה אויף, הייב אן ארומצושפרייזען איבער דער שטוב און גיס אויס מיין בייז הארץ:

איך בין נישט פרום געווארען! געה אראפ און זאג זיי!

איך האב קיין שטריימעל־מוסר נישט געפרעדיגט, קיין רעלי־גיעזע פארמען נישט אנגעווארפען...

זאג זיי, אז מיך שרעקט נישט דער פרייער געדאנק, ווען אפילו ער זאל אויסשטרייקען די האנט צום טעלער'ל פון הימעל...

אז דער מענש, וואס בלאנדזשעט ארום מיט א בלוטיגען פרא־גע־צייכען, איז מיין פריינד...

אז איך ווייס, אז די מלאכים, וואס פאלען פון הימעל אראפ, זענען נישט פון די קליינע; די בלייבען שטענדיג אין שורה און שפרינגען קדוש...

אז מיך שרעקט נאר און שטויסט אפ דאס טעמפע הילצערנע „ניין"! דאס ביליגע, גראשענדיגע שונד־אפיקורסות. דער פאר־גילטער דלות פון בלייערנעם פויגעל, וואס האט זיך אנגעפיקט מיט מאדערנע ביליגע שמות און שרייט: אט פליה איך, אט הויב איך מיך! און ליגט אין בלאטע.

זאג זיי, אז איבער דער רעליגיאן זענען פאראן וועלטען. אבער אונטער איהר — פיה־ און פערד־שטאלען. אז פריי דענקען איז דראמאטיש, צווייפלען — טראגיש; אבער די הילצערנע, עם־הארצ'ישע זיכערקייט געהערט צום פארם...

אז טרוקענע קעפ ווארפען זיך און פלאטערען, ווי די אמאליגע ציטער־נאדלען אויף דער באבע יאכנעס שלייער...

זאג זיי, אז מיר טוט וועה זייער אפגעריסענקייט פון דער נא־

## 14.

## אַ וכוח.

— דין — דין — דין!

איך שפּרינג אויף. עפּעז — אַ גוטער פריינד איז געקומען. יום־טוב. און ער איז עפּעס גאַרנישט יום־טוב'דיג.

„ריהרעוודיג," זאָגט ער, זיך זעצענדיג, „איז די אידישע מאַסע"...

„ווי אַ טרוקען זאַמד," העלף איך איהם אונטער.

„עס ענדערט זיך אַזוי לייכט. ווי: דאַס וועטער!"

און, — מיר גלייך אין די אויגען קוקענדיג:

„אין איין שעה קויפסט דו דיר אַ וועלט; אין איין שעה פאַרלירסט דו זי..."

איך וויים, וואָס ער מיינט.

עס האָט זיך מיר אַ רגע פאַרגלוסט אַ שול־קלאַפּער צו ווערען. „אין שול אריין" רופען און — אויס וויירויך, אַ האַלבע פּאָפּולאַריטעט — אביסעל מענשען־שוויים פאַרלוירען.

מיין גלאָק ביי דער טיר קלינגט נישט אַזוי אָפט. די גאַס מורמעלט.

רעד איך, שאָקלען זיך שוין אביסעל קעפּ אין דער ברייט. נישט אין דער לענג. איך מאַך פייער, — נישט אַלע ברעמען הויבען זיך אויף. נישט אַלע אויגען פלאַקערען. שרייב איך—, לעזט מען און מען מורמעלט...

הייסט עס — זאָג איך צו מיין אינטערוויוער — אַז איך דאַרף נאָך נישט געהן אין מיין רוה אריין. נאָך דאָ עפּעס צו טון. מיינע ליעדער זינגט נאָך נישט דער הויף. מיין געזאַנג האָט נאָך די קאַטערינקע נישט אויפגעכאַפּט, ביי מיין מוזיק טאַנצען נאָך נישט קיין פאַרלעך, און מוטערס וויגען מיט איהר נישט איין קיין קינדער. עס הויבט זיך אַן אַ נייער קאַמף!

מיין באַקאַנטען געפעלט נישט מיין שפּאַס. טרויעריג קוקט ער מיר אין די אויגען אריין:

נישט קענען פראגרעס און נישט קענען דעם אלעם, צו וועלכען איהר שטרעבט!

פאר'ן רעליגיעזען געדאנק דארפען גאנץ אנדערע ציטערען. פאר'ן איבערמענשליכען געפיהל — גאנץ אנדערע.

איהר האט, פער טעות, די ראלען פארטוישט...

נעהט דאוונען!

וועהרט אייך נישט קענען הארציגע טרערען... זאמעלט זיי ווער אדער נישט — איהר וועט דערהויבען ווערען!

נייגט צו אייער אויער צו די „סיני־נגונים.“ זיי זענען אזוי מענשליך־הארציג און ריין.

ארעם?

ארעם איז דאס פאלק, נישט די שול. ארעם איז דאס פאלק, נישט זיינע רעליגיעזע געדאנקען; אין קעניגליכע קרוינען געפינט איהר אזעלכע בריליאנטען נישט. די פערעל פארמאגט נישט דער ים...

ארעמקייט איז נישט קיין שאנד.

אין זייט איהר נאך ארעמער און האט קיין ארט נישט אין שול, און קאנט אפילו פאר אן ארט אין א מנין נישט באצאהלען. און איהר געהט אין פארק, צי אין די „לאזינקעס“ אריין, געהט! נאר נעמט א תנכ'ל, נעמט מיט א סדור'ל. קוקט אריין, בלעטערט דאס תנכ'ל דורך, און זעהט: צי איז דא ערגעץ א געבאט, איהר זאלט הונגערען? צי האט גאט ערגעץ אנגעזאגט, א מענש זאל פרירען פאר קעלט? און קומט צום נביא צו, און הערט זיינע רייד: צי שטימען זיי נישט מיט אייערע געוואלדיגסטע האפנונגען, ברייטעסטע און וויטסטע חלומות? און דאס סדור'ל עפענט, צי בעט עס נישט אייער געבעט!

פריי ווילט איהר זיין?

איז אנגעווארפענע אפיקורסות נישט קיין צוואנג? נישט קיין יאך, גלייך מיט אנגעווארפענער פרומקייט?

פיהרער צווישען שלוכטען, איבער בערג־שפּיצען, איבער פעלזען־שפּאַלטען און אָפּגרונטען. זיי שטייגען איבער דער גרענעץ, וואו ווייץ וואַקסט און קאָרן, איבער דער גרענעץ פון טויבען־נעסטען און פייגעל־געזאַנג... געפעהרליך איז זייער וועג, וועלכען זיי גע־גען איבער אליין פאַר זיך, אויפ׳ן אייגענעם חשבון און פאַראַנט־וואָרטליכקייט...

פאַראַן מענשען — נאַקעטע נשמות... נשמות, וואָס ליידען קיין פאָרמען, קיין צייכען, קיין סימבאָלען און זענען אליין אינ־האַלט, די כונה אליין. זיי עטעמען מיט גייסט און לעבען אינ׳ם גייסט — זיי דאַרפען נישט קיין נוסח און קיין מחזור. זייער לעבען אליין איז שוין געדאַנק און געבעט...

און פאַראַן מענשען מיט ווילען. זייער ליפּ האָט א מלאך מיט א ברענענדיגער קויל פון מזבח באַריהרט; די נשמה מיט גאָטס ליעבע און מיט גאָטס צאָרן אַנגעצונדען, און פון צייט צו צייט געהען זיי אַזיינע לעבעדיגע פלאַקערען אַרום איבער דער וועלט און שאַפען... אַלץ, די וועלט און דער מענש, איז פאַר זיי דאָס, וואָס דאָס שטיק ליים פאַר׳ן קינסטלער — נייע פאָרמען מוזען ווערען באַשאַפען, אַלטע מוזען אָפּטרעטען, דאָס ליים — איי־בערגעקנאָטען ווערען...

זייט איהר דאָס?

ניין...

**איהר זייט נישט איבער׳ן רעליגיעזען געדאַנק, נאָר אונטער** איהם... איהר זייט קיין איבערצייגטע אפּיקורסים נישט; איהר גלויבט אין אפּיקורסות. איהר האָט קיין העכערע וועלט־אַנשוי־אונג נישט געפונען. איהר האָט צושטערט אין זיך דאָס עדעלע און שעהנע און ווילט עס נאָך אויסוואַרצלען, נישט האָבענדיג קיין בעסערען זאַמען צו פאַרזייהען...

ווייסט ווילט איהר ווערען...

---

פאָלגט מיך, וועהרט אייך נישט קעגען ימים־נוראים׳דיגע־שטי־מונגען... די אידעע, אז עס איז פאַראַן עפּעס העכערס, פאַר וועל־כען א מענש דאַרף זיך אַמאָל אָפּשטעלען, אויף די קני פאַלען און זאָגען: איך האָב געזינדיגט, און וועל נישט מעהר; איך נעם דעם וועג, שטייגענדיג צו דיר... די אידעע איז נישט קאָנסערוואַטיוו,

נען — מנע־זמשא... און די פופצעהן טויזענט פאגראם־עקזעמפלא־רען פון טשענסטאכאוו אין די קליינע „געשלעגן" פון דא און דארט... אלץ, אפילו דאגת פרנסה, ווערט דאך פארטרונקען אין דער שטימונג פון פאר'ן יום־הדין. גאנץ אפט הערסט דו אויף די נאַ־לעווקעס א אידישען קרעכץ, וואס האט גאר קיין שייכות נישט צום שלעכטען סעזאן. גאנץ אפט שטויסט דו דיך אן אן א פארטראכ־טען איד אויף דער דזשיקא־גאס, און דו פיהלסט, אז דו האסט איהם איבערגעהאקט א חשבון־הנפש, נישט קיין קלער וועגען א שטיל באַנקראטעל. אויף טווארדא פארקויפט מען סליחות און מחזורים. אויף דער פראנציסקאנער רייסט זיך פון צייט צו צייט א קול פון א שופר...

נעבעלדיג, גרויליך און פייכט. און אין זאקסישען גארטען שפאצירען ארום נישט פארנומענע האלבע און פיערטעל אינטעלי־גענטען, ארבייטער אהן ארבייט, מיידלעך אין דער נאדעל־אליי פאר, נאך און אינמיטען דער ארבייט... פנים'ער בלאסע, אנגעשטרענג־טע, איינגעשפארטע, ליפען פארביסענע, אויגען מיט בליקען להכעיס'דיגע, שפיציגע... פון צייט צו צייט רייסען זיך אויף א פאר ליפען און עס פליהט ארויס א וויץ, א שטעכענדיגער, א בייזער. עס דערהערט זיך א ווערטעל, וואס וויל עפעס נידעריג מאכען, פאר־שוועכען, באשפייען...

דאס האלט א געוויסער טייל פון אונזער יוגענד מלחמה מיט דער ימים־נוראים־שטימונג, דאס וועהרט זיך אונזער פריש־געבא־קענער בראשורען־ראדיקאל נעגען ימים־נוראים'דיגע געדאנקען און געפיהלען...

נאך וואס? צו וואס?

פאראן מענשען פרייע.

פאראן מענשען דענקענדיגע, זעלבסטשטענדיגע; מענשען — מיט אייגענע געפיהלען און באגריפען, מיט אייגענער בענקשאפט, וואס לאזט נישט צורוה; אויגען, וואס שטעכען דורך די דיקסטע נעבלען פון דער צייט; אויערען, וואס הערען קלאנגען פון די וויי־טעסטע וועלטען... די קאנען בצבור נישט דאווענען, און נישט צו דער צייט. די קאנען מיט'ן עולם נישט געהן... דאס זענען די אייבינגע זוכער פון נייע וועגען, די אייביגע ברעכער פון נייע באנען. די בעהען קיינמאל נישט מיט'ן טראקט... געפעהרליך איז זייער וועג;

דאס גליד אין ארגאניזם וויל איהם באהערשען און ציל ווערען!
און וויל מען דעם כלל ישראל פארקערפערען אין אידישע קאנגרעסען, וואס זאלען ארויספיהרען דעם סינטעז פון אלע אידישע ליידען, האפנונגען, אידעען און אינטערעסען, שטעלט זיך דער חכם פון קלויז און פרעגט:
— נאך וואס? צו וואס? וואס פאר אן אינטערעסען וועלען באשטריטען ווערען?
איי אינטערעסען זענען פאראן גרויסע, די קעפ אבער זענען פאר זיי צו קליין; די הערצער צו ענג...

— — — — — — — — — — — — — — — — — — —

זאלען אבער אונזערע פארטייען וואקסען, ווערען אידישע וועלט־פארטייען, וועט זיך אויך זייער סינטעז געפינען און פארקערפערען, וועלען מיר האבען אלגעמיינע אידישע קאנגרעסען. —
און דאמאלט — וועט זיך יעדער פרט אונטערוואַרפען דעם כלל. —

13.

## און אז מען קומט צוריק.

און אז מען קומט צוריק, פאלט מען מיט אמאל אריין אין א ימים־נוראים׳דיגער שטימונג, אלץ אזוי ערב־ראש־השנה׳דיג. הימעל און ערד, גאסען און הייזער אלץ איז גרוי און נעבעלדיג און פייכטליך, ווי עפּעס, וואס האלט זיך איין פון וויינען, און וועט דאך מוזען וויינען...
און אלץ ווערט אין דער שטימונג פארטרונקען: דאס וואונדער, פארוואס מען האט נאך נישט באשטעטיגט די וואהלען אין דאַזאר־שטוב אריין, און די שרעק פאר די וואהלען צו דער דומא, און די זארג: סוף כל סוף ווערמען קלייבט מען אויס? און וואס וועלען זיי זאגען? מען הייסט שוין ביי אידען קיין ביכער נישט קויפען, מארגען וועט מען אסר׳ן לייגוואנט און טוך... איבערמאר־

קומט די נאציאן אין געפאהר, גיסען זיך אלע פארטייען צו־זאמען קעגען דעם אויסערליכען פיינד; די געפאהר איז אריבער,— צופאלען זיי צוריק, גערעטען אין שטרייט אריין צווישען זיך, און עס ווערען נייע פראנצויזישע אדער דייטשע לעבענס־פארמען באַ־שאפען...

אונזער שכינה איז אין גלות; אונזער פאלק צוזייהט און צו־שפרייט. די גאנצקייט איז געשפאלטען, איבערגעריסען און צוברע־קעלט.

„אידישקייט" איז דערווייל נאר געדאנק, נאר אידעע, — טראַ־פענווייז זויערט זי זיך אריין אין דער געצענדינערישער וועלט און זינגט לאנגזאם, זעהר לאנגזאם, און ענדערט פרעמדע פארקערפע־רונגען און אליין ווערט זי נישט געזעהן, נישט געהערט, לאזט זי זיך נישט אנטאפען, — און מענשען זענען אלץ נאך געצענדינער, ווי־לען אפילו זייערע געטער הערען, זעהען און אנטאפען... און גלויבען נאר אין „געדאנקען", וואס זענען שוין פארקערפערט און טאט גע־ווארען, און פארלייקענען דעם שעפפערישען געדאנק, ווען ער קעמפט פאר זיין פארקערפערונג...

ווערט דער אידישער נאציאנאלער געדאנק פארלייקענט.

גיט זיך דער אסימילאטאר אונטער דעם פאלק, וואס זיין נאַ־ציאנאלע אידעע האט געפונען איהר פארקערפערונג...

און דער פאליטישער ציוניסט זוכט א היים פאר די, „וואס ווילען נישט, אדער קאנען זיך נישט אסימילירען" —

דאס, וואס ווערט נישט געזעהען און אנגעטאפט, לאזט זיך שניידען...

ווי קאן מען שטרייטען פאר כלל ישראל?

און דאס זעלבע טוט דער פראלעטאריער.

דער דייטשער, פראנצויזישער פראלעטאריער פארלאנגט דאס, וואס די דייטשע, פראנצויזישע אינדוסטריע קאן און וויל איהם נישט געבען. די גרענעץ איז די נאציאנאלע מעגליכקייט; אונזערע שפרינגט גאנץ אפט אין הפקר אריין...

— — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — —

און אין דעם באשטעהט אונזער אנארכיע.

דער פרט שטעלט זיך אויפ'ן ארט פון נישט געזעהענעם, נישט אנגעטאפטען כלל...

באוואונדערען מיר דעם קאָנסערוואַטיווען איד, וואָס איז מיט אמאָל אויפגעוואַקסען, הויך געוואָרען.

ווייל די גרויס און הויך פון מענש און פּאַרטיי ווערט געמאָס־טען מיט דער ווייטקייט פון זייער אונטערנעמען.

מיט דער לענג פון דער ליניע, וואָס פיהרט פון פּאַרלאַנגען ביז אויספיהרען... ווייל חלומות זענען פאַרגעפּיהלען פון גרויסע אי־דעען... און גרויסע אידעען זוכען מיט מאכט זייער פאַרקערפּערונג אין פאַקטען...

איז נאָר די פראַגע:

איז די אָרגאַניזאַציע מעגליך און ווען?

ווען וועט זיך אויפ'ן אָרט פון קליינע גליה־ווערעמלעך באַ־ווייזען א ווירקליכער גדול־הדור, א מין ריש־גלותא, וואָס זאָל זיך שטעלען אין איהר שפּיץ און פיהרען?

אבער פון איין זאַך מוז מען וואָרענען פאַראויס...

זאָל די קאָנסערוואַטיווע פּאַרטיי, ווי גרויס זי זאָל נישט ווע־רען, קיינמאָל נישט פאַרגעסען, אז זי איז נאָר א פּאַרטיי אין אי־דישען פאָלק, אז זי איז נאָר א פּרט, נישט דער כלל. דער זאַץ, נישט דער סינטעז, נאָר פּאַרטיי און נישט כלל ישראל...

זאָל זי קענען כלל ישראל נישט זינדיגען, נישט מעסטען זיך און שטעלען זיך אויף זיין אָרט. זאָל זי נישט זאָגען: כולו־שלי...

דער מענש באַשטעהט פון גלידער, דאָס פּאָלק — פון פּאַר־טייען, דאָס איז די פּאַרטיילונג און ספּעציאַליזירונג פון דער אַר־בייט. וועה דעם מענש, וואָס איין גליד פון זיינע גלידער וויל זיך איהם נישט אונטערוואַרפען, וויל זיין אייגענעם ווילען האָבען, ציל ווערען, און אלע אנדערע באַהערשען; און וועה דעם פּאָלק, ווען עס טוט עס איינע פון זיינע פּאַרטייען, דערשטיקענדיג די אנדערע...

און ביי אונז איז עס אזוי לייכט!

— — — — — — — — — — — — — — — — — — — —

נאַציאָנאַלע פאָרמען זענען איבעראל פאַרקערפּערט אין פּאָלי־טיש־עקאָנאָמישע אינסטיטוטען; אין לענדער און אין רעגירונגס־פאָרמען. דאָס פראַנצויזישע פּאָלק, דאָס דייטשע פּאָלק, הערט מען, זעהט מען, עס לאָזט זיך ממש אנטאַפּען, — גלויבט מען דעריין. פיהלען זיך אלע פּאַרטייען אלס א טייל פון פּאָלק. האָט יעדע איינ־צעלנע פּאַרטיי א גרענעץ פאַר איהר פאַרלאַנג: די נאַציאָן!

זאָץ און געגענזאַץ —ביידע באַזונדער גענומען, זענען נישט לעבענס־פעהיג...

לעבען איז קאַמף; לעבענס־פעהיג איז דער סינטעז...

און זאָל ער געזונט און שטאַרק זיין, מוזען געזונט און שטאַרק זיין אי זאַץ, אי געגענזאַץ!

און וויל זיך דאָס קאָנסערוואַטיווע זאַמלען און בויען —

— יישר כח!

מיר ווילען שטאַרק זיין און קעמפען מיט שטאַרקע!

12.

# כלל ופרט.

די קאָנסערוואַטיווע פּאַרטיי עקזיסטירט נאָך נישט; זי וויל זיך ערשט באַשאַפען. דערווייל שוויבעלט און גריבעלט ביי אונז מיט צוּאָוואָרפענע פּראָווינציאַנעלע, קליינשטעדטעלדיגע, קאָנסערוואַטיווע קליינע „אידישקייטלעך“ פון „קלייזלעך“ און „מנינים“.

און יעדער „מנין“, און יעדעס „קלייזעל“ האָט זיך אַרומגעקרייזט, אַרומגעגרענעצט; זי איז די אמת'ע, עכטע אידישקייט! וואָס אויס דער גרענעץ, איז נישט „עכט“, נישט „גלאַט כשר“...

און יעדעס קלייזעל, און יעדער מנין האָט זיך, האַלט אויף און שפּייזט זיין גליה־ווערעמעל, זיין גדול־הדור, וואָס פּיהרט דאָס קליינע וועלטעל מיט'ן כח פון א מאַנאָפּאָל אויף פּאַרטייטשען גאָט'ס וואָרט און קאָן זיין פאַרטרעטער אויף דער זינדיגער ערד.

איז אַלץ אַזוי שפּל'דיג קליין, אַזוי ווערמיג...

באַקומט יעצט דער קאָנסערוואַטיווער איד א גרויסען חלום.

באַקומט ער פּלוצלונג דעם פאַרלאַנג: אַלע קליינע וואַסערלעך זאָלען זיך צוזאַמענגיסען און ווערען א ים. פון אַלע מנינים'לעך און קלייזלעך זאָל ווערען איין וועלט־פּאַרטיי. זאָגען מיר, די געגנער פון קאָנסערוואַטיווען געדאַנק: מה טוב!

מיר — די בוימער אין איהם... קומט פון צייט צו צייט די האק...
ווייל די געשיכטע דעם וואלד באנייען, מוז זי פון דער וואלד־שול פלאנצען איבערטראגען, גרוימער זעצען, פרייער און צוואווארפענער פלאנצען...
אבער — פון וואלד־שול קומען די בוימער! די וואלד־שול איז די ארטאדאקסיע, דארט וואקסט מען ענג, אהן געניגענדער זאפט פון דער ערד, נישט רייך אין לופט און ליכט פון דער הויך. רייסט נישט פון צייט צו צייט אויס, צום איבערזעצען; פלאנצט נישט גרוימיג איבער, ווערט אלץ פארקריפעלט און דערשטיקט, פארניכטען די וואלד־שול איז זעלבסטמארד...
געדענקט די האק!
גלייכע, אידעאלע ליניען עקזיסטירען אין בוך, אין דער מאטעמאטיק; דאס לעבען קאן נאר געבראכענע.
„יא" אדער „ניין", אומבאדינגט און באשטימט ענטפערט מען אין קלייזעל פון א י ב ע ר ט ר א כ ט ע ר און ג א ר נ י ש ט א י ב ע ר ל ע ב ע ר!
דאס לעבען פארלאנגט אן ענטפער, אפהענגיג פון ארט און צייט, און אין ארט און צייט פארשידען און אפט אקעגענגעזעצט.
כל זמן עס איז קיין אידישע פרייע קולטור נישט באשאפען... כל־זמן באפרייען זיך איז עהנליך צום אפטריניג ווערען; וועט זיין פארבינדען זיך מיט פרעמדע קולטורען, מיט׳ן פרעמדען בוך, מיט דער פרעמדער שול —
וועלען מיר אויף יעדען ארט און אין יעדען מאמענט שטרייטען מיט׳ן קאנסערוואטיזם, נישט וועלענדיג פארשטארט און פארטריקענט ווערען — און שטענדיג און איבעראל איהם דאנקבאר זיין, פאר זיין איינגעשפארטקייט ביים אפהיטען די אידישע ווערטען אינ׳ם אידישען.
און מיר וועלען זאגען און בעטען זיך:
— טרוקען איז אונזער נשמה, גיב אונז טוי פון דיין גלויבען...
— לעכצענדיג איז אונזער צונג, דערפריש זי מיט איין טראפען פון דיין געבענשטען קידוש־בעכער!
— איינגעהילט אין מרה־שחורה זענען מיר, גיב אונז א טראפען פון דיין שבת און יום־טוב־פרייד...

— — — — — — — — — — — — — — — — — — —

היימישע, דעם היימישען אוצר געשיצט... עפען איהם אויף, גיב אונז פון דארט ארויס לעבענדיגע זאמען, שענק פלאנצען. — מיר ווילען באשטעלען א אידיש פעלד, א אידישען גארטען און אונזערע הענט זענען לער!

און עס האט זיך אנגעהויבען א לויפעניש אין שולען, אין בתי מדרשים אריין, צום אלטען, צום קאנסערוואטיווען, צום פרימיטי־ווען.

זוכט מען דארט מוסטערען פאר געוועב, האפט און שטיקע־ריי ביי אלטע פרוכת'ן... זוכט דער שניצער די אידישע ליניע אויף כתרים און יד'ען. דער בילדהויער — מאטיווען פון צובראכענע מצבות, אויף לאנג־פארגעסענע בית־עלמינ'ס... דערפרישט דער מו־זיקער דאס אלט פרימיטיוו־פרומע וויגענליעד... געהט ער צוריק צום „ברכו", דעם וויינענדיגען, אין צום אלטען „נתנה־תוקף"...! לויפט ארום שטרוק אין בערלין און זוכט צום מאלען אלט־אידישע קעפ, מיט'ן אלטען אידישען צער אויפ'ן פנים, אין די אויגען... און דער דיכטער זוכט אויפלעבונג און דערפרישונג אינ'ם חסידישען און פרומען פאלקסטימליכען פרימיטיוו...

פארוואס זוכען מיר נישט הילף ביי פילון אין אלכסנדריא של מצרים. — טרינקען מיר קיין וואסער נישט פון מיימאנידעס־ברו־נען, פארוואס ווענדען מיר זיך נישט צו דעם דעסויער מענדעל־זאן?... פארוואס געהט מען נישט אין קאר־שול אריין, פארוואס זינגט מען נישט די ליעדער פון דער השכלה־צייט?

— — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — —

ווייל — און דאס מוז מען איינמאל פאר אלע מאל מודה זיין, דאס מוז איינמאל פאר אלע מאל קלאר און אפען געזאגט ווערען. ווייל מיר זענען נאר בליטען, העכסטענס אמאל — פרוכט.

בליטען און פרוכט האבען זייער צייט, זייער פריהלינג און זייער זומער: געהט די צייט פארביי, פאלט מען פון בוים...

דאס קאנסערוואטיווע איז דער שטאם, וואס טרייבט צווייגען, בלעטער און בליטען ארויס, ער איז עס, וואס גיט די פרוכט! ער איז דערווייל דאס באשטענדיגע, — דאס אייביגע.

אומפרוכטבאר ווילען מיר נישט בלייבען; אונטערהאקען דעם שטאם איז זעלבסט־פארניכטינג...

און באווייזט זיך א אידישער וואלד און וואקסען

דאס קליינע בראשורעלע האט באנקראטירט. א טראפען גע־ווען, אויסגעטרונקען, און דעם דורשט נישט געשטילט.

וואו נעמט מען וויסען?

חבר'שאפט מיט אלעם גוטען, מיט אלעם פרייעם און ריינעם און שעהנעם, איז דורכגעגאנגען די קאסע — אן אפגעשניטען פעלד, א גאל פעלד...

ליגט מען אין אפגרונט, און איבער'ן אפגרונט איז פארשפרייט א חושך, דרינגט דעם חושך קיין איינציגער שטערן אין הימעל נישט דורך...

דער שכל איז מחייב, די טעאריע זאגט: עס וועט צוריקקומען, עס וועט צוריק איפלעבען... די ליפען זאגען עס, שטאמלען עס, דאס הארץ גלייבט נישט... און וועט עפעס קומען, פיהלט עס שוין דאס הארץ — פרעמד, ווייט פון אונז...

עס וועט נישט קומען מיט אויסגעשטרעקטע הענט:

— קום, ברודער, טאנצען...

און נישט מיט גרייטע ליפען צום ברידערליכען קוש...

און א וועהטאג האט אנגעכאפט... און א צארן קעגען נייע חלומות... גיט צוריק די אלטע... די גרויסע! גיט געטער!

און עס איז געווארען א משונה גאט־זוכעניש, קינדער און יונג־וואר זענען ארומגעלאפען זוכען א סנה, זוכען עפעס א צייכען, א סימן פון יענער וועלט...

און א ליעבשאפט האט זיך אויפגעכאפט, א פלוצלונגע ליעב־שאפט צו מצוות ומעשים טובים, א פארבענקעניש אהיים, צום סדור, צו דער קלויז, אפילו צו דריידעל און המן־טאש...

און איז מען צוריקגעקומען און דאס אלץ געפונען, נישט ווי מען האט דערפון געטרוימט, נישט אזוי הייליג און ריין, נישט אזוי שעהן און מענשליך —

האט זיך דער אינטעליגענט דערפיהלט שולדיג:

— כרמי שלי לא נטרתי!

און א קלאפ געטאן אין הארץ אריין. דאס הארץ האט זיך אפ־גערופען... און עס איז געווארען א רייד וועגען רענעסאנס, ווידער־געבורט, איז מען געקומען און געבעטעלט ביים אלטען איד — א נדבה!

— אלטער איד, דו ביסט היטער אין דער היים געבליבען, דאס

און דאס איז די טראגעדיע, די דראמע און טראגי־קאמעדיע אין אלע אידישע הייזער, וואס געהען דעריבער צו גרונט...

אמת איז אויך, אז דאס בלינד־איינגעשפארטע שטויסט אפ די פעהיגע יוגענד, אז מיר פארלירען זי פון טאג צו טאג אלץ מעהר און מעהר! אז דאס פאטער־הויז ווערט פאר'ן קינד א תפיסה, גאנץ אפט מיט צוכט־ארבייט און קייטען! — און דאס לעבענס־פעהיגע, לעבענס־דורשטיגע, מוז דעריבער גאנץ אפט אריבער־שפרינגען די צוים אדער שפאלטען דעם שוואכען, פון פאליציי און ארמיי נישט געהיטענעם טויער, און — אין הפקר אריין!

און נישט ווייניגער איז אמת, אז א דאנק דער ארטאדאקסיע און איהר בלינדער שטארקייט, זענען מיר הינטערשטעליג געבלי־בען אויך עקאנאמיש.

אהן בילדונג, נישט צוגעגרייט צום לעבען, נישט באוואפענט מיט טעכנישען וויסען, קאנען מיר אין קאמף פון לעבען קיינעם נישט ביישטעהן. איז פאר אונזערע ארבייטס־הענט פארמאכט די מעכאנישע פאבריק; איז אונזער געווערב — פושעריי; איז אונזער קאפיטאל נישט פעהיג צו באשאפען אן ערנסטע אינדוסטריע...

דאס אלץ איז אמת.

און דאך!

דעם אמת מוז מען מודה זיין, עהרליך מוז מען שאצען — —

און דאך האט זיך ערשט נישט לאנג באנייט אין אונזער לע־בען אן ערשיינונג, וואס באווייזט זיך נאך יעדען באנקראט פון א פאלש־משיח'ישער פירמע; נאך יעדען קראך פון פרעמדע פילאזא־פיען, נאך יעדען פארבליהען פון נישט צייטיגע האפנונגען —

און דאס גיט אונז זעהר פיעל צו דענקען.

## 11.

## דער סינטעז.

וואס איז געווען די ערשיינונג?

אנגעהויבען האט זי זיך מיט „קאצעניאמער“.

און אויב דער פרומער ברויט־געבער האט לעצטענס געווארפען דעם ספר מיט זיין פארטייטשער צו הילף קעגען ארבייטער;
און אויב דער מינדערגעבילדעטער אידישער ארבייטער האט זיך אויפגעלעגנט קעגען רעליגיעזע סימבאלען און פארמען, פון וועלכע די געבילדעטע בעל־בתי'שקייט האט זיך נאך נישט באַ־פרייט, — — איז עס געווען נישט מעהר, ווי אן אפקלאנג פון דרוי־סענדיגען לעבען, א נאכמאכעריי. און פון זעלבען סארט איז אויך די שרעק פון אונזער פרעסע פאר קאטאוויץ.

— — — — — — — — — — — — — — — — — —

איך בין געשטאנען, שטעה און רעכען ביז'ן לעצטען אטעם־צוג צו שטעהן אין די רייהען פון די קעמפער פאר'ן פארטשריט־ליכען, ראדיקאל־פארטשריטליכען אידישען געדאנק...
און נישט שווער איז זיך קעגען קאנסערוואטיווען געפיהל צו באוואפענען; זעהר לייכט איהם צו שרייבען אן „אבווינעלני אקט“, אויסצורעכענען א גרויסען „על־חטא“ —
עס איז וואר, אז דאס קאנסערוואטיווע היט אפט דאס פאס. אין וועלכען דער וויין איז שוין לאנג געפעלשט; געהט ארוים אויף דער וואך ביי חורבות, און וועלכע עס ברומט שוין לאנג נישט די פארוואגעלטע טויב — די שכינה!
עס איז וואר, אז צוליעב האלטען דעם אידישען געדאנקען אין קלויז אדער א פארשאטענטען היימישען ווינקעל, איז ער אהן ליכט און לופט, קרענקליך געווארען, דער אידישער געדאנק! און ער ציטערט פאר יעדען פרייען לופט־צוג, פאר יעדען ליכטיגען שטראל! ער, וואס איז באשאפען געווארען די ערד צו באצווינגען, דאס לעבען צו באהערשען און גערעכט צו מאכען!
און געווארען איז דער אידישער געדאנק רוח הקודש און שכינה פאר'ן קרענקליכען וואויל־לערנער אין קלויז... און האט זיך דערווייטערט פון פאלק, וואס לעבט און שטרעבט, און אפגערוקט פון המון אין זיין גאס; אויף פרעמד באראט איהם געלאזט!
און נישט מינדער איז וואר, אז א דאנק דעם איינגעשפארטען קאנסערוואטיזם, אזוי דעם מתנגד'ישען, ווי דעם חסידישען, פאר־לירען מיר א האלב אידיש פאלק — די אידישע טאכטער, די אידי־שע פרוי, די אידישע מוטער...

## 10.

# אין קאמף.

און קוקט מען אויפ'ן אידישען איינגנארטיגען לעבען נישט מיט פרעמדע אויגען, איז לייכט צו דערזעהן, אז אונזער פּראצעס צווישען קאנסערוואטיווען געפיהל און פּארטשריטליכען געדאנק אינטערשיידט זיך פון דרויסענדיגען שוין מיט דעם, וואס ער איז א כמעט ריין קולטורעלער.

די סאציאל־עקאנאמיש־פּאליטישע וועלט איז פאר דער ווירקונג פון אידישען געדאנק געשלאסען... ער גנב'עט זיך אריין אין דער פרעמד, בעקעלט די גרענעץ מיט א פאלשען פּאספּארט, ווערט אריבערגעטראגען דורך אפּטריניגע און פּארענדערט דאס לעבען דורך אנאנימע ארבייט, מיט פרעמדע הענט — אבער אינערוועניג ווערט ער פּארקערפּערט אין א גרינגער צאהל קהל'שע קליינע אינטערעסען און דער עיקר אין רעליגיעזע פּארמען און סימבאלען.

דארט איז דער פּראצעס א פארוויקעלטער. עס ניסען אין איהם אריין זייטיגע סאציאלע, פּאליטיש־עקאנאמישע שטראמען, שטיצט זיך די רעגירונג אויף דער קירך, שיצט דער גלויבען די רעגירונג, קעמפּען ביידע פאר'ן רייכען אין וואלהאבענדען, אויף וועלכע זיי בויען, פון וועלכע זיי לעבען. ווערט א דריי־בונד, פּארפּלאנטערען זיך די אינטערעסען. און ווער עס איז קעגען איינעם פון בונד, מוז באקעמפּען אלע דריי.

אונזער רעליגיאן הערשט נישט; די „סינאגאגע" האט נישט די מאכט צו באצווינגען; איהרע דינער, די כלי־קודש, זענען די ארימסטע, שוואכסטע און אונטערטעניגסטע אין פאלק.

אויף זיי שטיצט זיך קיין פּאליטישע מאכט, קיין פּראדוקטיווע פארם, און זיי ווערען פון קיינעם נישט געשיצט; ווערט מיט קיינעם קיין יד־אחת נישט געמאכט. אונטערדריקט פון פרעמדע און קיינעם נישט האבענדיג הינטער זיך, מוז אויך דער קאנסערוואטיווער איד פּארלאנגען פּאליטישע פרייהייט; און זיין רעליגיעזע געפיהל קאן אבסאלוט גארנישט האבען געגען אידעען, וואס שטאמען פון שבת, שמיטה, און יובל...

נישט די קראַפט זיינע געדאַנקען צו באַהערשען, וואָס קאָן אבסאָ־לוט נישט טוישען זיינע פאַרשטעלונגען. דאָס, וואָס איז איינמאָל אין זיין געהירן אריין, בלייבט שוין שטעקען, ווי א נאָגעל, אין אַ וואַנט אריינגעשלאָגען. ער רעגירט איבער'ן גאַנצען געהירן, פילט און קלעפּט אוים מיט זיך אלע זיינע קעמערלעך, נישט איבערלאָ־זענדיג קיין שפּארע פאַר א נייער פאַרשטעלונג, פאַר א נייעם גע־דאַנק.

דער געדאַנק, דער קיינמאָל נישט־געטוישטער, ווערט פאַר־שטאַרט, פאַרשטיינערט, און אַזוי אויך דער מענש.

שטאַרזיניג, שטיינערען, אין אייביגער מעכאַניש־געוואָרענער גראַד־ליניגער באַוועגונג! און דער געדאַנק אליין לעבט אויך נישט לאַנג! מען ברויכט איהם נישט מעהר! עס באַוועגט שוין די אי־נערציע — די געוועהנהייט אליין! און איהר האָט פאַר זיך אַ מענש — אַן אויטאָמאַט, וואָס פאַרלירט דעם זין פון זיין איינע־נעם טון, פון זיין אייגענער באַוועגונג.

און שטעלט אייך פאַר זיין געגענזאַץ.

אַ מענש, א פלאַטערקאָפּ. די אידעען, די געדאַנקען און פאַר־שטעלונגען בייטען זיך איהם אין געהירן, ווי די בליצען, קיינע פאַרהאַלט זיך קיין סעקונדע נישט. זיי טראָגען זיך דורך, ווי שטויבלעך אויפ'ן ווינט. ד ע ר מענש איז צו קיין ארבייט נישט פעהיג, די פאַרשטעלונג, וואָס זאָל פאַרפליישט ווערען אין אַן אַר־בייט, וואָס זאָל אויסגעפיהרט און פאַרקערפּערט ווערען, מוז דויערען.

זאַץ און געגענזאַץ — קאָנסערוואַטיזם און פאָרטשריט, וואָס איז לעבענס־פעהיגער?

באַזונדער גענומען, זענען ביידע נישט לעבענס־פעהיג. צוזאַ־מען אין אייביגען קאַמף, זענען זיי דאָס לעבען, דער פּראָצעס, וואָס שאַפט דעם סינטעז, דעם הכתוב השלישי — דאָס נייע לעבען, וואָס ווערט ווייטער אַ פּסוק, באַקומט באַלד זיין געגענזאַץ, און טראָגענ־דיג ווערט דאָס לעבען מיט א נייעם סינטעז, און עס קומען נייע געבורט־וועהען, דער נייער קאַמף.

דאָס איז אין אַלגעמיינעם. ווי זעהט אוים דער פּראָצעס ביי אונז?

דיג מאכען און זיך פארשטעלען, אז זי וואלט עקזיסטירען נאך היינט:

איז איהר עקזיסטענץ מעגליך?

קאן מען היינט נאך באנוצען א הילצערנעם אקער אהן דער שארף פון אייזען? זייהען פון זעקעל ארויס, שניידען מיט א שטיי־נערנעם מעסער, מאלען מיט האנט־שטיינער?

איינגעשפארטע מענשען, וואס ווילען נישט נאכגעבען דער אזוי גערופענער צייט, וואס ווילען זיך נישט אפזאגען פון זייערע געוועהנהייטען, זענען געווען אויף יעדען ארט, צו יעדער צייט, זע־נען — אונטערגעגאנגען. —

א פוס־געהער וועט זיך נישט מעסטען מיט רייטער. דער ריי־טער פיהרט נישט די לאסט פון וואגען, דער וואגען מיט'ן געשפאן מוז אפטרעטען דער באן, די לעצטע וועט אפטרעטען דעם פאהר־ווערק אין דער לופט...

איהר וועט שוין נישט וואוינען אין היילען, נישט שווימען אי־בער וואסערען אויף קלעצער, נישט פארדעקען די שאנד מיט פיי־גענבלעטער, און פרואווט, ווילט איהר עס טון — וועט איהר אונ־טערגעהן... דער קאנסערוואטיווער זאץ איז אלזא פאלש.

פרואווט דעם געגענזאץ:

שטעלט אייך פאר אין געדאנק א מענש, וואס שטרעבט שטענ־דיג און אומאויפהערליך אויף יעדען ארט, צו יעדער צייט, אין נישט אפגעשוואכטען טעמפא נאר צום נייעם: וואס האלט אין איין ענדערען און טוישען — אן אייביגע באוועגונג אהן רוה, א זיינער אהן אן אנקער, א באן אהן סטאציאנען, — א שטענדיג פאהרען.

דער מענש וועט נישט זיצען, נישט שלאפען, ער האלט אין איין טוישען דאס בעט מיט'ן מעבעל.

ער וואוינט נישט. זיין הויז ווערט קיינמאל נישט געענדיגט. קוים דעם עקשטיין געלעגט, א נייער פלאן געבוירען. אן אייביג בויען און קיינמאל נישט צוגעפיהרט צום דאך, שטענדיג אין דרוי־סען! האט דער מענש א פעלד, קומט ער נישט צום אקערען, דאס געאקערטע פארזייהט ער נישט; דאס פארזייהטע ווערט נישט גע־שניטען — ער קומט נישט צו זיין ברויט! ער איז יוצא מיט טוי־שען די מכשירים!

אדער ווילט איהר, שטעלט אייך פאר א מענש, וואס האט

ווילען מיר קיין שותפות נישט מאכען. דאס איז דער שימעל, וואס מוז אראפ, אהן אונזער שאדען, און אהן שאדען פון פוילישען פאלק.

9.

## „דער לעבענס־פראצעס".

— קאנסערוואטיזם און פארטשריט, זאץ און געגענזאץ, — וואס איז אמת, מאראליש אדער — אויב איהר ווילט — נוצליך?

אזוי אין דער לופטען, אזוי ריין־טעארעטיש, אהן ארט און צייט, נישט וויסענדיג וואו און ווען, און אין דער באציהונג צו ווע־מען — קאן די פראגע געשטעלט ווערען נאר אין א קלייזעל פון „חקרנים" צוליעב חקר'ענען זיך, דורך מענשען, וואס זענען יוצא מיט טראכטען און ווילען נישט, אדער האבען די האפנונג נישט זייערע געדאנקען ווען עס איז אויסצופיהרען, צו פאר־קליידען זיי אין רעאלע לעבענס־פארמען...

און אפשר אזוי פרעגען:

— קאנסערוואטיזם און פארטשריט, וואס איז לעבענס־פעהי־גער?

פרואווט אייך פארשטעלען איינס אהן דעם צווייטען!

שטעלט אייך פאר א ריין קאנסערוואטיווע ווירטשאפט, א ווירטשאפט אבסאלוט אהן ענדערונגען.

„אלץ אזוי ווי נעכטען און אייער־נעכטען!"

זאל זיין דאס פארהייליגטע געזעץ „ווי דער טאטע איז און ווי דער זיידע איז געווען," — די רעגעל אהן אויסנאם און נישט איבערצושפארען.

אזא ווירטשאפט קאן נישט עקזיסטירען. זוכען די באווייזען אין דער צוקונפט איז שווער. דאס, וואס עקזיסטירט נאך נישט, איז נאר פארשטעלונג, אהן זיכערע און פעסטע ליניען... דינען אין דער היינזיכט קאן אונז די פארגאנגענהייט. וואס מיר קאנען לעבע־

לאנגע קאפאטעס פון זאקסישען גארטען הענגט אפ, נישט פון פאַ־ליאקען, נאר פונ׳ם סטראזשניק ביים טויער!...

איך בין, הייסט דאס, צופרידען, וואס די פאַליאקען האבען אפילו קיין שליטה נישט אויפ׳ן זאקסישען גארטען!...

און דאס איז שוין אומפארשעמט אויסגעטראכט. איך האב ווענען קאפאטעס אין זאקסישען גארטען קיין ווארט נישט גע־שריבען.

— — — — — — — — — — — — — — — — — — —

צי וועט דער „קוריער ווארשאווסקי", וועלכען איך ווארף־פאר פאלשקייט, שקרים און א קליין נאריש מסירה׳לע, — מיך איינגע־בען אין געריכט?

איך מיין, אז נישט!

דאס, רעכענט ער, קאן אמאל שאטען!

און דאצו שרייבט ער (דער „קוריער ווארשאווסקי" מיינט, ווירקליך, אז ער קאן עמיצען באליידיגען!): „אַן אראגאנט (קענען פריץ!), א צייטונגס־איד אין ערגסטען זין פון ווארט (!!!), וואס האט זיך (פאר וואוילטאג אפנים, דער פוילישער האבער שטעכט מיך!) געמאכט א ספארט (!) צוצושרייבען די פאליאקען, גאט ווייסט וואס פאר א טירישע אינסטינקטען!" „איהר וואלט געבי־סען, נאר מען האט אייך א מויל־שלאס אויפגעהאנגען". און די ווערטער דרוקט ער אין „געגזענפיסלעד"; זאל זיין לייכטזיניגער לעזער מיינען, אז דאס האב א י ך געזאגט, אז דער „קוריער" ציד־טירט מ י י נ ע ווערטער!

און דאס האט געזאלט זאגען איך, וואס האב אויפגעשטעלט דאס פראגראם פון סאלידאריטעט מיט פאלאקען!

מיט פארברעכערישע נאטורען וואלט איך נישט געראטען קיין שותפות צו מאכען!

אלא וואס?

איך האב געזאגט, אז האנט־אין־האנט וועלען מיר געהן מיט יונג־פוילען, וואס בויט נישט אויף באזיץ, נאר אויף ארבייט, וואס וויל נישט לעבען (צו אונזער שאדען!) פון מאנאפאלען און פריי־ווילעגיען, און וויל אונז נישט באצווינגען.

מיט׳ן אלטען פוילען, מיט׳ן באצווינגערישען, הערש־זיכטיגען.

און באלד דערצו א קליין נאריש מסירה׳לע:

„אן אנגעשטעלטער פון דער ווארשעווער גמינא...“

— און (האב איך מיך צו אלט־פוילען געווענדעט) שאצט אונז נישט אריין אין יחוס, וואס איהר מאכט קיין פאגראמען נישט! „אין אייער מענאזשעריע פעהלען קיין חיות נישט, נאר די שליסעל צו עפענען די שטייגען זענען נישט אין אייער האנט!“

די ווערטער האבען דעם „קוריער ווארשאווסקי“ געטראפען!

ער האט עס אונז אזויערנאך געגעבען אן אנצוהערעניש אויף דער מעגליכקייט פון פאגראמען, אויב מיר ועלען נישט גוט און פרום זיין...

און ער געהט, דער יעזואיטישער „קוריער ווארשאווסקי“, און בייסט אוים מיט גיפטיגע ציין דעם משל מיט דער מענאזשעריע אליין, אהן דעם אנהויב, אהן דער ווענדונג צום פוילישען שימעל. און פארשפרייט בייזוויליג די מענאזשעריע איבער גאנץ פוילען.

איך זאג נאך אמאל: חיות אין מענאזשעריע פעהלען נישט... די פינסטערע כוחות פארמאגט יעדעס פאלק...

און דאס, וואס אין די „פרייע“ טעג, זענען דא קיין פאגראמען נישט געווען, האבען מיר נישט איידך, נאר יונג־פוילען, וואס האט דאמאלט דאס ווילדע אין צוים געהאלטען, צו פארדאנקען...

ווענינגסטענס, נישט ניעמאיעווסקי׳ן, וואס שרעקט אונז מיט די פויערען פון דארף... „איך גיב א פייף און זיי קומען אויף אייך...“

און יעצט, אז יונג פוילען שווייגט? איז עס א י י ע ר ווילען?

און וועמעס זענען געווען די פלאקאטען, וואס האבען גערופען צו פאגראמען, בשעת די וואהלען צו דער צווייטער דומא?

און וואס איז געווען דאס גאליצישע דראהאביטש, וואו דער שליסעל פון די שטייגען איז אין א י י ע ר האנט? און וואס איז דאס באריהמען זיך מיט נישט־מאכען קיין פאגראמען?

נישט קיין וואונק אויף זייער מעגליכקייט, אויב מיר וועלען נישט זיין גוט און פרום?

———————————————

און צום סוף א לעבערליכער מאמענט:

— דער זעלבער „זשארגאניסט“ (שרייבט דער קוריער ווארשאווסקי“) איז זעהר צופרידען, וואס דאס נישט ארויסטרייבען די

יענער האט: „מה טובו“ געזאגט, דעם „עם לבדד ישכון“ גע־בענשט, פאר'ן „בגויים לא יתחשב“ דרך ארץ און עהרפורכט גע־האט, ווי פאר אן א י ב ע ר פ א ל ק, פאר א פאלק, וואס איז די נארמע איבערגעוואקסען, פון דורכשניטליכען ווייטער אוועק —

דער משכיל פון דער צווייטער סעריע אבער קוקט און פאר־קרימט זיך:

— נישט נארמאל!

נישט אזוי קאכט מען נאציאנאלע לאקשען לויט אטא בויער'ס רעצעפט! דערלאנגט א טאפ — א פאטערלאנד, גיסט אן זודענדיג וואסער פון עקאנאמישע אינטערעסען, זאלצט מיט שפראך, פע־פערט מיט פאליציי... א. אז. וו.

און הערט ער וועגען א צוזאמענפאהר פון קאנסערוואטיסטען, דערמאנט ער זיך: אהא, קלעריקאלען, יעזואיטען... מאכט ער א פאפירענע פויסט:

— מיר קענען אייך!

— קראהען! ראבען שווארצע!

אבער גענוג שאבלאנען.

דאס איינענארטיגע לעבען איז א סומע פון איינענארטיגע ער־שיינונגען, די מוזען אויסגעפארשט ווערען...

און דערפון — ווייטער —

## 8.

## מיין ענטפער.

צייטען בייטען זיך.

פאר א יאהר צוויי בין איך געוועזען אין „קוריער ווארשוואסקי“ א „גרויסער אידישער שרייבער“.

דאס מאל שרייבט ער אין נומער זעקס הונדערט און עלף פון שבת:

„אין „היינט“ האט אנגעהויבען שרייבען עפעס א פרץ...“

און ווי לייכט עס ווערט גע׳משפט! גרייטע שלאג־ווערטער, סענטענצען, שאבלאנען, פון פרעמדען אוצר ארוים!

— — — — — — — — — — — — — — — — — — — — —

איך מוז מיך אליין ציטירען:*)

די (אזוי גערופענע) פינסטערע מאסע איז (צום אסימילא־טארישען שרעק) געווארען א טרייבהויז פון אייגענער אינטעליגענץ, וואס איז א פלייש פון איהר פלייש, ביין פון איהר ביין. און דער דרך ארץ פאר׳ן פרעמדען, פון דרויסענדיגען אינטעליגענט, ווערט לעכערליכער פון טאג צו טאג.

דאס איז אמת.

אמת איז אבער אויך, אז די היימישע אינטעליגענץ שפראצט ערשט, און שפראצען שפראצט זי אומבאהאלפען, פאמעלער. אהן ליכט און טוי, אהן הילף פון געשיקטע גערטנער, צווישען אלערליי דערנער...

מיר האבען קיין שולען נישט, מיר האבען קיין וויסענשאפט־ליכע ליטעראטור נישט. מיר האבען קיין ממשות׳דיגע מיטעל דעם וואוקס אונטערצוטרייבען...

באווייזט זיך דא און דארט און בליצט אויף צווישען די גע־דיכטע אווענט־שאטען א גליה־ווערעמעל, און נאך איינס, און נאך איינס.

און שוואך זענען זיי און צוואווארפען, און דעם פלאץ פון אסי־מילירטען אינטעליגענט האט דערווייל פארנומען דער בעל „תשובה".

דער צוריקגעשטויסענער און ווען אויך דער גערנוויליג צוריקגעקו־מענער, מיט וועלכען איך מוז אזוי אפט קעמפען, ווי מען מוז קעמפען מיט יעדען סוראגאט, מיט יעדעם נאכמאכען און אומפרוכט־באר קאפירען. און דאך פיהרט דער אינטעליגענט דערווייל דאס רעדעל און דאס גרויסע ווארט. און דער קוקט אויף אונז מיט פרעמדע אויגען, דורך פרעמדע ברילען פון דער הויך פון דער אייראפעאישער קולטור אראפ, און זעהט, נאטירליך, אסך ווע־ניגער, אלס דער „מיט אפענע אויגען פאלענדיגער" פרעמדער נביא. וואס האט געקוקט אויף די געצעלטען יעקב׳ס פון „במתי מואב" אראפ.

*) מיין ווינקעל נומער 1.

ווי בילדער אין קאַליידאָסקאָפּ, קומען זיי און פאַרשווינדען, ווי די שאָטען; בייטען זיך, ווי היץ און קעלט ביים פיבער, ווי גלוסטונ־גען ביי פרויען אין די חדשים...

ביי פרייע און שטאַרקע פעלקער אנטוויקלען זיך, ביי דער אַר־בייט, ווילען און כאַראַקטער... ביים דורכברעכען פון געדאַנקען, ווי נאַפט־באַנאַסענע שטרויעלעך אין געהירען, מעהרען זיך און פרוכ־פּערען נאָר שטימונגען, מאָמענט־אידעאַלען און פאַר־שווינדען באַלד.

דאָס איז דער סוד פון עמאַ פּזיזאַ, פון דאַפּעלדיגען עמאַ פּזיזאַ; דאָס איז אונזער אומפּרוכטבאַרער אַנאַרכיזם, אונזער גע־לויף, נעיעג און לופט־כאַפּעניש.

און, ווי דאָס פאָלק, אַזוי זיינע פיהרער, אַזוי זיין פּרעסע...

— — — — — — — — — — — — — — — — —

אין דער צייט פון די וואַהלען צו דער וואַרשעווער „גמינע“, האָט די פּרעסע געשטיצט דעם נאַציאָנאַלען (לעז: ציוניסטישען) וואַהל־קאָמיטעט. און לויט זיין דירעקטיווע, געלעכצט צו שולען און מקואות, פאַרלאַנגט דורכאויס אַ מרא דאתרא — אַ גייסטליכע שטאַרקע אויבער־האַנט. איין געוואַלד־געשריי: מען דאַרף אַ רב! און איין טענה: מיר מוזען די קאָנסערוואַטיווע אידישקייט באַ־פרייען פון אסימילאַטאָרישען יאָך. „דאָס קאָנסערוואַטיווע איז דאָך דאָס עצם אידישקייט, דער חוט השדרה“...

און פּלוצלונג, נאָך די נישט־געראָטענע וואַהלען, אַז די קאָנ־סערוואַטיווע פּאַרטיי האָט זיך מיישב געווען און דעם ווילען באַ־קומען, זיך אַליין מיט איינגענע הענט צו באַפרייען, אַ פּאַרטיי ווע־רען, און אַ וועלט־פּאַרטיי, האָט זיך די שטימונג אינגאַנצען גע־ענדערט.

אַ שרעק איז דורך דער מחנה:

— שוואַרצע קראָהען, ראַבען פליהען!

און אַ פּאַפּירענע פּויסט איז געמאַכט געוואָרען:

— מיר קענען אייך!

— — — — — — — — — — — — — — — — —

כענט דעם כאראקטער און דעם ווילען פון פאלק, — דאס איז די קריסטאליזירטע פארם פון זיין דענקען און טראכטען...

נישט אייביג אבער רוהט אינ'ם געבויטען טעמפעל, ר ו ה ט די שכינה פון פאלק. עס ווערט איהר מיט דער צייט ענג, אידעען אנטוויקלען און ענדערען זיך. מען מוז פאריכטען, אדער אויפס־נ י י און א נ ד ע ר ש בויען; נייע אינסטיטוטען מוזען באשאפען ווערען, געהט עס נישט אזוי לייכט.

די א ל ט ע שטעהען אויפ'ן וועג, די מאטעריעל־שווער און פעסט־געווארענע געדאנקען שטערען. די שכינה פארלאנגט א נייעם טעמפעל, און דער אלטער שטעהט אויפ'ן וועג, וועהרט זיך מיט דער גאנצער פעסטקייט און פוילקייט פון זיין שטיינערנער מאסע... מוז מען צולעגען הענט, שטרייטען און פריהער צושטערען.

מען מוז איינווארפען, מען מוז רייסען א שטיין נאך א שטיין, א ציגעל נאך א ציגעל, ביז דער פלאץ וועט באפרייט ווערען פאר'ן נייעם טעמפעל...

און דער פארלאנג פון דער שכינה אנטפלעקט זיך נישט דעם גאנצען פאלק מיט אמאל. דער רוח־הקודש קומט פריהער צו יחידי־סגולה! — און די פוילע, די קנעכט פון אלטען, פון דער געוועהנ־הייט, שיצען די טעמפלען, פון וועלכע די שכינה האט זיך שוין אפגעטאן קעגען די יחידי־סגולה. און די נ י י ע, די יונגע, די אויסדערוועהלטע מוזען באלעגערען, מיט מסירת נפש קעמפען, רייסען ציגעל נאך ציגעל, שטיינער נאך שטיינער, און דערנאך ערשט צוטרעטען צום נייעם בוי.

דאס פארלאנגט צייט, דאס קאסט לעבען! דערביי פארגעהען דורות... מיר האלטען ערשט ביים אויסקעמפען זיך דאס רעכט אויף ארבייט, מיר זענען נאך ווייט פון בויען. מיר האבען נאך נישט קיין פרייע הענט, קיין אייגען מאטעריאל און קיין פרייען פלאץ, וואו צו פארקערפערען אונזערע אידעען.

פליהען ביי אונז ארום הויכע, געפליגעלטע, נאר נאקעטע, אפט אין פארשווארצטע פאפיר, קוים פארקליידעטע, געדאנקען; נישט געמויערטע, נישט געבויטע, נישט איינגעווארצעלטע אין דער ערד.

ברענען זיי די אידעען דורך אין געהירען און ווערען פארלא־שען, און נייע בליצען אויף און לעשען זיך... און זיי טוישען זיך.

פאַר אייך און פאַר אונז און נענוג אַרבייט פאַר אייערע און אונ־זערע הענט.

און אַרבייטען ווילען מיר מיט אייך האַנט אין האַנט; און ס אָ ל י ד אַ ר  אין אַלע לאָקאַלע, עקאָנאָמיש־פּאָליטישע אינטע־רעסען — —

אָבער מיר ווילען אַרבייטען פריי, אויף אונזער אייגענעם חשבון, און ווילען דורכאויס געניסען די גאַנצע פרוכט פון אונזער אַרבייט — —

מיר וועלען זיך קיינמאָל פיינדליך, ווי פאַן סטאַרטשעווסקי מיינט, נישט טרעפען, אויב איהר וועט אונז נישט שמעלען, און קיינמאָל, נישט־פּראָוואָצירט, ביי פרעמדע קענען אייך קיין הילף נישט זוכען...

7.

## „עמאַ פּזיזאַ...“

פרייע און שטאַרקע (אַזוי נאַציאָנען, ווי איינצעלנע מענשען!) טוען זייער ווילען.

ווערט ענג אין דעם, וואָס עס עקזיסטירט, באַקומט מען פאַר־שטעלונגען פון בעסערע פאָרמען; באַקומט מען נייע געדאַנקען, אי־דעען, אָדער (אויף אַ ווייטערער מעטע—) אידעאַלען — שטעלט מען זיך צו דער אַרבייט, די געדאַנקען, ווי דער העברעער זאָגט, מוציא זיין מן הכח אל הפועל, — שטעלט מען זיך  ב ו י ע ן.

ווערען געדאַנקען און אידעען פאַרקערפּערט אין מאַטעריעלע, שווערע קולטור־ווערטען. בויט מען שטעדט, בריקען, באַנען, שיפען, בערזען, קאַשאַרען, טעאַטער־ און קונסט־געביידען...

שטערט אַ שכן, ווערט געבויט מיט מסירת נפש, מיט דער קעלניע אין איין האַנט און מיט׳ן שווערד אין דער צווייטער — ווערען שוין  ט ע מ פּ ל ע ן  געבויט, מיט׳ן פאַרגאָסענעם בלוט געהייליגטע...

דאָס  נ ע ש ע ה ע נ ע,  דאָס פאַרקערפּערטע, דאָס באַציי־

אונז אי עהרליך, אי מענשליך — די קארעטען זאלען נישט קיין טענות נישט האבען! — און דאך זאלען די אידעלער באקומען א—פייג!

די שטעדטישע זעלבסט־פארוואלטונג איז א פיינער לעקעך... אין מאנכע שטעדט זענען אידען די מעהרהייט, וועלען זיי וועלען ארייגבייסען... טרייבען פון טיש איז נישט מ ע נ ש ל י ך... על כן? מוז מען אזוי מאכען, אז צום טיש זאל מען צולאזען, נאר קיין ביסען זאל צום אידישען מויל נישט צוקומען...

און עס איז אזוי איינפאך:

מען דארף נאר צורעכענען צו יעדער שטאדט די געגענד ארום, וועלען די אידעלעך אין ערגעץ קיין מעהרהייט נישט האבען!

ווי די שעפסען וועלען זיי ליגען געבונדען!

די געגענד ארום איז אויך פאראינטערעסירט, די שטעדט זא־לען אנטוויקלען זיך און בליהען, זאלען זיי א דעה האבען, זאלען זיי וועהלען!

קיין אמעריקא האט דער פאן סטארטשעווסקי נישט אנט־דעקט; קיין פולווער נישט געפונען. מיט אויסשניידען די וואהל־קרייזען אין לאנד ווערט איבעראל געשווינדעלט. דערמיט פאר־קלענערט דייטשלאנד די שטימען פון דער סאציאל דעמאקראטיע. באשאפט עסטרייך א קינסטליכע דייטשע אויבערהאנט, און מען אונטערדריקט אין גאליציען אזוי אונז, אזוי די רוטענער...

דאס נייע באשטעהט נאר דערינען, וואס דער דארפסמאן, נישט צאהלענדיג קיין שטייער דער שטאדט, וועט דאך האבען דאס רעכט ארויפצולעגען שטייער...

אהן בושה, אבער ליבעראל.

— — — — — — — — — — — — — — — — — — — — —

איז אבער אונזער פאלק צו אלט, עס זאל זיך לאזען כאפען, ווי א נארישער פויגעל אין דער ליבעראלער נעץ אריין.

און נאך אמאל מוזען מיר ערקלערען דער פוילישער געזעל־שאפט: דער יונג־פוילישער געזעלשאפט, וואס איז נישט קראנק אויף הערשזוכט, וואס וויל נישט לעבען אויף דער פויסט, נישט גע־ניסען פון מאנאפאלען און פריווילעגיען:

— עס איז דא — זאגען מיר איהר — אין לאנד פרייער פלאץ

ביידע וועגען, זאגט פאן סטארטשעווסקי, זענען פאלש...

דאס אידישע פאלק לאזט זיך נישט אסימילירען, דאס איז א פאקט! דאס אידישע פאלק איז א פאקט נישט צום פארלייקענען!

די אנטיסעמיטישע סיסטעם איז אבער דאנגען ז ע ה ר נ י ש ט ב א ק ו ו ע ם. ארויסטרעטען נעגען א נאציאנאליטעט מיט דער פויסט; זאגען די מאכט איז פאר'ן רעכט קען נאר א ביסמארק — א פארשטעהער פון א שטארקען פאלק, וואס וויל און רייסט שטענדיג דעם ביסען פון דער פרעמדער קעהל ארויס, ווייסענדיג, אז ער דארף קיינמאל נישט רעדען פון יושר, מענשליכקייט און ליבעראליזם... ער האט הענט, נעמט ער!

אנדערש איז אבער מיט א שוואכען, ווען ער טרעט ארויס קעגען א נאך א שוואכערען... דא ווערט די לאגע עטוואס קאמיש...

מען וויל אונטערדריקען די אידישע מינדערהייט אין פוילען, בשעת מען פארלאנגט פאר פוילישע מינדערהייטען אין גערמאניע, ווי אין דער רוסישער אימפעריע... איז עס נישט עהנליך צו דער לאגיק פון ווילדען מענש, וואס גלויבט, אז ווען ער גנב'עט יענעמס ווייב, איז גוט, און אז יענער גנב'עט זיין ווייב, איז שלעכט?...

טענ'ען, אז אידען זענען מינדערווערטיג, אז זיי זענען א נידעריגערע ראסע, איז נעפעהרליך, ווייל די זעלבע טענות האט דער דייטש קעגען פויזנער פאליאק...

על־כן:

„מוזען מיר, זאגט סטארטשעווסקי, געבען די אידען דאס רעכט, זיך צו באטראכטען אלס א באזונדער פאלק, וואס איז מיט אונז נישט סאלידאר, גאנץ אפט קעגען אונז פיינדליך“...

ווי איהר זעהט, גיט אונז דער פאן סטארטשעווסקי מעהר רעכט, אלס מיר פארלאנגען... מיר האבען קיינמאל נישט פארלאנגט קיין רעכט אויף פיינדליכקייט קעגען פאליאקען, מיר האבען קיינמאל נישט באשאפען קיין לאגע, צוליעב וועלכער עס זאל מוזען פלאצען די סאלידאריטעט צווישען אונז און דער פוילישער מעהרהייט.

דאס איז אן איינפאכער שקר.

אבער נישט וועגען אפענעם שקר געהט עס.

עס געהט וועגען א חכמה!...

פאן סטארטשעווסקי האט געפונען א מיטעל צו זיין קעגען

הינט ביים פריצ׳ס שטיוועל... נאר פ א ר ש ט ע ל ט ע, מיט „פשעפראשאם!“

און נאך און נאך...

און גלאט א איד איז ער דאך, דאס „ליטוואקעל!“ און א איד, נישט פאר אייך געדאכט, וואס שמעקט מיט „עברי“... א איד אפשר, וואס האט, אויך נישט פאר אייך געדאכט, זיך מקריב געווען פאר זיין אידישקייט: די פרנסה פארלוירען, נע־ונד געווארען...

און מיר, היימישע, האלטען מיט ביי דער העצע...

— ער, דאס „ליטוואקעל“, פיהרט אפ דעם פוילישען דונער פון אונזערע קעפ!

אבער גענוג — — —

וואס טראכט איהר וועגען קאטאוויץ?

## 6.

## ליבעראל

„אשר קרך בדרך“.

אויפ׳ן וועג קיין קאטאוויץ האט מיך אפגעשטעלט דער פאן סטארטשעווסקי — א פוילישער שריפטשטעלער, וואס האט ארויס־געגעבען א בוך וועגען פוילישע אנגעלעגענהייטען...

איך מוז קאטאוויץ דערווייל אפלעגען. —

פאן סטארטשעווסקי באהאנדעלט די אידישע פראגע, אויף א נייעם אופן, לויט א נייער סיסטעם — מיר מוזען הערען! בפרט, אז די נייע סיסטעם פון ה׳ סטארטשעווסקי ווערט ציטירט אין „קוריער פאראנני“ מיט גרויס צופרידענהייט, און מיר רעכענען, אז עפעס רעכטערס פון איהם קאן אויך אונטערשרייבען דאס פראג־ראם מיט ביידע הענט.

צום פארענטפערען די אידישע פראגע, זאגט פאן סטאר־טשעווסקי, איז מען ביז אהער געגאנגען אויף צוויי וועגען. איין וועג האט אויסגעטראטען די אסימילאציע, דעם צווייטען — דער אנטיסעמיטיזם.

וואנען ער איז געקומען, און וואו ער האט מקיים געווען אלע דינים פון אסימילאציע...

איז נאך ווייניג, טרעפט זיך אזא מעשה:

א „ליטוואקעל" קומט, וויל אויסטון יענע הויט, וואס ער האט דארט געטראגען, און אנטון די הויט, וואס ער דארף דא טראגען, און ביני לביני, צווישען איין הויט און דער צווייטער דערפיהלט ער זיך פריי. גיט ער פלוצלונג א קלער: אפשר גאר אהן א פרעמ־דער הויט? און פרואווט און גיט א רעד א אידיש ווארט, און דער־פיהלט אין זיך א קלאפ פון א אידישען הארץ...

און — „א גאסט אויף א ווייל, זעהט אויף א מייל"; ווער עס קומט פלוצלונג אריין בשעת א פארבלענדעניש, א טאשען־שפיל, זעהט בחוש, אז עס איז א פארבלענדעניש, א טאשען־שפיל, און נישט קיין האר מעהר. און ער איז ווייניג פאליטיש־קלוג, מאלט די צונג אמת און אמת:

זאגט ער אייך, אייך אלט־פוילען:

— איהר האט נאר ליבעראלע פראזען געהאט. זיי האבען אייך נארנישט געקאסט. איהר האט זוכה געווען, און אייער מלאכה איז געטאן געווארען דורך פרעמדע הענט!

— וואו זענען אידישע דאקטוירים אין פאנאטאוויע? וויפיעל ארבייטען אין די אלגעמיינע שפיטאלען? וויפיעל אידישע אנגע־שטעלטע האט איהר אין בשותפות'דיגע קרעדיט־אנשטאלטען? האט איהר כאטש איין איד א קאנטראלער פון טראמוויי אדער פיה־רער פון וואגען?

— און באריהמט אייך נישט, אלט־פוילען, מיט דעם, וואס איהר מאכט קיין פאגראמען נישט...

אין אייער מענאזשעריע פעהלען קיין חיות נישט, נאר דער שליסעל, די שטייגען צו עפענען איז נישט אין אייער האנט...

און צו אונז מאכט ער:

— עס איז א פארבלענדעניש!

עס איז נאר א שווארצע קונץ!

איהר מיינט, איהר האט נייע מענשען, באנקירען, אדוואקא־טען, דאקטוירים — אלדאס גוטס!

קוקט אייך בעסער צו; דאס זענען מאסקען! דאס זענען די אלטע אידעלעך־משרתים, אידעלעך מאשיקלער, אידעלעך לייק־

נאָר דער יונגער וועט אַליין רעדען פאַר זיך; מיר וועלען הערען.

אונז איז איצט נעהנטער די פראַגע:

— ווער איז דער „ליטוואַק"?

ווער איז דער ליטוואַק, אויף וועלכען עס האָט זיך, און אַזוי מיט אמאָל, אויסגעגאָסען דער שוואַרץ־רויכיגער גרים־צאָרן פון אַלט־פּוילען, און פון אונזערע לייט — אַלט־פּוילענס משרתים?

ווער איז דאָס „ליטוואַקעל", וואָס מען האַלט אין איין שמי־רען פון אינעווייניג און אויסענווייניג מיט פעך, און מען פיהרט צום שיימער־הויפען צום פאַרברענען „למען ישמעו ויראו" — עס זאָל זיך מעהר נישט גלוסטען!

דאָס ליטוואַקעל איז, ערשטענס, ווי געזאָגט, א „גר" און ווי געזאָגט, „ואהבת את הגר" — א פּסוק נאָר אין אַלטען טעסטאַ־מענט...

אמת, אין נייעם טעסטאַמענט געפינען זיך אויך „דערלאַנגט מען דיר אין באַק, שטעל אויף די צווייטע" —

נאָר אויף וואָס איז פאַראַן „פּאָליטיק"? און דער פּאָליטישער שאַכער־מאַכער פאַרטייטשט: הני מילי, ווען איז דאָס געזאָגט גע־וואָרען, אז יענער איז שטאַרקער; ביסט דו אָבער שטאַרקער, דער־לאַנג ד ו פ ר י ה ע ר, זאָל יענער זיין מחויב אויפצושטעלען די צווייטע באַק!

און ווער מען איז נאָך אַזוי לייכט צו פּאַטשען, ווי א „גר"?

בפרט אז דאָס ליטוואַקעל איז באמת שולדיג, באמת זינדיג.

מיט טויזענט וואָסערען וועט איהר נישט אָפּוואַשען די פלע־קען פון זיין נשמה. מיט'ן כלי־כתיבה פון אקדמות נישט אויפ־שרייבען זיין גאַנצען על־חטא! געקומען פון אלדי־שוואַרצע יאָהר: פון מאָסקווע, פּסקאָוו, סיביר; אַזוי לאַנג געפאָהרען מיט דער באַהן, אויף דער באַנק, צי אונטער דער באַנק, און אויפ'ן וועג נישט אויסגעלערענט זיך פּויליש, און קומט אריין: „זדראַסטיע"!

און דאַ זייענדיג, און קיין פּויליש נאָך נישט קענענדיג, וויל ער נישט רעדען מיט די פינגער אויף שטום־לשון. און איידער ער ציהט זיך איבער פון גענשאַ אויף נאַלעווקעס, פון דאָרט אויף לעש־נאָ, אויף קאַטצעבו, פון קאַטצעבו אין די אַלעען אריין — רעדט ער אַלץ אין איינעם, ווי ער האָט ד אָ ר ט גערעדט, דאָרט, פון

פרעמדע משיח'ן, איז שוין נישטאָ קיין אידישער פונק, קיין צייכען פון „פּינטעלע איד", נאָר אַ שטיק שרעק, אַ שטיק טויב־שטומער פּחד — —

אַט, די „אידישקייט" וויל, עס זאָל זיין שטיל!

„וועקט נישט! דערמאָנט נישט דעם שאָטען"! אפילו דער אסימילירטער איד, דער, וואָס האָט זיך שוין באַפרייט פון אַלץ, פון קוגעל און שבת, ביז „יזכור" און יום־כפור, פון „דריידעל" ביז מצות אויף פּסח; דער אַפילו, וואָס קריסטעלט שוין מיט יאַלקעס — דער קאָן זיך אויך פון דער איינגעוואָרצעלטער אַלט־פוילען־שרעק נישט באַפרייען.

און געמורמעלט ווערט, און געבעטען — שווייג, האָב רחמנות, שווייג!

מיר האָבען רחמנות, ווירקליך רחמנות — אויף א י י ד! אויף א י י ד, וואָס פאַרגעהט אין שרעק, וואָס ווילט, מען זאָל אייך ווערגען נאַכט אויף נאַכט אין דער שטילער פינסטערקייט, איידער צו קעמפען אין שעהנעם העלען טאָג, קענען דער פרייער זון און — זינגען!

מיר מוזען זינגען!

ווייל מיט אונז איז אַלץ, וואָס איז יונג און בליהט; קענען אונז אַלץ, וואָס איז אַלט, פויל און פיהלט זיך מיט קברים־ערד!

— — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — —

וואָס איז אַלט? וואָס איז יונג?

אַלט איז דאָס, וואָס פאַרכט זיך פאַר דער פרייער ארבייט, און מאַכט זיין פאַטערלאַנד, זיך אַליין פאַר אַ פעסטונג פאַר אַנדערע — פאַר תפיסה מיט צוכט־ארבייט!

אַלט איז דאָס, וואָס קאָן נישט און וויל נישט קאָנקורירע מיט ארבייט ביים פאַרמעהרען דאָס פאַרמעגען פון לאַנד און פאָלק, און וויל בעסער לעבען פון מאָנאָפּאָלען, פּריווילעגיען און — פון דער פויסט.

דער אַלטער און פוילער, וואָס ארבייט נישט, מוז הערשען, מוז באַצווינגען, מוז רייטען אויף עמיצענס רוקען; און די תאוה דערצו ווערט אַלץ שטאַרקער און שטאַרקער, וואָס מעהר ער ווערט באַריטען און באַצוואונגען פון אַנדערע.

יונג איז — — —

## 5.

## שאלות־תשובות.

ארום מיר, הער איך, מורמעלט מען:

— פארשארף נישט די באציהונגען!

— האק אפ די שארפע שפּיצען פון דיינע רייד, זיי פאר־וואונדען די פרעמדע אויערען.

און געבעטען הער איך:

— זאל זיין שטיל!

ווער מורמעלט? ווער בעט?

די „אידישקייט" פון פריהערדיגען דור. די „אידישקייט" מיט די אויסגעלאשענע אויגען, אהן א פונק פון אידישען שטאלץ, פון אידישער זעלבסט־שעצונג...

אש און שטויב האט מען פון אונז געמאכט, קוים פון אונז האבען שוין אונזערע אייגענע הענט געמאכט!

— מיר ווילען נישט בעסער זיין פאר אלע!

— אוים „אתה בחרתנו!"

— ככל הגוים!

דאס זענען אונזערע יוגענד־געשרייען; פון דער יוגענד, וואס איז פון דער פרעמד געקומען און תיכף געזעצט זיך פאר אונז פראגראמען צו מאכען!

— כי־כי־כי! — לאכט א אידישער שרייבער: די יאפּאנער וועלען אננעמען די אידישע רעליגיע, עסען קוגעל!

— וואויל, — ריהמט א אידישער רעדאקטאר — א כרעס־טאמאטיע פאר אידען — וואויל, קיין ווארט פון משיח־אידען...

אט די שפּל'דיגע „אידישקיים" ציטערט!

די „אידישקייט" מיט די איינגעפאלענע באקען, וואס מען האלט אין איין קנייפּען, די פארב זאל שטעהן. זאל מען אויסזעהן חדוה'דיג, זאל מען זעהן, ווי גוט מיר לעבען, ווי מענשליך מיר ווערען באהאנדעלט!

די „אידישקייט" מיט'ן איינגעשרומפּענעם הארץ, וואו אונ־טער'ן אש פון פארברענטע האפנונגען אויף ליבעראליזם, אויף

ערע הענט זענען פרייער, טיילט איהר זיך אויס פון גאנצען כּלל ישראל, וואס איהר האט אריינגעוואָרפען אין תהום פון אָרעמ־קייט, פון שרעקליכער נויט, — ערשטענס, קינדער פון די וויגען, צום אפּ'שמד'ען... אידישע טעכטער, וואס מען האט ערצויגען אייך צו געפעלען — צום זעלבען צוועק; דער נדן וועט נאָכקומען! און אַלטע לייט, שכיב־מרע'ס אונטער כלאָראָפּאָרם, וואס איהר זענט מכנים, פאר גרויס רחמנות אונטער די פליגעל פון אייער שכינה, צוזאמען מיט'ן פארמעגען...

און דאָ — דאס אידישע „גרויס־קאפּיטאל" — די רעהרלעך, דורך וועלכע עס פליסט ארויס דאס אידישע געלט אין די טאשען פון דער באנקראָטירטער שליאכטע אריין! און אייער ליכטיגסטער שוויענטאָכאָווסקי נעמט אלע צו, און טיילט נאר אויס — די ליט־וואקעס!

די גרים: די פּוילישע אידען, וואס זענען צוריק־געקומען, פון אלע זייטען געטריבען, געיאגט און געפּלאָגט, און זע־נען אויפ'ס ניי אין דער אלטער היים גרים געוואָרען!

„ואהבת את הגר!"

דאס איז דאס אלטע טעסטאמענט! דאס בינדט אייך נישט!

— — — — — — — — — — — — — — — — — — — —

און טיילט איהר אונז, טיילען מיר אייך.

און מיר טיילען אייך אויף אלט, צום פוילען, צום פאר־טיליגט ווערען, אהן אונזער שאדען און אהן שאדען פון פּוילישען פאלק, און יונג — צום לעבען און צום פרייען שאפען... צוזאַ־מען מיט אונז!

און געהן האנט אן האנט מיט אייער יונגוואַרג וועלען מיר אזוי לאנג, ווי לאנג זיי וועלען יונג זיין, — ביז זיי וועלען נישט אלט ווערען!

אונזער אנטראג צו דער וועלט־געשיכטע איז דער איינגסטער. דער לעצטער — מיר וועלען שטענדיג געהן מיט די איינגסטע. —

מיר האבען די ערשטע געפּרעדיגט גערעכטיגקייט, באקומען וועלען מיר זי די לעצטע!

אויסגעלייזט וועלען מיר ווערען צו אלער לעצט!

דאס ווייסען מיר. —

דער פיעלהארמאניא, וועגען דעם רעכט פון דער אידישער מינאָ־ריטעט, פארגעסט ער דעם פּאָזיטיוויזם פון ענגלאנד, די קנאקעדיגע פראזען פון דער דייטשער דראנג־פעריאָדע, אפילו די לייפּציגער קורסען! ס'פאלט פון איהם אראָפּ א הויט נאך א הויט, ביז עס בלייבט אן אלט, קליין שליאכטשיטשעל. וואס האט דאס בייטשעל פארלוירען, נאר א מויל האט עס נאך, שרייט עס:

— עכבר!

— — — — — — — — — — — — — — — — — — — —

אמת, געמיינט האט ער נאר ליטוואקעס. אבער „כל ישראל חברים" איז נישט קיין ווארט אין סדור. עס איז פארבאקען אין אידישען הארץ, עס שטעקט אינ'ם אידישען בלוט... טיילט אונז נישט!

געננג, אז די גרענעצען פון אייערע רויב־רעווירען שניידען דורך אונזער לייב; גענוג, אז דער עולם־הזה מיט זיינע ברויט־פראגען שפאלט אונז אויף קלאסען און פּארטייען, — ריהרט אייך מיט אייערע הענט נישט צו. איהר, וואס דארפט וויסען, וואס עס הייסט צושניטען און צוברעקעלט צו ווערען, איהר, וואס ווייסט, אז ווען מען שניידט א לעבעדיג פאלק, רינט הארציג בלוט!

און פון אייביג אן טיילט איהר אונז:

— — — — — — — — — — — — — — — — — — — —

צו אלעם ערשטען האט איהר אונז געטיילט אויף זכרים און נקבות! עס איז א שאנד, מען מוז עס אבער מודה זיין, אז נאך היינט, אין די פרומע הייזער, ביי די אייניקלעך פון די פּאכטאָ־רעס, פּאקטוירים און וויינהענדלער, ווערען די קינדער ערצויגען צום געפעלען; אינגלעך — זיין ליעבען נאמען, און מיידלעך — דעם פּריץ!

„כל הבת תחיון!" פּרעה'ס אלטע פּאָליטיק!... און פון די זכרים ווייטער, פלעגט זיך יעדעס פּריצ'ל אויסקלייבען פאר זיך א הויז־ און לייב־מענש א אידעלע, — א מאשעקל — —

— אלע אידען — גנבים. זיין איין־איינציגער מאשעק איז די עהרליכקייט אליין. געטריי, ווי א הונט! ער דערלאנגט איהם אמאל מיט'ן אראפּניק, „בלוט איז דאך קיין וואסער נישט" און אז עס שטייגט אין פּנים, דערלאנגט מען; דערויף איז מען א פּריצ'ל!

דערנאך, און דערהויפּט אין עסטרייכישען גאליציען, וואו איי־

היילינגן אלע קאָפּעראַטיווען, נישט אלס געוועהנליכע עקאָנאָמי־שע אנשטאַלטען, נאָר אלס קרינגס־פּאָזיציעס קעגען אונז — קעגען אינערליכען פיינט...

אייערע אונטערטעניגע פון „משה'ס גלויבען" זענען טויב, אדער מאַכען זיך נישט הערען, זיי זענען בלינד און זעהען נישט, אדער מאַכען זיך נישט זעהענדיג, ווי איהר טרייבט אונז און באַי־קאָטירט... מיר אבער הערען און זעהען...

און וואָס טוען אייערע בעסטע, אייערע קלאָרע, ריינע, פרייע דענקער? זיי עלטערען זיך!

זיי זענען נאָר תלמידים פון אויסלענדישע תורות געווען; אויף דער עלטער ווערט דער זכרון א פּ ג ע ש ו ו א כ ט!

„וואַקסען וואַקסט דאָס געהירען פון אונטען ארויף; צו־שטערט ווערט עס פון אויבען אראָפּ"; א פיזיאָלאָגישער כלל — הויבט אָן דעם זכרון מטושטש צו ווערען. פאַרגעסט מען פריהער דאָס ש פּ ע ט ע ר ע, דערנאָך ערשט, וואָס פריהער און פריהער אין דער צייט. אלטע מענשען ווערען קינדיש; ס'דוכט זיך, זיי מאַכען דעם וועג צוריק... זיי געהען צוריק פון קבר־ראַנד צו דער וויג.

האָט איהר פריידענקער, וואָס ווערען פון טאָג צו טאָג צוריק־געצויגען ביז צום מיטעלאַלטער און ווערען מיט זיינע וואָס אמאָל דיקערע שאָטען ארומגעשטריקט... זיי עלטערען זיך, ווערען גרוי־און גרויער; אבער וואָס ווייסער זיי ווערען פון דרויסען, שוואַר־צער ווערען זיי אינעווייניג.

אייער שוויענטאָכאָווסקי עלטערט זיך! ער פאַרגעסט! און פאַרגעסט ער דעם משל מיט'ן זאַלץ־וואַסער, באַשאַפט ער זיך אַן אנדער משל, א משל מיט א פויגעל און א מאָגען...

„מעגסט זיין, אידעלע, א שפּיל־פויגעל, נאָר קוים ביסטו אין מיין מאָגען, מוז איך ־יך פאַרדייען!"

דערפיהלט ער א ביין, וואָס לאָזט זיך נישט פאַרדייען, שרייט ער:

— עכבר!

— — — — — — — — — — — — — — — — — — —

ער פאַרגעסט!

פאַרגעסט ער זיינע אייגענע דרשות אין די פרייע טעג, אין

אונז ביידען האט איין מזל צו איין טאטשקע צוגעשמידט, זאלען מיר זי צו־זאמען פיהרען...

„צרות בינדען ענג צוזאמען!“ זאגט ארזשעשקאוואַ׳ס מענדעל דאנציגער און זאגט אמת...

ווילט איהר אבער אונזער מיטארבייט נישט, איז אייער זאך, איהר וועט אונז ארויסשטופען, מיר וועלען זיך וועהרען. וועהרען מיט דער גאנצער קראפט פון אונזער ראסען־איינגע־שפארטקייט, צו דעם זענען מיר גרייט.

און אויב איהר וועט, נישט דורך אונזער שולד און נעגען אונ־זער ווילען, אויפשטעלען אויף׳ן וועג צווישען אייך און אונז א שלאבאן, איז נאר די פראגע: אויף וועלכער זייט פון שלאבאן וועלען זיך געפינען די פאליאקען פון משה׳ס גלויבען...

מיר האפען: זיי וועלען צוריק קומען. בלוט איז קיין וואסער נישט!



## אונזער „אנטראג“.

„בלוט איז קיין וואסער נישט“; אידיש בלוט נעווויס נישט!

און איהר טוט אייערס און באמיהט אייך, דאס אידישע בלוט זאל קיין סעקונדע נישט רוהען, זאל באשטענדיג זידען, ווי דעם נביא זכריה׳ס בלוט אין בית המקדש.

אייערע פאליטיקער, די קורצזיכטיגע, פאליטיש לייכטזיניגע מאמענט־מענשעלעך פארשאכערען אונז אין פעטערבורג פאר א שמייכעל פון א שווארץ־מאה׳ניק, פאר א פאלשען צוזאג פון אן אקטיאבריסט — איהר רייסט טאג־טעגליך די פעדים, מיט וועלכע מיר זענען צוזאמענגעבונדען, איהר האלט אין איין בויען די מויער צווישען אייך און אונז, איהר באשאפט אונז בייזוויליג אנדערע לאקאלע, עקאנאמיש־פאליטישע אינטערעסען... אייערע גייסטליכע

ווערען מיר עכברים...

איז נאך ווייניג. קומען זיינע תלמידים און זאגען:

— איהר האט דאס רעכט אויף אייגענארטיג לעבען; אמת, יעדעס פאלק האט עס. אבער מיר, פאליאקען, ווען אייך מוזען ארויסשטופען פון לאנד, ווי די בעהמען שטופען ארום די דייטשען, אדער באקעמפען, ווי מיר באקעמפען די רוטענער אין גאליציען...

— — — — — — — — — — — — — — — — — —

אז די אלטע ניאניע האט פאר אונז קיין זכרון און קיין יושר נישט, און אפילו קיין ווארט!

אין די פרייע טעג האט מען פארלאנגט דאס רעכט פאר די פוילישע מינאריטעטען אין דער גאנצער אימפעריע אויף אן אייגענארטיג לעבען; אויף אונז אין פוילען איז דער דין נישט חל. „אויסער אידען"...

און דארף מען, ווערען מיר געגליכען צו די דייטשען אין בעהמען; אי וואס, די דייטשען זענען בעהמען באפאלען, בארויבט, באצוואונגען, צושטערט די בעהמישע קולטור, פארניכטעט די בעהמישע שפראך; און מיר זענען געקומען מיט'ן פוילישען ווילען לויט קאנטראקט, וועלכען די „פראוודא" וויל נישט האלטען... דער אמת, הייסט עס, איז אן אנדערער; אבער אמת איז אויך אויסער אידען!

— — — — — — — — — — — — — — — — — —

ניין, נישט מיט דער „פראוודא" ווילען מיר זיך רעכענען.

מיר זאגען און ווילען אייביג זאגען דער פוילישער געזעלשאפט אפענהערציג און ערליך:

מיר, די אידישע מינדערהייט, און איהר, די פוילישע מעהרהייט, האבען דיזעלבע לאקאלע, פאליטיש-עקאנאמישע אינטערעסען.

אייערע מיטהעלפער ווילען מיר זיין; מעהר, ווי פריינד.

היילעז די שווערסטע וואונדעז מיט אפשפרעכעז — העננעז מיר נישט אפ...

— — — — — — — — — — — — — — — — — —

און ווען יא, קאנט איהר שוויענטאכאווסקי'ן צופרידען שטעלען?

אמת, ער איז א גוטער, שוויענטאכאווסקי. ער האט רחמנות אויף חוה רובין, וואס איז געקומען אין זיין לאנד אריין זוכען ברויט... און לאזט א טרער אויף איהר קבר, ווען איהר קאנקורענט, זיין ברודער, דער בריף־טרעגער, האט זי געטויט...

און פונדעסטוועגען אידען בכלל האט ער נישט ליעב. דער פי־לאזאפישער קאפ פארלאנגט עס, אבער דעם אידישען ריח פארטראַ־גען — קאן ער נישט. הלמאי ער קאן נישט פאהרען מיט די פויערען אין איין קופּע! אלץ דער ריח!

אז אנדערער האפט, אז עס וועט קומען די צייט, און דער אידישער קנאבעל וועט פארביטען ווערען אויף א רויז פון די פוי־לישע אינספעקטען — שוויענטאכאווסקי אבער איז א חכם אויך; געלערענט פיזיק אין לייפציגער אוניווערזיטעט, און ווייסט, אז א געוויסע מאס וואסער קאן צולאזען אין זיך נאר א באשטימטע מאס זאלץ, וואס מעהר — בלייבט זאלץ, און דאס פוילישע פאלק וועט די גאנצע אידישע מאסע נישט פארדייען...

גלויבט איהר איהם, און ווילט איהם צוליעב טון און איהר דערמאנט אייך, איהר האט ערגעץ אמאל א היים געהאט, וואו איהר וואלט געמענט בלייבען זאלץ און נישט פארזאלצען פרעמדע וואַ־סערען, און איהר ווילט אייך ריהרען פון ארט. שפרינגט שוויענ־טאכאווסקי אויף, די אויגען בליצען:

— ער וועט נישט לאזען באהאנדלען זיין פאטערלאנד אלס א גאסט־הויז צום איבערנעכטיגען. פוילען איז קיין אכסניה נישט!

זאגט איהר:

שוויענטאכאווסקי לעב, אז דו ווילסט, וועל'מיר בלייבען, אבער ווייל מיר זענען אסך זאלץ און דו האסט ווייניג וואסער, וועלען מיר בלייבען זאלץ...

גיט ער א געשריי, ווי א לייב:

— שטשורעס!

זאָגט נישט דאָס, וואָס דער אידישער אַסימילירטער אינטעליגענט האָט אין זיין נאָמען געזאָגט.

פּאַרקערט: די שטומע פינסטערע מאַסע לעבט אויף, באַקומט און זאָגט אַרויס איהר אייגענעם ווילען! די אידישע מינדערהייט וויל זיך דער פּוילישער מעהרהייט נישט אונטערגעבען, זיך צוליעב איהר נישט פאַרניכטען, לחלוטין נישט!

ווערט מען בייז.

דאָס איז דאָס צאַרניגע פּנים צו אונז געווענדט; מען וויל אָבער דעם „שונא" שפּאַלטען, די „געפאַהר" קלענער מאַכען, — מען מוז די מינדערהייט טיילען; שמייכעלט מען צו דער אַסימי־לירטער אינטעליגענץ; ווערט מען זיך מיט זיי ענגער פאַרבינדען...

וואָס איז ווערט דער צאָרן? וואָס איז ווערט דער שמייכעל?

זעהר ווייניג. אויב אונזער מזל ווענדט זיך, ליגט אין איין שאָל דער אַלטער פּאָליאַק מיט זיין יחוס, זיינע פּאַראַרטייען, זיין ענגאַיסטישער פּאָליטיק... און אין דער צווייטער — דער נ י י ע ר פּאָליאַק, וואָס האָט אונז אין די פרייע צייטען זעהר פיעל צוגע־זאָגט, און איז נישט מיט'ן אייגענעם ווילען פאַרשוויגען געוואָרען...

וועט ער האַלטען וואָרט?

ווער ווייסט. אַלע, וואָס געהען קעמפּען, זוכען אונזער שותפות. רופען: בראַטשיא! מיר גלויבען, און צאָהלען די בלוט־טיגסטע קאָכטען פון יעדען באַפרייאונגס־פּראָצעס. און דערנאָך, אַז די געשיכטע גיט אַרויס דעם פּסק, ווערען מיר גאָרנישט אָדער זעהר, זעהר ווייניג דערמאָנט צום גוטען...

אָרעמע און שוואַכע פעלקער ציהען מיט די בלויזע הענט קאַשטאַנעס פון פייער אַרויס; קומט צום עסען, איז גענוג מיילער אָהן זיי...

נאָר אַזוי צי אַזוי, דער מיטעלמענש, דער דור, וואָס שטעהט צווישען אַלטען און נייעם, דער ליבעראַליזם פון שוויענטאָכאָווסקי'ן און זיינע תלמידים אין דער „פּראַווּדאַ", — די האָבען ווייניג וואָס צו זאָרגען. פון מענשען, וואָס האָבען נאָר קאָנקרעטע פּראָזען, פון מענשען, וואָס בייען נישט און צושטערען נישט, וואָס ווילען און קאָנען נישט ענדערען די באַדינגונגען פון לעבען, און רעכענען צו

נעשענקט: א פאפירענע גלייכבארעכטיגונג, אויף אויסצוצאהלען ראטעם־ווייז מיט א תנאי — מיר זאלען ווערען דאס, וואס מיר זענען נישט, קאנען נישט און ווילען נישט זיין!

איבער דער פאפירענער בריק האט אנגעהויבען אריבערצו־געהן די אידיש־דייטשע אינטעליגענץ על פי נוסח בערלין, אבי ארויס פון מקום און צושפרייטען זיך איבער אלע גאסען, און מיט דער האפנונג: מיט דער צייט צו געניסען דעם גאנצען גוי'שען עולם־הבא...

זיי האבען געזאלט צופיהרען די רעשט: דעם „פעבעל“ — די „פינסטערע מאסע“ און דאמאלט —

דער „דאמאלט“ איז אבער נישט געקומען!

דער „פעבעל“ האט זיין געזונטען אינסטינקט; די „פינסטע־רע מאסע“ איהר געפיהל, וואס לאזט זיך נישט אזוי לייכט גע־נארען.

„נישט פון דיין האניג, — האט דער אידישער עולם גע־טראכט — און נישט פון דיין בים!“; און נישט געוואלט ארויס פון שול און חדרים, ווארטענדיג מיט'ן גאנצען אפטימיזם פון דער אידישער ראסע אויף בעסערע צייטען, אויף משיח'ס צייטען, ווען דאס אידישע פאלק וועט זיך נישט וואלגערען אונטער פרעמדע, נאטאבענע־פארמאכטע פענסטער, און באגנוגענען זיך מיט'ן אויס־געשטראלטען ליכט. אייגען ליכט וויל דאס פאלק...

וואס דאס פאלק, דאס אידישע, האט געטראכט, האט דער פוילישער רעדעל־פיהרער נישט געוואוסט. און דער דאלמעטשער, דער אידיש־פארפוילישטער אינטעליגענט, האט געהייסען וואר־טען; עס וועט קומען, האט ער פארזיכערט, די צייט, זי מוז קו־מען, און מיר וועלען אייך צופיהרען אידען אהן אידישקייט, אידען אהן אידישע אינטערעסען; אידען, וואס וועלען פארלייקענען זייערע ברידער פון דער גאנצער וועלט, אוועקווארפען זייער דריי־טויזענט־יעהריגע קולטור אוי קומען צו אייך און בעטען אייך שוץ, „פרא־ווען“ און ליכט...

האט דער פוילישער ליבעראליזם געווארט, געדולדיג געווארט—

פלוצלונג הויבט אן די פינסטערע מאסען צו שימערירען, עס באווייזען זיך צווישען איהר אייגענע ליכטלעך! פלוצלונג הויבט אן דער שטומער פעבעל צו רעדען — און רעדט נישט פויליש און

שטיל!
און אין דער טויטער שטילקייט דערהערט זיך די ציטעריגע שטימע פון דער געעלטערטער ניאניע פון פוילישען אמאליגען שטאלצען פרייען געדאנק: וואס וועלען מיר טון מיט דער נייער שפראצונג אויף דער פוילישער ערד, — מיט דער אידישער נאַציאָנאַליטעט?

מאכט זי א בייז אויג צו אונז, נאציאָנאַל־אידען, און ענט־פערט: — מיר וועלען אייך ארויסשטופען פון לאנד, ווי די בעה־מען שטופען ארויס די דייטשען; באקעמפען, ווי מיר באקעמפען (אין גאליציען) די רוטענער —

און צושמייכעלט זיך צו די אסימילירטע אידען.

— „פאר דאס — זאגט זי זיי צו, — וועלען מיר זיך ענגער פארבינדען מיט אייך, מיט די פאליאקען פון משה'ס גלויבען"...

וואס איז ווערט דער „פראוודא'ס" צארן פאר אונז און איהר שמיי־כעל פאר'ן פוילענטום פון משה'ס גלויבען?

פון דעם אַן אנדערש מאל...

## 8.

## די פראגע.

פארוואס איז די „פראוודא" בייז?

ווייל „נישט דאס האט געמיינט וויעלאפאלסקי!"

מיר זענען שטענדיג אפהענגיג פון נישט־אידישען ווילען, בפרט פון ווילען פון א שררה „וויעלאפאלסקי". דעם סימבאל פון פוילישען ליבעראליזם, וואס האט אונז צוגענומען אלע פריווי־לעגיען, וואס מיר האבען זיך אויסגערעדטביים אריינוואנדערען אין לאנד, וואס האט צושטערט אונזער רעכט, וואס מען האט אונז צוגעזאגט, אויף אויטאנאמיע, אויף זעלבסטשטענדיגע קהלות, בתי־דינים, ועדים, ועדי־ארצות, מבטל געווען אונזער שפראך, צוגע־נומען די רעכטליכע קראפט פון אקטען אין קאנטראקטען און אלער־ליי אפמאכונגען אויף אידיש, און פאר דאס אונז א גרויסע מתנה

און די שול פון שוויענטאָכאָווסקי׳ן איז פול געוואָרען פון אידישע שילער. און דער אָרגאַן די „פּראַוודאַ" — מיט אידישע העלפער און מיטאַרבייטער... דאָס איז געווען די צייט פון גלאַנץ און איינוועגס, דער העכסטער פונקט פון אַסימילאַציע.

— — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — —

צייטען בייטען זיך.

אַז מען האָט, לויט שוויענטאָכאָווסקי׳ס רעצעפּט, זיך אָפּגע־זאָגט פון חלומות, פון האָפנונגען אויפ׳ן גרויסען אַדעל, און שעהנע באַציהונגען אין די גרויסע הויפען; אַז מ׳האָט אויך פאַרלוירען דעם גלויבען אין יושר און עהרליכקייט פון אייראָפּאַ און איהר פּאָליטיק — אַז מען האָט אָוועקגעלעגט די קאָפּ־ און האַרץ־אַרבייט אין דער פרייער לופט און גענומען זיך צו רעעלער, ממשות׳דיגער האַנט־אַרבייט, צום אָרגאַניזירען זיך אויפ׳ן פעלד פון רעעלע פאָלקס־אינטערעסען, האָט שוויענטאָכאָווסקי און זיין „פּראַוודאַ", שוין פון זיינע שילער געפיהרט, זייער גרויסען גלאַנץ פאַרלוירען...

די שטאָדט איז אַנדערש געוואָרען...

צום געוועזענעם פּריץ, וואָס האָט געזוכט זיין ברויט צווישען די שטעדטישע מויערען, איז צוגעקומען דער פּויער, וועלכען עס האָט, נאָך ירושות און צוטיילען, ערד פאַרפעהלט. צום געווערב און צו פאַבריק־אַרבייט איז צוגעשטאַנען דער איד; פון שענק, וואָס מען האָט ביי איהם צוגענומען, פון קראָם און געוועלב, וואָס האָ־בען איהם שוין נישט דערנעהרט, און פון דאָרף און פון דער „פּרעמד", פון וואַנען מען האָט איהם געטריבען... אַנדערע אינטע־רעסען פאַרלאַנגען אַנדערע ענטפערען; אַ נייער קנויל פון נאַציאָ־נאַלע און עקאָנאָמישע אויפגאַבען, — אַנדערע פינגער מוזען זיי פאַרנאַנדערקלייבען...

און אַנדערע אידעאַלען האָבען פּלוצלינג אויפגעבליהט, און אַנדערע ש ט י מ ע ן האָבען זיך דערהערט...

גאַנץ אַנדערע...

נייע צייטען — נייע פייגעל...

טרעטען אָבער די אַלטע צייטען נישט לייכט אָפּ — ווערט אַ רעאַקציע. דער וואָגען ווערט צוריקגעשלעפּט מיט געוואַלט.

די נייע פייגעל מיט די נייע ליעדער זענען זיך צופלויגען...

די נייע מענשען מיט נייער אַרבייט זענען אָפּהענדיג געוואָרען.

דער פויער לעזט נישט, דער גלח שילט, דער קליינער פריץ זאגט נאך: אמן! —

הערען הערט די שטאדט!

ווער איז די שטאדט?

פריצימלעך, וואס האבען די גיטער פארלוירען, אין שטאדט אריין, פרנסה זוכען געקומען און — אידען מיט א קליינער צאה׳ אינטעליגענץ... זיי האט שוויענטאכאווסקי גענומען; זיי האבען זיין שטארק ווארט דערהערט און ארום זיין פאהן זייערע קרעפטען געזאמעלט.

און דער יונגער פריץ האט שוויענטאכאווסקי׳ן געהערט און זיך צו דער ארבייט גענומען, צום געווערב, צו מאס און וואג; צו דער ארבייט, וואס ער האט ערשט נישט לאנג פאר א שאנד גע־האלטען...

און דער אידישער אינטעליגענט, וואס מענדעלזאן פון בער־לין האט פון דער פינסטערער מאסע ארויסגעצויגען און פאר א „מענש“ געמאכט, האט פאר שוויענטאכאווסקי׳ס ווארט אפענע אויערען און הארץ געהאט. און אויפ׳ן ארט פון פרעמדע, — זיך צו היימישער בילדונג גענומען. מענדעלזאנ׳ען אויף שוויענטא־כאווסקי׳ן פארטוישט, ישעיה און ירמיה אויף מיצקעוויטש׳ן, דוד און שלמה אויף קאזשימיערזש און באטארי פארביטען — היימישע פוילישע מלכים! און מאנכע, מיט דער צייט — דאס סידור׳ל — אויף א מאליטניק...

עס איז צוגעגאנגען לייכט, זעהר לייכט; אומעטום פיהרט די פרעמדע קולטור ביז צו פרעמדער רעליגיאן, דא איז דער וועג גלאטער געווען...

פוילען איז אויך שוין נישט קיין פאלק, וואס שטיצט זיין נאציאנאליטעט אויף באיאנעטען; אויך נישט קיין פאלק, וואס לעבט פון דער פויסט, וואס דריקט אונטער אנדערע פעלקער... רו־טענער האבען נאך אפילו נישט געקרעכצט, טעטאוער קיין מויל נישט געעפענט...

און פוילען איז אויך א פאלק, וואס האפט אויף בעסערע צייטען, וואס ווארט אויף א משיח׳ן, וואס אפעלירט צום אייראפע־אישען געוויסען, וואס פארלאנגט גערעכטיגקייט, וואס מאטערט זיך צוזאמענגעזאגט אונטער א פרעמדען יאך. ווי עהנליך!...

מערטיל געשפּילט. די ליטעראַטור זיינע איז געווען דער קאַלענ־דאַר, וואָס ער פלעגט טוישען פון יאָהר צו יאָהר, נישט אינגאַנצען אויפגעשניטען און נישט דאָס גאַנצע אויפגעשניטענע דורכשטו־דירט. אויפ׳ן אָרט פון א צייטונג האָבען געדינט דער פאַכטער און דער קרעטשמער — די אידישע פאַנטאַפּעל־פּאָסט...

און איז אַמאָל געפאַלען אויפ׳ן האַרץ א טרויער, איז פאַראַן אונגער־וויין ביים שענקער און דער היימישער אַלט־פראַנקישער בעכער פון „קאַמשימישען“! — און זענען אַמאָל שווערע געדאַנקען געקומען, און דאָס האַרץ האָט נאָך טרייסט געלעכצט, האָט מען דעם גלח עקסטרא גערופען, און ער האָט הימעל־שפּייז דערלאַנגט...

ער, וואָס האָט פריהער נאָך אונטערטעניג געמאַכט פּוילען צו רוים, אויסגעקוילעט דיסידענטען, אַלע אפּיקורסים, אַלע פרייערע קעפּ, און די רעשט אונטער׳ן פּאַפּסט׳ס פאַנטאַפּלען געוואָרפען...

דער פּויער — ביי ביידע פאַרקנעכט! און פּוילען האָט גע־פּוילט, אָהן א האָפנונג, אָהן א געדאַנק, אָהן אַן אַרבייט אין די הענט —

דאַמאָלט איז שוויענטאָכאָווסקי געקומען, דאַמאָלט האָט זיך די „פּראַוודאַ“ באַוויזען, דאַמאָלט איז געשטעלט געוואָרען דאָס פּראָגראַם: אַרבייט!

אַרבייט ביי די פונדאַמענטען, אַרבייט טיף אין די שיכטען פונ׳ם פאָלק; אויפלעבען מוז דאָס פאָלק.

אום אויפצולעבען, פריי אויפצועטעמען, מוז עס באַפרייט ווע־רען פון אונטערוואָרפענקייט דעם פריץ, פון אַבערגלויבישער אי־בערגעבענהייט דעם גלח, און פון פּוסטע חלומות פון גרויסען אַדעל. —

עס איז קיין צייט נישט געווען קיין נייע קולטור־ווערטען צו באַשאַפען, האָט מען פון אייראָפּעאישען קולטור־אוצר אידעען און אידעאַלען געבראַכט. וועניג האָט אויפגעזאַמעלט דייטשלאַנד גע־וועהר קעגען יחוס און אַבערגלויבען אין דעם דראַנג־פעריאָד? ווע־ניג קלינגענדיגע ווערטער האָט באַשאַפען די פראַנצויזישע רעוואָ־לוציע?

און וועניג פּאָזיטיוויזם האָט געגעבען ענגלאַנד?

שוויענטעכאָווסקי פּרעדיגט, אָבער דאָס דאַרף הערט נישט.

## 2.

## „די פראוודא".

די פוילישע „פראוודא" איז א ראדיקאל־פרייזיניג וואכענ־בלאט. איהר באשעפער, און פיהרער ביז פאר דער לעצטער צייט, איז אלעקסאנדער שוויענטאכאווסקי. איינער פון די טיכטיגסטע קעפ און פרייזיניגסטע מענשען אין פוילען.

זיין ארבייט איז אין פוילישען לעבען נישט געבליבען אהן א טיפען אפקלאנג; ארום זיין פאהן האט זיך געזאמעלט דאס עהר־ליכסטע און קליגסטע פון פוילישען פאלק; זיינע שריפטען און זיין ארגאן די „פראוודא" וועלען פארנעמען דעם וויכטיגסטען פלאץ אין דער געשיכטע פון דער באפרייאונג פון פוילישען געדאנק.

און באוויזען האבען זיי זיך אינ'ם געפעהרליכסטען מאמענט פון ליידען און שאנד, אפגעשוואכטקייט פון אומזיסט פארגאסענעם בלוט און שטומער פארצווייפלונג.

נישט פארצווייפעלט האט נאר דער גרויסער פוילישער אדעל. דער מאגנאט, וואס האט מיט זיין נארישער פאליטיק, אונטערטע־ניגקייט צו די יעזואיטען און פריוואטע עגאאיסטישע אינטריגען צו דער גרויסער מפלה געבראכט, פוילען אויף שטיקער צושניטען און די שטיקער צווישען מלוכות פארטיילט. ער איינער האט ווייטער פאליטיקירט, ווייטער גרויסע, הויכע פאליטיק געפיהרט, נע'חלום'ט אלץ פון גרויסען פאטערלאנד, פון אלטען גרויסען פוילען פון ים צום ים, און אפגעקלאפט די שוועלען פון גרויסע קרובים און גרויסע הויפען. מען זאל זיך, צוליעב גערעכטיגקייט, פאר פוילען מיהען, אין זכות פון אמאל געראטעוועט ווערען, און אין זכות פון אונזערע שעהנע פרויען און טעכטער!...

און אנדערע?

דאס קליינע פריצ'ל, אויב מען האט ביי איהם קיין „פאזעס־סאניעץ" נישט געפונען און דאס גוט נישט קאנפיסקירט, דאס קליינע פריצ'ל איז אין דארף געבליבען, אין זיין הויז געזעסען. גע־אקערט און געזייהט, מיט דער הילף פון עקאנאמס קאנטשיק, מיט פויערישע הענט און אליין מיט'ן גלח פרעפעראנס, אדער טערטיל־

יענער זייט... כאטש איין אנקעטע געמאכט? אויסגעפארשט דעם תחום?

— — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — —

אויפ'ן שלאכטפעלד איז שטיל, און אין דער שטילקייט איז געזעסען די פוילישע „פראוודא“, די אלטע ניאניע פון „פאסטעמפ“ בכלל און אידישען אין דערמיט, און געטראכט, און דערטראכט זיך, אז דער נצחון פון איהר ווי ס'איז אנגענעמען „פאסטעמפ“ איז א האלב אויסגעבלאזען איי, פון וועלכען עס וועט זיך קיין אסימי־לאטארישע טויב נישט אויספיקען. איינגאנצען צוויי הונדערט שטי־מען מעהר... און — מיט דער הילף פון מענשען, וואס האבען צום „פאסטעמפ“ גאר קיין שייכות נישט, און האבען געהאנדעלט לויט דער קאמאנדע פון רבנים און גוטע אידען...

און די אלטע ניאניע האט נאך שארפע אויערען און הערט, ווי גראז וואקסט. און זי האט דערהערט: א נייע שפראצונג האט די פוילישע ערד געשפאלטען און דאס קעפעל ארויסגעשטעקט; עס וואקסט א אידישע נאציאנאליטעט, וואקסט פון מינוט צו מינוט, פון סעקונדע צו סעקונדע.

און אויך גוטע אויגען האט זי נאך, די אלטיטשקע — און זי זעהט: דער זעלבער פראצעס פון פעלקער־באפרייאונג, ווי ביי די בעהמען, ווי ביי רוטענער, ווי ביי אלע...

אידען ווילען א אידיש לעבען, און איינען לעבען, לויט אייגע־נעם רעכט און געשמאק... דערויף האבען זיי רעכט...

אבער מ י ר, פרעגט די „פראוודא“ — וואס וועלען מיר טון, מיר פאליאקען?

— נאר וועגען דעם שפעטער.

פריהער מוז מען וויסען, ווער די „פראוודא“ איז, וואס פאר א ראלע זי שפילט, וואס פאר א דעה זי האט. —

טויערען פון אסימילאטארישען „יריחו“ און געשמעטערט אויף די גרעסטע טראמפייטען. — פארוואס זענען זיי, די טויערען, נישט איינגעפאלען? —

און אין הארץ הויבען אן צו פיקען ספקות: — אפשר איז אונזער נאציאנאליזם נישט גענוג אידיש, נישט גענוג פאלקסטימליך און אונזער דעמאקראטיזם נישט גאנץ און גאנץ אמת?...

— אפשר פעהלען אונז מענשען?

— אפשר איז היינט, אין די טרוקענע צייטען, אין צייטען אהן נסים און אהן כשוף, ארומרינגלען א פעסטונג, בלאזענדיג אויף טראמפייטען, ווייניג?

מען דארף אויך עפעס טון, אויף מויערען קלעטערען, מויערען ברעכען קעגען מויערען, טורמען בויען, און פון זייער הויך די פעסטונג באשיסען?

— וואס האבען מיר געבויט?

וואס האבען מיר געטאן דא, אויפ'ן ארט, פאר די, וואס מיר ווילען פיהרען? מיט וואס האבען מיר זיי באוויזען, אז זיי דארפען דעם טויער שפאלטען און ארויסטראגען אונז די גאלדענע שליסעל?

האבען מיר עפעס געטאן פאר דער אידישער ערציהונג, כאטש איין אידיש קינדער־ביכעל ארויסגעגעבען? האבען מיר פאר'ן פאלק (נישט פאר זיך) אן אויסגאבע געגרינדעט? דארף מען ווירקליך דערצו א שטול אין קהל־שטוב?

האבען מיר געהאלפען ביי דער שווערער געבורט פון דער אידישער ליטעראטור פאר'ן פאלק, און לאזען מיר נישט די קינפעטארין פון אידישער קונסט אין איהרע שווערע וועהען אהן הילף?

האבען מיר עפעס פאר'ן אידישען טעאטער געטאן?

„נידער מיט דער אסימילאציע!“ — גוט, עס שרייט זיך פיין, אבער וואס האבען מיר באשאפען קעגען איהר, אין אונזער גייסט, נאך אמאל גערעדט: דא, אויפ'ן ארט, פאר'ן פאלק?

און פאר'ן „געגריוויטען“ שוסטער, וואס האבען מיר געטאן? און פאר אלע אנדערע, וואס פאלען, ווי פליגען פון קאנקורענץ פון

בעסטען ביין באקומען, אממעהרסט אויסגעקאשפערט, — פרעהען זיך באזונדער און פרעהען זיך אויך נישט גאר איינגאנצען. אביסעל קאלאמוטנע אויפ'ן הארץ... אביסעל נישט ריין דאס געוויסען. אביסעל באשפיגען די בארד... געבראכען דאס ווארט... א שרעק פאר מארגען, א בושה פאר היינט... דערצו — א דין־תורה מיט ליטוואקעס! און וואס ערגער איז: טאמער איז עס אמת?

וואס וועט זיין, אז דער „פאסטעמפ" וועט נישט בלייבען קיין הויל ווארט, קיין צוזאג אין דער וועלט אריין; נישט גאר א מאסקע, צו פארדעקען די חרפה פון דער אסימילאציע, נאר א ווירקליכער, אמת'ער, ערנסטער, וואס וועט ווירקליך א ר ב י י ט ע ן? וואס וועט זיין מיט'ן „יחלוקו"?

און וועט עס געשעהען, וועט מען זיך ווירקליך נעמען צו דער ארבייט, ווירקליך זיך געגנענען צו דער מאסע, ווירקליך און ערנסט פארנעמען זיך מיט איהר געברויך, מיט דער ערציהונג פון יונגען דור — וועט דען נישט דאס דייטשעל געפעהרליכער זיין פאר'ן ציוניסטישען ליטוואק? די צילען וועלען זיין די זעלבע, אויב נישט ערגערע, און די אויספיהרונג קרעפטיגער, זיכערער; געוועהנט צו הערשען, צו רעגירען, אויסצופיהרען... און געלט, און אינטעליגענץ, ווי האלץ!

— — — — — — — — — — — — — — — — — —

און די באזיגטע, די אפגענארטע, זענען נאך שטילער אוועק־געגאנגען; א חשבון הנפש מאכען, אונטערצופיהרען די אונטערש־טע שורה...

און זיי טומלען זיך אויף שטילע אספות: — פון וואנען איז געקומען די מפלה? האט מען נישט אנגעזאגט קריג צו דער רעכ־טער צייט? איז נאך דאס אידישע ווארשוי ווייניג אידיש? איז די אידישע פרעסע, וואס האט געשטיצט, מיט איהר אומגעהויער־גרויסער לעזער־מאסע, נאך נישט גענוג שטארק קעגען — א באנקיר?

און — האבען מיר נישט געארבייט מיט גענוג מסירת נפש? האבען מיר ווייניג די קעהלען אויסגעריסען שרייענדיג: הידד! אהער און „נידער"! אהין?

האבען מיר נישט זיבען און מעהר מאל ארומגערינגעלט די

דער מאנאפאל אויף פרייזינינקייט ווערט פון טאג צו טאג לעכערליכער. אום צו בלייבעןביים כבוד פון „פאסטעמפ“, איז שוין וועניג צו זיצען אויף אייבינע שטולען... מען מוז עפעס טון, מען מוז ארבייטען. און די טראגעדיע איז, אז קוים וויל מען טון, קוים וויל מען ארבייטען, מוז מען טון און ארבייטען באזונדער, אידען פאר אידען. די „פוילישע קולטור“ וויל בפירוש נישט קיין פיליע אויף די גאלעווקעס... און שטעלט מען אידען נעגען אידען, וויל מען רעדען מיט דער מאסע, ווייטער א קללה — מוז מען רעדען אידיש! און אידיש רעדען נאר ליטוואקעס. אזוי האט מען ערשט נעכטען נעגלויבט, געוואלט גלויבען...

און וואו איז תורה אהן קמח? און די מאסע איז הונגעריג... מען מוז ארבייטען עקאנאמיש, הויבען דעם וואהלשטאנד, קרעפ־טינען די ארבייט, ארגאניזירען...

דאס איז נאך געפעהרליכער — באזונדער ארגאניזירען?

יענע ווילען קיין שותפות נישט, — באשאפען אן עקאנאמישע געטא?...

אויף דער קעלנע געבליבען, די לייצעס אין די הענט, אבער פיהרען דעם וואגען אויפ'ן געלען זאמד פון צוזאגען אין מדבר פון וויסטע חלומות און מיראזשען, איז אוממעגליך —

וועט מען נישט מוזען אראפ אויפ'ן שונא'ס וועג?

— — — — — — — — — — — — — — — — — —

די מיטהעלפער זענען באלד צו דער שמחה נישט געקומען. באזונדער און גאנץ שטיל אפגעטראטען — אין דער שנאה צום פרעמדען ליטוואק און אין דער הערשאפט איבער קהל, געהט מען האנט אין האנט, איז „יחדיו“, וואשט איין האנט די צווייטע צו־ליעב דעם שטילען „יחלוקו“: נעם דיר, דייטשעל, די אלגעמיינע פאליטיק, דאס אפקלאפען די שוועלען פון די פריצים און נענע־ראלען לטובת הכלל; נעם דיר, דייטשעל, אלס צולעג דאס „בית־עלמין“ מיט די מצבות; מיר לאז כשרות,—מיר לאז דעם רב מיט'ן מלמד; און אסור, אויב מיר וועלען צולאזען אביסעל דקדוק, א נצוץ פון א ליטוואק... אבער מיט די כלים מישט מען זיך נישט, צוזאמען אויף שמחות געהט מען נישט...

און די אמת'ע זינער, די, וואס האבען צוגעהאלפען און דעם

# אין מיין ווינקעלע.

## 1.

### נאָך דער מלחמה.

אויפ'ן פעלד, וואו עס האָט ערשט נישט לאַנג אַזוי גערוישט און געפּילדערט, איז שטיל געוואָרען...

די „שלשה שאוחזין בטלית" — אַלע דריי פּאַרטייען, וואָס האָבען מיט אַזאַ גוואַלטיגען מסירת־נפש מלחמה געהאַלטען וועגען דער ממשלה אין שטוב פון גרעסטען אידישען קהל אין אייראָפּאַ און געשריען מכלומר'שט „כולו שלי" און געמיינט, וואָס מעהר צו פאַרכאַפּען, זענען אָפּגעטראָטען. און אַלע דריי — נישט זעהר צופרידען.

די זיגער, אין אָנהויב שכור פון נצחון, האָבען אָפּמאַרשירט, מיט זאַנג און קלאַנג, טראָמפּייטען־געשמעטער און הורא־געשרייען צום געצעלט פון גרויסען פעלד־מאַרשאַל, צו זעהען זיין שמייכעל, וואָס זיי האָבען כשר פאַרדינט, צו הערען זיין לויב און צו לאַבען זיך מיט זיין געשמאַקען כיבוד...

אָבער נישט לאַנג האָט געדויערט דער רויש, און נאָכ'ן רויש קומען שווערע געדאַנקען: געזיגט, אָבער אויף ווי לאַנג? געזיגט, אָבער די פּאָהן פאַרביטען, אַ פרעמדע געטראָגען: נישט „אַסי־מילאַציע" איז געווען אויף איהר אויסגעשטיקט, נאָר „פּאַסטעמפּ" (פּראַגרעס)... און די „פינסטערע" מאַסע איז געוואָרען אַ טרייב־הויז פון איינענער אינטעליגענץ. און די היימישע אינטעליגענץ, דאָס פליייש פון איהר פלייש, דער ביין פון איהר ביין, מעהרט און פרוכפּערט זיך, און דער דרך־ארץ פאַר'ן פרעמדען „פּאַסטעמפּ" פאַלט פון טאָג צו טאָג...

פאלעז אבסורדעז:

— קרייציגט דאס בלוט און פארשווינדט!

— ווערט קריסטליכע אידען... איבערקוקען דעם פראצעס... אדער גלאט „ככל הגוים“...

זוכט אייך אייער הערשאפט, בויט אייך אייער מ ע ר ה י י ט, זאל ערגעץ געזעץ ווערען אייער א י ב ע ר ג ע ו ו א ל ט... אייער פיזישע קראפט. — וואס געהט אייך אן די וועלט און דער גאט פון דער וועלט?

— — — — — — — — — — — — — — — — — — —

די פארגליווערטע בעל־בת'ישקייט פון איין זייט און די פארפרעמדטע אינטעליגענץ פון דער צ ו ו י י ט ע ר — דאס עפענט די וועגען, וואס פיהרען אפ פון אידישקייט... כדי עס זאָלען פארמאכט ווערען די וועגען, מוז באשאפען ווערען א נייע א י ד י ש ע אינטעליגענץ, וואס זאל קולטיווירען אייגענע ווערטען און פריי באווענען דאס פאלק!

אויפ'ם ניי מוז אויפבליהען א אידיש ל ע ב ע ן, די ביבעל מוז געטראגען ווערען צום פאלק אלס זאמען, די אידישע פאלקס־טימליכע סימבאלען און לעגענדען, אויפ'ם ניי אויפגעפרישט, ווע־לען זיין טוי און רעגען! אויפלעבען וועט דאס פעלד, אויפלעבען וועט דאס פאלק, אויפוואכען צום ליידען פאר'ן אמת און צום פעסטען גלויבען אויף זיין זיג!...

אויפגעהויבען מוז ווערען די פאן פון א י ד י ש ע ן רענע־סאנס, פון מ ש י ח א ו ן ו ו ע ל ט ־ מ ש פ ט, און ו ו ע ל ט ־ ב א פ ר י י א ו נ ג — פון דער קינפטיגער פרייער מענשהייט!

דאס איז די מיסיע פון אייבינען פאלק, פון וועלט־פאלק. דאס מוז געבען דאס אידישע לעבען, דאס אידישע הויז, די אידישע שול, דאס אידישע טעאטער, דאס אידישע בוך און אלץ, וואס אידיש איז.

מערץ—יולי, 1911.

יוגענד־עראינערונג, און זיין פינפטיגען וועלט־שטאט, זיין משיח־וועלט — פאר זיך. אלס פיהרענדיגען שטערן, שפינט זיך דאס פאלק פוןביידע זיינע לעגענדען, וועבט עס זיינע סימבאלען; באַ־שטראלט פון בטחון, פון היילינגען גלויבען און פאלט קיינמאל נישט אריין אין מרה־שחורה! קומט א וואל אקעגען, בויגט עס א ווייל'ע אראפ דעם קאפ, און הויבט איהם באלד צום גאט אין הימעל צוריק; און קומט א צרה — האלט עס זי אוים, פארגעסט זי לייכט און באלד... עס וויל נישט געדענקען און דערמאנען זיינע יסורים! אבי ווייטער, אבי איבערלעבען די קוואל, אבי משיח'ן דערלעבען... כאטש די חבלי משיח!

אזוי לעבט, האפט און גלויבט דאס פאלק!

און די אינטעליגענץ? די תינוק שנשבה'ס, די נאשער אין פרעמדע קיכען!

עס איז א טראגי־קאמישע ערשיינונג:

מיר האבען קיין איינציגע פ י ז י ש ע גרענעץ. וואס זאל אונז מאטעריעל אפטיילען פון דער וועלט; פאר דאס — וויפיעל פעלקער, צווישען וועלכע מיר זענען צושפרייט, אזוי פיעל גייסטיג־מאראלישע גרענעצען...

איז אונזער אינטעליגענץ די גרענעץ־באפעלקערונג... האבען מיר „נחת“ פון איהר!

שטעלט זי אונז צו „פעלקער“ — קאנטראבאנדיסטען, וואס שמוגלען אריין פרעמדע קולטור־ווערטען, מאנכמאל „חוזק האט דעם טאטען נישט דערקענט“ — א ביבעל־ארטיג אגראר־געזעץ. אלס פרעמד געוועב; אפט א שטיק „חובת־הלבבות“ פון גראף טאלסטאי איבערגעקוים... איבערהויפט זענען זיי די קולטור־טרע־גער. צווישען אונז און אנדערע — די שתדלנים, די שלום־ און פשרה־מאכער און מליצי־יושר... צעהלען זיי די מעדאלען, וואס אידישע סאלדאטען האבען באקומען, די ארדערען פון קאמערציען־רעטע און דערגלייכען, און פארלאנגען: רעכט! נישט פאר א ו נ ז און נישט פאר'ן מ ע נ ש, נאר פאר אנדערשארטיגע — רוסען, פאליאקען, פראנצויזען... קאנען מיר נישט שיסען? נישט טויטען, נישט פאליטיש־שווינדלען?

און צו אונז קומען זיי, די אלערליי שפראכען־ אויסער אידיש־רעדנער מיט עצות...

קאַנט, אַ קליין פאָלק, אַ באַזונדער שטאַט, — אַ שטאַט פון כהנים און אַ הייליג פאָלק... איז עס מיט דער צייט געפאַלען...

איז אָבער דאָס פאָלק געווען זיין שעפּפער, נישט דער פּראָדוקט פון זיין שטאַט; דער בויער פון טעמפּעל פאַר גאָט, נישט דורכ'ן טעמפּעל צונויפגעקליבען און פאַראייניגט, דער איינריכטער פון דער סאָציאַלער קולטור־עקאָנאָמישער פאָרם אין לאַנד, נישט אין איהר טיגעל אַ צוזאַמענגעשמאָלצענער, — לעבט דאָס פאָלק איבער זיין פרייהייט און זיין שטאַט אַזוי ווי זיין שפּראַך און זיין טעמפּעל, מיט אַלע זיינע קולטור־עקאָנאָמישע פאָרמען און געהט נאָך אַמאָל וואַנדערען איבער דער וועלט... און גאָט געהט ווייטער מיט!

ווערט ביי איהם דער אינסטינקטיווער באַגריף פון גאָט און וועלט קלאָרער, באַוואוסטזיניגער; ווערט פון פאָלק אַ וועלט־פאָלק; דער גאָט, וואָס פאַרלאָזט איהם נישט און ליידט גלות מיט איהם צוזאַמען — אַ גאָט פון דער וועלט... ווערט די וועלט, דאָס גאַנצע גלות־פעלד — די אַרענע פון שטרייט צווישען איינציגען גאָט און געטער... זינגען וועט גאָט!...

די וועלט איז נישט פריי פון דאַנק און קריג, פון צוואַנגאַרבייט, רויב און פּיין און אונטערדריקונג... ווייל גאָט איז נאָך איבער דער וועלט, נאָך אין איהר נישט איינגעדרונגען...

נאָר די צייט וועט קומען, זי מוז קומען... גאָט וועט משפּט'ען די פעלקער און רייניגען די וועלט, משיח וועט קומען... מיר וועלען איהם ברענגען. מיר, די שוואַכסטע, די מאַרטירער פון גאָטס נאָמען! און אַריינגעשפּאַרט אין אַלערליי עקאָנאָמישע סעפּאַראַט־סטרוקטורען, אַריינגעפּליישט אין אַלערליי סאָציאַל־פּאָליטישע קערפּערשאַפטען, ליידענדיג אונטער דער הערשאַפט פון פּראָווינציאַליטעט־אימפּעראַטיווען, פּאַטריאָטיזמען, מוטוויליגקייט און אויבערמאַכט, און ביי דער געוועלטיגונג פון אויבערהאַנט און מאַכט, איבערטראָגענדיג אַלע קוואַלען פון דער מינדערהייט און שוואַכקייט — — לעבט דאָס פאָלק און בלייבט זיך געטריי!

האָט עס זיין געוועזענעם שטאַט הינטער זיך אַלס גאָלדיגע

געעפענט — זענען מאנכע אנטלאפען פון אונז, מעהר קיין האפ־
נונג אויף רעטונג נישט געהאט...

אדער:

— וואס איהר מאכט אין דער פ ר ע מ ד, איז געבויט
אויפ'ן וואסער, געבויט אויף זאמד, דאס טראגט אוועק דער ווינט...

ווערט מען אפהענדיג, זוכט מען פרעמדע קולטורען, פרעמדע
גיטער און שטעלט יענער אפהענדיג: זיי מודה, אז משיח איז גע־
קומען, טראכט מען:

— דער קליגערער טרעט אפ...

## 13.

## די פארפרעמדטע אינטעליגענץ.

נאמארען בלוט; א וואנדער־פאמיליע אין דער וויסטעניש.

אינ'ם בלוט — עהרליכקייט, גערעכטיגקייט, — און אזוי איז
זיין גאט, וואס וואנדערט מיט איהם, און איז דעריבער נישט פון
האלץ און נישט פון שטיין, נאר א באוועגליכער לעבעדיגער גאט.

אז ערהאבענער גאט־באגריף; א פרייער און אפענער וועלט־
באגריף, אהן גרענעצען, אהן אונטערשיידען...

און פארלאזט מען די וויסטעניש און ווערט געוואנדעלט אי־
בער לענדער, קאן מען זיך מיט די איינגעזעסענע נישט מישען, גע־
גענזייטיג שטויסט מען זיך אפ, לעבט מען באזונדער, אנטלויפט
מען, ענדליך, פון דרוק און צוואנג, און מען זוכט זיך א באזונדער
לאנד...

ווערט עס באצוואונגען. דער פאמיליען־גאט ווערט דער גאט
פון אויסגעוועהלטען פאלק אינ'ם אויסגעוועהלטען לאנד. עס וואנ־
דערט נישט מעהר, עס האט זיין טעמפעל אין לאנד.

נאר אויסראטען די איינוואוינער האט דאס הארץ נישט גע־
לאזט, ארומצוימען דאס לאנד פאר פרעמדע, באשווערען זיי דאס
לעבען אין לאנד, האט די עהרליכקייט נישט ערלויבט. באפאלען
און באצווינגען אנדערע פעלקער האט די גערעכטיגקייט נישט גע־

נישט אונטערגעבען, דאס העברעע בלוט אינסטינקטיוו מיט'ן ני־דעריגען נישט מישען...

איז דאס געשריי: רענעסאנס!

לאזט מיך פריי רעדען מיין ווארט, פריי ארבייטען און קול־טור־ווערטען באשאפען לויט מיין וועלט־אנשויאונג, איך האב אייך אמאל אזוי פיעל געגעבען, לאזט מיך נאך אמאל געבען — —

און נישט אויף א באשטימט ארט ווערט דער שטרייט גע־פיהרט. מיר האבען שוין לאנג די נאציאנאלע קינדער־וויג פאר־לאזט; גערן אדער נישט גערן, א וועלט־פאלק געווארען, נישט בא־גרענעצט איז דער קאמף, א וועלט־קאמף איז ער!

און נישט מיט דעם אדער יענעם פאלק פיהרען מיר איהם, און נישט מיט א קאאליציע פון אייניגע פעלקער, אידען און גויים שטעהען זיך אקעגען, אידיש בלוט און גוי'איש בלוט...

קאן זיך דאס אידישע בלוט, וואס איז אין דער רעליגיעזער פארם מאנאטעאיסטיש, אין דער פילאזאפישער מאניסטיש, מיט אנדער בלוט נישט מישען; קאן א העברעע וועלט־אנשויאונג דער נידעריגער זיך נישט אונטערגעבען, מוז זי שטרייטען אום דאס רעכט, איהר אייגענע וועלט־קולטור צו שאפען — —

קומען די אין דער פרעמדער געלערענטע און האבען לייכטע עצות; לייכטע וויי'ל אויבערפלעכליכע...

האט מען אונז איבער א לאנגער צייט דאס מויל פארמאכט, די הענט געבונדען, נישט רעדען געלאזט, נישט ארבייטען, ראט מען אונז: געה און בעטעל... אסימיליר זיך, הייסט עס, נאך וואס א באזונדער ווערקשטעל?

האב איך מיין אפשאצען פון שלעכט און גוט, ראט מען מיר: שאץ איבער די ווערטען!

שטרייט איך פאר מיין אמת—לאכט מען אויס מיין „מיסיע"—

אמגעפעהרליכסטען אבער זענען: איבערגעאיילטע צו זאגען און איבערגעטריבענער פעסימיזם...

— דיין היים איז אפען, מארגען גיב איך זי דיר!

און אז דער מארגען איז געקומען און די היים האט זיך נישט

## 12.

# נאך וועגען.

נישט קיין אקאדעמישער שטרייט ווערט צווישען אונז און אנ־דערע געפיהרט.

נאר אן איבערפלעכליכער מענש זעהט נישט דעם צוזאמענ־האנג צווישען קולטור־מאמענטען און וועלט־אנשויאונגען.

די וועלט מיט אידישע אויגען געזעהן, איז אן ארגאניש צוזא־מענגעבונדענע, ארגאניזירטע און דעריבער מאראליש פאראנט־ווארטליכע וועלט.

די וועלט מיט היידנישע אויגען געזעהן, איז אן עפילעפטיק. צוּוואָרפענע, באהאלטענע און אפענע קרעפטען, וואס פאלען קיין געזעץ נישט אונטער, און וועלכע מען קאן דעריבער קיין מאראלישע פאדערונגען נישט שטעלען.

אויפ'ן וועג פון היידענטום צום אידישקייט ווערט אונטער־גרירט, גענעראליזירט... קומט מען צו געטער, צו האלבע געטער. ווערט די וועלט א שלאכט־פעלד צווישען ז י י, הייסט דער שטארקסטער, דער זיגערישער — יופיטער, א דעה אבער האבען אלע, אלע מישען זיך אריין, איז יעדער גאט אין זיין זייט אדער אויף זיין ארט אין זיין טעמפעל אדער אין זיין טאג — געזעץ און אימפעראטיוו.

איז, ווייטער און נעהנטער צום יודענטום קומענדיג, דאס גע־צענטום א ו י ס ע ר ל י ך געפאלען, די געטער־סימבאלען, אין האלץ געשניצט, אין שטיין אויסגעהאקט, אויף ווענט און לייוועגט געמאהלט — זענען צושטערט און צושטויבט געווארען, — פון הונ־דערטער אימפעראטיוון ווערט ד א ך געפיהרט די וועלט... צו קיין איינהייט איז אויסער דעם יודענטום קיין איינציגע נאציאנאלע וועלט־אנשויאונג נישט געקומען...

קיינער ווארפט זיך דעם א י נ צ י ג ע ן נישט אונטער.

זענען זיי אלע קעגען דעם אידישען פ ר א ו ו י נ צ י א־ל י ז מ ע ן, היימיש, אויף אייגען געברויך, געבאקענע פ י ל א־ז א פ י ע ן... קאן זיך די העכערע א י ד ע ע דער נידעריגער

און אזוי אלע... אלע...

„קריסטען" זענען זיי...

האט זיי דאך דאס קריסטענטום נישט פאראייניגט. זיי האבען זייער קריסטענטום נישט באשאפען; מען האט עס זיי אנגעווארפען מיט געוואלד, אדער זיי האבען עס גערנוויליג אנגענומען, עס איז נישט ארויסגעשפרונגען פון זייערע געהירן, נישט ארויסגעשפראצט פון זייער נעבליט...

דאס זענען פעלקער פון קלויסטער באצוואונגענע...

שווימט דאס פרעמדע ארום פון אויבען און קומט נישט אין תוך פון דער נשמה אריין... האט עס מיט'ן ווירקליכען לעבען קיין מגע ומשא נישט; עס ווערט אויס סאציאלע ערשיינונג, עס ווערט „גלויבען"... עס ווערט א שליסעל אויפצועפענען דעם הימעל נאכ'ן טויט, נישט באצווינגען דאס לעבען, עס איז „מלכות השמים" נישט ערד און נישט לעבען אויף דער ערד; עס פארלייקענט ארבייט און אנטוויקלונג...

עס איז גלויבען, נישט ווילען; עס איז אפזאגען זיך, אפשיידען, אוועקגעהן! און אויסלייזען זיך פון לעבען, נישט פאר'ן לעבען...

טראגט מען עס פון אויבען, איבער'ן לעבען, ווי א מאנטעל; אינ'ם לעבען, אונטער'ן מאנטעל רעגירט דאס רוימישע רעכט, די גריכישע קונסט, די אייראפעאישע מעכניק.

פיער פארשידענפארבינע קוועלען פון רעכט — די פינפטע איז די נאציאנאליטעט, וואס הייליגט שוין אלע פארברעכען קעגען אנדערע אלס — פאטריאטיזם...

און דעריבער וויל זיך אן אייראפעאישע נאציאן ווירקליך באפרייען פון אינטערנאציאנאלען קלויסטער... וויל זי פראגרעסירען אין לעבען, מוז זי זיך אפזאגען פון הימעל, פון רעליגיאן...

מיר א פאלק אהן באזיץ, אהן אן איינהייטליכער שפראך, מיט א דראנג נאך קולטור און נאך אהן קולטור, מיר — אלס „נאציאן און נישט מעהר" זענען מיר גארנישט!

און ווי לייכט איז פון גארנישט אוועקצוגעהן!...

בין איך מ י נ ד ע ר־ אדער מ ע ה ר ו ו ע ר ט י ג ?
אז נישט גלייך, דאס ווייס איך. —

— — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — —

מיין פארגאנגענהייט דערמאנט:

וועסט נישט דינען קיין אנדערע געטער, נאר דיין אייגענעם גאט.

אין מיט פון דיין לאנד, אין ירושלים, וועסטו זיין טעמפעל שטעלען.

דריי מאל אין יאהר וועסטו צום טעמפעל קומען, פאר גאט זיך באווייזען, איהם זיין אפפער געגעגען, איהם דאנקען, בעטען און דינען...

איין פאלק, איין לאנד, איין טעמפעל, איין געזעץ, איין גאט...

און אלץ ווערט פארמירט צוזאמען אין איין אטעם... ערגעץ אנדערש טאר קיין טעמפעל נישט זיין און קיין מזבח. ערגעץ אנדערש, ווען אויך דעם אייגענעם גאט, טאר קיין קרבן נישט ווערען געגעבען, קיין ווייררויך אויף דער פאן געריכערט — דאס ווערט באשטראפט מיט — טויט! און דאך איז פאר אלע דער טעמפעל...

מעג קומען דער פרעמדער און ב ע ט ע ן, גאט וועט צולעגען זיין אויער, און זיין אפפער באווילינגען, און ווער עס וועט רופען דעם נאמען פון אייגענעם גאט, דער איז זיין קינד... און פון ציון געהט ארויס דאס געזעץ פאר פעלקער...

די נאציאנאלע — וועלט־אידעע!

האבען עס אנדערע פעלקער?

האבען דייטשען, פראנצויזען, ענגלענדער, רוסען און אנדערע אייראפעאישע א נאציאנאלע וועלט־אנשויאונג, א נאציאנאלע רעליגיאן? אדער נאציאנאלע ו ו ע ל ט ־ א י ד ע א ל ע ן?

פאראן „דייטשע פילאזאפיע", דאס הייסט פילאזאפישע ביכער, געשריבען פאר דייטשען אויף דייטש... קיין דייטש־פילאזאפישע אידעע איז נישט פאראן.

פאראן פ ר א נ צ ו י ז י ש ע אידעאלען פאר און צוליעב דער פראנצויזישער נאציאן: גרויס זאל זיין פראנקרייך און צושפרייט און באריהמט, באדען זאל זי זיך אין גלאנץ...

פאראן אידעאלען פאר ענגלאנד: איך—די פאבריק, די גאנצע וועלט—מיין מארק!

טיגונג פאר זיין לעבען, קיין הסכמה פאר זיין עקזיסטענץ. ער וועט זיין רעזאן ד׳עטר נישט גרינדען אויף נוצליכקייט פאר זיינם גלייכען אדער אויף עהנליכקייט צו איהם.

ער פארטיפט זיך אין זיך, ווייל ער וויל זיין זיך אין זיך געפינען, דאס געפונענע פון מינדווערטיגען ר י י נ י ג ע ן, דאס מ ע ה ר ו ו ע ר ט י ג ע פפלעגען, אנטוויקלען, זיך די אנטוויקלינג פאר ציל און צוועק שטעלען, און דערפאר איז ער גרייט צו שטרייטען, צו קעמפען ביז׳ן לעצטען טראפען בלוט, צו אפפערען זיין לעבען...

ביי דעם פראצעס קוקט אויף זיך דער העכערער מענש פון נאך א העכערען שטאנדפונקט: פון דער הויך, צו וועלכער ער מוז, לויט זיין נאטור, שטרעבען... פון זיין „איך" אין ווייטסטען פונקט אויף זיין לעבענס־וועג.

דער אזוי פ א ר ג ע ש ט ע ל ט ע ר „איך" איז זיין אימפעראטיוו, זיין ריכטער.

ער איז נישט באנקראט, און די פארגאנגענהייט גיט איהם נאר דאס מאטעריאל צום זיך דערקענען. ער ליקווידירט זיין לעבען נישט, און זיין „איך" אין דער געגענווארט איז נישט זיין ריכטער און שאצער — זיין „איך" אין דער צוקונפט איז זיין שטרעבען און גלויבען און דער רעכטפארטיגער פון זיין לעבען...

דאס זעלבע מיט פעלקער...

זוך איך מיין אידישקייט, זוך איך עס פ א ר מ י ר, זוך איך עס אין דער צוקונפט, אויפ׳ן גרונט פון מאטעריאל אין דער שעפפערישער פארגאנגענהייט...

די געגענווארט, דאס „ג ע ל ע ר נ ט ע חומש מיט רש"י" לאז איך ארויס, דאס איז אונזער ד ע ק א ד א נ ס — אונזער אפפאל.

איז דער ריכטער פון איינצעלנעם מענש זיין איבער־מענש; און דער ריכטער פון דער נאציאן, נישט קיין אנדערע — נאר די נאציאנאלע צוקונפט — איהר שטראם, וועו ער פליסט אריין אין ים — אין דער פרייער מענשהייט אריין... פאר דער נאציאנאלער צוקונפט שטעל איך די א י י ג ע נ א ר ט פון מיין פאלק (האט ווער אז „אתה" אין זיין „אתה בחרתנו"! און פרעג:

## 11.

## דער אונטערשיד.

קומט מען פון ערגעץ צוריק און מען קוקט אויף אונזער אי־דישער טראַגעדיע מיט פרעמדע אויגען, אַדער, ווענינסטענס, אויף פרעמדע ברילען, זעהט מען עפּעס אויסטערלישעס.

קאָן מען דאָס אויסטערלישע נישט פארשטעהן, זאָגט מען:

נישט נאָרמאַל!

„וואו עס פעהלט דער באַגריף, ווערט געשאַפען דאָס וואָרט!"

„נישט נאָרמאַל" קאָן אָבער זיין אַזוי אונטער, ווי איבער דער נאָרמע. נישט נאָרמאַל קאָן זיין שגעון און געניע.

נישט נאָרמאַל איז דאָס פאַרברעכעריש־אַטאַוויסטישע און צוגלייך דאָס פּראָפעטיש־רעוואָלוציאָנערע.

אז נישט נאָרמאַל האָט מען שטענדיג געוואוסט: עם לבדד ישכון — גוי אחד בארץ — הטיבה אחת בעולם... —

דאַרף אָבער דאָס נישט נאָרמאַלע אָפּגעשאַצט ווערען...

אויף אַלעם, זיך אַליין נישט אויסגעשלאָסען, מוז מען קוקען מיט אַ פריי אָפען אויג. אַלץ מוז געשאַצט ווערען, אַזוי דער מענש ווי די נאַציאָן, ווי ווייט מעגליך איז אָביעקטיוו.

ביים שאַצען פאַרגלייכט מען, אָבער נישט כדי אויסצוגלייכען, און אַ נעשטעלט סדום־בעטעל צופאַסען, נאָר כדי צו געפינען דאָס נישט־גלייכע, דאָס איינענאַרטיגע.

אַזוי, איינענטליך, טוט אויך דער איינצעלנער מענש.

וואָס העכער דער מענש איז, אַלץ עפטער פאַרטיפט ער זיך אין זיך אַליין, אַלץ עפטער באַטראַכט ער זיך אַליין, פרע־גענדיג: צו וואָס? נאָך וואָס?

ער וואַרפט זיך קיינעם, אויסער זיך, קיין אַנדערען איינצעל־נעם מענש נישט אונטער. ער זוכט ביי קיינעם קיין גערעכטפאַר־

און מען שניידט, ענדערט, פּערפּומירט — און טויט בלייבט טויט... די אַלטע האַלטען זיך, ווי עס איז... אויס פּיעטיזם... די יונגענד אנטלויפט — די רעפאַרם באַנקראָטירט...

קומט אַ „נייער" מענש און מאַכט אַ גומע מינע צום שלעכטען שפּיל, ער איז נעגען יעדע רעפאַרם: — ריהרט נישט! די נשמה איז אַוועק, די רעפאַרם איז געבליבען, די הויפּטזאַך איז עבען די פאַרם!... דעם ווייַן טרינקט מען אויס, אָדער ער ווערט אויסגע־וועפּט אַליין, אייביג איז דאַס פאַס!

האַלט זיך פעסט אַן פאַס, און גיסט אַריין פרישען ווייַן! לייכט צו באַקומען! ווייַנהענדלער פעהלען נישט... עס טוישען זיך נאָר די פירמען, אַמאָל איז געווען אַריסטו, היינט — ספּענסער, מאָרגען — ווייס איך ווער...

האַלט זיך נאָר אַן פאַס!...

זוכט נאָר אַ פּרייען און זיכערען קעלער, וואו עס אַני־דערצושטעלען!...

איז די „פאַס־אידעע" אויך אידעע —

קומט אָבער די צייט אויף אידעען, פאַלען זיי פון דער מאָדע אַרויס.

די צוריקגעקומענע פון אייראָפּאַ, די פון דאָרט צוריקגעטרי־בענע, אָדער, אַליין אויס רחמנות צום אָרעמען, געפּלאַנטען פאָלק אָדער אויס פּיעטיזם און דערוועקטער בענקשאַפט צוריקגעקומענע, האָבען אונז די בשורה געבראַכט:

איהר זענט אַ פאָלק!

דאָס האָבען מיר אייגענטליך לאַנג געוואוסט, קיין שפּראַך אין דער וועלט האָט נישט אַזוי פיעל באַצייכענונגען אויף ראַסע און פאָלק, ווי העברעאיש, ניי איז געווען נאָר דער צונאָב:

„נ י ש ט מ ע ה ר!"

זיי האָבען מעהר נישט געפיהלט און ביי די פרעמדע מעהר נישט געזעהן!

„אַ פאָלק און נישט מעהר" — דאָ הויבט זיך אַן די געפאַהר!

און שמד'ט מען זיך נישט צוליעב קינדער און קינדס־קינדער, טראכט מען אזוי:

גען מוז מען, ביי אידישקייט בלייבען קאן מען נישט, דער שטראם פון לעבען טראגט, מוז זי מיטנע־מען!

נאר נישט אינגאנצען!

זי איז אזוי גרויס, אזוי אומגעלומפערט שווער און — אזוי נישט שעהן!

פארקלענערען מוז מען זי, שטארק פארקלענערען און פאר־צירען...

און אפערירען לאזט זי זיך.

מען שניידט אין טויטע פארמען, און עס געהט קיין טראפען בלוט, און מען הערט קיין קרעכץ! אפשר ברומט ערגעץ א שכינה און א חורבה — ווער הערט זי?

און ווי לייכט עס רייסען זיך בלעטער פון סדור ארויס! ווי שעהן עס זעהען אויס די ספרים אין ארכיוו! ווי פיין אפגעריי־ניגט איז געווארען די אידישע שטוב, נעם און שטעל א יאלקע, זי פאסט!

דאס געבליבענע שטיקעל אידישקייט וועט בלייבען אין שול, פארזארגען וועט זי דער רב...

דער רב מוז אבער אויסזעהן, ווי א מענש.... דעם פאס־טארס טראכט איז אזוי שעהן, מאכט איהם עפעס אזוינס... און די שול מוז ווערען סינאגאגע, מוז ווערען טעמפעל... יענץ איז א דלות, און דלות עקעלט...

און אהן פייט, קרבנות אין ארץ־ישראל איז דאס געבעט, אפילו אויף דייטש איבערגעזעצט, גארנישט „שאקינג“... עס איז „נא־טעם־דינסט“ ווענינגסטענס אויף איינמאל אין יאהר...

אמת, עס ציהט נישט, עס האט עפעס פארלוירען פון דעם, וואס האט געצויגען, — וועט דער ארגעל ציהען, א מיידעלס כאר וועט שלעפען די יוגענד ביי די האר... און דער שטיל־הארציגער, נאר ארעמער סיני־נגון מוז געענדערט ווערען, עס מוז — שאלען! ווי אין קירך!

און קאן מען נישט שבת, וועט עס שאלען זונטאג!

עפעס מוז בלייבען!

— אמאָל אַזאַ נגידה געווען, דער וועלט אַ גאָט געשענקט!

און ער טרייסט זיך: אַ ירושה לאָזט עס די אידישקייט!

— אַ יחוס אַ גרויסען! אַן אייביג נ ע צ ו י נ ע נ ע ם ו ו ע ק ס ע ל אויף כבוד פון דער וועלט!

און ענדיגט רעזיגנירט:

— אייביג לעבען קאָן מען נישט! די צייטען פון רעליגיאָן (און אידישקייט איז פאַר איהם נישט מעהר!) זענען איבערהויפּט פאַרביי... אפילו דער קלויסטער דער שטאַרקערער, דער יונגערער פאַלט... דאַרף מען דער „אידישקייט" זיין רעכט טון, פיינע תכריכים נעהמען, אויפ'ן מיטאַלאַגישען בית־עלמין אַ בכבוד אָרט געפינען... „יאַווע" איז דאָך גרעסער פאַר יופּיטער!

האָט אַ צווייטער מעהר פּיעטיזים אין האַרץ און ראָט:

— נישט „באַערדיגען" זאָל מען, נאָר באַלזאַמירען! זאָל זי ווי עס איז פאַרשטיינערט בלייבען — אויף אייביג! אַ היסטאָרישער מאָנומענט, פאַר אַלטערטומס־פאָרשער — אַן אייביגע פרייד!

הייסען הייסט עס:

אָפּגעגאַנגען, אָפּגעדראַנקט האָט די אידישע נאַציאָן, שטעלט איהר די אידשיקייט איהרע אַלס מצבה אויפ'ן קבר!...

ווילען אָבער נאָך אַנדערע נישט אָפּטרעטען... נישט אַזוי לייכט שטאַרבט אַ נאַציאָן...

„בלוט איז קיין וואַסער נישט," עס האַלט דער נאַציאָנאַלער אינסטינקט.

ער ווערט אמאָל פאַרטומעלט, פון אַ שטיק שרייענדיג עולם־הזה איבערגעשריגען און ער פאַרשווייגט אַ ווייל, — וועקט ער זיך אָבער שפּעטער נאָך שטאַרקער און שטראָפט נאָך העכער, נאָך געוואַלדיגער!

און וואוהין אָפּטרעטען?

נישט אָפּען זענען נאָך טירען און טויערען!...

דער גוי'אישער מאָגען איז נישט אַזוי ברייט און נישט אַזוי געזונט, „יחידי־סגולה" — באַנקירען גרויסע, פּאָליטיקער, באַריהמטע געלעהרטע, זינגער, וויאָלין־שפּילער — נעמט ער אויף און פאַרדייט נאָך ווי עס איז... אַלע פאַרדייען קאָן ער נישט...

אין בלייבט דאָס „געזינדעל", ציהט עס צוריק צו זיך, ווי אַ מאַגנעט, לאָזט עס נישט רוהען...

א טאג פינסטערער און גערדיכטער געווארען און די לופט — פוילער און פוילער צום דערשטיקען — —

אבער נאך ערגער איז געווארען, אז א טייל פון זיי איז צוריקגעקומען — מיט'ן פרעמדען ווארט!

א ברייטען וועג, וואס פיהרט אפ פון אידישקייט, האבען זיי געעפענט, א ברייטען און געפעהרליכען וועג — דעם פאלש־נאציאנאלען!

## 10.

## ככל הגויים.

„רענעסאנס!“ א קליין איינאיינציג ווארט, אהן א צוגאב, אהן תנאים פון ארט און צייט...

א קליין ווארט און א זאמען איז עס, פון וועלכען עס דארף ארויסשפראצען א וועלט, א אידישע וועלט...

און מעכטיג שטאלץ איז דאס ווארט, און נישט ניי; עס איז דאס אלטע פראפעטען־ווארט! דאס משיח־ווארט!

אייביג זענען אידעען, זיי טוישען נאר, אין דער אנטוויקלונג, די פארם.

איז אבער דאס ווארט אין זיין ריינקייט אויפ'ס ניי נאך נישט געזאגט געווארען...

ווען דער אפגעשוואכטער קלויסטער האט אפגעצווינגען, ווען די מויערען פון געטא, וואס איז געווען אונזער תפיסה און פעסטונג צוזאמען, זענען געפאלען, איז די אידישקייט צו דערשלאגען געווען, צו שוואך דערצו, — עס איז צייטווייליג אהן אטעם געבליבען.

זוכט איינער דעם פולס און געפינט נישט, אדער טויבליך איז ער און הערט איהם נישט, מאכט ער:

— עס זאגט אפ די אידישקייט!

און א שאד איז עס איהם:

איין אין די לונגען, די קראנקע, די פארשפארטע, פייכטע לופט פון קאזעמאט, גלייך ווייזרויך פון היילינטום!...

די נשמה איז אויסגעוועבט, — מיט טרוקענע ווערטער קאן מען צו דער וועלט נישט קומען, — באהאלט איהר אייך מיט אייער אידישקייט פאר דער וועלט!

און זאל די וועלט, וואס איהר דארפט באצווינגען, אליין צו אייך קומען, אויף די קני פאלען, און בעטען זיך: רעגיר! — וועט איהר פון אייער קאזעמאט נישט ארויס, די פוילע קליידער פון לייב נישט אראפווארפען, דעם קאפ נישט צובויגען צו דער דער־לאנגטער קרוין...

איהר וועט דאך דער וועלט נישט זאגען: לעג אוועק דיין אנ־טיסעפטיק און ניץ אש פון א פארברענטער קוה!

לעג אוועק דיין מעדיצין און, ווערט א מגפה, שטעל אויף א קופערנע שלאנג! ווארף אוועק דיין זיבען־פעלדער־סיסטעם און מאך שמוטה מיט אמאל איבער דער גאנצער ערד! שטעל א מקדש מיט קרבנות און מיט ערד פון אונטער דער פאדלאגע פאר א סוטה?

איהר האט די נשמה געטויט, און מיט'ן טויטען גוף פון דעם אמאל געוועזענער גרויסער, שטאלצער אידישקייט קאנט איהר צו דער וועלט נישט קומען, באהאלט איהר זיך פאר דער וועלט!

און איז דער יונגער דור, וואס האט זיך איבערגעוואלט פון קאזעמאט ארויסגעריסען, צום לעבען צו דער וועלט געקומען, האט ער פאר לעבען און וועלט קיין אידיש ווארט נישט געהאט! זענען די אייניקלעך פון די שטאלצע קעמפער פאר'ן אידישען אמת צו וועלט און לעבען אלס בעטלער געקומען, לעבצענדיג צום פ ר ע מ־ד ע ן ווארט! געפרוירענע און פארשמארטע זענען זיי געקומען, און נאקעטע... און פרעמדע קליידער אויסגעבעטעלט האבען זיי קוים זייער שאנד צו פארדעקען! און ביי פרעמדע אויוועגס זיך אן ארט אויסגענארט, ביים פרעמדען פייער זיך צו דערווארעמען! און מיט ברייט־געעפענטע מויל און אויערען פאר פרעמדע ווער־הייטען!...

און איבער דער גאנצער צייט איז דאס ב ע ס ט ע, דאס ש ע נ ס ט ע, דאס ש ט א ר ק ס ט ע, דאס ל ע ב ע נ ס־פ ע ה י ג ס ט ע פון אונז אוועק! זענען ביי אונז די שאטען וואס

מען האט איהר אלע וועגען פון ברויט און וואסער אפגע־שניטען, ארום אלע וואסער־קוואלען פארפעסט, אלע פרוכט־בוימער אויסגעוואָרצעלט — „אידישקייט“ גיט זיך נישט אונטער!

פארהונגערטע, פון דורשט פאר׳חלש׳טע, אויסגעמאטערטע שאטען פון מענשען שיצען די מויערען, צווישען וועלכע די אידי־שע נשמה האט זיך באהאלטען...

צ י י ט ו ו י י ל י ג באהאלטען „עד יעבור זעם“ — ביז דער צארן וועט אריבער...

עס האט געהייסען:

גאטס איינציגער נאמען איז אויף דער וועלט נאך נישט גע־הייליגט, אויף א קאמפּראמיס צווישען יודענטום און געצענטום באשטעהען מיר נישט. מיר ווילען ווארטען!

עס האט געהייסען:

משיח איז נאך נ י ש ט געקומען. נישט אויסגעלייזט איז די וועלט. מיט זינד איז זי פארפלייצט, פארפלאסען מיט טרערען און בלוט! נישט גאטס ווארט רעגירט, נישט זיין גערעכטיגקייט... מיר ווילען ווארטען!

האט איהר אבער פון דער צייטווייליגער פעסטונג פון דער „עד יעבור זעם“־דיגער בורג אן א י י ב י ג ק י י ט געמאכט, דאס שוץ־מיטעל צו צ י ל און צ ו ו ע ק! און אז די באַ־לאגערונג האט אפּגעצויגען, אז די טייראנען האבען אויפגעהערט אין די מויערען צו שלאגען, און ארום איז פריי און מען קאן די טויערען עפענען און ארויסגעהן און פראנק און פריי פאר דער וועלט דאס פארבארגענע אנטפלעקען, דאס באהאלטענע עפענען און פרעדיגען גאטס ווארט פאר דער וועלט, האט איהר פאר דער וועלט נאר איינאיינציג ווארט:

— הייליג איז די פעסטונג.

ווער איז אייער גאט? וואס איז זיין רעכט און גערעכטיגקייט? ווי אזוי דארף אויסזעהן די וועלט און דאס לעבען אויף איהר, זיי זאלען זיין געטליך ריין? ווי אזוי וואלט איהר אויסגעלייזט די וועלט?

שטעהט איהר און מורמעלט: איזהו מקומן...

איהר האט דעם ת ו ך פארלוירען און די וואלען פון פעס־טונג פארהייליגט! די כ ו נ ה פארגעסען און טעמטט וייטער

אין היילען האָבען זיך גזלנים געהאַלטען, אין וואַלד — ווילדע טירען געשלענדערט, — אומעטום לאַקערט די געפאַהר.

און אויף יענער זייט טייך איז רוהיג און שטיל, יענער ברעג איז זיכערקייט — בורא'ס איינציגער אידעאַל!

איז אָבער דער טייך א ברייטער געוועזען און א טיפער...

שטעלט זיך דער וואַנדערער אָפּ, האַקט אויס א פּאָר בוימלעך אין וואַלד, שלאָגט זיי צוזאַמען און מאַכט זיך א פּראָם, און שווימט אַריבער דעם טייך, און קומט צום רוהיגען ברעג, וואו זיכער וועט שוין זיין זיין וועג...

איז אָבער דער וואַנדערער נישט קלוג געוועזען און אַזוי געטאָן:

אַריבערגעקומען האָט ער געזאָגט צום פּראָם:

— „פּראָם, טייערער פּראָם, דו האָסט מיך פון גזלנים געראַטעט, פון ווילדען טיר באַפרייט, נישט איבערגעענטפערט מיך דעם וואַסער פון טייך, ד א נ ק ב א ר בין איך דיר, הייליג ביסטו מיר, מיין רעטער, נישט פאַרלאָזען וועל איך דיך!“...

און ער האָט דעם פּראָם אויף זיינע אַקסעל גענומען און אויף דער טריקעניש געטראָגען...

זייט איהר איהם מקנא?

זייט איהר מקנא דעם מענש, וואָס האָט דעם פּראָם, וואָס ער האָט זיך געמאַכט, איבער זיינע אַקסעל געוואָרפען? וואָס האָט זיין רעטער־געדאַנק אויף אייביג אינ'ם פּראָם פאַרהאַלטען?

און דערצו נעהט איצט דער וועג באַרג אַרויף! און שווער איז דער וועג, און איהר האָט דעם פאַרשטאַנד, וואָס האָט דעם פּראָם ערפונדען, ה י נ ט ע ר 'ן פּראָם געוואָרפען...

„די קלויז מיט'ן מנין בטלנים!“

— — — — — — — — — — — — — — — — — — —

און „די קלויז מיט'ן מנין בטלנים“ איז עס נאָר היינט — דער פּראָם אויף דער טריקעניש.

אַמאָל, און נישט לאַנג אַזוי איז דער „אַמאָל“, איז אייער אידישקייט א גרויסקייט, א שעהנקייט, א העלדישקייט געוועזען!

א פ ע ס ט ו נ ג פאַר דער אידישער נ ש מ ה!

ד י ב ו ר ג, וואָס האָט זיך, פון דער גאַנצער קלויסטער־וועלט באַלעגערט, נישט אונטערגעגעבען!

זעצט; האָט איהר פון געטליכען געזעץ דעם ג י י ס ט פאַר־טריבען און דאָס טויטע ווארט געהייליגט; האָט איהר פון אייער אידישקייט דאָס פּאָלק מיט זיין עהרליכער שעהנקייט פאַרטריבען— עס קאָן נישט לערנען! און די פרוי מיט איהר חן פאַריאָגט — נישט פאַר איהר איז די תורה געשריבען! און פריהער נאָך דעם, וואָס וויל ווּיסען און פאַרשען — דער גלויבען וואַקסט נאָר אין דער פינסטער... האָט איהר דעם גייסט פאַרטריבען, — און איהר ווילט אייער אידישקייט זאָל לעבען, בשעת ווען איהר אליין לעבט לויט גאַנץ אנדערע נאָרמען... ציי האַנדעלט איהר און וואַנדעלט לויט אידישקייט? פאַהרט איהר נישט ארום אויף באַנען, וואָס זענען געבויט אויף דער וויסענשאַפט, וואָס אייער אידישקייט פאַר־לייקענט? קורירט איהר אייך נישט לויט דער מעדיצין, וואָס איז אבסאָלוט געגען אייער גלויבען, וואָס צושטערט איהם אויף יעדען שריט און טריט?

און ווילט נאָך נויטען אייערע קינדער זיי זאָלען ווייטער ציי־העון אייער פוילקייט, פאַלשקייט און טאַפּעלטקייט, און אז זיי קאָ־נען נישט, און מוזען אייך און אייער אידישקייט פאַרלאָזען — ווער איז שולדיג?

און די קאָנסעקווענץ?

„די אידישקייט קאָן נאָר רעטען די קלויז מיט א מנין בטלנים!"



## דער פראָם און די פעסטונג.

איך וויל אייך נאָכדערצעהלען א מעשה פון גרויסען אינדי־שען נזיר.

אמאָל — האָט בורא דערצעהלט — איז ביים ברעג פון טייך א וואַנדערער געגאַנגען.

א לאַנגען, שווערען וועג האָט ער געהאַט, און דער ברעג, אויף וועלכען ער איז געגאַנגען, איז אומרוהיג געווען.

פינסטערניש פארזעצט און די א נ ט ש ט ע ל ט ע, קראנק געווארענע אידישקייט, די אידישקייט, וואס מוז ציטערען פאר א שטראל ליכט פון דרויסען, פאר א פרישען לופט־צוג פון דער פרייער וועלט, איבערגעלאזט אלס א צייכען פון גאטס פלוך אויף זיין אמאליג געבענשט פאלק ישראל, אלס א באוויז פאר דער געט־ליכקייט פונ'ם נייעם טעסטאמענט און דער אייביגער שטראף פאר'ן אפלייקענען די נייע תורה. —

און אז איהר, אבוואל, די מויערען פון געטא זענען געפאלען, טוט ווייטער דעם קלויסטער'ס ווילען, און ערקלערט די ק א ר י־ ק א ט ו ר פון דער אמאליגער שטאלצער גרויסער אידישקייט, וואס וויל און מוז באהערשען וועלט און לעבען, פאר נארמאל און עכט; די געטא־אידישקייט צום ל ע ר נ ע ן און ג ל ו י ב ע ן אלס א סגולה אויף עולם הבא, אהן א שום באציהונג צום לעבען— פאר געטליך און הייליג, —

מיינען אייערע קינדער, אז איהר זאגט אמת, אז דאס איז די ווירקליכע אידישקייט, און זענען מקיים, נישט וויסענדיג דערפון, דעם פסוק „ובחרת בחיים!“ — „וועהל דאס לעבען“ און פארלא־זען אייך מיט אייער אידישקייט צוזאמען!

— — — — — — — — — — — — — — — — — —

און ווען האט איהר די אידישקייט אפגעשטעלט?

אינ'ם מאמענט פון גרעסטען אפפאל, פון טיפסטען זינקען!

„גענגליכען צו ערד“, „גענגליכען צו שטערען“... האט יעדעס געשלעכט זיין ערד און זיינע שטערען, האט איהר די ערד אין איי־ערע זעק געזאמעלט און די שטערען אויסגעלאשען!

וואס האט אייער אידישקייט פון רמב"ם, פון סעדיה גאון און פון אנדערע אזוינע?

האט איהר פון ירושה־פרוכת אויסגעטעפעט אלע גאלדענע פעדים, וואס זיי האבען אריינגעוועבט, — האט איהר אלע פאר־בען, מיט וועלכע זייער קינסטלער־האנט האט עס פארצירט, אויס־געלאשען, און דערלאנגט א גרוי און גראב שטיק געוועב אייערע קינדער צו די ליפען און הייסט זיי קושען אייער ריינקייט!

האט איהר פון אייער אידישקייט דעם לעבעדיגען גאט פאר־טריבען, אויפ'ן טראן אז אפגעשטאנענעם, א נ ע כ ט י ג ע ן גע־

טויטען נעץ פארוואנדעלט; און די פריהערדיגע פארמען פון באַ־ציהונגען צווישען מענש און גאָט — אין געצענדינעריי, און איהר רופט עס „אידישקייט“!

לעבען איז באוועגונג.

גאנץ אָפט פארלירט מען דעם וועג און מען מוז איהם צו־ריקגעהן זוכען;

גאנץ אָפט מוז מען צוריקגעהן און אויפהויבען דאָס פארגעסענע, פארלוירענע — אניט קאָן מען ווייטער נישט געהן...

שטעהן בלייבען טאָר מען קיינמאָל נישט!

פארשטיינערטע רודימענטען, — איבער־בלייבענישען פון געוועזענעם און איבערגעקער־מענעם, מוזען, אויב זיי שטערען, אפגערוימט ווערען פון וועג.

— און איהר וואונדערט אייך, וואָס אייערע קינדער, וואָס ווילען לעבען, טוען עס געגען אייער ווילען!

אפגעלעגענע רואינען, חורבות פון אלטע שלעסער ווערען אויפגעהאלטען אלס היסטארישע צייכען, אדער אוים לויטער פיע־טיזם, — וואוינען אין זיי קאָן נאָר דער מענש, וואָס אנט־לויפט פון ישוב, וואָס זאָגט זיך אָפּ פון לעבען. און איהר קאָנט נישט פארשטעהן, פארוואָס אייערע קינדער פארלאָזען אייערע חורבות און געהען פון אייך, אבוואָל אומדירעקט, געטריבען, זוכען ליכט און לעבען, אין פרעמדע הייזער.

נאָך טראגי־קאָמישער איז דאָס, וואָס מיינענדיג, אז איהר רע־טעט די שול, דינט איהר דעם קלויסטער!

דאָס האָט דאָך דער קלויסטער די אידישקייט אפגעשטעלט, פון לעבען פארטריבען; פון וואלד און פעלד און פון דער פרייער שטאָדט פאריאגט, אין געטא פארשלאָסען און מיט מויערען ארומ־געצוימט... זי זאָל מיט'ן לעבען קיין מגע ומשא נישט האָבען!

דאָס האָט דאָך דער קלויסטער אויסגעגראָבען דעם אפגרונט צווישען לעבען און אידישקייט, צווישען אידישקייט און וועלט; צווישען אידישקייט און קענען און וויסען...

דאָס האָט דער קלויסטער די אידישקייט בארויבט פון ווילען, פון דער מעגליכקייט זיך צו אנטוויקלען און פראַג־רעסירען וועניגסטענס מיט'ן לעבען צוזאַמען!

דאָס האָט דאָך דער קלויסטער זי אפגעשוואכט, אין דער

וויג אריינשטויסען, מיט ווינדעלער בינדען, מיט בענדעלער שני־
רען, אדער נאך — איז דער נעבער־מוטער אריין! ווארעם און
פינסטער איז דארט! און ווערט אייך ווידערשפענסטיג דער יונגער
דור, צורייסט ער אייער שפינוועבס, וואס איהר האט פאר קייטען
געהאלטען, ברעכט ער אייערע שטרויענע „מויערען“ און אנטלויפט
פון אייער פארפעסטעטער תפיסה, און געהט אפ פון אייך און
א י י ע ר אידישקייט, שילט איהר און שרייט, נישט באמער־
קענדיג, אז דעם ערשטען וועג, וואס פיהרט אפ פון אידישקייט,
האט איהר געעפענט, איהר אפשטעלער, געבאהנט —
ווען אויך נישט דירעקט.

8.

## ווער איז שולדיג?

דער „חומש“, וואס איהר האט אין ארענדע גענומען, ווייסט
נישט פון קיין ג ל ו י ב ע ן, ער רעדט פון פ א ר ש ע ן,
ו ו י ס ע ן און ק ע נ ע ן.

א י ה ר, אין זיין נאמען, ציטערט פאר פארשען, וויסען און
קענען און פארלאנגט — גלויבען!

און איהר האט רעכט.

ווייל דעם „חומש“, מיט אייערע אויגען באטראכט, נישט
רעטראספעקטיוו געזעהן, נישט דעם לעבענדיגען זוכענדיג, דעם
בלייבט נישט מעהר, ווי צו פארלאנגען קרעדיט!

א י י ע ר חומש קאן שוין נישט ווערען ב א ל ע ב ט,
נאר נ ע ל ע ר ע נ ט און נ ע ג ל ו י ב ט!

דער חומש (נישט אייער חומש) רעדט פון לעבען!

לעבען הייסט: באוועגען זיך, אנטוויקלען, פראגרעסירען, דאס
ארומיגע ענדערען לויט ווילען און גייסט, איהר הייסט שטעהן!

שטעהט איהר, ווערט דער לעבענדיגער גאט, לויט דער פאר־
שטעלונג פון אייך היסטארישען מאמענט אינ׳ם צווייטען, אין א

צווינגען צו ווערען, — געטער, וואס ווערען געטראגען און מיטגע־שלעפט, זענען געצען!

„דאס האבען די, וואס איך פארטרייב פאר אייך!"

און אלץ פארביי מוז ער געהן! אין מאַ־מענט פון עקסטאז און אנטפלעקונג, באווייזט ער זיך און ווערט פון הינטען געזעהן... דערזעהט איהם ווער פון פארענט, קאן ער מעהר נישט לעבען. — דער האט אלץ דערלעבט! לעבען איז נאר שטרעבען! און ווייט מוז ער זיין פון מענש, ער וועט איהם קיינמאל נישט דערגרייכען: זיין לעבען איז א שפאן; געטער ווייטער אויף א שפאן, זענען געצען!

נישט אינ'ם געוועזענעם, וואס איז פארביי, נישט אין באשטעהענדיגען, וואס געהט אפ, איז גאט! „אהיה אשר אהיה"! אינ'ם שפעטער, אין דער אייביגער צוקונפט, אין דער אייביגקייט איז גאט! אייביג מוז זיין דאס שטרעבען צו איהם! —

— — — — — — — — — — — — — — — — — —

און איהר וואס ווילט?

ווילט איהר, איהר חומש־מיט־רש"י־פרעדיגער, צוריקרופען דעם נעכטיגען טאג?

גלוסט זיך אייך, איהר אפשטעלער, אויסציהען, ווענינגסטענס דעם היינט, איבער זיין גרענעץ און נישט צולאזען דעם מארגען...?

ווייסט איהר, וואס דאס באטייט?

נעמען דעם לעבעדיגען זאמען, ארום ווערלכען די שאל האט געפלאצט, וואס דארף אויפס־ניי פארפלאנצט ווערען, וואס זאל שענער און פארבינגער אויפשפראצען, און צוריק אין דער טאל פארשליסען, און פארבינדען און ארומדראטען די שאל און א שפרוך זאגען: זאמען, וואקס אין דער איינגשאפט, וואקס אין דער פינסטער!

דאס הייסט אויך: די טויטע צו קבר ישראל נישט ברענגען, אין שטוב לאזען און פארפעסטען די לופט!

וואס נאך טוט איהר?

אייערע דערוואקסענע קינדער ווילט איהר צוריק אין דער

אין אפגעריינינגט, און וועט פאר דער העכערער פארשטעלונג א נייעם טעמפעל בויען!

אבער דעם לייקענער צום לעבן געררופען, דעם לעםטערער דאס פארניכטענדיגע ווארט אין מויל, דעם צושטערער — די האק אין דער האנט אריין האט איהר געגעבען, איהר, די אפשטעלער, די באפעסטינער; איהר, וואס ווילט דורכאויס האבען פארגליווערטע פארשטעלונגען! אנדערע ווילען פארהאלצטע, פארשטיינערטע, מיט פענזעל אפגעמאלטע, איהר — עם־הספר־קינדער!—באנוגט אייך מיט פעדער־באשריבענע, מיט'ן ווארט איינמאל פאר אלע מאל אפגעצייכענטע — אבער אלץ אפגעשטעלטע פארמען!

אז אנדערע און, אמת א העכערע פארם!

דאס ווארט איז וויכער, סימבאלישער, אבער אלץ — געצענדינעריי!

— — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — —

ווארום, קאן זיך ווער מיט די געטליכע פונקען נישט באגניגען, מוז דורכאויס האבען א פארשטעלונג פון א דורכאויס פערזענליכען גאט (היינע האט איהם אויך צולעצט אנדערש נישט פארשטאנען). מוז ער זי האבען, ווי משה האט זי געהאט — אין דער עכט־אידישער (אמאל העברעאישער) פארם, דאס הייסט: אהן א באשטימטער פארם!

„נגעדענקט, — ווערט ביים סיני געזאגט — איהר האט קיין בילד און קיין געשטאלט נישט געזעהן."

נישט: עס איז נישט ד א, עס וואלט דאך קיין פערזענליכער גאט נישט געווען! נאר — איהר ה א ט נ י ש ט ג ע ז ע ה ן, איינציג און אליין די שטימע זיינע האט איהר געהערט! ק י י ן באשטימטע בילדער פון איהם קענט איהר, טארט איהר נישט דעריבער נישט מאכען.

און געפיהלט מוז דער פערזענליכער גאט ווערען אלס ג ע ה ע נ ד י ג ע ר! ווער עס שטעלט זיך אפ, שטארבט; גאט מוז זיין ל ע ב ע ן!

און דעם מענש פאראויס מוז ער נעהן, ער דארף בענקען צו איהם, שטרעבען צו איהם, פון איהם אלץ ווייטער און העכער גע־

ק ל י י ד ט ! און ער קאן זיך פונ׳ם גלויבען אין זיי נישט באַ־פרייען!

דעם ג ע ט ל י כ ע ן פונק האט אויך דער ל ע ס ט ע־ר ע ר!

איך רעכען — נאר אין א גרעסערער מאס! עס לעסטערט די פ א ר צ ו ו י י פ ע ל ט ע ל י ע ב ש א פ ט, וואס בענקט צום ק ו ו א ל פון לעבען און קאן צו איהם נישט קומען!

עס צווינגט די געקרענקטע מענשליכע ב א ר מ ה א ר צ י ג־ק י י ט, וואס קאן נישט איבערטראגען די פיין און ליידען, וואס ווערען אין גאטס נאמען אין אזא אומענדליכער מאס פארטיילט און אויסגעטיילט! וואס ווערט עמפערט ביז שגעון, זעהענדיג דאס בלוט, וואס ווערט אין זיין נאמען פארגאסען!

„איוב״ שרייט! די טיף באליידיגטע, צום טויט פארוואונדע־טע גערעכטיגקייט...

און, איז ע ר די סומע פון אלע געטליכע פונקען; זענען ליעב־שאפט, בארמהארציגקייט און גערעכטיגקייט די געטליכע אטרי־בוטען אינ׳ם מענש!

ל י י ק ע נ ע ר א ו ן ל ע ס ט ע ר ע ר זענען די, וואס, פון געטליכען פונק באלעבט, וואקסען זיי, און, וואקסענדיג, זענען זיי די באשטעהענדיגע געטער־פארשטעלונגען, און אין די אפגע־שטעלטע נארמען און פארמען ווי אזוי מיט די געטער צו פאר־קערען — איבערגעוואקסען; העכער פאר זיי, עהרליכער, בעסער און ערהאבענער געווארען, און קאנען זיך שוין צו די געטער נישט ארפבויגען, די ביינער אינ׳ם רוקען פלאצען, אזוי נידעריג זענען פאר זיי די צ י י ט י נ ע געטער געווארען!

און ראך איז דער פונק צו קליין, אדער דער „קערפער״, וואס ווערט פון איהם באלעבט, צו פויל צו הארט, און עס פעהלט די קראפט, נייע פארמען צו באשאפען, — עס פעהלען דער מוט און די שעפפערישע פאנטאזיע! —

ווערען זיי נאר אברהמס, וואס צושטויסען די געצען, און באַ־קומען קיין גאט; די אפריינינגער פון בייזען און שלעכטען, וואס קאנען קיין גוטס באשאפען; די באן־ברעכער פאר׳ן נייעם נביא, וואס וועט נאך זיי ש פ ע ט ע ר קומען, דעם פלאץ פריי האבען

די ערשטע העלפט פון דער פראגע איז געווים א קאמפּלי־מענט — און איך פארנויג מיך מיט א ליעבליכען, פארבינדליכען שמייכעל! בעסער שפּעטער אלס קיינמאל.

פאר דאס די צווייטע העלפט באשטע־טיג איך גאנץ באשטימט און אנטשידען.

איך ווייס אפילו נישט, ווי זיין ליעבען נאמען צו זוכען:

פאר דער וועלט, — ער איז איהר באשעפער?

נאך דער וועלט, — ער שיילט זיך ערשט אוים פון איהר?

פיליכט נאר אין דער וועלט: ער איז איהר גייסט; איהר אלגעמיינער ווילען, וואס אנטפּלעקט זיך אין פארשידענע פארמען, אין קערפּער באקליידטע; איהר רע־גענט אדער באצווינגער, דער באצווינגער פון טויט און קערפּערליכער פוילקייט; איהר געפאנגענער, וואס ראנגעלט זיך, רייסט איהרע קייטען, ברעכט די מויערען פון איהר תפיסה, און באפרייט זיך, אום ענדליך אמאל אנטפּלעקט צו ווערען?!

פיליכט נאר איז די וועלט דאס ליים, און ער — דער קינסט־לער, וואס פיהרט ארוים וואס אמאל שענערע און קרעפטיגערע פארמען, פארקערפּערענדיג אזויערנאך זיינע קינסטלערישע טרוימען און — „כחומר ביד היוצר" — ווי דאס ליים ביי דעם טעפּער אין דער האנט, צוברעכט ער אלץ־אין־איינעם דאס אלטע, שאפט נייע און וועט אמאל דעם נייעסטען, דעם שענסטען, דעם העכסטען שענ־קען די אייביגקייט?

ווי עס זאל נישט זיין — ער איז דער קוואל פון לעבען!

לעבען הייסט — האבען געטליכע פארשטעלונגען און, אין א געוויסער מאס, געטליכען ווילען, די פארשטעלונגען אויסצופיהרען, דאס ארומיגע, לויט פארשטעלונג, אידעע און ווילען צו ענדערען, ארויספיהרענדיג וואס אמאל נייע פארמען, א שותף זיין צו מעשה בראשית!

איך לעב, האב איך דעריבער אין מיר א געטליכען פונק! דאס האבען אלע, וואס לעבען, און פיהלען פיהל איך, אז אלץ לעבט!

דעם געטליכען פונק האט אויך דער, וואס לייקענט אין גאט. ביי דעם איז נאר א מיספארשטענדניש, א טעות א קליינער: ער לייקענט אין פרעמדע פונקען, וואס האבען זיך, אין זייער אייטעלקייט, אין גאנצע געטער פאר־

וואס עס האט זיך אפגעשטעלט, ווערט פון לעבען פארלאזט, הערט עס אויף צו לעבען!

און שטארב איך נישט צוזאמען מיט מיין רעליגיאן, טראג איך זי ווייטער שוין נישט אלס געזעץ פון לעבען! ווערט א פאלש־קייט דערפון! לעב איך אנדערש און גלויב אנדערש...

האב איך פאלשע מאס און וואג!

פון רעליגיעזען שטאנדפונקט איז גאט אייביג און אומפאר־ענדערליך; דער מענש אבער אנטוויקעלט זיך, זיין פארשטעלונג פון גאט פארענדערט זיך — אנטוויקעלט זיך און וואקסט...

שטעלט אבער עמיץ אפ זיין גאט און געהט ווייטער, ווערט זיין אפגעשטעלטער גאט געגען איהם אליין אלץ קלענער און קלענער, און ווערט מיט דער צייט אזוי קליין, אז דער מענש, וואס וויל איהם נישט פארלירען, נעהט איהם, מיט דער צייט, א בייטעלע, לעגט איהם אריין און טראגט איהם אויפ'ן האלז, ווי אן אמולעט, — ווי א קמיע א שמירה'לע.

פארלירט ער נאך א צייט דעם גלויבען אין אמולעטען, טראגט ער איהם נאך א געוויסע צייט ווייטער אוים פיעטיזם... ביז ער פארגעסט דאס אמאליגע אוןווארפט איהם אוועק, אלס אן אומ־נוציליך־נארישע זאך.

און וואקסט מיין פארשטעלונג פון גאט אין מיר און גלייך מיט מיר, ענדער איך אויך מיין שפראך, מיט וועלכער איך רעד מיט מיין גאט, און די סימבאלען, אין וועלכען מיין גלויבען גיסט זיך אויס...

דער אפשטעלער איז דערווירקליכער און איינציגער מערדער פון גאט און רעליגיאן!

## 7.

## דער ערשטער וועג.

צייטלין האט אמאל געשריבען:

„א הימעל האט ער, פרץ, אבער נישט קיין גאט אין הימעל!“

אנגעפילט די נעדערים מיט פרייד, אין גאס, צו די מארק־לייט ארוים און רופט:

הערט, אוים מיט'ן אומנאטירליכען! אלע טויערען האבען זיך געעפענט, אין אלע פינסטערע ווינקעלעך איז ליכטיג געווארען. נישטא קיין מלאכים, קיין שדים, קיין גאט. אין ערגעץ נישטא! גלויבט נישט דעם רב מיט דער רבי'צין!

לאזט איהם נאר ווייטער לערנען! וועט ער טרעפען דיזעלבע מויערען ארום זיין וויסען, דיזעלבע פארהאמערטע טויערען; וועט ער אנהויבען גלוסטען צום ווייטערען וויסען, און דאס פארגעפיהל פון שפעטערען וויסען וועט זיין זיין בענקשאפט און זיין רעליגיאן...

און נישט דער אין שווערען קאמף פאר ברויט און ליכט פארביטערטער ארבייטער, וואס ווערט עמפערט, זעהענדיג, אז דער אפיציעלער פארמיטלער צווישען גאט און מענש, דער פארטייטשער פון זיין ווארט (ביי אונז דער רב און דער בעל־דרשן און דער זאגער אין קליינעם שולעכעל) שטעלט זיך אויף דער זייט פון זיין באַצווינגער און פארהייליגט אין גאטס נאמען דעם רויב, און דער־קלערט, לויט גאטס תורה, דאס עקזיסטירענדע פארברעכען פאר גאטס ווילען און פאר אייביג, און אסר'ט יעדען קאמף געגען אומרעכט, און מאכט איהם טרפה, ווי חזיר — און, גלויבענדיג דעם פארמיטלער, ווערט ער דער פארביטערטער, און זיין עמפערונג, צום פארביסענדסטען פיינט פון רעליגיאן; מוז ער גאט און זיין תורה אפרוימען פון זיין וועג צום זיג; און מאכט — אלס ערשטע דעמאנסטראציע! — פון יום־כפור א יום־טוב —

וועט ער זיגען, וועט ער אויפהאלטען די קלויז און איהרע דינער, — וועט ער ווערען דאס אייביגע, וועט דער בעל־דרשן דרש'ענען פאר איהם, וועט דער רב פסק'ענען לויט זיין ווילען...

געפעהרליך פאר דער רעליגיאן אין דער ווירקליכקייט איז נאר דער, וואס שטעלט זיך אפ, אלץ איינם אויף וועלכען פונקט עס איז פון וועג:

ביי דער תורה, ביי דער משנה, ביי דער גמרא, ביים חיי אדם... ביים מאמענט פון אויפבליהען, ביים מאמענט פון אפפאל...

דאס לעבען שטעלט מען נישט אפ, עס געהט ווייטער, און

## 6.

## דער מערדער פון גאָט און רעליגיאָן.

ציהט אונזער דאָן קיכאָט — דער נביא פון נעכטיגען טאָג, מיט סאַנכאָ־פּאַנטשאָ זיין דינער, מיט'ן בעל־הבית'ל, דעם אויס־פיהרער פון זיין וואָרט און געבאָט, אין דער וועלט אריין, מיט איהרע טייוולאָנישע ווינט־מיהלען מלחמה צו האַלטען, די רעליגיאָן די אידישע צו רעטען, גאָטס נאָמען צו הייליגען, און — פ א ר־ש וועכען אלץ און פ א ר ד א ר ב ע ן.

פאַר'ן לעבענדיגען און רעליגיעזען געפיהל, וואָס ציהט (וואָס זאָל וועניגסטענס ציהען) צום שענסטען, בעסטען און העכסטען. איז נישט געפעהרליך דאָס „אפּיקורס'ל", וואָס דאָס געפיהל שטערט איהם אַמאָל ביים ג ע נ י ס ע ן, שטראָפּט אַמאָל נאָכ'ן ז י נ ד י ג ע ן, ציהט אַמאָל פון אַ זייטען־וועג צוריק צום מענש־ליכען טראַקט... און ער ווערט בייז און אומגעדולדיג, און רייסט ארויס דאָס געפיהל פון האַרץ, וואַרפט עס אין אַ גרוב אַריין און פאַרשיט, און שטעלט צוליעב זיכערקייט, אַ שטיין אויפ'ן פרישען קבר און זעצט זיך, מעשה בריה, אויף דער מצבה ארויף און שאַלט פראַלעריש אויס אַ בשורה דער וועלט:

— געשטאָרבען די רעליגיאָן!

איך האָב אייך פון איהר יאָך באַפרייט! — עסט, טרינקט, קושט און לאָזט אייך וואויל געהן!

דער איז נישט געפעהרליך!

די פילאָזאָפיע פון „היינט איז פורים, מאָרגען איז אויס!" איז צ ו ל י י כ ט ז י נ י ג, עס זאָל מיטציהען מיט זיך אַ וועלט!

און אויך נישט דאָס קינדישע עם־הארץ'ל, וואָס זויגט די מילך פון ו ו י ס ע ן פון פלעשעלע אַרויס; וואָס גלויבט יעדען בעלפער און יעדען ביכעל און האַלט זיך פריי פון יעדען גלויבען...

נישט דאָס שוואַכע קעפּעל, וואָס ווערט באַרוישט פון דער קלענסטער ערפינדונג, פאַר'שיכור'ט פון אַ מינדסטער נייער ב א־ש ר י י ב ו נ ג פון אַ פיזישען אָדער כעמישען פּראָצעס, און לויפט

ה י י נ ט י ג ע איבער'ן נ ע כ ט י ג ע ן, און טראָגט די מאַסקע פון נעכטיגען טאָג, כל־זמן טאַטע־מאַמע און שווער־און־שוויגער לעבען און גיבען קעסט, נדן, און וועלען איבערלאָזען ירושה. שפּעטער — נאָר דאָס וואַקסט אויך פון דעם ראַם אַרויס און איך בין קיין אַפּוטרופּוס נישט פאַר קיין בעל־הבת'ישע קינדער...

אָבער ווי זעהט אויס דער פּראָדוקט פון בעל־הבת'ישען חומש מיט רש"י אין פאָלק?

די אַרויסגעלאָזטע פון חדר און תלמוד־תורה —

דאָס זענען:

די אַלע קליינהענדלער, וואָס די פּאָליציי טרייבט פון אָרט צו אָרט; די אַלע פּאַקטוירים, וואָס שלינגען לופט; די גאַליציאַנער שענקער, וואָס פאָהרען קושען די האַנט און בעטען רחמים אין ווין... אונזערע שפּיץ־ביי־שפּיץ־קעפּלעך — די קליינע איבערגע־חכמ'עטע סוחרימ'לעך, וואָס די קאָאָפּעראַטיווע באַוועגונג וואַרפט אַזוי לייכט אַרויס פון שטעדט און שטעדטלעך און צושטרייט, ווי זאַמד אויפ'ן ווינט... אונזערע עמיגראַנטען, אַהן געווערב און שפּראַך, וואָס דער אַגענט שערט, ווי שאָף ביי דער גרענעץ, אין אויסלאַנד פאַרבראַקירט (אַלס שלעכט מענשען־מאַטעריאַל!) און געשיקט צוריק, און טייל וואַרפט זיך פון שיף אַראָפּ אין ים אַריין... די גליקליך איבערגעקומענע פאַלען אַריין אין גיהנום פון סוועטינג סיסטעם און לעבען שוין נישט מיט חומש און רש"י, — מיט דער געלער פּרעסע!

און דאָס זענען — אַלע הויקערס פון אונזער גאַס, אַלע אויסגעמאַגערטע, מיט די ווייכע שמאַלע ביינער... די אַנגעצונדענע אויגען אין די טיפע לעכער, ווי די אָפענע וואונדען, די אַלע שאָטען פון עולם התהו, וואָס שפּייען גאַל און שלינגען לופט.

וואַקסט דאָס אָבער נאָך מעהר אַרויס פון דער ראַם.

אָבער ווען נישט דער איך, ווי זעהט אויס דאָס אידישקייט?

די אָרעמע קינדער פון פאָלק, ווי ווייט עס האָט זיך נישט פון זיינע הענט ארויסבאפרייט.

און קינדער זענען ביי איהם נאָר א י נ ג ל ע ך!

מיידלעך זענען פריי.

מיידלעך לערענט מען שרייבען, לאָזט מען „לעזען" — שריי־בען זיי, די מיידלעך, אויף צוויי און דריי שפּראַכען, לעזען זיי „אַלע" ליטעראַטורען, אויסער אידיש... לעבען זיי מיט'ן „גוף" אין דער אידישער שטוב ,מיט דער נשמה — אין דער פ ר י י ע ר גוי'אישער וועלט — זענען זיי ארומגערינגעלט מיט'ן א ו מ־ל י ע ב ע ן, ווייל פאַר זיי א ו מ פ א ר ש ט ע נ ד ל י כ ע ן, ה י י מ י ש ע ן, און בענקען און לעכצען צום פרעמדען...

ציהט זיי פון דער היים ארויס, אין דער פרעמד אריין, י ע־ד ע ס פ ר ע מ ד ע בוך, יעדער, אַהן עלטערנס וויסען, אויסגע־הערטער קאָנצערט, יעדער אויגען־בליץ פון פארבייגעהענדיגען פרעמדען...

געהט מען א צייט ארום פארמאַסקירט אין טאַטענס הויז, לעבט מען שפּעטער אַן אומערטרעגליך פאַלש לעבען מיט'ן האַלב־ווילדען מאַן; געהט מען דורך דער וועלט פאַר'חלומ'ט און צו־וועהטאָגט, מיט צוריסענע נשמות און פאַרבלוטיגטע הערצער און גאַנץ אָפט — איינמאָל פאַר אַלע מאָל זאָל עס געזאָגט ווערען! — געצויגען פון יעדען קלאַנג פון קלויסטער־גלאָק...

וועגען דער טראַגעדיע דאַרף מען אבער גאַנצע ביכער שריי־בען, נ י ש ט פ א ר ב י י ג ע ה ע נ ד י ג, דאָס וואַקסט פון די ראַמען ארויס...

וועלען מיר צוריק געהן צום טעמאַט:

א י נ ג ל ע ך לערענט מען ת ו ר ה...

און נישט קיין תורה פאַר'ן ל ע ב ע ן און נישט קיין לע־בענדיגע תורה.

א מ א ל א י ז ג ע ו ו ע ן, שפּעטער וועט זיין, און היינט א תורה פון „דרוש וקבל שכר" אויף י ע נ ע ר וועלט, אַהן א שום באַציהונג מיט ד ע ר וועלט, מיט'ן לעבען א ו נ־ט ע ר דער זון.

לעבט דאָס בעל־הבת'ישע אינגעל א טאָפּעלט לעבען, א ה י י נ ט י ג ס און א נ ע כ ט י נ ס, זיגט, נאַטירליך, דאָס

פון פארגאַנגענעם טאָג, אַז וועלכען דער פאר־נעהענדיגער בעל־הבית מוז זיך האַלטען, ווי דער פאר׳משפט׳ער צום טויט אַן די הערנער פון מזבח.

און אויב דער מאָדערנער נערוועז־קראַצער, דער מענש פון „עט“! און „קיי און שפיי!“ איז געווען אַן אַנשיקעניש פון דרויסען, האָבען מיר איצט צו טון מיט אַ היימיש־געבאַקענעם, מיט אַן איינגענעם...

פון קלויז אַרויס קומט ער, דער נביא פון נעכטיגען טאָג; קומט, לעגט זיך אין דער לענג און אין דער ברייט פון וועג צו אידישקייט, און וואַרפט זיך, און שלאָגט אַרום זיך מיט הענט און פיס, ווי אין אַן עכטער אָדער סימולירטער שווערער קרענק, און דאָס מויל־ווערק שוימט:

— נישט ווייטער געהט, נור צוריק!

— חומש מיט רש״י! אבות אבותינו!...

— — — — — — — — — — — — — — — — — — —

אוממעגליך איז דאָס אויפלעבען פון דער אידישער אייגענ־אַרט, די באַפרייאונג און פרייע ווייטערע אַנטוויקלונג אָהן דער בי־בעל, ווי עס איז אוממעגליך אַ לעבענדיג בליהענדער בוים אָהן וואָרצלען אין דער ערד...

אָבער וואָרצלען אָהן שטאַם, צווייגען, בלעטער און בליטען זענען קיין בוים נישט, נאָר אַן איבעריג איבערבלייבעניש פון אַ געוועזענעם בוים. —

פאַר׳ן בעל־הבית און זיין נביא איז עס, זעהט אויס, גענוג... איז אידישקייט חומש מיט רש״י!

עס איז אַזוי איינפאַך, און אַזוי אויסגעפּרואווט ווערענד דער צייט, ווען די מלחמה צווישען אידיש און נישט־אידיש איז געווען די מלחמה פון אַן אַלט־בוך (די ביבעל) און צוויי נייע (דער נייער טעסטאַמענט און דער קאָראַן).

הייסט עס:

ווייטער ציהען דעם נעכטיגען טאָג.

און ער טוט אַזוי, דער בעל־הבית.

אַזוי ווירקליך, טוט ער, דער בעל־הבית מיט זיינע קינ־דער — די מינדערהייט — און מיט דער גרויסער מעהרהייט, מיט

די רעשט װאָלט איהם שױן אין האלז געבליבען, אונטער׳ן— שטריק!

— — — — — — — — — — — — — — — — — —

שױן גלײכער די בטלנ׳ישע עצה!
— אין חדר ארײן געהט, תהלים זאָגט, תורה לערענט...
שלעפט צוריק דעם נעכטיגען טאָג...

— — — — — — — — — — — — — — — — — —

איך האָב געהערט אמאָל צײטלינ׳ען אנדערש דרש׳ענען!
— איהר קאָנט שױן דאָס א ל ט ע נישט באַהאַלטען, נעמט דאָס נײע בוך, הערט די נ י י ע נביאים — נאָר אַן אַנ־דערען נאָמען האָבען זײ, „קינסטלער" רופען זײ זיך...

איך מײן, אז נישט ער און נישט די „גאַספּאַדע" זענען נישט שולדיג דערין, װאָס ער האָט אַזױ פּלוצלונג זײן מײן געענדערט, זײן דרשה געטױשט. לעגט מען אלץ אין אײן זאַק ארײן און מען שיט דערנאָך דעם אוצר אױס און מען זעהט:

אביסעל לײכטזיניגע פּליטערלעך, אביסעל דאַר שבת אױבס, טאַנצענדיגע רױטע שאָטען, פלאַטערדיגע גרינע געגנז און אבי־סעל... פאַלשע מטבעות, — כאַפּט אַן א שרעק... כאַפּט מען זיך בײם קאָפּ, װײל מען די א ל ט ע װערטען צוריק.

5

# „ח ו מ ש מ י ט ר ש"י".

קאָן מען נאָך אַלץ צום „אידישקײט" נ י ש ט ג ע ה ן; דער װעג איז אַלץ נישט פרײ.

עס שלענדערט זיך פאַר די פיס דער ב ע ל ־ ה ב י ת און זײן פילאָזאָף — ד ע ר נ ב י א פ ו ן נ ע כ ט י ג ע ן ט א ג...

דער קינסטלער איז פריי; איך אויך. געה איך אוועק; קויף איך נ י ש ט די — שטיוועל...

— — — — — — — — — — — — — — — — —

האט זיך אבער אין גריכענלאנד געזאלט אזא מעשה טרעפען:
ספארטא איז באלאגערט.
א גרויסע מחנה ארום די טויערען.
און פון טאג צו טאג ווערט די לאנגע ערנסטער, קריטישער, געפעהרליכער —
שיקט ספארטא קיין אטהען בעטען הילף...
שיקט אטהען קיין ספארטא א צו־הילף נישט מעהר ווי א י י ן מענש און דערצו א לאמען הויקער.
— ווי הייסט?
דאס האט ספארטא אויך געפרעגט.
נעגאפט און געקריצט מיט די ציין.
האט זיך אבער אויסגעוויזען, אז דער לאמער הויקער איז פינדאר...
דער פאעט, דער זינגער!
האט זיך פינדאר אין ספארטא אין מיטען מארק געשטעלט און א קריגס־ליעד געזונגען!
קלינגט אפ דאס ליעד אין אלע הערצער;
ווערען די הערצער די געפאלענע אויפגעשוואלען פון העלדען־מוט...
זענען מיט אמאל קינד־און־קייט העלדען געווארען. האבען די אפהענדיגע נעוועהר געכאפט; זענען די מידע אויף די מויערען ארויף און די בויגען געצויגען — און — אפגעשטויסען איז גע־ווארען דער פיינד...
און ספארטא צו־הילף איז פינדאר געקומען!
וואלטען זיי אבער אונזערס א מאדערנעם געשיקט?
— איי, בלימלעך וואקסען אויף די לאנקעס, פאראן ווייך אין שענק... אוועק מיט'ן גאנצען קלאפער־געצייג מיט די חורבות—
„וואס טויגען די מויערען?
„שיקט נאך סאפיארען,
„זאל נישט בלייבען א שטיין אויף שטיין"...

פאר דאס — פריי געווען, ווי דער זומער־פויגעל! פריי פון אַרבייט, פון שטודירען. פריי פון וועלכען עס איז „שטאַנדפונקט"; קיינמאָל קיין ריכטיגע פערספעקטיוו נישט געהאַט. פון אידעען און אידעאַלען געוויס, דאָס איז דאָך דאָס רעכטע קלאַפּער־געצייג! „זאַכען" ווערען נישט געוואויגען און געשאַצט, קיינער ווערט קיי־נעם נישט אונטערגעוואָרפען, אַלץ אויף א י ן ברעט!

אין פריי, זאָגאר — פון געגענשטאַנד: מען דאַרף אַפילו נישט צייכענען, אַ שמיר און — פאַרבען־שפּיל!

און דאָס האָבען פיליסטער אויסגעטראַכט, אַז אַ פּאָרטרעט מוז זיין עהנליך, און אַז דער הימעל איז קיינמאָל נישט גרין...

ע ר גיט די „זאַכען", ווי ע ר זעהט ז י י. און פאַרביי־לויפענדיג, מיט נישט אויסגעשלאָפענע אוֹן גאַנץ אָפּט פאַרנע־בעלטע אויגען פון „ברעטעל" צום „איבערברעטעל" און צוריק — און שנעל!

די טויטע (און טויט־געבוירענע!) רייטען שנעל!

ווער האָט צייט פאַר אַ סימפאָניע? די דראַמע מאַטערט אָפּ. די טראַגעדיע — איינפאַך אַנטיקולטורעל, דער מאָדערנער מענש קאָן נישט ל י י ד ע ן און אָהן ליידען איז אָהן ערנסטער קונסט.

איז קאָנפעטי און טויט־אויפגעשטאַכענע זומער־פייגעלעך. און קומט ווער און זאָגט:

— עס איז קיין ר ע כ ט ע קונסט, קיין ע כ ט ע, קיין לעבענספעהיגע, עס איז שפּיל און צייטפאַרטרייב! נישט פאַראַן קיין גרינער הימעל, קיין פּיאָלעטע בערען און גענז האָבען נישט מעהר ווי צוויי פיס...

אַז דאָס נוצליכע מוז זיין שעהן, דאָס שעהנע מוז ערהאָבען, ווענינגסטענס וואָר זיין, זאָל זיין כאַטש לאָגיש אין זיך!

פאַרקרימט עס זיך, דאָס פאַרצויגענע בן־יחיד'ל...

— „איהר האָט נישט דאָס וואָרט! נאָר אַ קינסטלער, און אַזוינער ווי איך, קאָן זיין מיין ריכטער!"

איך טאָר נישט זאָגען: אַז די לעדער פלאַצט און דער שטי־זועל איז צו ענג; איך בין קיין שוסטער נישט!

ל אַ כ ט מען; הענגען קומט נישט דערפאַר!

דער נישט לאַנג מאַדע געוועזענער, אינטעליגענט־רוסישער „נאַפּלעוואַט“! — — —

ווילט איהר, נעמט איהר פון דער פראַנצויזישער מולטער! „נאַך מיר מעג זיין א מבול!“ און באַשפּריצט דאָס אַלץ מיט א טראָפּען פּרייער קונסט, האָט איהר אונזער „מאָדערן“ — —

און בין איך, דער „וויסקראַביק“ פון דריי־פּיער פּרעמדע מול־טער מיט זויער־טייג, פאַר מיר אַליין דער קוואַל פון רעכט און אומ־רעכט, בין איך פריי פון חובות קענען אַנדערע, קענען העכערען, שפּעטערען, און — בין איך נאָך ביז'ן היינ־טיגען טאָג קיינעם נישט פאַרקויפט, איז א סימן, אַז קיינער האָט מיך נישט געוואָלט האָבען, נישט געוואָלט קויפען.
איך האָב נישט וואָס צו פאַרקויפען...

— — — — — — — — — — — — — — — — — —

ביי פרייע שטאַרקע פעלקער האָט אַלץ אַן אַרט, אַפילו דאָס מאָדערנע.

די ריכטיגע אַרבייט וועַרט פון אַנדערע געטאָן... די גרענעצען ווערען געשיצט און פאַרשפּרייט, דער פּאָליטיקער שווינ־דעלט אויס נייע מערק, דער פאַבריק־קוימען פאַרפּלייצט זיי, אין יעדען דאָרף אַרבייט אין דער שול דער באַהעלפער... קאַנצעל פאַראַן און קאַטעדער, פאַראַן דאָס ערנסטע בוך און דער געלעהרטער, — פאַראַן דאָס מאָדערנע אויך; ווייל עס!

דער מאָדערנער מענש טוט אויך עפּעס — אין דער קונסט, נאַטירליך, און — צייטווייליג...

צייטווייליג, — ווייל ער, דער מאָדערנער קינסטלער, האָט קיין פאַרגאַנגענהייט נישט; ער פאַרלייקענט זי. ער האָט נישט קיין שול, ער שפּייט אויף איהר... און די „אַלטע מייסטער“? געאַרבייט האָבען זיי, מען פיהלט זיי מיט שוויס!

און ער האָט אויך קיין צוקונפט נישט; ער מאַכט קיין שול נישט. ער פּרעטענדירט נישט דערויף; ער האָט נישט וואָס אי־בערצוגעבען.

און דער „איצט“ זיינער איז געוועזן קורץ; אויסגעגאַנגען, די טעכניק אַפילו נישט דערלעבט...

## 4.

## די מאָדערנע געפאהר.

(צווייטע און לעצטע העלפט „מאמר המוסגר“)

בין איך, פּילייכט, צו שאַרף אַרויסגעטראָטען קעגען אונזער „מאָדערן“, — עס איז דאָך אונזער „יוגענד“?

עס איז, ליידער, נישט י ו נ ג און נישט א ו נ ז ע ר...

פ ו ן ד ר י י פ ר ע מ ד ע, א ל ט ע מ י ל ט ע ר א ו י ס ג ע ק ר א צ ט.

איך מיין נישט קיינעם באַזונדער, אַלע „מאָדערנע“...

געדענקט איהר נישט די פּאָר פּופּציג יאָהר געבוירענע און באַלד פּאַרלוירענע, פּלוצלונג אויפגעפּלאַמטע בענקשאַפט: די אומ־מיטעלבאַרקייט?

אויף רוסיש איבערזעצט: „בעזפּאָסרעדסווענאָסט“?

דאָס אידעאַלע איז געווען די אַמעבאַ, דאָס נידעריגסטע איינ־צעלנע לעבענס־קעמערל, וואָס עסט און וואַרפט גלייכצייטיג און באַשטענדיג. אָהן אַ צייכען פון אַן אינערליך באַהעלטעניש; פון אַ רעזערוואואַר, וואו עס זאָל זיך אָנזאַמלען דער פון דרויסען אַסי־מילירעטער שטאָף, אַ טייל זאָל זיך קאָנען פאַרוואַנדלען אין ב אַ־ וואוסטזיניגקייט, אין ווילען, און די גרויסע אָנגעזאַמעלטע רעשט זאָל קאָנען אויסגעגעבען ווערען אויפ'ן רעכ־טען אָרט, צו דער רעכטער צייט און צוועקמעסיג.

שוין, באַלד און מיט אַמאָל! י ע ד ע ר ס ע ק ו נ ד ע פ א ר ז י ך!

און געדענקט איהר דאָס פּוילע ווערטעל פון אַלטען פּוילישען שליאַכטשיץ: יאַקאָש טאָ בענדזשיע?“ — עס וועט שוין זיין, הייסט עס, עס וועט שוין קומען פון זיך אַליין, מען דאַרף די האַנט אין קאַלט וואַסער נישט אַריינלעגען.

עקאָנאָמישע, פּאָליטישע געפאַהרען, — עט, דערווייל איז אינדרויסען אָנגעפאַלען אַ שניי, שפּאַן נאָ־שפּיץ דעם שליטען, פּאַק איין שאַמפּאַניער — אַ „קוליג“ איבער די הויפען!

און — אחרון, אחרון חביב!

ער איז נישט פריי!

ער האט זיך זיין לעבענס־גאט צושלאגען, און אין יעדען מאָ־מענט דינט ער אן אנדערען שטויב פון געװעזענעם גאט, און האלט זיך פאר באפרייט פון גאט...

ער מיינט ער דינט נישט קיינעם, און נאר דעריבער מיינט ער עס, ווייל די, וועלכע ער דינט, זענען אזוי קליין, אז ער אליין דערזעהט זיי נישט, און זיי טוישען זיך אזוי אפט, אזוי בליץ־שנעל, אז ער באהאלט זיי קיין ווילע נישט אין זכרון.

דער מאָדערנער מענש האט נישט קיין לעבען, נאר מאָמענ־טען; ער האט דעריבער קיין כאראקטער נישט, קיין ווילען, נאר קאפריזען און „ווילעכצער"...

און דאס טאנצט ארום אין קאלײדאסקאפ פון א צוטרא־גענעם מח...

ער איז קיין קאָארדינירטער אָרגאניזם נישט; פיליכט שעהן, אבער אזוי ווארעם־עהנליך.

א שורה לויזע סיגמענטען, לויזע רייפלעך אין א זעקעל... און יעדעס רייפעל האט זיין קליין ביסעל וויסען און פארלאנגען — פארבונדען זענען זיי נאר מיט דער הויט...

און פון דעם, וואס קאן זיך אליין נישט קאָארדינירען, זיין אייגען לעבען נישט צוועקמעסיג מאכען, קאן מען נישט פארלאנ־גען, ער זאל קאָארדינירען וועלט־ערשיינונגען, געפינען די צוועק־מעסיגקייט פון אינסטיטוטען, ווי קלאס און נאציאן...

גרויסע מענשען געהען זייער וועג, נישט נאך דער סטאדע; דער מאָדערנער בלאנדזשעט אהן א וועג...

הייסט דאס פריי געהן?

אויף אזוינע וועגען געהען דער דעזערטירער, דער אנטלאפע־נער פון קאטארגע און איבערהויפט — מענשען אהן א וועג...

„תהו לא דרך" — איז קיין וועג נישט, אפילו נישט צו שמד.

ערשטענס — מיט דעם, וואס ער איז שוין לאנג אויס מא־דערן, אפילו פון דער מאדע ארויס... דער בעסטער באווייז: ער איז ביי אונז ערשט אין דער מאדע אריין; מיר פארשפעטיגען זיך שטענדיג... ער איז שוין זאגאר איבערדריסיג און לאנגווייליג גע־ווארען: „דער מאר האט זיין שולדיגקייט געטאן, דער מאר קאן געהן"...

דער מאדערנער מענש האט געפונען אייניגע דינערע שטרי־כען אינ'ם לעבען, אייניגערע דעליקאטערע פארב־ניואנסען; אנט־פלעקט עטליכע פיינע ציטערען אין דער מענשליכער נשמה, א צוויי־דריי קליינע, גאנץ קליינע אמפליטודען פון בלוט־וואלונגען אין מענשליכען הארץ, א קוים־טרער אין מענשליכען אויג, א קוים־שמייכעל איבער'ן מענשליכען פנים און — איז אוועק אין קאבארעט...

געווען אמאל גרויסע אידעאלען, פאר וועלכע מענשען האבען זיך געאפפערט: „פאטערלאנד", האט זיך ארויסגעוויזען — א תפיסה, וואו די ארעמע קלאסען ארבייטען קאטארגע... „פאטריא־טען" — ליפעראנטען, וואס שטעלען צו פראוויאנט און נעמען אפ די ארבייט... „פאמיליע" — געזעצליך רעגולירטער לייבער־פאר־קויף... און נאך, און נאך... איז דער מאדערנער מענש אנטלאפען, און וואו צו געהן נישט געהאט, האט ער זיך פארנומען מיט גאר־נישט אדער מיט שפילצייג און קלייניגקייטען און איז אינטערע־סאנט געווען א ווייל"ע...

איבערקוקען, איבערשאצען די ווערטען, אין די אויסגעלערטע און אויסגעוועפטע כלים אריינגעבען א נייעם אדער רענאנסירטען ניי־אויסגעקלעפטען אינהאלט; נייע אינסטיטוטען באשאפען, נייע סימבאלען, דאס איז נישט פאר'ן צועקעלטע, צוואוועהטאגטען מא־דערנעם מענש מיט רואינירטע נערוועו...

אבער ווען מען פרעגט: ווירקליך אדער נישט, וואר אדער פאלש, די אדער יענע אידעע, דער אדער יענער לעבענס־צוועק, די אדער יענע וועלט־אנשויאונג ? ? ? — —

וואו אזוינע פראגען ווערען געשטעלט, באקומט דער מאדער־נער מענש נ י ש ט דאס ווארט... ער צושטערט נישט און בויט נישט, ער טראכט נישט און פילאזאפירט נישט...

און — אין דאס איז זיין גרעסט אומגליק:

אלץ איז פאר'ן מאדערנעם מענש — אלט, אויסגעדראשען, אפגע־טראגען...

„דער איינציג־אידישער גאט מיט'ן גאנצען קלאפער־געצייג", דער „אתה־בחרתנו־נאציאנאליזם"—חלומות, לכל הפחות, פון פינסטערען מיטעל־אלטער... און דער מאדערנער מענש דארף ליכט און פארבען; מענג זיין ברעטער־ און קינקעטען־ליכט, מעג זיין פארבען פון זייפען־בלאזען, און, דעם אמת זאגענדיג, נאר אזוינע...

טאג־ליכט און עכטע פארבען זענען צו באנאל, דערצו האט דער מאדערנער מענש צו שוואכע אויגען און נאך שוואכערע נערווען.

און דער מאדערנער מענש באשאפט זיך זיין מאדערנעם נא־ציאנאליזם.

„דעם אלטען מוז מען צוואווארפען, סאפיארען מוזען קומען, ארויסשלעפען א דראט נאך א דראט, צוואווארפען א שטיין נאך א שטיין, אויפדעקען פאר'ן עולם דעם גאנצען שימעל, און ווייזען, אז דא איז קיין פעסטונג נישט, נאר א חורבה אן אלטע"...

„ביי דער ביטערער הארטער מלחמה פאר אונזער קיום קא־נען מיר זיי נישט באנוצען..."

דא האט זיך שוין דער מאדערנער מענש פארערדט...

דער מאדערנער מענש טויג לחלוטין צו קיין מלחמה נישט, פאסט לחלוטין נישט אין דער ארמיי, אפילו נישט אין דער „נא־ציאן" אריין, ווי ווייט די נאציאן פארלאנגט ארבייט און אפפער...

דאס קאן דער „מאדערנער" מענש נישט געבען...

דאס „מאדערנע" פאלק, ווי דער מאדערנער מענש שטעלט זיך עס פאר, טאר צו אלעם ערשטען נישט פארלאנגען קיין אפפער; דאס פארלאנגט די „סטאדע", אין פאלק איז יעדערער פריי... און וואס יעדער איינצעלנער פרייער מענש אינ'ם מאדערן־פרייען פאלק טוט, דאס נעמט און לעגט צוזאמען, שיט עס אין איין זאק אריין, וועט איהר האבען די געוואונשטע נאציאנאלע קולטור... מען דארף נישט באצייכענען, גארנישט טון...

— — — — — — — — — — — — — — — — —

ווער איז ער, א ו נ ז ע ר מאדערנער מענש?

דאסווארט א ו נ ז ע ר, איז עקסטרא אונטערגעשטריכען, דער אייראפעאיש־מאדערנער מענש איז באקאנט...

מען האט אמאל געמיינט, אז דער מענש ווערט געבוירען א לעדיגער טאוועל (טאבולא ראזא) און דאס לעבען קומט מיט זיין גריפעל און שרייבט, היינט ווייסט מען שוין, אז דער מענש איז אויך טעטיג, אז לעבען איז פראצעס און קאמף צווישען מענשען און מיליע, צווישען מענש און נאטור, אז דער מענש קומט אויף דער וועלט שוין מיט א גרייטער ירושה, מיט'ן זאמען פון זיין ווילען, פון זיין איינגענארטיגער קראפט, מיט זיין לעבענס־ און קאמפס־פעהיגקייט, צי ער וועט זיגען, צי ער וועט פאלען...

דאס זעלבע איז מיט דער נאציא ן.

מיט וואס זענען מיר אויף דער וועלט געקומען? וואס ווילען מיר? וועלכען קולטור־פאדעס שפינען מיר אין וועלט־געוועב אריין? וואס איז אונזער טאן אין דער וועלט־הארמאניע? וואס וועט פעהלען, אז מיר וועלען פעהלען? —

וואס איז „אידיש", וואס איז „נישט־אידיש" — מיט וואס אונטערשיידען מיר זיך פון אנדערע?

וואס האבען מיר צו שיצען? פאר וואס זיך אפפערען? צוליעב וואס שטרייטען? —

וואס איז אונזער לעבען, וואס איז אונזער טויט?

## 3.

## „מאדערן" — א מאמר המוסגר".

די פראגע: „וואס איז אידישקייט?" איז געשטעלט געווא־רען, צום ענטפער איז אבער נישט לייכט צוצוקומען.

מען כאפט אן ביים ארבעל, מען פארהאלט אויפ'ן וועג. אונזער „מאדערן", אונזער מאדערנער מענש, וויל די פראגע נישט...

„רוח היהדות", „עכט־אידישקייט", „אידישע עטיק" — דאס

נעסטיאַן (השפעה) פון פרעמדע, נאָכגעמאַכטע, געהאַלטען פאַר אָריגינעל, פאַר „מסיני“...

איז דען די פוילישע זשופּיצע נישט פאַרהייליגט געוואָרען?

איז דען ביי טייל „כפּרות־שלאָגען“ נישט קיין אידישקייט?

איז דען דער, וואָס ליגענט אין שדים פון פּרס און מלאכים פון בבל, ביי מאַנכע נישט ערגער, ווי גע׳שמד׳ט?

— — — — — — — — — — — — — — — — — — —

פון פאַרביינעהענדיגע „מאָמענטען“, צייטליכע צייכען און סימבאָלען מוז מען זיך, ווי ווייט מיר געהען צו אונזער ציל, איינמאָל פאַר אַלע מאָל אָפּזאָגען.

מיר זוכען דאָס אייביגע. דעם „תוך“, דעם „עצם־ענין“.

אידישקייט איז די אידישע וועלט־אַנשויאונג.

און ווילט איהר:

די וועלט־אידעע, וואָס זוכט איהר פאַרקערפּערונג אין דער מאַטעריע, אין דער געשטאַלט, אין וועלכער זי שלאָגט זיך אָפּ אין דער אידישער נשמה.

אידישקייט איז דאָס —

וואָס באַשאַפט, אין צייטען פון זעלבסטשטענדיגקייט, פרייהייט און מאַכט אינסטיטוטען צו איהר אַנטפּלעקונג און פאַרקערפּערונג, — און דאַמאָלט איז זי — פרייד און גליק, — עולם הזה!

וואָס באַשאַפט, אין צייט פון שטרייט, — אינסטיטוטען צום אָפּוועהר, צום פאַרהיטען, צום שיצען — זיך און די איהריגע און דאַמאָלט איז זי קאַמף — און העלדען־געזאַנג!

און וואָס מוז, אין צייטען פון אונטערטעניגער שוואַכקייט, זיך איינציהען, איינשרומפּען, באַהאַלטען אין „פּינטעלע איד“; אויסהאַלטען שווייגענדיג, און אָפּוואַרטען די בעסערע צייט — און דאַמאָלט איז זי האָפנונג, ליידען און פּיין... משיח־חלומות און עולם־הבא.

און דאַמאָלט פאַרלאַנגט זי אָפּפער...

און די אידישקייט, פאַר וועלכער מיר פאַרלאַנגען די אָפּפער מוז, קלאָר און דייטליך באַצייכענט ווערען...

און איז עמיץ, גענען אונזער ווילען, פון אונז אוועקגעגאנגען, זאגען מיר איהם:

— דו ביסט אפטריניג געווארען!

שטעלט מען אבער די פראגע:

— פון וואס אוועקגעגאנגען? און וואס גע־פעלשט?

ווענען אפטריניג געווארען? — וואס איז אזוינס די אידישקייט, וואס יענער האט פארלאזט?

הויבט מען אן שטאמלען.

שטאמעלט יעדערער אויף זיין ארט און שטייגער.

ווענדט איין שטאמלען אפ דאס צווייטע, און איין נישט־קלארער ענטפער שליסט אויס דעם צווייטען.

און דאס געשיהט, ווייל יעדע צייט, יעדער פלאץ, יעדער קלאס, און גאנץ אפט יעדער מענש באזונדער, האט זיין אידיש־קייט און וויל האבען א מאנאפאל אויף אידישקייט.

נעמט מען אינסטיטוטען, אין וועלכע עס באקליידט זיך אויף א געוויסען פלאץ, אין א געוויסען מאמענט דער אידישער גייסט, אויפ'ן ארט פון אידישען גייסט.

נעמט מען, לויט צייט און ארט פארענדערליכע סימבאלען— די שפראך פון אידישער רעליגיאן, פילאזאפיע, וועלט־אנ־שויאונג, מאראל, א. ד. גל. און מען שטעלט עס אויפ'ן ארט פון לעבעדיגען, שעפפערישען אינהאלט...

נעמט מען אויפ'ן ארט פון מענש, וואס לעבט און אנט־וויקעלט זיך, זיין טויט קלייד, וואס ער טוישט לויט ארט און צייט.

דריקט מען אריין דאס איבינע מיט דער פויסט אין א שווינדענדיגער מינוט...

לעבען מענשען, אבוואל פון איין געשלעכט, אויף פארשידענע ערטער און לויט פארשידענע צייטען — האט יעדערער זיין אי־דישקייט פון זיינע פיער איילען, פון זיין קורץ־פארגענגליך לעבען.

און גאנץ אפט געשיהט א נארישער טויש: ווערט נאך דאס פרעמדע אנגענומען פאר'ן אייגענס, דאס, אונטער סר

און נישט מיט היינע'ס און בערנע'ס, וואָס האָבען אין ענגען פינס־טערען געטאָ נישט געקאָנט אויסשפּרייטען די פליגעל...

מיר האָבען צו טון מיט קליינגקייטען: אין די ספּערען, וואו מען טרעפט זיך אויג־אין־אויג מיט'ן קלענסטען פּי־צעל עולם־הזה, שפּרינגט מען איבער'ן אידישקייט אריבער, ווי איבער א שטרוי...

עס איז שוין קיין טראַגעדיע נישט, קיין דראַמע; עס איז אין די ספּערען א לייכטע קאָמעדיע געוואָרען, א פּאַרס! און עפּעס האָט געמוזט פאַרבאָרגען ווערען אין אונזער „דענישען קעניגרייך“. די אידישקייט אין געוויסע ספּערען איז צו־שוואַך געוואָרען און קאָן זיך דאָרט נישט וועהרען געגען מינדסטען און קלענסטען שמר־מאַטיוו...

אין אונזער שוואַכקייט שטעקט די געפאַהר...

און דעריבער איז די פראַגע פון „די וועגען, וואָס פיהרען אָפּ פון אידישקייט“, אַזוי וויכטיג.

## 2.

## עס מוז קלאָר ווערען.

— „די אידישקייט איז אָפּגעשוואַכט געוואָרען!“  
אָבער — וואָס איז אַזוינס „אידישקייט“?  
— „מיר זענען אידען!“  
אָבער — מיט וואָס?  
מיר זאָגען גאַנץ אָפּט:  
— מיר ווילען אונזערע קינדער און קינדס־קינדער זאָלען בלייבען אידען...  
אָבער, וואָס האָבען מיר זיי איבערצוגעבען?  
אין וואָס זאָל באַשטעהן די ירושה?

קיין שמד־באוועגונג — טרייסט מען זיך — איז נישט פאַראַן: קיין שמד־טעאַריע ווערט נישט געפּרעדיגט, קיין שמד־אַגיטאַציע ווערט נישט געפיהרט, נישט מאַסענווייז טרעט מען אָפּ...

איינציגווייז און דערצו שטיל אויף־די־נענעל, ווי גנבים, שלייכען זיי זיך אַרויס אין קלויסטער אַריין; מאַנכע הערען נישט אויף צו צאָהלען דעם אידישען געמיינדע־שטייער, מען זאָל פון זייער שאַנד נישט וויסען. עס בלייבט גאַנץ אָפּט, ביז טויט און באַגרעבעניש, אַ פּערזענליכער סוד, העכסטענס אַ פאַמיליען־געהיימניש...

— עמיץ איז אַוועק. — אַ חרפּה, אפילו אַ האַרץ־וועהטאָג! אָבער דערביי גיט מען, נישט ווילענדיג, אַ טראַכט: פאַרט פרייער געוואָרען און אונזער ענגשאַפט... אַראָפּ אַ אידישער קאָנקורענט פון מאַרק, געעפענט זיך אַ וואַקאַנץ אין אוניווערזיטעט, אין גימנאַזיום; לייכטער אָפּצוועמען...

און דאַך איז עס, פון העכערען נאַציאָנאַלען שטאַנדפּונקט, נישט אַזוי לייכט צו נעמען; אָנשטעקענדיג, צי ניין, — אַן „אונטערגאַנג" איז עס...

און נישט אין דער צאָל פון די אָפּטריניגע שטעקט די געפאַהר, נאָר אין דער לייכטקייט, באַ — אין דער — לייכטזיניגקייט פון שמד... אונזער געשיכטע האָט ביז אָהער געוואוסט פון אנוסים: מאַרטירער, וואָס האָבען פאַרלוירען די קראַפט, אומצוקומען אויף קידוש־השם, אונטער די שרעקליכסטע ליידען און אוממענשליכער פּיין...

מיר זענען געוועהנט צו שמדות אַלס רעאַקציע נאָך אַ פאַלשער משיח־באַוועגונג: דער לעצטער פונקט פון האָפנונג איז אויסגעגאַנגען, דער לעצטער בינדענדיגער פאָדעם האָט געפּלאַצט, — אַלץ אַוועק מיט'ן רויך...

מיר ווייסען און פאַרשטעהען קאָנטאַניסטען. און די אַלטע חייבי־מיתות און די פינסטערע קאַזעמעטען פאַר פאַלשע בלבולים, וואָס האָבען זיך מיט אַביסעל שפּרענג־וואַסער באַפרייט פון אַן אומזיסטיגער תליה...

און נישט מיט שפּינאָזאַ'ס, וואָס אונזער אייגענער בלינדער פאַנאַטיזם האָט פון מחנה אַרויסגעטריבען, האָבען מיר צו טון...

# ווענען, וואָס פיהרען אָפּ פון אידישקייט.

## 1.

## די גנעפּאַחה.

— אויף דער אָרדנונג פון טאָג — הייסט עס אויף דער צייטונגס־שפּראַך — האָט זיך, צווישען אַל־דאָס־בייז, געשטעלט אויך די שמד־פראַגע.

און די געוועהנליך גערולדיגע אידישע עפענטליכע מיינונג האָט אַנגעהויבען רעאַגירען.

אין אויסלאַנד — שטאַלצער און שטאַרקער.

פּראָטעסט־מיטינגען, אויפגעבראַכטע רעזאָלוציעס; מען הויבט אָן טייטען אויף די אַפּטריניגע מיט די פינגער, פאַרעפענטליכען זייערע נעמען...

ביי אונז, אין דער דערשלאָגענהייט, שטילער: עטליכע צייטונגס־נאָטיצען; ציטאַטען פון אויסלענדישע סטאַטיסטישע שמד־ציפער; באַגלייט פון א אידישען יתום־קרעכץ, באַנעצט מיט אַן אַלמנה־טרער...

עס איז ביי אונז „צווישען אַל־דאָס־בייז".

אויבען־אָן — די אימיגראַציע, די טשערטאַ־פראַגע, דערנאָך: אַלטע, נייע, באַנייטע און ניי־אויסגעטייטשטע גזרות, און שטילע עקאָנאָמישע פּאָגראָמען, און אָפענע באָיקאָטען, און „זונטאָג־רוה" און אידישע פאַבריקאַנטען, וואָס טרייבען פון פאַבריק אַרויס די אידישע אַרבייטער און — די וואַרשעווער גמינע...

פאַראַן זיך מיט וואָס צו פאַרנעמען אויסער'ן שמד...

און קיין אידעלעך — טראַכט מען דערביי — וועלען נישט פעהלען... פאַלען עטליכע פוילע בלעטער פון בוים...

נישט קיין חבר בין איך געגאַנגען זעהען. און נישט קיין בר־מנן.

„יקרא דחייא!"

איך האָב געוואָלט זעהען, ווער עס געהט נאָך — גראַסער'ן...

און איך האָב כמעט קיין אַלטע לייט נישט געזעהען און האָב פאַרשטאַנען פאַרוואָס; „טאַקי סמאַרקאַטש!" האָט זיין מומע געזאָגט. און איך האָב קיין קינדער נישט געזעהען. נישט די האַלב־ווילדע פון חדרים, און נישט האַלב־נאַקעטע פון תלמוד תורה אַרוים...

אָבער יוגענד האָב איך געזעהען!

דער טויטער אַקער איז מיט אַמאָל, ווי דורך א כישוף פאַר־פלאַנצט געוואָרען מיט יוגענד. דאָס פעלד פון טויט האָט אויפגעבליהט מיט לעבען. פון צווישען מצבות קוקען פרישע, יונגע, לעבענדיגע, לעבענ־זוינענדע אויגען אַרוים...

יוגענד און יוגענד!... ווי ווייט דאָס אויג פאַרנעמט — יוגענד!

ווייס איך, אז מיר זענען נאָך נישט געשטאָרבען, נאָך אפילו נישט געוואָרען, אז מיר האָבען, יוגענד...

און נישט געזיפצט און נישט געטרערט האָט זי, די יוגענד. אין די אויגען איז געווען טרייהייט, איבערגעבענהייט, ליעבשאַפט. און נישט צו דער שאָל, וואָס מען האָט אין דער ערד אריינגעלעגט, נאָר צום תוד, צום עצם ענין, וואָס ווערט נישט באַגראָ־בען... און נישט צום קבר האָבען די אויגען, שטיל שווייגענדיג גע־קוקט, נאָר אין דער ווייט אריין! און נישט שרעק פאַר'ן טויט איז געלעגען אויף די געזיכטער, און נישט די פאַרלוירענקייט פון שאָף, ווען דער פאַסטוך פאַרשווינדט אויף א ווייַלע, נאָר די זיכערקייט: דאָס אַלגעמיינע שווייגען האָט הויך גערעדט:

— מיר וועלען זיך נישט פאַרלירען, נישט פאַרלירען! מיר קענען דעם וועג, חבר! געהענדיג פון מצרים, טראָגען מיר דיין קאַסטען נישט מיט, דיין גייסט איז מיט אונז! ער געהט מיט אונז...

מיר קענען דעם וועג, זיי רוהיג, חבר!

1912.

און דאָס פּנים זיינס און די אויגען זיינע האָבען שטענדיג און אָפען פאַר יעדען געזאָגט:

— איך בין יונג, גרין און וועל שטענדיג זיך ציהען צום פייער, אויסשטרעקען די האַנט צו הייסען קוילען...

אינגאַנצען צוויי ציי דריי מאָל געזעהען און דאָך. די „צו־פעלינקייט" איז נאַטירליך פאַר אונז, פאַר אונז, וואָס האָבען וואָס ווייניג פון לעבען, און קאָנען נאָך ווייניגער נעמען אין באַ־טראַכט, אריינציהען אין חשבון אריין... דאָס גאַנצע ווייסט פון קיין צופעלינקייט, אין געשטאַלט פון א טיפוס, האָט איהם פּלוצלונג געקרייצט דער וועג, אָפּגעשטעלט, א זאָג געטאָן: עד כאן! און גראָסער איז פון לעבעדיגען וועג אראָפּ, בין איך געגאַנגען אויף דער לויה. און נישט צוליעב דעם „טויטען". אין קבר, אין דער ערד אריין, לעגט מען נישט דעם מ ע נ ש, נאָר זיין ש אָ ל; נישט זיין א י נ ע ר ל י כ ע ן „איך", נאָר זיין פּ אַ ר ק ל י י־ד ו נ ג... „דער קערפּער געהט צו דער ערד צוריק און דער גייסט — צום ה י מ ע ל"... מענשען האָבען אַזוי ווייניג צו טון מיט'ן הימעל, אז קוים פליהט דער גייסט א ר ו י ף, צו דער ה ו י ך, וואָס זיי װעלען און ווילען נישט דערגרייכען, לאָזען זיי נאָך טיפער זייער בליק צו דער ערד אראָפּ און וואַרפען זיך מיט דער גאַנצער נשמה, מיט'ן גאַנצען האַרץ איבער'ן קערפּער, וואָס געהט צו דער ערד... נעצען איהם מיט זייערע טרערען. באַדעקען מיט זייערע ערשט פריש געקויפטע בלומען, דאָס מעהרסט קרענץ אויף דראַ־טען! — טאַטע מיינער! מוטער, מאַן, ברודער... קרוב, באַקאַנטער...

מען האָט פריהער אין איהם אויך נישט מעהר פאַרמאָגט, צו איהם קיין אַנדערע באַציהונג נישט געהאַט. און דאָס, וואָס איז אין דער ווירקליכקייט ער, נישט זיין צופעלינקייט געווען, דאָס בלייבט נישט. דאָס פליהט, זאָגען זיי, אַרויף, אין הימעל אריין...

גראָסער'ס „איך" איז נישט אין הימעל אריין... ער שוועבט צווישען די ו ו י ר ק ל י ך, נישט צופעליג זייניגע, און ווערט פון זיי א י י נ ג ע ע ט ע מ ט... און ער וועט אויפלעבען אין זיי...

עס איז מיר ווירקליך נישט אינטערעסאַנט געווען צו זעהען, וואו זיין הויט־זאַק וועט ליגען. וויפיעל קרענץ עס וועלען ווערען אויף זיין פאַרקליידונג געוואָרפען...

# נאָך גראַסער׳ס לויה.

איך האָב גראַסער׳ן פּערזענליך נישט געקענט. איינגאַנצען צוויי צי דריי מאָל געזעהען און נ י ש ט ביי דער אַרבייט...

איך האָב נאָר צוויי צי דריי מאָל געזעהען אַן עהרליך, אויסגעצייכנט געזיכט, עהרליך־איבערצייגטע אויגען, מיט אַ זיכערען, פעסטען בליק ערגעץ אין דער ווייטקייט אַריין. אויגען, וואָס ז ע ה ע ן דאָס נאָך נישט געקומענע. דער קאָפּ פאָראויסגעבויגען — פאָראויס, צום נאָך נישט געקומענעם!

עס איז מיר נישט אויסגעקומען מיט גראַסער׳ן צו רעדען און איך האָב עס נישט געברויכט. עס איז גאָרנישט אַזוי וויכטיג צו וויסען, ווי דאָס נאָך נישט געקומענע זעהט אויס אין דעם אָדער יענעמס אויגען. גענוג איז צו וויסען, אַז דער און דער איז נישט צופרידען מיט׳ן היינטיגען טאָג. און זיין מאָרגען איז נישט זיין מאָרגען פּערזענליך פאַר איהם...

איך האָב אַמאָל אָפּגעטראַטען גראַסער׳ן די פיהרונג פון דער יעצט פאַרמאַכטער ליטעראַרישער געזעלשאַפט. און האָב אַפילו נישט אויסגעפרעגט, אויף וועלכען וועג ער וויל פיהרען. אויף אַלע וועגען קאָן מען ברענגען משיח׳ן. אַבי נישט געלעגען אין היינטיגען זומפּ. אַבי נישט געשטאַנען אויפ׳ן אָרט. און געזעסען איז שטוב...

ווי אַלט איז געווען גראַסער?

מיין אַ צופעליגע באַקאַנטע, זיינס אַ מומע, האָט זיך עמפּערט. מען האָט גראַסער׳ן איבערגעגעבען די ליטעראַרישע געזעלשאַפט...

„אַזאַ סמאַרקאַטש!“ — האָט זי געזאָגט מיט גיפטיגער ליעבשאַפט...

ווירקליך, ער האָט זיך נעקאַנט עפּעס פּראַקטישערס און בעסערס אויסקלייבען אין לעבען. פאַראַן אָבער אייביגע קינדער, וואָס ווען זיי דערזעהען פון איין זייט אַ גאָלדענע קרוין און פון דער צווייטער — ברענענדיגע קוילען, כאַפּען זיי זיך צו די לעצטע.

נישט די „ראַלאַ", נישט דער „גאַניעץ" און אַלע זייער גליי־
כען און אפילו נישט דער אַפּגעלעבטער און אָפּט איבערגעפּארב־
טער „פראַוודאַ"־ליבעראַליזם — זענען דאָס פּוילישע פאָלק.

זיי רעדען, זיי אויך ווילען אויסהונגערען, און דאָס ווירק־
ליך־פּוילשע פּאָלק — שווייגט.

ווייל עס מוז! איז אויף אַ ווײלע דאָס פּוילישע פאָלק צום
וואָרט געקומען, האָט מען גאָר אַנדערע דבורים געהערט.

„טו, ווי דו ווילסט, נאָר העלף באפרייען; רעד, ווי דיין
שנאַבעל וואַקסט, נאָר העלף באפרייען; רעד, ווי דיין שנאַבעל
וואַקסט, נאָר רעד, ווי אַ פרייער מענש..."

אַזוי איז גערעדט געוואָרען!

פון מולך־שטאַט האָט מען נישט געהערט...

מוז אבער דאָס ווירקליך פּוילישע פאָלק שווייגען, און ווער
ווייסט, ווי לאַנג עס וועט נאָך מוזען!

רעדען אַנדערע! איז דער קצב אַוועק פון קלאָץ, איז... דער
„גאַניעץ" עט קאָמפּאַניע אַרויף.

פיהרען זיי דאָס הויכע וואָרט...

און אויב, — נישט אויסגערעדט זאָל עס זיין, — אויב זיי
וועלען נאָך לאַנג רעדען... אויב צו אונזער שאַדען און —
נישט צום קלענערען שאַדען פון פּוילישען פאָלק — וועלען די דאָ־
זיגע לייט לאַנג נאָך רעדען און העצען און פיהרען דאָס רעדעל אין
נאָמען פון פּוילישען פאָלק און אין זיין נאָמען שטיקען און ווער־
גען — וועלען זיי סיי־ווי־סיי אויסהונגערען!

דאַן — איך וויל מיין מויל צו קיין בייזען נישט ברענגען —
דאַן וועלען זיי אייך שיקען קיין פּעטערבורג... מיט עקס־
טראַ צוגען, ווי די גאַליציאַנער שענקערס קיין ווין!

מען וועט שרייען, אַז איהר פיהרט אידישע פּאָלי־
טיק און איהר וועט ציטערען און אייערס טון, איהר שרעקינע,
למה־יאמרו־הגוים'דיגע קליינע נשמה'לעך!

רחמים וועט איהר בעטען אין פעטערבורג, און — אויף
רוסיש וועט איהר בעטלען; פונקט ווי יענע
אויף דייטש!

זייט רוהיג!

יאנואר—פעברואר, 1911.

פארקויפען, צום פארבייטען און טוישען, — אז ער און נאר ער איז פעהיג און גע׳פועלט מיט דער צייט צו פארטוישען „איטשיזנא“ אויף „אטעטשעסטווא“!

אז נאר ער, וואס האט ערשט נעכטען געקאנט ווערען אויס איד און אריין אין א פוילישער הויט, קאן היינט, און ווען נישט היינט—מארגען אדער איבערמארגען—אראפוארפען די פוילישע הויט און ווערען א רוס!

קיין ווארט דערפון, אז װעגען אונזער באציהונג צום פויליר שען פאלק איז ארויסגעזאגט געווארען קלאר און דייטליך, אז זי איז און וועט זיין א לאיאלע, טרייע און ליעבפולע, אז מיר זענען מיט׳ן פוילישען פאלק סאלידאר אויף דער גאנצער באפרייאונגס־ליניע...

דאס האט דער הונט נישט אויסגעביסען...

— — — — — — — — — — — — — — — — — —

איז וועניג, קומט נאך צו דער „סאוס“ פון גאניעץ־קיד, פון דער אייביג־פרייענדיגען פאן: א קליינע פעלשונג:

אויפ׳ן ארט פון שטאט, פון אונטערגעבען זיך דעם מולד־שטאט, וואס וויל פארניכטען אלע מינדערהייטען, איז אריינגע־שטעלט געווארען דאס ווארט: סביבה, מיליע... אויפ׳ן ארט פון „מלוכה“ באווייזט זיך — דאס פאלק!

— — — — — — — — — — — — — — — — — — —

איז דאס אלץ אבער מעשים בכל יום, זענען מיר דערצו צו־געוועהנט, וואלט איך דערויף קיין ווארט פארלוירען, קיין טרא־פען טינט פארגאסען, ווען נישט — —

ווען נישט די גוים־פארכטיגע נשמה׳לעך, וואס מיר האבען צווישען אונז; ווען נישט די דרילע נשמה׳לעך, וואס האלטען אין איין ציטערען, אין איין שטאמלען: למה יאמרו הגוים... און קומען זיי און סקאמלען מיט אנגסטען באגאסען:

— שווייגט, רעדט נישט!

— וועקט נישט אויף אונז דעם צארן פון פוילישען פאלק,— עס זועט אונז אויסהונגערען, דאס פוילישע פאלק!

און זיי מוז איך זאגען:

ציטערט נישט און באליידיגט נישט דאס פוילישע פאלק!

וואקאטאר־הינטלער ; שטעלט מען זיך אין פאליציי־דינסט ביי דעם רעכטען טייל פרעמדער פרעסע...

קאן מען נישט פארברענען גאנצע אידען מיט אמאל — כאטש אויסרייסען עטליכע פעדימלעך פלייש !

— — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — —

פאלט אזא הינטעל, פארסאפעט, מיט פארהונגערטע אויגען און ארויסגעזעצטער צונג, — אין „פריינד“ אריין און גיט א ביס. רייסט עס ארויס א „שטיקעלע“ פון מיינס א פעליעטאן געגען דער אסימילאציע... און מאכט פליטה...

גיט דער קעכער פון „גאניעץ“ א רוף :

— אפארט !

„דערלאנג !“ אויף מענשליך לשון...

ליגט שוין דאס הינטעל דעם קעכער ביי די פיס.

איז שוין דאס שטיקעל, פון הינטיש שפייעכץ אויפגעפארבט, ביים קעכער אין דער האנט...

„סאוס“ איז קיך פעהלט נישט, עס פרעגעלט זיך אין דער גרויסער פאן — א שמיר, א דרעה איבער'ן בראט־פענדעל, און — פארטיג ! א מאכל־מלכים פאר'ן „טייערען לעזער“ !

אין „מעניו“ הייסט עס :

„נידערטרעכטיגע געדאנקען“.

נאטירליך :

פון א ז א מויל, פון א ז ו י נ ע הענט ארויס, מיט א ז א סאוס !

— — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — —

איבערגעגעבען, אז „אויב זיך אונטערגעבען דער סביבה, איז גלייכער דער רוסישער... אז אויב א פרעמדער שפראך, איז גלייכער רוסיש“...

אזוי, הייסט עס, האב איך געזיגט.

קיין ווארט דערפון, אז דאס אלץ איז געזאגט געווארען דער פארקויפטער אסימילאציע לויט איהר עטיק און פסיכאלאגיע !

אז איך האב באשולדיגט דערמיט דעם אסימילאטאר ! געזאגט, אז ער, וואס מיינט, אז נאציאנאליטעט איז א זאך צו קויפען און

ווילט איהר נישט ל י י ד ע ן צוזאמען מיט'ן פאלק, נעמט דעם וועג! קאנט איהר עס שוין נישט ליעבען, מען וועט זיך באַ־נעהן! אבער אכטען זאלט איהר עס, מוזט איהר עס! —

בויגט די לייכטע קעפ פ א ר'ן א י י ב י ג ע ן ק ע מ־פ ע ר, פ א ר'ן א י י ב י ג ע ן פ א ל ק! —

צו רער ערד!

8.

## זייט רוהיג!

האט זיך די היינט־רעדענדיגע „פוילישע" פרעסע איהרע שפיר־הינטלעך פאר דער א י ד י ש ע ר...

משומדים'לעך אזוינע...

עס פארבענקט זיך אמאל אזא משומד'ל צוריק צום אידיש־קייט.

עס קומט אמאל צו חלום א מ ז ו ז ה!

ביים טאפ לינזען, פאר וועלכען מען האט דאס עופ'עלע, — דאס נשמה'לע פארקויפט, דערמאנט זיך אמאל א חנ'עוודיג אי־דיש ציבולקעלע, — קומען טרערען אין די אויגען אריין...

און גלאט אזוי, אויסערליך אהן א שום סבה, גיט עס אמאל א צופ ביים הארץ, — א מאדנע קלעפיגע זאך די אידישקייט!

ווילט זיך עס אויסרייסען מיט געוואלד פון הארץ, ווילט זיך עס פון חלום פארטרייבען; וויל מען דעם לעצטען פארבארגענס־טען פאדעם איבעררייסען —

עס זאל קיין שפור נישט בלייבען!

טוט מען, — ווי אלע משומדים אין מיטעל־אלטער פלעגען טון — אל־דאס־בייז...

און קאן מען היינטיגע צייטען קיין גרויס־אינקוויזיטארען נישט ווערען, ווערט מען בייסענדיגע, צופענדיגע, שפיאנאזש־ און פרא־

דרך־ארץ פאר'ן אלטען, פאר'ן עלטסטען פאלק, וואס איינ־נעמען און באצווינגען א לאנד און שיצען עס קעגען די העלדישסטע וועלט־ארמייען ביז'ן לעצטען טראפען בלוט, האט עס געקאנט גלייך מיט אלע! בא, פיעל בעסער און שענער פאר אלע! און דערנאך א לאנגע, לאנגע שנור פון דורות קעמפער, קעמפער ביז'ן לעצטען טראפען בלוט פאר איבערציינגונגען!

און שוין נישט ווי אלע, שוין איבער אלע... יענע טרייבט מען, ווי שאף, אין וואסער אריין, און זיי קומען ארויס רעליגיעז נייגע־בוירען!

דרך־ארץ פאר א פאלק, וואס זיין געשיכטע איז די איינציגע הערואישע וועלט־טראגעדיע: א בלוטיגע עפאכע פון מסירת נפש, קדוש־השם און די אוממענשליכסטע פיין און ליידען פאר דער אידעע!

— — — — — — — — — — — — — — — — — —

עס איז קיין וואונדער נישט, וואס איהר, לייכטזיניגע עולם־הזה'ניקעס, זענט אוועק: איהר זענט אנטלאפען פון די, וואס פערדינגען לעבען און מוזען ליידען, צו די, וואס פערדינגען ליידען און לעבען א גוטען טאג!... בעסערע פון אייך, מאנכע פון די פאן־טרעגער, זענען מיד געווארען און זוכען אן אזיל ווייט פון קאמף און דעם גאנצען מיה־און־מאטער. נישט איינער, א „קלוג־געווארענער", וויל זיך אפזאגען פון דער ירושה, אבי די חובות נישט צו צאהלען; א צו שווערע לאסט אויף די פלייצעס! —

איהר זענט אוועק איינגאנצען; וואויל אייך!...

קומט איהר נאך, ווי שווארצע אבען, און קראקעט אונז: אונטערגאנג!

שרעקט עס אונז נישט.

מיר האבען עס, פון אייער גלייכען, אין מצרים געהערט, אין פרס, אשור, בבל און אין רוים — געוועהנט דערצו! נישט פין אייער ווארט ווערען וועלטען צושטערט און נישט מיט אייער ווארט ווערען וועלטען געבויט!

פערדינט, וואס איהר ווילט, דער ווינט טראגט!

אבער מיט דרך־ארץ!

אויגעז די פ אָ ר ט ש ר י ט ל ע ר און אונז רעכענט איהר פאר ק אָ נ ס ע ר ו ו אַ ט י ו ו !

און איהר שווימט ארום איבער דער לעבענס־פאליע, ווי א לייכטער שוים. און איהר ציטערט, ווי אילוזיאָן־בילדער; דאָס אויג ווערט מיד, און אנצונעמען איז נישטאָ וואָס! אהן א ממש! אז מען פאראייניגט אייך מיט א גראמאפאן — הערען זיך פ ר ע מ־ ד ע ש ט י מ ע ן. — וואָס האָט איהר אייגענס? וואָס זאָגט איהר אליין?

און ווי ציטווייליג, ווי פארענדערליך איהר זענט!

אין ווארשוי איז „סירענא“ דער סימבאל, מיצקעוויטש — דער נביא! — רופט אייך די בערזע קיין בערלין, ווערט „די וואכט אם רהיין“ דאָס הארציגע ליעד און — „דייטשלאנד איבער אלעס!“ בולוואר, קאקאטע און שאנטעקלער אין פאריז. אין פראג — דעליריום פון „זלאטא פראהא“! אין בודאפעסט — די ריינסטע נאציאנאלע קולטור: טאקאיער און ציאראדאש! פארוואלגערט איהר אייך אויף א לענגערע צייט אין ווין, שטעלט איהר דעם ד"ר ליוגער א מאָנומענט!

קיין פעטערסבורג איז שווער צו קומען — דארט וואלט איהר פאליאקען־פרעסער געווארען! אין „סאראק־סאראקאוו וואלט איהר, אויס ריינעם פאטריאטיזם, די שטיוועל מיט זיעגעכטס געשמירט. — זאָל מען פיהלען!

און איבעראל אונזערע פארשטעהער ביי קריסטען! און איבעראל פארוואלטער פון יק"א'שען אינטערנאציאנאלען פאנד! און דעמאקראטען דערצו!

עס איז אוממעגליך אייך צו נעמען ערנסט. איך געזעגען מיך מיט אייך! איך רעכען נישט, עס זאָל מיך אזוי געשווינד אנכאַ־ פען דער יצר־הרע פון פאלעמיק מיט קאמעלעאנען!

איהר קומט דאָך גאָר נישט צוריק!...

— — — — — — — — — — — — — — — — — — — — —

נאָר ביים אדיע מוז איך אייך זאָגען דאָס לעצטע וואָרט; געבען די לעצטע עצה:

ווי אזוי איהר וועט נישט רעדען מיט'ן פאלק אידיש־פויליש, אדער פויליש־אידיש, — מיט דרך־ארץ רעדט!

ווער אבער עס קאן ווערען איבער נאכט א פאליאק, קאן איי־בער נאכט ווערען א רוס...
עפענט איהר די טיר?

---

נ. ב. — און איהר אליין, וואס וועט טון, אויב איהר וועט לעננער פארבלייבען אין בערלין אדער אין פעטערבורג?
פאליאקען בלייבען, אדער נייע גלגולים מאכען?

## 7.

## דאס לעצטע ווארט דער ווארשעווער אסימילאציע.

אין מיטעל־אלטער פלעגען זיין צווישען אונז און אנ־דערע — וכוחים. אין נאמען פון אנדערע האט גע'טענ'עט דער גלח. אין אונזער נאמען האט געענטפערט דער רב.

האט דער רב פארמאכט דעם גלח דאס מויל; האט דער גלח דעם רב פארברענט.

האבען מיר געשוויגען א צייט.

האבען זיי יאהרען־לאנג גע'טענ'עט, מיר — יאהר־רען־לאנג געשוויגען; זענען זיי רעכט געבליבען אפילו ביי אונזער אייגענע, וואס זענען, לויט אייער רעצעפט, געגאנגען אין דער פרעמד „תורה" לערנען...

האבען זיך די שייטערהויפען פארלאשען, מען פארברענט שוין נישט — מוז מען ענדערען די טאקטיק, טאר מען נישט שווייגען.

ענטפערען מוז מען; אבער נישט איך!

עס איז אייך אזוי שווער צו נעמען ערנסט!

איהר זינגט פאר יעדען באצווינגער דעם אלטען „מה יפית"; בשעת ווען מיר שטעלען דער פאליטישער וועלט דעם וויטסטען אנטראג: אויסגלייכען די רעכט פון „מעהר" און „ווע־ניג", פון „היימיש" און „פרעמד" — און איהר זענט אין אייערע

מיר קאָנען פּאָליאַקען ליעב האָבען; מיר קאָנען האָבען (און מיר האָבען) די זעלבע פּאָליטיש־סאָציאַלע און עקאָנאָמישע אינטערעסען, ווי די פּאָליאַקען. קיין פּאָליאַקען קאָנען מיר נישט ווערען. אין אונזערע אָדערען רינט א י ד י ש בלוט...

און דאָ צושיידען זיך אונזערע וועגען.

איהר זאָגט, אז מיר קאָנען עס, אז מיר מוזען עס טון...

מיר האַלטען עס פאר אוממעגליך...

וועט אייך אָבער געראָטען אונז איבערצוציינגען, אז מיר זענען נישט מיר, אז אונזער אינדיווידואַליטעט איז נ י ש ט, עקזיסטירט נישט אָדער, אַז עס איז מינדערווערטיג און דאַרף און מוז פארניכטעט ווערען, אז מיר דאַרפען אויף זיך ארויפציהען א נייע הויט, אריינזעצען זיך א נייע נשמה. דאָס פאַרלאַנגט אונזער ע ו ל ם ה ז ה, אונזער ע ק אָ נ אָ מ י ק, אונזער ג ע ש ע פ ט, אז מיר מוזען אָפּזאָגען זיך פון אונזער וועלט־אַנשויאונג, פון אונזער שפּראַך, פון אַלץ, וואָס איז אונזער, צוליעב דעם בירגערליכען טאָג לינזען... אז אַלץ ווערט און קאַן געטויישט ווערען, ווי האַנטשוה, ווי א העמד — —

נו, — אויב אַלץ איז צום פארקויפען, פארוואָס נישט נעמען קיין העכערען פּרייז? אז א פרעמדע שפּראַך און א פרעמד בוך, איז ר ו ס י ש ב ע ס ע ר, פאַרשפּרייטער, די ליטעראַטור, היינט ווענינגסטענס, רייכער און — די שול — מיט „פּראַוועס“!

אַז אונטערגעבען זיך דעם שטאַט — פארוואָס „איטשיזנאַ“ און נישט „אָטעטשעסטוואָ“?

איז כתובה קיין כתובה נישט, פארוואָס נישט זוכען א געזונטער ווייב און מיט מעהר נדן?

אַז חזיר — זאָל רינען איבער'ן מויל!

מיר גלויבען אין זיך! אין אונזער צוקונפט, אין אונזער זיג! מיר קאָנען דעריבער נישט זיין נישט „מיר“. מיר ווילען זיין. נישט מעהר, נישט ווענינגער, ווי אידען. אלס אונטערדריקטע אידען, אלס אונטערדריקטע מינדערהייט מוזען מיר זיין סאָלידאַר מיט אַלע אונטערדריקטע מינדערהייטען אין פעלקערשאַפטען —

אויף אונז, אויף אונזער עהרליכקייט און לאָיאַליטעט קאָנען די פּאָליאַקען רעכענען, בויען דערויף.

די אפגעזונדערטקייט פון יענקעל האט איהם לחלוטין נישט פארדראסען. זי איז אין זיינע אויגען געוועזען אזוי אמת, אזוי נאטירליך!

וואס איז היינט פאר א נייעס? די פאליאקען האבען זיך אנט־וויקעלט און ווייט אוועק פון פאן טאדעאוש'ס פריצים, מיר האבען זיך אנטוויקעלט און ווייט אוועק פון יענקעל צימבאליסט — די באציהונגען דארפען בלייבען די זעלבע.

מיר שטעהען אויפ'ן גרונט פון א גאנץ אנדערען באגריף פון שטאט.

לויט אונזער באגריף איז דער שטאט נישט קיין מלך, אויף וועמענס מזבח עס דארפען געאפפערט ווערען פארשידענארטיגע פאלקס־אינדיווידואליטעטען און די אייגענארטען פון מינדערהייט־ליכע גרופען.

לויט אונזער באגריף איז דער שטאט נישט דער באשיצער פון דער הערשאפט פון שטארקען איבער'ן שוואכען, זאל עס זיין קלא־סען אדער פעלקער. פארקערט, לויט אונזער באגריף איז עבען דער שטאט באשאפען געווארען דערויף צו שיצען די בארויבטע געגען זייערע באצווינגער, ווי אויך די מינדערהייטען און זייער אייגענ־ארט געגען דער אנפאלענדער מעהרהייט...

נאר פיליכט איז עס פאר אנדערע, וואס זענען נישט דער־צווינגען אויפ'ן געזעץ: איין רעכט פאר אייך און פאר'ן פרעמדען, פאר'ן איינזעסיגען און געקומענעם — צו מאדערען, צו אידעאליס־טיש, — ווען מיר זיך אין דער באציהונג צו פוילישער מעהר־הייט שטעלען אויפ'ן גרונט פון אפמאך!

און ווען שטעלען נאר איין פראגע: צי קאן מען אויפ'ן גרונט פון אפמאך שמעלען אונזערע רעכט אין דער פארוואלטונג פון די שטעדט, וואס מיר, אלס מיטעלשטאנד, האבען געבויט? קאן מען לויט'ן אפמאך באגרענצען אונזערע רעכט ביים פארוואל־טען די הכנסות, וואס מיר, די גרויסע מעהרהייט אין פארשידענע שטעדט, טראגען אריין אין שטעדטישער קאסע?

ניין, און דאך טוט מען עס. פארוואס? ווייל מיר זענען קיין פאליאקען נישט!

קאנען מיר עס זיין?

מיר זאגען: ניין!

סיי־ווי־סיי — א ש י ד ו ך...
א שידוך פון צוויי פעלקער!

אין „אינטערציזע“ איז פון א ס י מ י ל א צ י ע קיין ווארט נישט געשטאנען! פון אפזאגען זיך פון אידישקייט — קיין א י י נ צ י נ ג ווארט! פארקערט: אויסגערעדט געווארען — זעלבסטשטענדיגקייט: קהל, חדר און ישיבה זענען אונזערע שולען; דאס בית־דין — אונזער „סאנד“; דער פרנס — דער סאציאלער פארזארגער, און די ועדים — אונזערע קאנגרעסען!

— — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — —

און אייער גאנצער יחוס, מיצקעוויטש׳עס „יענקעל“, וואס האט געקלאפט אויפ׳ן צימבעל דעם פריצ׳ס לויב, איז אן א פ־ג ע ז ו נ ד ע ר ט ע ר איד געווען! געדאווענט, געלערענט זיינע קינדער אין ז י י נ ע שולען, אין שטאדט אריין געשיקט, אליין מיט׳ן ווייב אויף ימים נוראים אין שטאדט אריין געפאהרען. א גאנץ יאהר אין שענק, אין א באזונדער חדר׳ל „ת ו ר ה“ גע־לערענט, ז י י ן תורה. ביי דעם אלעם האט ער, גאנץ נאטיר־ליך און מיט׳ן גאנצען הארצען, מיטגעפיהלט דעם פריץ, גליק גע־וואונשען אין קריג: זאל דער גוטער פריץ נישט פאלען אונטער א שווערען פרעמדען יאך! און גאט געבעטען פאר׳ן פריץ: לאז איהם, גאט, נישט פאלען. ער איז דאך א גוטער, האט מיר גענעבען אן ארט, וואו דעם קאפ אנידערצולעגען, ווען אלע האבען מיך באַ־רויבט און פארטריבען!

דאס איז געווען די תפלה פאר׳ן פריץ. פאר זיך, אויסער פרנסה, געזונט און שלום, האט ער א גאנץ אנדערע תפלה געהאט. ירושלים, האט ער געבעטען, משיח, עולם הבא!

דער יענקעל, וואס האט אזוי גוט געלעבט מיט׳ן פריץ, וואלט פאר כל הון דעלמא זיין בארד מיט פאות נישט פארקויפט. גע־שוואוירען האט ער אויף זיי, אז אויסגעריסענע האר אין הייליגען ספר באהאלטען... גערעדט האט ער — אידיש! זיין טאכטער וואלט ער געשאכטען און דעם פריץ נישט געגעבען... און נאך אן „אסי־מילירטען“ זוהן, ווי נאך א טויטען, שבעה געזעסען. ערגער ווי נאך א טויטען — זיין נאמען וואלט נישט דערמאנט געווארען...

און דעם פריץ (דאמאלט דער איינציגער פאליאק מיט א דעה) האט עס נישט געארט! — —

פויליש וועט איהר זייהען, וואקסען וועט רוסיש! איהר גאפט, און דאך איז עס אזוי איינפאך!

אונזער באציהונג צו פוילען איז אן איינפאכע, א לאיאלע, איך וועל מעהר זאגען: א געטרייע און א ליעבע!

אמת, פאליאקען זענען שלעכטע פאליטיקער, אייגענטליך נישט דאס פאלק; דאס פאלק איז נאך ערנסט צום ווארט נישט געקומען. נאר זיינע אמאליגע פריצישע רעדעלפיהרער און זייערע יורשים. די היינטיגע פאליטיקער, וואס די צוריק־שלאגענדיגע פאליע האט ארויסגעטראגען... אמאל האבען די פריצים געווארט די רוסישע רעגירונג זאל באפרייען די פויערים; צינד ווארט מען, די שווארצע מאה זאל אונז געבען א וואונק אויף גלייכבארעכטיגונג אין דער שטאדט־דומע... און פונקט צינד האט דמאווסקי עם קאמפאני געפונען פאר נויטיג צו דערמאנען אונז וועגען אמאליגע פוילישע פאגראמען, וואס מיר האבען לאנג פארגעסען און געוואלט פארגעסען... דאס זענען אבער קלייניגקייטען; דאס פארשרייבען מיר נישט אויפ'ן חשבון פון פוילישען פאלק...

און, ווי געזאגט, אונזערע באציהונגען צום פוילישען פאלק זענען קלאר, ווי דער טאג.

פאראן צוויי פעלקער אויף איין פלאץ. א פויליש פאלק — די מעהרהייט; א אידיש פאלק (אייגענטליך א טייל פון אידישען פאלק) — די מינדערהייט.

ווי אזוי זענען זיי זיך צוזאמענגעקומען?

אן אפמאך געוועזן.

נעוועזן א היסטארישער מאמענט: מיר האבען נישט געהאט וואו זיך אהינצוטון; די פאליאקען האבען קיין מיטעלשטאנד נישט געהאט און דעריבער קיין שטעדט נישט געבויט.

האבען אונז די פאליאקען געעפענט די גרענעצען פון לאנד, דאס הייסט: נישט בארויבט אונז פון מענשליכען רעכט, זיך פריי צו באוועגען אויף גאטס ערד, בשעת ווען אנדערע האבען עס יא געטאן. זענען מיר אריינגעקומען, אונזערס געטאן: פארשפרייט האנדעל, אינדוסטריע; געבויט שטעדט, מען זאגט אפילו די „מינץ" אריינגעבראכט...

ליעטאַן און איבערזעצט אויף פּויליש, איז ארויסגעקומען — איין גאָט זאָל עס איהם מוחל זיין!

איך שרייב: „טראַגען דעם פּאָלק „פּאָסטעמפּ" און אַבי־וואַטעלסקאַשטש און באַקומען ברויט און כבוד" — —

לויט דער איבערזעצונג הייסט עס:

געבען דעם פּאָלק בילדונג וכו' און אוועקנעמען זיין ברויט און האָנער...

היינט שטעלט אייך פאָר, אז זיי, די, וואָס בענקען און חלום'ען שוין אויף פּויליש, וועלען די גערדאַנקען זייערע איבערזעצען אידיש, וואָס עס וועט ארויס?

וואָס פון די אידעען וועט ארויס, איז נישט מיין באַבעס דאגה, אבער פון אידיש וועט ווערען שוין נישט קיין זשאַרגאָן, א טאַטע־ריש וועט ווערען.

פּאַראָומריייניגען וועלען זיי עס!

אויסער, אויב זיי וועלען שכל באַקומען און דינגען א ליט־וואַק! —

אבער דאָס איז ד י א י י נ צ י ג ע געפאַהר!

די שפּראַך־געפאַהר, די אידעען זענען אבסאָלוט נישט גע־פעהרליך!

דעם פּאָלק זענט איהר לחלוטין נישט געפעהרליך! אייערע הויך־בורזשואַזע אידעען, קאַפּיטאַליסטישע וועלט־אַנשויאונגען, זע־נען אבסאָלוט נישט פאַר'ן פּאָלק. רעדט איהר וועגען פאָרטשרים, גלוסט זיך לאַכען: ווי קומט איהר, וואָס ווילט באַהאַלטען, קאָנסער־ווירען און ווייטער קולטיווירען דעם אַלטען „מה יפית", צו פאָרט־שריט, צו מענשליכער פרייהייט? און דערמאַנט איהר נאָך דאָס וואָרט „דעמאָקראַטיזם", איז שוין לאַכען אויך וועניג. קוקט מען אייך אין פּנים אריין, צי ווערט איהר אליין נישט רויט...

איהר — און דעמאָקראַטיזם!

און ווען איך זאָל האָבען א טעות, ווען אייער וואָרט זאָל ווירקליך טרעפען צו דער „פינסטערער מאַסע" — צום פּאָלק, ווייסט איהר, וואָס דאָס רעזולטאַט וואָלט געווען?

— רו—סי—פי—קאַ—צי—ע!

## 6.

## פאר קומענדיגע — נאך אן עצה.

ווייטער געענדערט דעם טיטעל.

דעם אנאנים צוליעב האב איך זיך אפגעזאגט פון ווארט „גרים“, אבוואל איז גענזענפיסלער; צוליעב א דערקלערונג איז לייב־ארגאן פון דער היגער שווינדזיכטיגער אסימי־לאציע (פון דעם קאן איך מיך נישט אפזאגען!) האב איך אויס־געמעקט נאך איין ווארט, דאס ווארט „צוריק“.

גלאט — קומענדיגע!

און אפילו נישט גלאט:

דער „איזראעליטא“ לייקענט אפ אונזער נצחון (דאס טוט נאך עמיץ און נישט קיין מינדער־ווערטיגער). אמת טאקע, שרייבען וועט מען אידיש, רעדען וועט מען צום פאלק אויף זיין לשון, אבער נישט אויף שלום זענען מיר געקומען, נאר אויף מלחמה! מיר ווע־לען נאר אויסרייסען דאס געוועהר פון די שונאים'ס הענט און בא־נוצען עס מיט דער שרעקליכסטער קראפט טאקע געגען די שונאים! און אויפפלאקערען וועט א נייע, שטארקע מלחמה. מיט אונזער געוועהר וועט מען אויפשפאלטען די מויערען פון אונ־זער גייסטיגען געטא! פון הויכען טורעם פון דער „אידישער קול־טור“ וועט מען אפרייסען דעם דגל־מחנה־יהודה און אויפשטעלען די קאמעלעאן־פארביגע, ווייל זי איז אן אלער־פעלקער־פארביגע!

אלזא — נישט אביעקטיווע קולטור וועט מען געבען, ווי מען האט גערעדט. נישט אריטמעטיק, פיזיק, בעמיע, און נישט נאר פוילישע גראמאטיק און געשיכטע... נאר טאקע פארטיי־פאליטיק! נאר „ליטוואקעס“ טארען עס נישט, נאר זיי איז עס פארווערט; זיי האבען זייערע אינטערעסען! איהר אבער מאכט אלץ לשם שמים... וואס עס מעג יאווים, טאר נישט דער אקס, אדער פארקערט!... סיי־ווי־סיי — „פלשתים עליך, שמשון!“

און איך בין מודה, עס איז א געפאהר פאר — אידיש!

אט האט זייערס א מומחה אויף אידיש, א ספעציאליסט — א „לעקטאר“. ארויסגענומען א פאר שורות פון מיין ערשטען פע־

די עטיק פון די, וואָס בויען נישט זייער צוקונפט אויף פּיזי־שער קראַפט, און זייער רעכט — אויף דער פּויסט!

און „חוזק האָט דעם מאַטען נישט דערקענט". אויפ'ן „אתה בחרתנו" (נאָר אין ערגערען זין) האָט מען דאָך אייער אסימילאַציע, נאָך אין בערלין, געבויט.

א קורצען זכרון, וואָס איהר האָט! מיט ד ע ר בייטש האָט איהר דאָך, ערשט נישט לאַנג, די ציוניסטען געשמיסען.

„מיר, פּראָפּעטען־קינדער — האָט עס געהייסען — ברויכען קיין לאַנד, בויען קיין שטאַט; דאָס באַשטעהט אויף אונטערדריקונג און רויב!

„מיר, מלאכים'דיגע בני־דת־משה, ווילען קיין בלוט פאַרגיסען, און טרייבען פון זיך אָפּ מיט עקעל די אידעע פון ארמיי און פּאָליציי.

„מיר, הויכער אדעל ביז אברהם, יצחק ויעקב, ווילען קיין פּיסקוסען נישט זיין" —

געפּרעדיגט און — —

געבעטעלט די אנערקענונג פון פרעמדע שטאַטען, און פּראָטעסטירט פאַר נישט געבען עפּאָלעטען אין פרעמדע ארמייען:

„וואָס איז? מיר זענען קיין העלדען נישט? קאָנען קיין בלוט נישט פאַרגיסען? און פאַרוואָס טרייבט מען פון פּאָליציי און אקציז?...

קאָנען מיר נישט ערפילען אונזער פליכט צום פאָטערלאַנד?!"

— אָבער — שפּרינגט איבער דער האָז פון בייט צו בייט, פון קולטור, פון וועלכער מיר רעדען, צו פּאָליטיק, פון וועלכער מיר ווילען נישט וויסען — אָבער פּאָנסטוווא וו'פּאָנסטווויע! —

היתכן? האר און נעגעל שטעלען זיך קאַפּויר!

שרייט נישט, — מענשיקאָוו זאָגט עס. מאַרקאָוו פּרעדיגט עס: דער שטאַט קען נאָר איין שפּראַך, איין קולטור...

„גאָסודאַרסטווא וו'גאָסודאַרסטווויע" הייסט עס אויף רוסיש...

שיט נישט צו קיין קוילען צום פייער, אויף וועלכען מיר וועלען זיך נאָך לאַנג בראָטען, און אלע:

מ י ר, די א מ ת' ע פּאָליאַקען און איהר — אין דער־מים! — —

גאט און לייט. פאר'ן האר און פאר'ן קנעכט, און פאר'ן פיה, מיט'ן רעליגיעזען אינסטיטוט — זונטאג. פארגלייכט אונזערע אמאליגע געזעצליכע באציהונגען צו פרעמדע, מיט'ן איינאיינציגען אויסנאם פון קרבן פסח, מיט די היינטיגע — אין צוואנציגסטען יאהר־הונדערט (איהר האט דאך אזוי ליעב אויפ'ן זייגער צו קוקען!) ביי די פרייסטע, הומאניטארסטע פעלקער (איהר זוכט דאך דאס גוטע נאר אין דער פרעמד!)...

און דאס זענען דאך עבען די קולטור־מאמענטען, וואס איהר און מיר הויבען אויף און אנטוויקלען. די ווינקעל־שטיינער, וואס מיר לעגען אלס פונדאמענט צו אונזער קולטורעלען היילגטום, די פונקען, וואס מיר זאמלען און פאכען אויף א גרוים ליכטיג פייער!

מיינט איהר ערנסט מיט'ן טוישען? ווען מיר זיך נישט גענארען?

— אבער מיצקעוויטש!

מיר קענען מיצקעוויטש'ן און בוינגען די קעפ פאר'ן האלבען נביא: מיר האבען גאנצע געהאט, און הערט—מיר ווילען זיי נאך אמאל האבען! מיר קענען אויסער מיצקעוויטש נאך אנדערע גייסטער... שעקספיר, הוגא, שעלי — א דאנה, די וועלט איז נישט ארעם! דאס באפרייט אונז אבער נישט פון אייגענעם שאפען. נישט נאר קאנסומירען, ווי איהר ט:ט, ווילען מיר, מיר ווילען אויך פראדוציר ען! מיר ווילען, ווי איהר, קיין קולטור־פאראזיטען נישט זיין. מיר ווילען נישט שטעהן הינטער פרעמדע פענסטער פון פרעמדע ליכטיגע שטיבער, יערע שטוב מוז האבען איהר לאמפ, איהר ליכט.

און — פארגלייכט!

נישט קיין גאנצע פופציג יאהר ארבייטען מיר, פארגלייכט דעם פארטשריט, וואס אונזער קליינע יונג־אידישע ליטעראטור האט געמאכט, מיט דעם פארטשריט פון אנדערע רייכע ליטעראטורען פון רייכע זעלבסטשטענדיגע פעלקער אין דערזעלבער צייט!

— אתה בחרתנו?!!

שרייט נישט! עפענט קיין גרויסע אויגען נישט!
ביי אונז איז עס איינפאך און מענשליך:

דאס איז די מענשליכע קולטור פון שוואכען און אונטערדריקטען!

אנצורעדען צום טוישען! מיט אונזערע כלי־קודש האבען מיר איי־נענע חשבונות — טוישען נישט! קיין שלעכטע געשעפטען ווילען מיר נישט מאכען!

זאבאבאנים?

פארגלייכט אונזער קריש־יתום און דעם פרק משניות צו עלית נשמה מיט די מיטלען, וואס אנדערע באנוצען צו דעם צוועק...

אבערגלויבען?

אט, נעמט אונזער גיהנום, אונזער יענערוועלטיגע קאטארגע, מיט׳ן מאקסימום פון צוועלף חדשים, און פארגלייכט מיט׳ן איי־ביגען פרעמדען...

געפעלט אייך, פיליכט, דער „סדור" נישט?

„פארשפרייט גאט דיין פורכט אויף אלע ווערק; דיין אנגסט — אויף אלץ, וואס איז באשאפען..."

„זאלען אלע מאכען איין בונד צו טון דיין ווילען מיט׳ן גאנ־צען הארץ!"

אזוי בעט א איד. איהר האט שענערס?

און וואס פארלאנגט א איד פון סדור ארויס? שלום, עס זאל נישט פארגאסען ווערען קיין מענשליך בלוט, און — גערעכטיג־קייט:

„דאס בייזע זאל אוועק מיט׳ן רויך, די הערשאפט פון מוט־ווילינקייט זאל פארשווינדען פון דער ערד" —

איהר האט בעסערס?

און אויף משיח׳ןווארט א איד, ער זאל קומען אויסלייזען די וועלט פון שרעק און פיין, פון קאטאקליזמען צוליעב ארעם און רייך... אלץ זאל זיין פאר אלע. פאלקסטימליך הייסט עס: ברויט און קליידער זאלען וואקסען גרייט אויף די בוימער...

איהר האט געפליגעלטע אידעאלען?

האט איהר אמאל פארגלייכט אונזערע פאלקס־ליעדער מיט אנדערע? אונזערע פאלקס־דערצעהלונגען מיט די, למשל, וואס די ברידער גרים האבען געזאמעלט? האט איהר ביי אונז יענע גזלנים געפונען, יענע איבערשפיצטע אויסנארער און די זיבען־מיילענדיגע שטיוועל?

געזעץ?

פארגלייכט ש ב ת, דעם טאג פון רוהען פאר אלע, פאר

„צינר גנעהנגען מיר זיך צוריק און ווילען פרעדינגען אונזערע אידעען, טיילען זיך מיט אונזער קולטור" („אונזער" איז אפילו יא דוקא. אבער א גוטסקייט איז עס!).

„גרים" אין גענזענפיסלעך האט אויך נישט מעהר באטייט, ווי אוועקנענגאנגענע, נאר וועגען א ווארט לוינט זיך נישט צו שפא־רען; איך לאז עס גערן ארויס...

גילט די דריטע עצה עבען די, וואס ווילען צוריק קומען פרע־דיגען זייערע אידעען, אריינברענגען זייער קולטור... מיר, ווי גע־זאגט, פארטייטשען: פרעדיגען פרעמדע אידעען, פלאנצען פרעמדע קולטורען... מיר זאגען: אלע וועגען פיהרען צום מענש, נאר יעדעס פאלק האט זיין וועג, און איהר זאגט: טוישען דעם וועג! חלופין מיט קולטור־ווערטען! מיר ווילען אנט־וויקלען דאס היימישע און אייגענארטיגע, איהר הייסט עס ארויסווארפען און נעמען פרעמד פייער צום מזבח...

דערווייל דרש'ענט איהר עס אויף פויליש, עפענטליך פאר דער אינטעליגענץ, — א גענעראל־פראבע, און אין א קורצער צייט ארום וועט איהר א גרויסען קרבן ברענגען, איהר וועט איבערווינדען אייער עקעל צו אידיש, און קומען דרש'ענען צום פאלק — איהר וועט איהם די אויגען עפענען, פארגלייכען אייגענס מיט פרעמדס און אנריידען צום טויש!

מיר וועלען אייך דאס מויל נישט פארמאכען. נאר אן עצה ווילען מיר אייך אין פאראויס געבען, די דריטע עצה:

פארגלייכט עהרליך, חלופים איז אויך א גע־שעפט, נאר — עהרליכע מאס און וואג! די זעלבע סחורות אויף ביידע וואגשאלען!

פארגלייכט גלייכס מיט גלייכס!

עקוויוואלענטען נעמט!

רעדט איהר פון כלי קודש, זוכט צווישען אונזערע רבנים א „מאצאר", צווישען די רבי'צינס א „גאספאדיני", ווייזט אן אויף א מגיד, וואס דרש'ענט: קויפט נישט ביי גוים... קויפט איבער אונזערס א וועטערינאר — אונזער שוחט... כאפט א גבאי'טע ביי דער האנט, ווען זי גנב'עט א פרעמד קינד צום אפאידישען... און כל־זמן איהר וועט עס נישט טון, האט איהר קיין רעכט נישט,

און איהר, די אונזעריגע, און אין א צייט פון צושיידען זיך יעדערער צו זיין אר־ביים, טראכט און רעדט וועגען אונז לויט פרעמדע קוועלען! זאגט נאר, וואס יענע רעדען!

און איהר ווייסט גאנץ גוט, אז נישט פוילען רעדט, אז דעם בעסטען עהרליכסטען טייל פון פוילען האט מען דאס מויל מיט דער פויסט פארמאכט, אז פריי רע־דען רעדט נאר דער פוילישער „ענדעק" און דער אידישער אפטריניגער!

ועמען זאגט איהר נאך? וועמען האט איהר אייערע נשמות פארקויפט?

קומט, זעהט, הערט, לערענט, שטודירט, און ביז דאמאלט— שווייגט!

5.

## פאר צוריקגעקומענע — א דריטע עצה.

איך האב דעם טיטעל געענדערט, צוליעב אז אנאנים, וואס איך האב אין מיין פאסט־קעסטעל באקומען.

איך זעץ איהם איבער ווארט ביי ווארט; דאס אריגינאל איז פויליש.

— „מיר זענען קיין „גרים" נישט, — פראטעסטירט דער אנאנים, — מיר זענען, און נאר אויף א צייט, פרעמד געווארענע."

„א דאנק דער ערציהונג אויף א פרעמדער שפראך, אין א פרעמדער שול; א דאנק מאדערן געווארענע (געווזענע?) אידעע און אידעאלען (פון פרעמדע ליטעראטורען) און שפעטער נאך — א דאנק פאליטישער (?) און סאציאלער באזונדער־שטעלונג (הערט! געלט קלינגט!!!) זענען מיר צו ווייט אוועקגעגאנגען, בשעת ווען די מאסע איז הינטערשטעליג געבליבען". (פיליכט — אז אנדער וועג געגאנגען?

ק י י ט רערהויפט, פון אונזער פ א נ א ט י ז ם, אפסקוראנ־טיזם — איז עס א פ א ל ש ע מ ס י ר ה!

איך וויל אייך נישט באליידיגען, שלום מאכען וויל איך מיט אייך; נאר דעם אמת פארלייקענען ק א ן איך נישט, ט א ר איך נישט!

פון וואנען ווייסט איהר, וואס ביי אונז טוט זיך?

איהר האט שוין אזוי לאנג צום אויער קיין אידיש ווארט נישט באקומען, קיין תמונות אות פון קיין אידיש ווארט אין אויג נישט געזעהן — פון וואנען ווייסט איהר, וואס אין אונזער ווערקשטעל טוט זיך, וואס עס שפינט זיך אויף אונזער ראד?!

וועט א פראנצויז רעדען איבער פראנצויזישע אידעען און אי־דעאלען אויפ׳ן גרונט פון דער דייטשער ליטעראטור?

— א־בא! אראפ! וואלטען די פראנצויזען גערופען. אפשר געטראכט: א משוגע׳נער...

און ווען די איינציגע קוועלע פאר דעם טייערען פראנצויז וואלטען געווען די סקאנדאל־בראשורען, פאסקווילען, פאמפלעטען און העץ־בלעטער, מיט וועלכע די פרייסישע רעגירונג האט, שפא־רענדיג צום פראנצויזיש־דייטשען קריג אויפגעפאכט ביי די דייַ־טשען האס און אפשיי צום פראנצויז — דא וואלט שוין „א־בא!" ווייניג געווען.

„פארקויפטע נשמה, פאררעטער!" וואלט עס געהייסען.

און וואלט זיך אין פויזען אונטערגעשטעלט א פאליאק צו האלטען א וואהל־רעדע אויפ׳ן גרונט פון האקאטישער ליטעראטור און אסטמארקער פאראיין־בלעטער? און וואלט א רוטענער געקו־מען אויף א פארזאמלונג ווענען דער אוניווערזיטעט־פראגע, אין לעמבערג, למשל, און גע׳דרש׳ענט „פאקטען" פון פוילישען „טשאס" ארויס, געפרעדיגט די מיינונגען פון פראפעסאר טווארדאווסקי?

און זאל א פינלענדער, נאך א לאנגער צייט פאליציי־דינסט אין פעטערבורג, קומען אהיים און, אריינמישענדיג זיך אין וואהל־קאמף, פאפולאריזירען מענשיקאוו׳ס ארטיקלען אין „נאוואיע ווער־מיא"!

איך קען נישט קיין פינלענדיש, איך ווייס נישט, ווי אזוי עס וואלט ביי זיי געהייסען; ביי אונז הייסט עס: פאלשע מסירות, מעשה בוכנער, בראפמאנ׳ס רכילות!

מאָרגעו — וואהל־רעכט אין שטאָדט־דומע אריין... קוריעס וועלען זיין, און געשעפטען וועלען זיין ביי דער דומע, לא ימלט, עס זאָל נישט זיין. איז אייך א שאָד געוואָרען, ווילט איהר דעם עולם צו זיך צוריקציהען...

און אייערע יונגע אדוואָקאטען, און אייערע יונגע דאָקטוי־רים, וואָס האָבען פּלוצלונג צוריק א שטיקעל ליעבשאַפט צום פּראָס־טען עולם באקומען, זענען אייך נישט עהרליך... מען האָט פון עולם פּרנסה! נאָלעווקער ווע‏קסעלער, האלב־רובל'דינע וויזיטען... גויים קומען נישט... פאלט אָן א שרעק: וואָס וועט זיין ווייטער? טאָ־מער שאָקעלט זיך דער גאנצער עולם פון אונז אָפּ? ווער וועט אונז שפּייזען, שוכען און קליידען...

ד א ס האָט איהר געמיינט, ז י ך האָט איהר אין זין?

וואָלט עס נישט געווען, אלס אייער באשולדיגונג, וואָרשיינ־ליכער, באגרינדעטער? ראָכט זיך, אז די פאקטען רעדען דערפאַר!

און פונדעסטוועגען האָבען מיר עס נישט געטראכט, נישט געוואָלט טראַכטען, מיר ווילען אייך אויסשטרעקען די האנט, אויפ־נעמען —

הערט ווענינגסטענס אויף פאַלש צו ב א ש ו ל ד י ג ע ן, הערט אויף באוואוסטזיניג־פאַלש חושד צו זיין. — —

4.

## פאַר צוריקגעקומענע גרים — א צווייטע עצה.

און די צווייטע עצה איז: ש ו ו י י ג ע ן!

כל־זמן איהר זענט נישט צוריקגעקומען, זיך נישט צוגעהערט, נישט צוגעקוקט, נישט שטודירט, וואָס אין דערהיים טוט זיך, וואָס אין דער צייט פון אייער אָפּוועזענהייט איז ביי אונז ב א ש א־פ ע ן געוואָרען, — איז יעדעס וואָרט א זינד. און קומט איהר נאָך פאַר דער פ ו י ל י ש ע ר עפענטליכקייט און רעדט פון אונזער פ ו י ל ע ן־ה צ ס, פון אונזער א פ ג ע ר י ס ע נ־

איך פאר איהר איינציגען הערצלד געמאכט, — האט איהר גע־פרעדיגט; און אין נאמען פון „מענשליכקייט“ — זי איז דאך פון צונג נישט אראפ.

לאזט אונז פאר דאס איינמאל א י י ך אז עצה געבען, און אין נאמען פון איינפאכער לאגיק!

קומט איהר ווירקליך צוריק, ווייל, ווי מיר ווילען גלויבען, עס האט זיך אויפגעוועקט אין אייך א שטיקעל בענקשאפט, עס איז געקומען צום ווארט דאס געפיהל פון פליכטען געגען א פאלק, פון וועלכען מען שטאמט, און איהר ווילט ווירקליך צוריק אנקניפען די פעדים, וואס איהר האט איבערגעריסען מיט אייערע אייגענע קרובים, שוועסטער און ברידער, און אפשר נאך טאטע־מאמע — טוט איהר עס ווירקליך בשלמות, טא טוט עס אויך ע ה ר ל י ך.

צו אלעם ערשטען זאלט איהר אייך אפגעוועהנען פון רכילות, פון לשון־הרע, פון פאלש באשולדיגען אייערע געגנער...

אט אין אייער „מאניפעסט“, מיט וועלכען איהר זייט מודיע, אז איהר ווילט זיך נעמען צו אידיש, שרייבט איהר: און מיר וועלען זיך באנוצען דערמיט ע ה ר ל י ך, אהן הינטער־פיסלער, אהן אינטריגעס, אהן פארטיי־אינטערעסען, ווי די ליטוואקעס טוען...

און „ליטוואקעס“ זענען די אלע, וואס האבען נישט געהאט דאס גליק געבוירען צו ווערען אויפ'ן הייליגען „גרזשיבאוו“, די גאנצע נאלעווקעס, דזשיקא און די גאנצע סביבה, און די פראווינץ־לייט, און די אלע, וואס קענען נאך עברי, און די אלע, וואס שעמען זיך נישט מיט'ן ביסעל עברי...

דאס זעלבע איז געזאגט געווארען אויף פארזאמלונגען...

און ווי וואלט געווען, ווען מיר ווארפען אייך די שמוציגע באַ־שולדיגונג צוריק אין פנים אריין?

ווען מיר זאגען:

איהר מיינט עס נישט עהרליך מיט'ן אידיש, איהר געהט מיט הינטער־פיסלער, איהר האט אין זין פארטיי־אינטריגעס, איהר מיינט נישט די הנדה, נאר די קניידלעך — דעם כבוד מיט'ן ברויט פון דער מאסע!

אז אייער נאז האט בראטען דערשפירט!

אט הויבט די מאסע אויף דעם קאפ, אט דעמאקראטיזירט זיך אלץ, אט וועט זי באקומען נישט היינט, איז מארגען, איז איבער־

אייער האלז נישט שטעלען. מיר ווע́לען פאר אייך אונזער טיר נישט פארמאכען; ביי אונזער ווערקשטעל וועט קיין ארט צו אר־בייטען פאר אייך נישט פעהלען, — מיר וועלען אייך אויפנעמען, צולאזען, נ א ר קוקען א י י ך א ו י ף ד י ה ע נ ט...

איהר זאלט נישט איינשפאנען און נישט זייהען קיין כ ל א י ם, נישט שפינען און וועבען קיין ש ע ט נ ז, איהר זאלט נישט ארייַנפיהרען קיין נישט כשר'ען קאנטראבאנד...

עס איז ביי אונז ח ש ב ו ן ה נ פ ש, ע ב ו ד ת ה ק ו ד ש און כ ש ר מוז זי זיין און ר י י ן...

צייטען בייטען זיך... אמאל איז מיט יעדען גר געווען ששון ושמחה, עס האט אונז אנגעפילט מיט שטאלץ; זעהט, ווער עס איז צוריקגעקומען! מיר זענען שוין היינט נישט אזוי ארעם! ווילט איהר ביי אונז נ ע מ ע ן: ווארעמקייט, היימישקייט? אונזער איינענס — וויפיעל איהר ווילט...

ווילט איהר אונז ג ע ב ע ן, מוזען מיר וויסען ו ו א ס, גאלד אדער פרעפעראנס־רענדלעך?!

צייטען בייטען זיך!

## 8.

## עצות צו די צוריקקומענדע גרים.

און איז עס נישט א פרוביר־באלאן געווען, און איהר ווילט ווירקליך צוריקקומען, ווילען מיר אייך עטליכע עצות געבען.

איהר דארפט אייך נישט באליידיגען:

איהר האט אונז א ז ו י ל א נ ג עצות גענעבען, א ז ו י ל א נ ג שטראף־רייד גערעדט, אזוי לאנג פון דער הויך אראפ גע־לערענט.

אין נאמען פון אייראפא, — איהר זענט מיט אלע איהרע בע־דער באקאנט! — אין נאמען פון „פארטשריט“, וואס איחר האט מאנאפאליזירט, — אין נאמען פון בירגערליכקייט, וואס איהר האט

דאָס איז אייער דיאַגנאָזע, אַסימילאַטאָרען...

און צינד, זאָגט מען, האָט איהר זיך אויפגעכאַפּט, די אויגען געעפענט און איהר ווילט ארבייט...

דאָס איז אונזער נצחון.

מיר האָבען באַלד דערפיהלט, אַז דער צווישען־פעלקער־פריהלינג איז פאַרביי, אַז דער ווינטער קומט, בייזע ווינטען זאָגען איהם אָן, און מיר זענען צוריק אַהיים.

דער ווינטער געהט, ווינטען זאָגען איהם אָן — ארבייט פולע הענט. מען מוז די ווענט פאַרקלעפּען, דעם דאַך באַשלאָגען, די פענסטער באַוואָרענען, אַנגרייטען פאַרהייצונג, באַלייכטונג און — ברויט... און מיר האָבען זיך באַלד צו דער היימישער ווערקשטעל געזעצט...

איהר זענט אין פרעמדע הייזער, אין פרעמדע זאַלען גע־בליבען, פאַר פרעמדע פיס זיך געשלענדערט... דאָרט איז אַזוי ליכ־טיג, אַזוי רייך, און די היים איז אַזוי אָרעם, אַזוי טונקעל...

האָט איהר אַ פרעמד לעבען געלעבט, פרעמדע ארבייט גע־טאָן, האָט מען אייך געגעבען אַנצוהערען, אַז מען דאַרף אייך נישט, אַז דאָרט פעהלען קיין הענט נישט. האָט איהר זיך צ ו ג א ו ו א ר ־ פ ע ן, זאָל זיין ו ו א ס ו ו ע נ י ג ע ר אויף איין אָרט, אפשר וועט מען אייך איבערלאָזען...

האָבען זיך צוויי פון אייך אויף איין אָרט געטראָפען, איז איי־נער פון צווייטען אָפּגעשפּרונגען — נישט צוויי מיט אַמאָל, צו־פיעל און צו גרויס אין די אויגען. איז עמיץ פון אייך צופעליג קע־נען אַ שפּיגעל נעגאַנגען, זיך אַליין דערזעהן, איז ער אָפּגעשפּרונ־גען. ער האָט זיין מאַסקע נישט דערקענט; געמיינט אַ צווייטער געהט...

און זענען די איינצעלנע אויך איבעריג געוואָרען, האָט פאַר איינצעלנע אויך פאַרפעהלט מעסער און גאָפּעל ביים פרעמדען טיש, און קיין הוסטען האָט נישט געהאָלפען — האָט מען זיך אָפּגע־רוקט אַן אַ זייט, געזעצט אין אַ פאַרשאָטענט ווינקעלע, די אויגען פאַרמאַכט און גע׳חלומ׳ט, און איינגעדרימעלט...

האָט איהר אייך אַצינד אויפגעכאַפּט!

ארבייט ווילט איהר און צוריק ביי אונז! ווי געזאָגט, דאָס איז אונזער נצחון. מיר וועלען אָבער קיין פּוס, אַלס זיגער, אויף

## אין מיין ווינקעלע

דאס זעלבע צווישען פעלקער.

אלץ האט זיין צייט, זאגט שלמה.

צייטען פון צוציהען, אקעגען לויפען, און צייטען פון אפּ־שפּרינגען און אפּשטויסען בייטען זיך. דאס זענען היסטארישע מאמענטען; טעזע און אנטיטעזע.

אין מאמענט פון צוציהען וואקסט דאס מ ע נ ש ל י כ ע, דאס הארציגע געפיהל פאר אלץ, וואס איז מענשליך. שפּינען זיך פון הארציג־גאלדיגע פעדים די אלגעמיין־מענשליכע אידעאלען, און וועבען זיך די אלגעמיין־מענשליכע אינטערעסען...

אין מאמענט פון אפּשטויסען ציהט זיך יעדעס פאלק צוריק צו זיך אליין, וויל עס האבען התבודדות, חשבון הנפש, ארײנקלע־רען אין זיין אייגענער נשמה, שעפּען אוצרות פון אונטער די באַ־וואוסטזיניגע שוועל, נעמט זיך יעדעס פאלק צו זיין ה י י מ י־ ש ע ר ארבייט, אנטוויקעלט עס זיין אייגענארט; שפּינט און וועבט זיך דאס אינטימע היימיש־נשמה׳דיגע, דאס פאלקסטימליכע, דאס אינדיווידועל־נאציאנאלע.

און דער סינטעז?

ד י ק י נ פ ט י ג ע מ ע נ ש ה י י ט, וואס וועט באשטעהן פון איינצעלנע פרייע, זעלבסט־ שטענדיגע און אייגענארטיגע פעלקער.

ווייט איז די צוקונפט; לאנג נאך וועט דויערען דער היסטא־רישער פראצעס פון צוציהען און אפּשטויסען, — די מאמענטען בייטען זיך, וואס אמאל ראשער, אבער דאך ג ע נ ו ג ל א נ ג האלטען זיי זיך, און דאס מענשליכע לעבען איז אזוי ק ו ר ץ...

לעבט א מענש א קורץ לעבען מיט א קורצען זכרון אין א מא־מענט, האלט ער איהם פאר א י י ב י ג; ענדיגט ער זיך ביי זיין לעבען נאך, און ער אליין איז נישט פעהיג זיך צו ענדערען,— שוין צוגעוועהנט, שוין פארשטיינערט — וויל ער דעם מאמענט אויסציהען אויף ווייטער מיט געוואלט! און קאן ער נישט, — די מענשליכע הענט זענען צו קורץ, צו שוואך, — זעצט ער זיך אוועק, מאכט די אויגען צו און וויל וועניגסטענס נישט זעהן, וואס עס ענדערט זיך אהן איהם און געגען זיין ווילען, זיצט ער מיט פארלעגטע הענט און חלומ׳ט זיך ווייטער זיין דור, זיין טעזע...

מען מוז רעדען צום פאָלק — אידיש!

און נישט ווי אמאָל, עליו השלום, צעדערבוים, ביים צוטרע־טען צום אידישען „קול מבשר“ האט געוואָלט: „מנצח זיין אידיש מיט אידיש“ —

דאס וואָלט היינט שוין צופיעל העזה געוועז. היינט איז מען גענען אידיש באשיידענער: דער אפעטיט איז קלענער און די ציין שוואכער.

מען וויל נאר ארויסנעמען דאס געוועהר פון די ליטווישע הענט, מען וויל דערפון אראפציהען די פ ר ע מ ד ק י י ט, מען וויל עס גאר כ ש ר ׳ ן, און — באנוצען צו דער ארבייט!

אין אונזערע הענט וועט עס זיין היימישער, פוילישער...

מען קאן דאך נישט פארלירען די גאנצע „פינסטערע מאסע“. מען מוז דאך איהר טראגען ל י כ ט און „אביוואטעלסקאשטש“ און באקומען ברויט און כבוד...

מען קאן דאך בלייבען, ווי א פאסטוך אהן א פייפערל, און וואס ערגער איז, — אהן שאף! אין וועמענס נאמען וועט מען רעדען דארט, ביי י ע נ ע ?!

ווי אזוי מיר וועלען אננעמען די אפטרינינע, — פון דעם אן אנדערש מאל, דערווייל ווערט באצייכענט א נצחון.

## 2.

## צייטען בייטען זיך.

הענגען צוויי קיילעכלעך, אנגעלאדענע מיט אנטקעגענגעזעצ־טער עלעקטריציטעט, איינס נישט ווייט פון צווייטען. אויף צוויי באזונדערע פעדים אין דער פרייער לופט, — טוען זיי נישט מעהר, נאר ציהען זיך צו און שטויסען זיך אפ.

א מאמענט נאך א מאמענט.

א מאמענט לויפט מען זיך אקעגען מיט ליעבשאפט — אחדות זאל זיין, באהעפטען וויל מען זיך; און א מאמענט פון אפשפריינגען איינס פון צווייטען מיט עקעל און האס; און איינער נעמט פון צווייטען דעם ווייטסטען וועג.

און אז מען האָט זיך אין דער לעצטער מינוט ג ע כ א פּ ט, האָט מען ערשט, פאַר גרויס כ אָ פּ ע נ י ש און א י י ל ע נ י ש, פּ אַ ר ג ע ס ע ן צוצוקלעפּען מאַרקעס, און די שריפטשטעלער פון תפוצות ישראל זענען געבליבען אין דער היים...

קיין בייז!

ביי מענדעלעס דריטען יובילעאום, ביי די קינפטיגע אויס־שטעלונגען פון „בצלאל" וועט מען אונז פּ אַ ר ב ע ס ע ר ע ן, מיט גאָטס הילף פּ אַ ר נ י ט י ג ע ן...

אָבער די באַציהונגען פון אָפּיציעלען פּאָליטישען ציוניזם האָ־בען זיך פאַרבעסערט; אין גאַליציען, ווען דאָס לעבען האָט פאַר־לאַנגט א קלאָרען ענטפער, צי איז אידיש אַ שפּראַך — ראַדיקאַל געענדערט.

ביי דער פאָלקס־צעהלונג איז מען געגאַנגען האַנט אין האַנט מיט די „אידישיסטען"...

און ערשט נישט לאַנג, דאַ ק"ק ווארשוי, אז דער בעל־הבית'י־שער, ציוניסטישער לייב־אָרגאַן האָט אימפּאָרטירט פון ריגא טאָ־וויאָוו'ס א נישט זעהר ריינעם אַרטיקעל געגען אידיש, — וואָס איז געשעהען? עס איז געווען גענוג, דער „פריינד" פון אידיש זאָל אַ ריהר טון מיט אַ ברעם פון אַ בייז אויג, עס זאָל זיך אויסווייזען, אז עס איז געווען צ ו פ ע ל י ג, אז עס איז געשעהען על פּי טעות...

דער רעדאַקטאָר איז אין דערהיים נישט געווען, געפיהרט דאָס רעדעל, האָט זיין שטעלפאַרטרעטער, דער פעליעטאָניסט פון „היינט", האָט ער פ אַ ר ז ע ה ן, און דער אַרטיקעל איז אריין נישט אַרומגעוואַשען, נישט געריינינגט און געפּוצט; מיט'ן גאַנצען שמוץ אַריין...

און אצינד — אַ נייער נצחון!

און שוין נישט איבער ה י י מ י ש ע און א י י נ ע נ ע, נ אָ ר צ ו פ ע ל י ג פאַרבלאָנדזשעטע, — אסימילאַטאָרען לאָ־זען גריסען!

אין „איזראַעליטאַ", אין לייב־אַרגאַן פון דער וואַרשעווער שווינדזיכטיגער אסימילאַציע, פּראָפּאַגירט זיך גאַנץ ערנסט אַ אי־דישער אָרגאַן; דאָס זעלבע ווערט פּראָפּאַגאַנדירט אויף די אסימי־לאַטאָרישע וואַהל־פאַרזאַמלונגען!

# קליינער פעליעטאָן.

## 1.

### אַ נייער נצחון.

אוּן דאָך — זי באַוועגט זיך!

וואָס עס  ד אַ ר ף  לעבען, וועמען עס איז  ב אַ ש ע ר ט  צו לעבען, דאָס אַנטוויקעלט זיך, וואַקסט און צובליהט זיך איבער נאַכט!

יעדען פריה־מאָרגען שטעהט אויף אונזער אידיש מיט אַ נייעם נצחון.

איבער נאַכט ווערען די שורות פון איהרע שונאים  ש י ט ע־ ר ע ר  און די מחנה  ג ו ט ע  פ ר י י נ ט  מעהרט און פרוכ־פערט זיך.

עס טרעפען זיך נאָך קליינע אוּמאַנגענעהמליכקייטען: ביים עפענען און פאַרמאַכען די „בצלאל“ אויסשטעלונג אין וואַרשוי האָט מען קיין אידישע רעדע  נ י ש ט  געהאַלטען.

איז עס אָבער געווען  צ ו פ ע ל י ג.

צ ו פ ע ל י ג  איז, ביים עפענען און פאַרמאַכען, קיין אידי־שער רעדנער  נ י ש ט  ג ע װ ע ן,  און איינצולאַדען האָט מען  פ אַ ר ג ע ס ע ן.

און שכחה איז שייך.

בפרט ביי אַזוי  פ י ע ל  אַרבייט און אַזוי  װ ע נ י ג  הענט.

שכחה אויך איז שייך אפילו ביי  װ ע נ י ג ע ר  אַרבייט און  מ ע ה ר  הענט.

אָט האָט מענדעלעס יובילעאום־קאָמיטעט אין אָדעס פאַרגע־סען איינצולאַדען אידישע שריפטשטעלער פון תפוצות ישראל...

דו ביסט דער ערשטער מענש אין גן־ערן געוועזן...

א קליין הייזעלע אין גן־עדן (זיינע בוימער האָסט דו נישט געזעהן), די פענסטערלעך זענען אָפען — — פאר אַלע פארבען פון געזאנג און שטערען־ליכט!

שעהנהייט און ליעבע אין הייזעל. שעהנהייט און ליעבע אָהן אויפהער... אָהן קראַנקהייט, אָהן קריגערייען, אָהן נשמה, אָהן בענקע־ניש צו דער אומענדליכקייט, וואָס רינגעלט ארום דעם גן־עדן...

פאָטער, מוטער און קינד...

פאָטער, מוטער און קינד, און נאכטיגאל, און שעהנהייט, און פארבען, און רויזען...

און דער גן־עדן ווייסט נישט פון קיין שטורעם... און בלומען קרענקען נישט, און קיין קריכענדע פאראומרייניגען זיי נישט, און קיין פליג בייסט זיי נישט, און זיי וועלקען נישט דעם קיילעכדיגען יאהר, און אז עס קומט זייער צייט, פאַלט אויף זיי פּלוצלונג אראָפּ א שנייעלע פון הימעל... און דאָס לעבען ראנגעלט זיך מיט'ן טויט, און די רויזען וואקסען אָהן דערנער, און די ווארצלען פלעכטען זיך טיף אין דער ערד, און קיין פארוואונדעטע נאכטיגאל פאַלט קיינ־מאָל פון קיין צווייג נישט אראָפּ...

אבער דעם קאמף פון די ווארצלען אונטער דער ערד באַ־מערקסט דו נישט, און קיין רויז וועלקט נישט, און די ליעבע איז נישט קיין קראַנקע, אַלץ לעבט, אַלץ איז שעהן, און אַלץ לעבט אייביג!

---

און דו לעבסט, און אַלע דיינע געליעבטע און ליעבענדע לע־בען... און קיין איין ווייסער פלעק, קיין איין ווייסע מצבה האָט נאך אויף דיר נישט געסוקט...

---

און דעם ים האָסט דו געזעהן, אבער נישט זיין שטורעם... און קיין צובראָכענע שיף אויפ'ן ים האָסט דו נישט געזעהן. גליק־ליך ביסט דו, אבער איך, איך בין דיר נישט מקנא...

.1908

און די דומפּיגע פּוילעניש, צומישט מיט דעם גאַסיגען שמוץ. הויבט זיך צום הימעל — און ביי דיר אין מוח וויגען זיך גרינגע שאַ־טענס, און אין הארצען ביי דיר רוישט א זילבערען קוועלכעל, און דיין נשמה איז פול רויזען, לויטער רויזען...

---

און אז דו גערסט אריין אין שעכט־הויז פון לעבען, הערסט דו ניט דעם כאַרכלען פון געקוילעטען קעלבעל, און די ברכה פון שוחט דערגרייכט נישט צו דיין אויער, און דעם לעצטען אטעם פון דער גסיסה הערסט דו נישט, און דער גערויך פון דעם פאַר־גאָסענעם בלוט באריהרט נישט דיינע נאָזלעכער... נישט קיין קוי־לער, נישט קיין געקוילעטע, קיין געטויטע — דו האָסט שענערע פאַרלאַנגען: נאַכטיגאַל, געזאַנגען און רויזען...

און אז דו געהסט אריין אין הקדש — אויב דו ביסט א דאָק־טאָר אדער דו האָסט דאָרט א באַקאַנטען חולה, און דו קומסט איהם געוואָר ווערען — זעהסט דו נישט די וועהטאַגען, הערסט דו נישט די קרעכצען, דיין מוח בלייבט רוהיג, דיינע אויגען ווערען נישט פאַרוואונדערט, דיין הארץ גיט אפילו נישט קיין ציטער — דו זעהסט נאָר רויזען, הערסט דעם געשפּרעך פון די בלעטער אין די שפּיצען פון די ביומער... טייבעלעך וואָרקען... נאַכטיגאַלס טרע־לען...

---

און אין טורמע — — — —
אבער אהין וועסט דו קיינמאָל נישט קומען!
רויזען זינדיגען נישט... דאָס ליעבע־זינגען פון נאַכטיגאַל איז נישט קיין זינד.
און דו זעהסט דעם ליכטיגען טאָג, אבער נישט זיין שטורעם...

---

אויף דעם שטילען גערויש פון די בלעטער האָסט דו זיך דער־צויגען.

# א ברית.

...און אזוי, מיין ליעבער, זעהסט דו נאָר רויזען, נאָר רויזען! זעהען זעהסט דו רויזען, הערען הערסט דו דעם געשפּרעך פון גראָזען, און דעם געזאַנג פון דער נאַכטיגאַל... און דו ביסט פאַרגיפטעט געוואָרען, ווי דו דריקסט זיך אויס, פון רויזען־דופט, און דיין נשמה איז נאָר א לייכט וואָלקענדעל פון רויזען־דופט...

---

און איך שטעל מיר פאָר, דו געהסט אין גאַס, דער גערטנער געהט פאַרביי און גיט דיר א שטויס אין זייט, ווערסט דו נישט צאָרנען אויף איהם — אדרבא, דו ווערסט זיך פרעהען: א רויזען־בלוט האָט דיך באַריהרט!

און א בלינדער אדער א הינקעדינגער, אדער אַן אנדער מין קאַליקע שטעהט צוגעשפּאַרט צו דער וואַנט, שטרעקט אויס צו דיר די האַנט און בעט א פּאָר גראָשען אויף ברויט, די נשמה צו דער־האַלטען...

און דיין טייסטער איז פול, אָבער דו גיסט נישט!

ווייל קיין פּלאָגען זעהסט דו נישט, דו זעהסט נאָר רויזען, די שטים פון געבעט הערסט דו נישט — דו הערסט נאָר די שטים פון נאַכטיגאַל — — —

די זון לאָזט זיך אַראָפּ אויפ'ן הימעל, לעדיגע, מידע שאָטענס וואַגלען זיך אום אין די גאַסען...

די נאַקעטע קינדער פון עלענד שטרעקען אויס די האַנט נאָך א זעקסערעל — נאַכט־געלט צו באַצאָהלען.

און די טעכטער פון עלענד צינדען אַן אין דער פינסטער זייערע מאַטע אויגען מיט דעם נשמה־פלאַם, וואָס איז נאָך נישט אויסגעפּאַרקויפט געוואָרען — — —

שטארבען וויל נישט דער הייגטיגער טאג, בלוטיג געהט אונ־טער יעדע זון...

איך וויל, איך האף צו אייער זיג, נאר איך שרעק מיך און ציטער פאר אייער זיג.

איהר זייט מיין האפנונג, איהר זייט מיין שרעק.

.1906

און די גערעכטיגקייט, וואס האט אייך באגלייט אויפ'ן דאר־ניגען און בלוטיגען וועג צום זיג, וועט אייך פארלאזען, און איהר וועט עס נישט מערקען: דערצו זענען זיגער און הערשער בלינד, און איהר וועט זיגער און הערשער זיין. און איהר וועט זינקען אין אומגערעכטיגקייט, און איהר וועט נישט פיהלען דעם זומפ אונטער אייערע פיס... פעסט פיהלט זיך יעדער הערשער, כל זמן ער איז נישט געפאלען...

און געפענגענישען וועט איהר בויען פאר די, וואס וועלען אויסשטרעקען די האנט, צו ווייזען אייך דעם אפגרונט, צו וועל־כען איהר זינקט... און אויסרייסען פון די מיילער וועט איהר די צונגען, וואס וועלען אייך ווארענען פאר די, וואס וועלען נ א ך אייך קומען, אום אייך און אייער אומגערעכטינקייט צו פארניכ־טען...

גרוייזאם וועט איהר פארטיידיגען די ג ל י י כ ב ע ר ע כ־ט י ג ו נ ג פון דער סטארע צום גראז אונטער איהרע פיס און צום זאלץ איבער איהר קאפ, און אייערע פיינט וועלען זיין: פרייע אינדיווידועו, איבער־מענשען, געניאלע ערפינדער, פראפעטען, ער־לעזער, דיכטער און קינסטלער...

---

אלץ, וואס עס געשעהט, געשעהט אין רוים און צייט...

אויפ'ן פלאץ איז דאס שוין געשעהענע, דאס שטאנדהאפטע, פעסטע, און דעריבער: דאס פארגליווערטע און געפרוירענע, דער ה י י נ ט, וואס דארף און מוז אונטערגעהן...

די צייט איז פארענדערונג, זי בייט, אנטוויקעלט; זי איז דאס אייביגע אויפשפראצען, אויפבליהען, — דער אייביגער מארגען...

און אז פון אייער „מארגען", צו וועלכען איהר שטרעבט, וועט ווערען „היינט", וועט א י ה ר זיין די פארטיידיגער פון „נעכ־טיגען־טאג", פון אפגעשטארבענעם, פון טויטען... וועט א י ה ר טרעטען די שפראצען פון מארגענדיגען טאג און פארטיליגען זיינע בליטען און גיסען שטראמען קאלט וואסער אויף די גייסטער־קעפ פון נביאות, חלומות און נייע האפנונגען...

דער מיטעלמעסיגקייט? צי וועט איהר נישט פארפאנצערען די גלייכגילטיגקייט און באשיצען נאר די גרויע, גלייך געשוירענע סטאדע?

---

איך פארכט מיך פאר אייך.

אלס זיגער קענט א י ה ר די ביוראקראטיע ווערען: אויסצוטיילען יעדען זיין ביסען, ווי פאר ארימע לייט אין הקדש; אפצומעסטען יעדען זיין ארבייט, ווי לעקציעס אויף דער קאטאר־גע. און איהר וועט פארטיליגען דעם באשאפער פון נייע וועלטען — דעם פרייען מענשליכען ווילען, און פארשיטען דעם רייסנסטען קוואל פון מענשליכען גליק — די מענשליכע איניציאטיווע, — די קראפט וואס שטעלט איינעם קעגען טויזענטער, קעגען פעלקער און געשלעכטער... און איהר וועט מעכאניזירען דאס לעבען און הייסען עס פארברענגען אין קאשארען.

און א י ה ר וועט זיין פארנומען מיט רעגלאמענטירען: מיט שרייבען, פארצייכענען און שאצען... מיט פארשרייבען: ווי הויך און ווי אפט עס מעג שלאגען א מענשליכער פולס, ווי ווייט עס מעג זעהען א מענשליך אויג, ווי פיעל עס קען פארנעמען זיין אויער, און וואס פאר א חלומות עס מעג האבען דאס פארבענקטע הארץ?

---

מיט הארציגער פרייד קוק איך, ווי איהר רייסט איין די מויערן פון אלטען סדום; מיין הארץ אבער ציטערט דערביי, איהר זאלט אויף זיינע חורבות קיין נייעם, קיין ערגערען נישט בויען — א קעלטערען, א פינסטערען!

עס וועלען קיין שטיבער אהן פענסטער נישט זיין; נאר אין נעבעל וועלען איינגעהילט זיין נשמות...

עס וועט קיין לערער מ א ג ע ן נישט זיין, נאר ז ע ל ע ן וועלען הונגערען... קיין וועה־געשריי וועט קיין אויער נישט פאר־נעמען, נאר דער אדלער — דער מענשליכער גייסט, וועט מיט אפגעשניטענע פליגעל שטעהן ביי דער קאריטא גלייך מיט דער קוה און מיט'ן אקס...

# האָפנונג און שרעק.

...מיין הארץ איז מיט אייך.

מיין אויג ווערט נישט זאט פון אייער פלאַמענדיגער פּאָהן;
מיין אויער ווערט נישט מיד, הערענדיג אייער מעכטיגען געזאַנג.

מיין הארץ איז מיט אייך; ז א ט דאַרף זיין דער מענש, און ל י כ ט י ג דאַרף איהם זיין... און פ ר י י מוז ער זיין, און האָבען איבער זיך צו שאַפען, איבער זיך און זיין ארבייט.

און אז איהר בייסט די פויסט, וואָס וויל אייך אייער פריי וואָרט, אייער ברענענדיגען פּראָטעסט צוריק אריינזעצען אין דער קעהל, מען זאָל עס נישט הערען — פרעהט מיך; בעט איך גאָט, ער זאָל אייך שארפען די ציין. און ווען איהר מאַרשירט אויפ'ן אַלטען סדום און ווילט עס איינרייסען, געהט מיין נשמה מיט מיט אייך; און די זיכערקייט, אז איהר מ ו ז ט זיגען, מאַכט מיך פול און וואַרעמט און בארוישט מיך, ווי אַלטער ווייז...

און דאָך...

און דאָך האָב איך פחד פאר אייך.

איך שרעק מיך פאר באַצוואוּנגענע, וואָס זיגען, עס קענען פון זיי באַצווינגער ווערען, און יעדער באַצווינגער זינדיגט קעגען מענשליכען גייסט...

צי רעדט מען נישט צווישען אייך, אז די מענשהייט דאַרף מאַרשירען, ווי אַ ארמיי אין פראָנט, און איהר וועט איהר פאַר־שפּילען דעם מאַרש אויפ'ן וועג?

און דאָך איז די מענשהייט קיין ארמיי נישט.

שטאַרקערע נעהען פאַראויס, הארציגערע פּיהלען טיפער, שטאָלצע וואַקסען העכער — צי וועט איהר נישט אונטערהאַקען די צעדער, זיי זאָלען נישט איבערוואַקסען דאָס גראָז?

צי וועט איהר נישט פאַרשפּרייטען אייערע פליגעל איבער

י. ל. פרץ

# אין מיין ווינקעלע
# מיינע זכרונות



ארויסגעגעבען פון פאַרלאַג „אידיש“, ניו-יאָרק.

די ווערק פון יצחק לייבוש פרץ. צוזאַמענ-
געשטעלט אונטער דער רעדאַקציאָן פון
דוד פינסקי

דרייצעהנטער באַנד

אַרויסגעגעבען פון פערלאַג „אידיש“, ניו-יאָרק.
תר״פ — 1920

